# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כודעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססרר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל”

מאָסקווע

מאַי

5

1977

# אינהאלט



•

## ליטעראטור־קריטיק. ביבליִאָגראפיע. פראגן פון קונסט

מיר אינפאָרמירן אונדזערע לייענער

# א בריוו צום גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס ה׳ קורט וואַלדהײַם

אין עסטרײַך, ווי אויך אין אַנדערע לענדער פון דער מיזרעוו־וועלט, געפינען זיך הײַנט א סך געוועזענע סאָוועטישע בירגער, צווישן זיי — קליינע קינדער, זקנים און קראַנקע.

מיר וועלן זיך איצט ניט אָפּשטעלן גענוי אף די סיבעס, פאַרוואָס מיר האָבן עמיגרירט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, ווײַל מע קאָן דאָס אויסדריקן מיט אַן אַלגעמיינער פראַזע: מערסטנס באַהערשט פון אונדזער קליינבירגערלעכער פּסיכאָלאָגיע, האָבן מיר עמיגרירט קיין ייִסראָעל.

געטראָפן זיך מיט דער ייִסראָעל־ווירקלעכקײַט, ווי, לעמאָשל, מיט פאַראַכטונג פון דער ייִסראָעל־געזעלשאַפט צו אַלץ, וואָס קומט אַרויס פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, האָבן מיר פאַרשטאַנען אָט דעם מאָדנעם און צוזאַמען דערמיט שרעקלעכן פּאַראַדאָקס.

מוישע ראַבײנו האָט אויסגעלייזט די ייִדן פון דער קנעכטשאַפט בא דעם פּאַרע פון מיצראַיִם. די ציִוניסטן האָבן אַף א שווינדלערישן אויפן אַרויסגענאַרט אונדז פון סאָוועטנפאַרבאַנד, קעדיי פאַרוואַנדלען אין געהאָרכזאַמע קנעכט. אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, באַשטעטיקן גענוג פאַקטן — סײַ סאָציִאַלע, סײַ פּסיכאָלאָגישע.

ייִצכאָק ראַבין, ווען ער איז צוגעטראָטן אויסצופילן די היסכײַוועסן אַלס הויפּט פון דער רעגירונג, האָט ציטירט אין זײַן רעדע א פּאַסעק פון „מעשה־מרגלים"[1]. „אין לאַנד האָט געווילדעוועט א מוירעדיקע סינע צווישן מענטשן, גזיילע, גנייווע, זנוס, קאָרופּציע, און דאָס האָט געבראַכט צום כורבן פונעם ערשטן בייס־האַמיקדעש".

מע דאַרף קלערן, אַז ער האָט דאָס ציטירט ניט פאַר די שוין פון לאַנג פאַרשטאָרבענע אָוועס, נאָר פאַר די ייִדן, וועלכע לעבן איצט אין ייִסראָעל און אויך אין אַנדערע לענדער. דער גאַנצער אומגליק באַשטייט אָבער דערין, וואָס די רעגירער פון ייִסראָעל, וועלכע ווילן זיך ניט שטעלן אין א קאָנפראָנטאַציע מיט די פירערכצן אין דער מעדינע, מיט וועלכע זיי זײַנען אָרגאַניש פאַרבונדן, האָבן, אין טאָך, געשאַפן אין לאַנד אַזאַ היסטאָרישע אַנאַלאָגיע.

נאַטירלעך, אַז דאָס האָט אונדז געעפנט די אויגן. מיר האָבן אויך, פאַרשטייט זיך, אָנגעהויבן פאַרגלײַכן אונדזער לאַגע אַלס מענטשן (מיר באַטאָנען עס נאָכאַמאָל, אַלס מענטשן) אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד מיט אונדזער לאַגע אין ייִסראָעל. קורץ, דעם פּראָטעסט האָבן מיר אויסגעדריקט מיט אַנטלויפן פון אָט דעם לאַנד, וואָס איז אונדז פרעמד, איבערלאָזנדיק פאַר זיך די מאָראַלישע רעכט צו זאָגן די רעגירער פון ייִסראָעל:

„מיר באַשולדיקן די אייניקלעך
פון די זינדיקע אָוועס,
די שולדיקע אין כורבן בייס־האַמיקדעש.
אין אײַער נײַעם בייס־האַמיקדעש האָבן
זיך פאַרקליבן אויסוווּרפן, —
אונדזער שאַנד און אונדזער וווּנד".

[1] מײַסע־מעראַגלים. א לעגענדע אין דער ביבל וועגן אויסשפּירער.

הערן ציוניסטן! די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערט־טער פּאָדערן, מע זאָל זיי ניט פאַרגעסן, די גע־שיכטע איז ניט מוחל קיין פעלערן, מע דאַרף זיי לעשעם דעם לעבן פאַריכטן! דאָס ליגט אָפּן געוויסן פון די ייִסראַעל־רעגירער און פון די אָנפירער פון דער ייִדישער אַגענץ.

אָפּן סמאַך פונעם איבנגעזאָגטן האָבן מיר דאָס מאָראַלישע רעכט צו דערקלערן פאַר דער גאַנצער וועלט: מיר זאָגן זיך אָפּ צו רופן זיך ייִסראַעל־בירגער, האַגאַם די רעגירונג פון דער מעדינע האָט קינסטלעך אונדז אָנגעבונדן ייִס־ראַעלדיקע בירגערשאַפט און איצט טראַכט זי אויס פאַרשיידענע ווידערשפּרעכלעכע אַרגו־מענטן וועגן אונדזער אַנטלויפן.

אַלזאָ, מיר, די געטראָפענע פון אַ שווערן גורל, געפינען זיך איצט אין עסטרייַך. מיר שטעלן די פראַגע: פאַרוואָס זייַנען מיר אַרייַנ־געפאַלן אין אַזאַ קלאָגעדיקער לאַגע? פאַרוואָס דאַרפן מיר דולדן סאָציאַלע, גייַסטיקע ליידן, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס מיר געפינען זיך אין דער לאַגע פון מענטשן אָן אַ היים? פאַר־וואָס מעגן יענע, וועלכע שרייַען ביז הייזעריק צו ווערן, אַז דער סאָוועטנפאַרבאַנד איז קלוי־מערשט שולדיק אין „ברעכן די רעכט פונעם מענטשן", פאַרוואָס מעגן זיי אָנשיקן גייַסטיקע, סאָציאַלע און מאָראַלישע ליידן אָף אונדז, די עמיגרירטע אין זייער וועלט (האַלטוויי וואָלט זי פאַרשאַלטן געוואָרן, איידער מיר האָבן זי דערקענט)? פאַרוואָס נעמט מען בא אונדז אָפּ דאָס רעכט צו באַקומען בירגערשאַפט אין יע־נעם לאַנד, וועמעס פאַרשטייער טרעטן גאַנץ אַקטיוו אַרויס פאַר פרייַער עמיגראַציע (אין דער ערשטער ריי האָט עס אַ שייַכעס צום פע־דעראַלן קאַנצלער פון עסטרייַך הער קרייַסקי)?

מע דאַרף צוגעבן, אַז מיר זייַנען סאָציאַל ניט גלייַכבאַרעכטיקט מיטן עסטרייַכישן בירגער, און אין רעזולטאַט באַקומען מיר פאַר אונדזער אַרבעט (איבער עמעצן גיט זיך אייַן צו אייַנאָר־דענען זיך) אַ סאַך ווייניקער איידער ער, שוין אָפּגערעדט פון דעם, אַז אונדז עקספּלואַטירט מען אָן שום קאָנטראָל מיצאַד פאַרשיידענע סאָ־ציאַלע אינסטיטוציעס. דערצו נאָך איזדעקעווען זיך מיט פּאַטאָלאָגישן האַס די קאַפּיטאַליסטן, וועלכע ווייסן וועגן אונדזער פאַרלאַנג צו אומ־קערן זיך אַהיים אין סאָוועטנפאַרבאַנד, ווייַל דאָרט, און בלויז דאָרט, קאָן נעמען אַ סאָף צו אונדזערע ליידן.

די וווינונגס־ און שטייגער־באַדינגונגען, אין וועלכע מיר געפינען זיך, — דאָס איז אַ לעבן אין כורוועס, שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס פאַר דער וווינונג רייַסן בא אונדז די קאַפּיטאַ־ליסטן אַ דריטכיילעך פונעם אַרבעטסלוין, און דאָס קומט אויך פאָר אָן שום קאָנטראָל מיצאַד די עסטרייַכישע מאַכט־אָרגאַנען. אין אָן אוי־סערסט שווערער לאַגע געפינען זיך די זקיי־נים און קראַנקע. די פּענסיאָנערן, וואָס זייַנען פרייַער געווען באַזאָרגטע מענטשן און שטאָלצע בירגער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, האָבן איצט בכלל פאַרלאָרן די מעגלעכקייַט צו אַרבעטן אָדער כאָטש באַקומען אַ מינימאַלע שטיצע. אַ סאַך פון זיי זייַנען דערגאַנגען צו דעם, אַז זיי מוזן אויסשטרעקן די האַנט און בעטן אַ נע־דאָווע.

אינטעלעקטואַלן, געוועזענע בירגער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, קאָנען ניט געפינען קיין אַרבעט לויט זייער פאַך, זיי פילן שטענדיק צו זיך אַ טענדענציעזע באַציִונג, זייערע סאָוועט־טישע דיפּלאָמען ווערן ניט אָנערקענט. דעררי־בער מוזן זיי אַרבעטן אַלס טרעגער, בייגן דעם רוקן אונטער דער שווערער לאַסט, און זיי הערן קעסיידער: „שנעלי! שנעלי!". אין דער עסטרייַ־כישער קאָנסטיטוציע ווערט געזאָגט, אַז זיי קאָ־נען באַקומען בירגער־רעכט ערשט אין 10 יאָר אַרום, און דאָס איז אויך אונטער אַ גרויסן סאָ־פּעק.

וואָס שייַעך אונדזערע גייַסטיקע ליידן, באַזונ־דערס די ליידן פון אונדזערע קינדער, וועלן מיר, ניט אַרייַנלאָזנדיק זיך אין כקירעס מי־קויעך דער קולטור־אַסימיליאַציע פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, און באַזירנדיק זיך אויס־שליסלעך אָף פאַקטן, זאָגן, אַז אין די יאָרן נאָך דער רעוואָליוציע זייַנען אינעם סאָוועטנפאַר־באַנד געשאַפן געוואָרן פיל ייִדישע שולן, ייִדי־שע טעאַטערן אאַזוו. אין דער זעלבער צייַט האָט אָן שום טענדענציִעזקייַט מיצאַד די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען זיך אָנגעהויבן אַ קאָנטיקער פּראָצעס פון קולטור־אַסימיליאַציע.

נאַטירלעך, אַז מיר און אונדזערע קינדער ווילן פאַרהיטן אין זיך דעם גייַסטיקן אינהאַלט, וועלכן קיינער האָט קיין רעכט ניט אָפּצונעמען בא אונדז. צום גרויסן באַדויערן, האָבן מיר דאָ קיין מעגלעכקייַט ניט צו לערנען אונדזערע קינ־דער אין דער היימישער פאַר אונדז רוסישער שפּראַך. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט דערלויבט דערציילן אייַך אָן עפּיזאָד פון אונדזער לעבן. אַ געזינד פון געוועזענע בירגער פונעם סאָ־וועטנפאַרבאַנד האָט אָפּגעגעבן אַ 9־יאָריק קינד אין איינער פון די ווינער שולן. מיט טרערן אין די אויגן איז דאָס קינד געקומען צו לויפן אַהיים און געזאָגט צו די עלטערן: „מאַמעניו, טאַטעניו! איך וויל ניט לערנען אין אָט דער שול. איך וויל לערנען דאָרט, פונוואַנען מיר זייַנען אַרויסגעפאָרן, לערנען צוזאַמען מיט מייַן כאַווערטע דאַשענקע און מיט איגאָריאָקן"... די עלטערן האָבן זיך אויך צעוויינט, שעפּטשענדיק דערבייַ: „ניטאָ קיין בעסער לאַנד, איידער רוס־לאַנד, ניטאָ קיין בעסערע פרייַנט, איידער אין רוסלאַנד!"

די ציִעניסטן האָבן געפּרוּווט און פּרוּוון אויך איצט אײַנפלאַנצן אין אונדז עקסטרעמען נאַציִאָנאַליזם, און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן ווידערווילן פון אונדזער זײַט.

אין דער מײַרעוו־וועלט, וועלכע רעדט אַ סאַך וועגן פּאָליטישער פרײַהײַט, דינט אָט די פּאָליטישע פרײַהײַט אין טאָך בלויז די עגאָיִסטישע אינטערעסן פון די פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, דעם קאַמף פאַר דער מאַכט, וואָס אין לעצטן סאַכאַקל ברענגט עס ניט צו קיינע קאַרדינאַלע ענדערונגען. פון דער צווייטער זײַט, איז ניט שווער צו באַמערקן, אַז מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון „פּאָליטישע פרײַהײַטן" אין די באַדינגונגען פון דער מײַרעוו־וועלט איז מען אויך אויסן די אידעאָלאָגישע דיווערסיע קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. אונדזערע ליידן — דאָס איז, מעגלעך, זייער פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער „זיג", וואָס איבער אים זײַנען מיר אַרײַנגעפאַלן אין דער פּאַסטקע פון דער מײַרעוו־פּראָפּאַגאַנדע, אָבער אונדזערע ליידן און דער פאַרלאַנג צו אומקערן זיך אַהיים אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז פאַר דער מײַרעוו־פּראָפּאַגאַנדע אַ „זיג", וועלכער איז מער געגליכן צו אַ מאַפּאָלע.

די געשיכטע פון דער עמיגראַציע ביכלאַל אַנטהאַלט אין זיך אַ געוויסע געזעצמעסיקײַט, כאָטש ס'איז קלאָר, אַז די עמיגראַציע אין די פריִערדיקע צײַטן האָט געהאַט אירע כאַראַקטער־שטריכן, און דער וויכטיקסטער פון זיי איז — סאָציִאַלע, ווי אויך פּאָליטישע מאָטיוון. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, לאָמיר זיך דערמאָנען דאָס צאַרישע רוסלאַנד, פונוואַנען אַ גרויסע צאָל פאָרגעשריטענע מענטשן איז געווען געצוווּנגען צו עמיגרירן אין אַנדערע לענדער, לויפנדיק פון דער צאַרישער רעאַקציע. די געשיכטע פון יענער צײַט ווייסט אָבער ניט פון אַ פאַל, אַז די מײַרעוו־לענדער זאָלן אַרויסטרעטן אַזוי אַקטיוו און אין איין פראָנט קעגן דעם צאַרישן ווילקיר בנוגע דער אַלץ וואַקסנדיקער צאָל פּאָליטישע עמיגראַנטן. איצט אָבער פאַרטיידיקן זיי אַן עמיגראַציע פון גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. אונדז האָט אין דער מערהײַט פאַלן געשטויסן צו עמיגרירן, ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן אין אָנהייב פון אָט דעם בריוו, די קליינבירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע, דער רעזולטאַט איז, ווי איר זעט, אַ גאַנץ בויטלעטער.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד האָט, אין העסקעם מיט דער לעניניסטער לערע וועגן דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, פאַנאַנדערגעאַרבעט פּאָליטישע קאָנצעפּציעס פון אַ פּראָגרעסיווער ריכטונג. הײַנט איז דאָס סאָוועטישע פאָלק אַן איינהײַטלעכע סאָציִאַליסטישע נאַציע מיט אַ הויך־אַנטוויקלטן זיטלעכן און בירגערלעכן זעלבסטבאַוווּסטזײַן. די סאָוועטישע אינטעליגענץ האָט געפונען איר אָרט אין דער סאָציִאַליסטישער געזעלשאַפט, שוין אָפּגעריסן פונעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס ווייסט ניט פון די סאָציִאַלע פּראָבלעמען, וועלכע ברענגען אַצינד אַזעלכע צאָרעס אונדז.

די פּאָליטישע אַוואַנטוריסטן באַליידיקן דאָס סאָוועטישע פאָלק, וואָס האָט אויף די באַריקאַדעס און אין די שלאַכטן דעראָבערט ווירדע און פרײַהײַט פאַר יעדן מענטשן. דאָס ווידערשפּרעכט באַזונדערס דער לאָגיק אין שײַן פון דעם פאַקט, וואָס מיר, די געוועזענע בירגער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין דער אַזוי־גערופענער פרײַער וועלט און האָבן פאַרלאָרן אונדזערע מענטשלעכע רעכט. באַזייִקנדיק אָט דעם שרעקלעכן פאַקט, האָבן די עמיגראַנטן ניט קיין אַנדער ברירע, ווי באַגיין זעלבסטמאָרד — זיי הענגען זיך, וואַרפן זיך אין דונײַ מיט האַרצרײַסנדיקע געשרייען: „זײַ אונדז מויכל, היימלאַנד!", איבערלאָזנדיק אויף הפקר אומשולדיקע קינדער (צום גליק, קערט זיי די סאָוועטן־רעגירונג אום אַהיים, אָבער אין זייער זיקאָרן פאַרבלײַבט אויפן גאַנצן לעבן דער גרויל און דאָס ראַכמאָנעס צו די עלטערן, וועלכע זײַנען שולדיק אין זייערע קינדערשע ליידן).

ווער זשע זײַנען יענע, וואָס פאַרלאַנגען אַזעלכע טראַגעדיעס און זעצן פאָר צו ברענגען אַלץ נײַע און נײַע קאָרבאָנעס צווישן די פאַרבלאָנדזשעטע מענטשן, און ווער זײַנען דאָס יענע, וועלכע העלפן זיי דערין? מיר ווייסן, ווער זיי זײַנען און ווענדן זיך צו זיי מיט געזעגנצלעכן צאָרן: „טרײַבט ניט קיין שפּאַס מיט דער געשיכטע. די ליידן וועלן סאָפּקאָלסאָף אַרויסטראָגן אַ האַרבן אורטייל די פײַניקער!" אונדזערע מאַטערנישן — דאָס איז דער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די פּאָליטישע אַוואַנטוריסטן.

אין אָט דעם בריוו כאַזערן מיר פיל מאָל איבער די ווערטער „אונדזערע ליידן". ווי איר זעט, פאַרטראָגט דאָס פּאַפּיר אַזעלכע ווערטער, און פאַר אונדז גופע איז דאָס אַן אויסגעשריי פון דער געפּײַניקטער נעשאָמע. מיר ווילן, אַז דאָס דאָזיקע געשריי זאָלן דערהערן די שולדיקע פון אונדזערע ליידן, די פּאָליטישע ספּעקוליאַנטן מיט „פרײַער עמיגראַציע". מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער מענטש, ווערנדיק צוגעוווינט צו גוטס, פאַרלירט אָפּט די פייִקײַט צו שפּירן עס ניט בלויז מאַטעריעל, נאָר אויך פּסיכאָלאָגיש. מיט דעם באַנוצן זיך פּאָליטישע שווינדלער, וועלכע פאַרנאַרן אין זייערע נעצן אַזעלכע, ווי מיר. איצט בעטן מיר באַם סאָוועטישן פאָלק, עס זאָל אונדז מויכל זײַן און מאַכן אַ סאָף צו אונדזערע ליידן.

אַ גרויסע צאָל מעלדונגען פון עמיגראַנטן ליגן אין די סאָוועטישע געזאַנדשאַפטן אין פאַר־

שיידענע לענדער. מע בעט א דערלויבעניש זיך אומקערן אין סאָוועטנפארבאנד. בלויז אין ווין האָבן מער פון 700 געוועזענע בירגער פונעם סאָוועטנפארבאנד אָנגעגעבן אזעלכע מעלדונגען. דאָס זײַנען טויזנטער הענט פון קינדער, זקיינים און קראנקע, אויסגעשטרעקטע צו זייער היימלאנד, מיט דער ביטע אויסצולייזן זיי פון שקלאפערײַ באם קאפיטאל. און אויב פאר אונדז וועלן ווירקלעך קומען די מאָשיעך־צײַטן, וועט עס זײַן אויסשליסלעך דאָס אומקערן זיך אין אונדזער סאָוועטישער היים.

אָט פארוואָס ווי אונדזערער א הימן פון טשוּווע און האָפענונג קלינגען די פון עמעצן פארפאסטע ווערטער:

יוירעד, זאָג אָפּן, באהאלט ניט אויס,
ווּהין עס ציט דיך צוריק, צוריק.
באהאלט ניט דײַן ווידע און זאָג בעקויל ראָם:
ס'ציט מיך אהין, ווּ די זין פונעם לאנד
לעבן צווישן זיך ווי ברידער,
דאָס סאָוועטישע היימלאנד איז זיי א מאמע!
אָ מײַן היימלאנד, אָ מײַן היימלאנד,
אָ מײַן סאָוועטיש היימלאנד!

אין העסקעם מיט די אויבן געבראכטע פאקטן בעטן מיר אײַך, הער גענעראל־סעקרעטאר, איר זאָלט שיקן קיין עסטרײַך אן אנטשפרעכיקע קאָמיסיע פאר די רעכט פונעם מענטשן, זי זאָל פעסטשטעלן אונדזער טראגישע לאגע, קעדיי מאכן א סאָף צו די קאָלערליי ספעקוליאציעס אין דער פראגע וועגן די רעכט פונעם מענטשן. דאָס איז אײַער כויוו פארן געוויסן פון דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס.

דעם בריוו האָבן אונטערגעשריבן העכער 300 געוועזענע סאָוועטישע ייִדן, וועלכע זײַנען ארויסגעפאָרן קיין יִיסראָעל און פון דאָרט עמיגרירט אין ווין. מיר דרוקן דעם בריוו מיט אייניקע קירצונגען.





שמואל גאָדינער

# דער מענטש מיט דער ביקס

א פראַגמענט פונעם ראָמאַן

ס'איז געגאַנגען די דריטע שלאָפלאָזע נאַכט.

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען אַלע אויסשפּיר־גרופּעס האָבן געבראַכט פולע ידיעס וועגן בעקס אָטריאַד, ווען דאָס אַלץ, וואָס דאָס אָפּיצערל האָט קימאַט ניט ווילנדיק אַרויסגע־לייגט פאַר מיטקען דעם טשובאַטן, ווען יענער האָט מיט אים „וועגן לעבן געשמועסט", האָט זיך באַשטעטיקט, האָט זיך הערשן פּלוצלינג אויסגעדוכט, אַז ער שלאָפט איין. ער האָט א ריב געטאָן מיט ביידע הענט זײַנע לאַנג ניט געגאָלטע באַקן, דעם צעשויבערטן קאָפּ, גע־פּרוווט זיך דערמאָנען, וויפל נעכט ער איז ניט געשלאָפן, אָנגעציילט דרײַ זיכערע, פאַרכּי־דעשט זיך, א שמייכל געטאָן, געוואָלט טיילן זיך דערמיט מיט אָקונען, וואַנקע שפּאָן, גע־כאַפּט זיך, אַז זיי זײַנען ניטאָ דאָ — זײַנען מיט זייערע גרופּעס אויף זייערע פּאָזיציעס — און דער שלאָף איז גלײַך בא אים אויסגערונען: עס האָט אים פּלוצלינג א שרעק אָנגעכאַפּט — „דער אָטריאַד איז דאָך נאָך אַלץ מערדערלעך צעשטויבט! אויף א שטעטך פון וואָסערע זעכצן וויאָרסט ליגט ער צעוואָרפן אין באַזונדערע גרופּקעס, אין דער צײַט, ווען..."

נאָר איצט איז געווען לײַכטער: ס'איז געווען געגוי באַוווסט, ווו בעק געפינט זיך, ער איז, דוכט זיך, זייער שטיל פון אַלע זײַטן אַרומגערינגלט געוואָרן, און הערש האָט פאַראָרדנט קאָנצענטרירן דעם גרעסטן טייל אָטריאַד אין א באַשטימטער אָרדענונג אויף א באַשטימטן פונקט — קעגן בעקן און מיטן רוקן צו דער באַן־ליניע, — מיטגענומען מיט זיך וואַסיוט־קען מיט נאָך דרײַ רײַטער, געזעצט זיך ווידער אויף די פערד און אוועקגעטראָגן זיך צום שטאַדיוו.

אין דער דאָזיקער שאָ איז שוין די נאַכט געלעגן אויפן סאַמע ראַנד פונעם באַגינען.

די פינף רײַטער האָט אין פאָנעם אַרײַן געשמיסן די גרויע אומקלאָרקײַט פונעם אָנקו־מענדיקן ווינטער־טאָג, פון דער פאַרשטייענדיקער שלאַכט, פון דער געפאַר, אין וועלכער עס געפינט זיך איצט דער שטאַדיוו.

אַזוי, יעדנפאַלס, האָט זיך הערשן אויסגעדוכט, און ער האָט אָן אויפהער געיאָגט זײַן „העלד", און די פיר באַגלייטער זײַנע זײַנען ניט אָפּגעשטאַנען פון אים.

עס איז שוין ווירקלעך צו טונקל געווען, ווערדליק ווי פאַר אַן אויסגעשטערנטער ווינ־טער־נאַכט. הינטערן האָריזאָנט איז שוין ווירקלעך געלעגן דער באַגינען.

א וויאָרסט צוויי פונעם אָרט, ווו דער שטאַדיוו האָט זיך געדאַרפט געפינען, האָט זיך הערש מיט זײַנע באַגלייטער אָנגעשטויסן אויף צוויי רײַטער.

— שטיי! ווער איז? — האָט וואַסיוטקע אויסגעשריִען צו די שוואַרצע שאָטנס פאָרויס.

די שאָטנס האָבן ניט געענטפערט און א וואָרף געטאָן זיך אין א זײַט.

— אָט, פּאַסקודעס! — האָט וואַסיוטקע מיט פאַרדראָס א זאָג געטאָן און א יאָג געטאָן זיך נאָך די שאָטנס.

ער האָט זיי גיך אָנגעיאָגט, ארויסגעכאפּט זײַן נאהאן, אָנגעצילעוועט זיך אַף זיי:

— שטיי, הידרע, זאָגט מען!

הערש מיט די איבעריקע רײַטער האָבן ארומגערינגלט די צוויי שאָטנס. איינער פון די שאָטנס האָט אָנגעכאפּט הערשס „העלד” באַם צײַמל און פריילעך אויסגעשרי̇ען:

— הערש! העלד פּראָלעטארישער! אין אונדזער קיניגרײַך פּארקראָכן!.. האָ!..

הערש האָט זיך א צאפּל געטאָן אַף זײַן פערד און אויסגעשרי̇ען:

— לאזאר!..

וואסיוטקע האָט אומצופרידן א שמאָרע געטאָן מיט דער נאָז:

— אנטשולדיק, כאווער קראַוויַ... אָט א מײַסע... איך זע — א שווארצער שאָטן, טראכט איך: זיכער א הידרע... ערשט... ניין... אונדזער סאמע נאָענטסטער נאטשאלניק־כאווער איז עס... פּארדאָן — ביס...

— לאזאר! — האָט הערש אומרו̇יק אויסגעשרי̇ען (אים האָט זיך אויסגעדוכט, אז דער שטאדיוו איז שוין ליקווידירט און לאזאר מיטן רײַטער האָבן זיך צופעליק געראטעוועט), — דער שטאדיוו ווּ איז?..

— לאדנאָ, מיר ווייסן! — האָט לאזאר פריילעך געענטפערט. — דער שטאדיוו איז געזונט און שטארק... ווּ בלאָנקעסטו אום מיט דײַנע כאיאָלעס? האָ!..

בא הערשן איז מיטאמאָל דער מוט און אינטערעס געפאלן.

ער האָט זיך געטראָגן אהער, קאָן מען זאָגן, מיט אַן אָנגעלאָדן הארץ, מיט א היציקער אומרו̇יקער בסורע: „שוין, די מינוט, זאָל דער שטאדיוו זיך פארנעמען פונדאנען! א געפּאר דראָעט!..” און דאָ האָט אים לאזאר — דער שעף פון שטאדיוו — באגעגנט אזוי מאָדנע, מיט זײַן שטענדיקן „לאדנאָ, מיר ווייסן!..”

— וואָס ווייסטו? — האָט זיך בא הערשן ניט ווילנדיק ארויסגעריסן.

— אַלץ! האָ!.. פּארקערעווע!.. אין שטאדיוו ארײַן! האָ!.. און צו וואָס שלעפּסטו נאָך זיך אזא מין עק? האָ!.. פּארקערעוועט, יאטן, צוריק!.. ט'קלעקן, האָ!..

— וואסיוטקע, מיט מיר! — האָט הערש בייז א זאָג געטאָן.

דרײַ רײַטער האָבן פּארקערעוועט צוריק צום אָטריאַד. פיר רײַטער — צום שטאדיוו.

לאזאר אראָנאָוויטש קראַוויַ איז געווען דע שעף פון שטאדיוו. הערש האָט אים גע־קענט, ליב געהאט, אָפט אפילע, אליין ניט באמערקנדיק עס, נאָכגעמאכט זײַן פריילעכע און קורצע רייד־מאניר: „לאדנאָ, מיר ווייסן, האָ!..” אָבער איצט ניט גערן געריטן מיט אים אין שטאדיוו ארײַן: דער שטאדיוו ווייסט אַלץ און איז נאָך דערצו, ווײַזט אויס, ניט צופרידן מיט הערשן הײַנט — דאָס זעט זיך בוילעט אָן.

„לאדנאָ! — האָט הערש געטראכט. — אין שטאדיוו — איז אין שטאדיוו... מירן זיך דורכ־שמועסן דאָרטן...”

אָבער אין דער הייך האָט ער א זאָג געטאָן:

— לאזאר... וואָס פאר א דרינגענדיקע ארבעט איז איצט דאָ אין שטאדיוו? איר ווייסט אַלץ, נו, איז וויל... בעק רודערט זיך, און דו...

— לאדנאָ!.. מיר ווייסן!..

לאזאר אראָנאָוויטש קראַוויַ איז געווען א לאנגער יונג פון א יאָר זעקס און צוואנציק, מיט א לאנגן, פײַן געשניצטן, קלוגן, שטענדיק שמייכלענדיקן פּאָנעם. עס האָט זיך אויסגע־דוכט, אז דער דאָזיקער מענטש ווייסט ניט פון קיין אומעט און ערנסט: שטענדיק איז ער פריילעך, וויצלט זיך, לאכט קורץ און מיט אַן אָפּגעהאקטן „האָ!”, און דאָס וואָרט איז בא אים ניט מער ווי א מין אינוויינִיקסט יאָדערל פון זײַן געלעכטער; בא אים באקומט זיך עס זייער טשיקאַווע: ער גיט א שײַן מיט זײַנע קליינינקע בלויע אייגלעך, פארזשמורעט זיי, די לאנגע נאָז גיט זיך א קנייטש, די דינע ליפּן פארקאשערן זיך — די אונטערשטע אראָפּ, די אייבערשטע — ארוף, דער גאנצער לאנגער און דינער קערפּער זײַנער גיט זיך א שטילן און פריילעכן צאפּל, ער גיט א שפּריץ מיט געלעכטער, לאָזט ארויס א וואָרט, באשפּריצט דאָס וואָרט פון דער צווייטער זײַט ווידעראמאָל מיט געלעכטער און האקט זיך אליין אינ־מיטנדערינען אָפּ: „לאדנאָ, מיר ווייסן, האָ!..”

איבעריקנס, דאָס איז בלויז לאזארס דורכשניטלעכער צושטאנד. עס טרעפט זיך אָפט, ער ענדערט זיך — ניט צו דערקענען: איז ער בייז — שווײַגט ער. שמייכלט צומאָל ניט. כאפּט אים אָן א פרייד — רעדט ער גיך און א סאך, און זײַן שפּראך איז שארף, ווי א געפעפערט עסן. אין אַלע איבעריקע צושטאנדן אָבער שמייכלט ער. דער שמייכל דריקט אויס שטענדיק איינס און דאָס זעלבע:

— לאדנאָ, מיר ווייסן!..



נאָר דאָס מאָל האָט הערש גע־
זען, אַז דער שטאַדיוו איז ווירקלעך
אויסגעצייכנט אינפאָרמירט וועגן אַלץ
און ווייסט אַ סאַך מער פון אים סײַ
וועגן בעקס פּלענער, סײַ וועגן דער
אַלגעמיינער לאַגע אין לאַנד. דאָס
האָט צעבלאָזן הערשס אומצופרידנ־
קײַט, און ער האָט זי שוין מער ניט
געקאָנט אויסבאַהאַלטן — אָפן אַרויס־
געזאָגט. לאַזאַר האָט דערוף פרײלעך
געענטפערט:

— האָ!.. לאַדנאָ!.. געהערט?..
ס'געפעלט אים ניט... אָף דײַן אינפאָר־
מאַציע האָבן מיר זיך ניט דערוואַרט,
האָבן מיר אַליין אַ שמעק געטאָן.
וואַרט צו... ס'ט זיך נאָך זען מיטן
אַלטן... ער איז בייז... ווי אַ שעד אָף
דער סקאָוואָראָדע... און... גערעכט...
פאַרבינדונג... פאַרבינדונג דאַרף מען
האַלטן... אָן אַרמיי בויען מיר... אונ־
טערן פײַער... העלדישקײַט איז —
גוטע ניכטערע אַרבעט... העלדישקייט
איז — מאַטעמאַטיק אָף אָן ענטוזיאַס־
טישן אונטערשלאַק אונטערגעגנייט...
באַנומען?.. און ער — דאָס הייסט — דו... טראָגט זיך אַרום אָף זײַן „העלד"!. דאָס זײַנען
דעם אַלטנס רייד... און... גערעכט איז ער... גערעכט... האָ!.. דערשראָקן זיך? לאַדנאָ, מיר
ווייסן! האָ!..

— צו דער שעדישער באָבע! — האָט הערש בייז אויסגעשריִען. — צוויי וואָכן, אַז איך
בעט זיך באַם שטאַדיוו דרײַ קלעצלעך טעלעפאָן־דראָט, און כ'האָב עס ניט... און דער
שטאַדיוו פירט עס מיט זיך אין וואָגן אָן נוצן... איז ווי זאָל איך זיך פאַרבינדן? דורך דער
לופט? אָדער ראַדיאָ?.. האָב איך עס ניט... שפּעטלעך שוין צו נעמען לעקציעס באַם שטאַדיוו
וועגן העלדישקײַט. שלאַכטן שטייען פאָר... אָט וועלן מיר זען... מיר ווייסן די העלדיש־
קײַט פון...

נאָר לאַזאַר האָט אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן.

— לאַדנאָ, כאַווער קעסלער, — האָט ער פרעמדלעך אַ זאָג געטאָן, — מיר ווייסן אויך...
אין שטאַדיוו ווערסטו... האָ!.. ·

און ביזן סאַמע שטאַדיוו קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט מער, ווײַזט אויס, בייז
געוואָרן.

דער שטאַדיוו איז געשטאַנען אין אַ כוטערל אונטער ריטשקע. די פערד זײַנען געשפּאַנט
און געזאָטלט געווען, די וועגענער געפּאַקט און פאַרבונדן, די אויסשפּיר־קאָמאַנדע — אין
געיעג. ווײַזט אויס, אַז דער שטאַדיוו איז נאָרוואָס געקומען אַהער און קלײַבט זיך ניט דאָ
פאַרהאַלטן זיך.

דער נאַטשדיוו — אַ קלייניטשקער אַלטינקער מיט אַ דרעטענעם בערדל (די דרעטלעך
זײַנען געשליפן: גרוי), מיט אַ פּאָר שאַרפע אייגלעך פון שטאָל־קאָליר און מיט אַ מאָדנע־
יונגער טשופּרינע קימאַט דורכויס שוואַרצע האָר, אַ באָוועגלעכער, אַ דאַרינקער, אין בײ־
דעריקע שטיוול, אין שוואַרצע פאַרשמאָלצעוועטע הויזן (שלאָסער־הויזן), אין אַ וואַטאָוון
מיליטערישן געשטעפּטן כאַקי־קאַמזויל מיט אַ נײַער ספּראַנטשקע פון הינטן, מיט אַ ריזיקן
מאַוזער באַ דער זײַט — האָט הערשן גלײַך מיט אָן אויסרייד באַגעגנט:

— א־א... געפּאַקט דעם שפּילפויגל!..

— אַנטאָן אַנדרייעוויטש... — האָט הערש געהאַט אָנגעהויבן.

— אַנטאָן אַנדרייעוויטש... גערש כאַימאָוויטש... — האָט אים דער אַלטער איבערגע־
קרימט. — אָט וועלן מיר זיך באַלד אַ שטעל טאָן אייננער קעגן אַנדערן ווי די פּאָסטע שטאַב־
הענער: „אײַער עקסעלענץ!", „הער פּאָלקאָווניק!" און פאַטערן די טײַערע מינוטן אָף פּאָסטע

רייד... אַ גימנאַזיסטל ביסטו, צי אַ שלאָסער־יונג? אַ קלייןבירגערלעכער קוואַטש, צי אַ באָלשעוויק?..

לויטן אַלטן האָט זיך באַקומען, אַז הערש האָט אין לעצטן מעסלעס ריזיק אַנגעפּלאָנטערט און שיִער ניט געשטעלט אונטער אַ דירעקטן טויט־קלאַפּ ניט נאָר דעם שטאַדיוו, נאָר אויך זײַן אייגנעם אַטריאַד און די צוויי איבעריקע אַטריאַדן פֿון דער ערשטער דיוויזיע. דאָס האָט זיך באַקומען, אַגעוו, אויך דערפֿאַר, וואָס ער האָט היציק צעשאָסן דעם אָפּיצער אונטער בידאָוועכאַטקע אָנשטאָט אָפּשיקן אים אין שטאַדיוו. אין שטאַדיוו האָט ער געקאָנט נוצן ברענגען.

— אַנטאָן אַנדרייעוויטש, — האָט דער אַלטער וועגן זיך אַליין איראָניש אַ זאָג געטאָן, — וואָלט שוין געפֿונען אַ שטיקל מיטל ווי דורכצושמועסן זיך מיט אים, ווײַל...

— ענטווידער־אָדער, — האָט דער אַלטער זיך אַ דריי געטאָן אַרום הערשן און איז נעענטער צוגעגאַנגען צו אים, — אָדער זיי זײַנען אַזעלכע שטאָלענע, אַז זיי וועלן קיין וואָרט ניט אַרויסלאָזן פֿון מויל — אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך לאַכלוטן ניט גלייבן, מאַכמעס פֿונוואַנען קאָן זיך נעמען אַזאַ קויעך צו אַ מענטשן פֿון אַ קלאַס, וואָס האַלט שוין אין אונטערגיין? — איז דערשיסן אַזאַ איינעם קאָן מען שטענדיק באַווײַזן, אָדער ער איז אַ קלוגער — אַ זאַך, ווידעראַמאָל, וואָס קאָן זיך דאַפֿקע יאָ טרעפֿן בײַ אייניקע פֿון זיי, מאַכמעס ניט אַלע ווײַסע זײַנען צוגעשניטן און אויפֿגעבייט לויטן אידיאָטישן שאַבלאָן פֿון ניקאָלײַ ראָמאַנאָוו — איז דעמלט קאָן מען אים באַווײַזן די עמעסע לאַגע און עפּשער אַפֿילע איבערצײַגן, אָדער ער איז אַ נאַר, און דעמלט איז, ווידעראַמאָל, דאָ אַ מיטל, וויאַרום אַרויסצוקוועטשן פֿון אים דאָס נייטיקע, וואָס מיר דאַרפֿן וויסן... און דו... האָסט אָפּגעשפּילט מיט אים אַ יינגלשע סצענע: „אַנטלויף, און איך וועל דיר אין נאַקן טרעפֿן!” אַ־וואַ! אַ וואַזשנע העלדישקײַט!.. צי קאָנסטו ניט באַנעמען, אַז נאַרישקײַט מיט העלדישקײַט פּאָרט זיך ניט? די נאַרישקײַט וועט שטענדיק באַווײַזן צו באַדאָסן דײַן העלדישקײַט... יאָ... און די סרייפֿע אין בידאָוועכאַטקע? ווער האָט זי באַדאַרפֿט? די ווײַסגוואַרדייִשע באַנדע... געקאָנט עס אויסמײַדן? געקאָנט און געמוזט! מע אַנטלויפֿט ניט אַזוי הענדעם־פֿענדעם פֿון אַ יישעוו, וואָס מע נעמט אײַן... מיט הינט, מיט ווילעס האָט דאָך דיך בידאָוועכאַטקע באַגעגנט און אַרויסבאַגלייט מיט אַ פּאַרטיזאַנישן אַטריאַד... איז פֿאַרוואָס האָסטו ניט דיסקאָנטירט די דאָזיקע ענדערונג אין די מויכעס? פֿאַרוואָס האָסטו זיי איבערגעלאָזט אָפּן ווײַסגוואַרדייִשן באַראָט? דעם באָדן אין די מויכעס בײַ די בידאָוועכאַטקער פּויערים האָסטו צי בעק פֿאַנאַנדערגעאַקערט — סע איז ניט קיין נאַפּקעמינע, ווער עס האָט דעם באָדן דאָרטן צעאַקערט — אָבער פֿאַרזייען דאָרטן האָסטו געלאָזט די ווײַסגוואַרדייִשע באַבעמײַסעס וועגן ניקאָלײַ ראָמאַנאָוו, וואָס פּאָרט אַהער אַ פּרײַווילליקע אַרמיי שאַפֿן... און דאָס לעצטע שטיקל אַרבעט דײַנס איז שוין גאָר אַ קונציקס! מאַמעש אין דער געשיכטע עס פֿאַרשרײַבן! דו נעמסט אַ גוטן געזונטן אַטריאַד, אַ שלאַכטפֿייִקן, אַ שטײַף יאָדערל פֿון דער רויטער אַרמיי, וואָס האַלט זיך אין שאַפֿן, און דו צעשטויבסט אים אַף אַ שעטעך פֿון וואָסערע זעכצן ווייאָרסט, איידער דו וועסט געפֿינט זיך דער סוינע, וואָס איז זײַן מיין, וווּהין גייט ער און וואָס איז זײַן פּלאַן! וואָס באַטײַט עס? אָפּראַמען דעם וועג! עפֿענען די טויערן פֿון דער רעוואָליוציע פֿאַר דעם פֿײַנט, ער זאָל זיך פֿרײַ קאָנען קריכן אַף פּעטראָגראַד, אָפּן דאָן, צו קאַלעדינען!.. אַף קיין אַקאַדעמיעס זאָלסטו מיר זיך דאָ ניט פֿאַרופֿן! איך בין אויך אין קיין אַקאַדעמיעס ניט געווען! דערווײַל זײַנען מיר מעכויעוו אויסצונוצן אונדזער אייגן שטיקל געווער: רעוואָליוציאָנערן ווילן און געוויסן און שטרענגע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט פֿאַרן קלאַס, וואָס האָט דיך אַהער געשיקט... ס׳איז ניט קיין שלעכט שטיקל געצײַג, ווען מע היצט זיך ניט און מע רײַסט זיך ניט צו ווײַזן דאַפֿקע העלדישן וווּנדער, וואָס איז אָן אויסגערעכנטקײַט און צילגעווענדטקײַט ניט מער, ווי אַ פּוסטער זייפֿנבלאָז... יאָ!..

הערש איז געשטאַנען אַנטקעגן אַנטאָן אַנדרייעוויטשן מיטן ביטערן אינערלעכן געפֿיל פֿון אַ גרויסן דורכפֿאַל. אָט איז עס צו שטאַנד געקומען: דער כאָלעם — די שאָלעכץ — האָט געפּלאַצט. די וואָר — דער יאָדער — איז ביטער. ער האָט געהאָפּט צו איבעראַשן דעם שטאַדיוו מיט זײַנע יעדיִעס וועגן בעקס פּלאַן, און דאָ האָט ער גאָר געכאַפּט אַזאַ מין באָד. די ביטערקײַט פֿון זײַן געפֿיל האָט זיך נאָך פֿאַרשטאַרקט מיטן אייגענעם באַוווּסטזײַן, אַז, אייגנטלעך, איז אַנטאָן אַנדרייעוויטש אין אַלץ גערעכט... ער האָט אין דער רעגע איבערגעלעבט שווערע מינוטן פֿון פֿאַלן אַף דער ערד... אָך, ער איז אַ קליין מענטשעלע, דער דאָזיקער הערש... צו וואָס האָט ער אַף זיך גענומען אַזאַ ריזיקע אַרבעט? וואָלט ניט גלײַכער



געווען צו זײַן א געווײַנלעכער רײַטער?.. שיסן קאָן ער אויסגעצייכנט... רײַטן — אויך!.. און — באַסטאַ!..

ער איז געשטאַנען אין זײַן קורצן רײַטער־פּעלצל אנטקעגן אנטאָן אנדרייעוויטשן, געקוקט אים גלײַך אין די אויגן און גאָרנישט ניט געזען: געווען פאַרטאָן אין אָט די ביטערע געדאַנקען זײַנע.

נאָר אָט האָט זיך אין זײַן באַוווּסטזײַן ווידעראַמאָל ארײַנגעריסן אנטאָן אנדרייעוויטשעס רויִקע שטים. דער אלטער האָט איצט גערעדט וועגן די עטאַפּן פון דער רעוואָליוציע, וועגן מילכאָמע און שאָלעם, וועגן דוכאָנינען, קאַלעדינען, דוטאָווען, וועגן דער צענטראַלער ראַדע, און בא הערשן זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן די געדאַנקען וועגן זיך און זײַן דורכפאַל — דער אלטער האָט געקאָנט בוילעט און איבערצײַגנד א שטעל טאָן פאַר די אויגן דאָס אלץ, וואָס אין לאַנד איז פאַרלאָפן נאָכן פינף־און־צוואַנציקסטן אָקטיאַבער, און האָבנדיק עס שוין פאַר די אויגן, פלוצעם צונויפפּרעסן עס, דערפירן עס צום באַוווּסטזײַן פון א צווייטן מענטשן אלס ערשטן טראָט בלויז פון דער גרעסטער אין דער וועלט רעוואָליוציע...

— דאָס, וואָס אונדז שטייט פאָר, איז ריזיק לעגאַבע דעם, וואָס מיר האָבן שוין אָפּגעטאָן... דאָס ריזיקע וועלן מיר קאָנען שאַפן, ווען מיר וועלן יעדן מינדסטן טראָט אונדזערן אויסרעכענען, און, אויסרעכענענדיק — מיט באָלשעוויסטישן ברען און ענטוזיאַזם פאַרווירקלעכן... דו האָסט צעשטויבט דײַן אָטריאַד — א שווערער פעלער! — דו זײַ אזוי גוט און קלײַב אים צונויף אין איין שאָ צײַט... דאָס איז מײַן שלאַכט־באַפעל...

הערש האָט געוואָלט דערציילן, אז די דאָזיקע ארבעט האָט ער שוין אף דער העלפט אָפּגעטאָן — ער האָט שוין באַפוילן דעם אָטריאַד זיך קאָנצענטרירן, נאָר אים האָט זיך אין דער רעגע אויסגעדוכט, אז דאָס וועט קלינגען ווי א פּוסטע באַרימערײַ, און ער האָט בלויז שטיל א זאָג געטאָן:

— גוט... איך הער... פאַראַן!.. איך רעכן, אז קאָנצענטרירן אים וועט זײַן נייטיק אָט אַ־דאָ... אונטער ריטשקע... מיטן רוקן צו דער באַן־ליניע... קלאַפּן דאַרף מען דעריקער אין בעקס רעכטן פלאַנג און שטויסן אים וואָס ווײַטער אף לינקס, אויב... ס'וועט ניט געלינגען אים צעקלאַפּן. אָבער... מירן אים צעקלאַפּן...

— דו האָסט וועגן דעם געטראַכט? — האָט מיט א באַהאַלטענעם כידעש אין די שטאָלענע אויגן דער אלטער א פרעג געטאָן בא הערשן.

— געטראַכט...

— גוט... שרײַב א באַפעל.

— וועגן וואָס?
— וועגן איבערוקן דעם אַטריאַד אַהער.
— איך האָב שוין אַזאַ באַפעל אָפּגעגעבן.
— ווען?
— אומגעפער מיט אַ שאָ צוריק.
— הייסט דאָס — איידער לאַזאַר האָט דיך געפאַקט?
— איידער.
— נו, גוט, — האָט אַנטאָן אַנדרייעוויטש קימאַט מיט פאַרדראָס אַ זאָג געטאָן, — דער־פון, אייגנטלעך, האָבן מיר געדאַרפט אָנהייבן... לאַזאַר, — האָט ער זײַן שטאַדיוו־שעף אַ רוף געטאָן. — ווי געפעלט ער דיר? צווינגט מיך האַלטן אַ גאַנצע רעדע נאָכדעם, ווי ער האָט שוין דאָס וויכטיקסטע אָפּגעטאָן...
און נאָך אַ קליינער פויזע:
— און ריכטיק אָפּגעטאָן.
— אַנטאָן אַנדרייעוויטש, — האָט הערש אַ זאָג געטאָן, — איך וויל, אַז דער כאַווער קאַראַווײַ זאָל זײַן אין מײַן אַטריאַד בײַס דער שלאַכט.
— דו וועסט זיך ניט ספּראַווען אַליין?
— ניין... ניט דערפאַר... בכלל... אויף יעדן פאַל...
— דו האָסט ניט קיין שלעכטע קאָמאַנדירן... אַקון... איוואַן אַניסימאָוו...
— לאַדנאָ! מיר ווייסן! כ'וועל זײַן באַ אים! האָ! — האָט לאַזאַר אַ לאַך געטאָן. — איר דערווידערט דאָך ניט, אַנטאָן אַנדרייעוויטש... האָ!..
— לאַדנאָ — איז לאַדנאָ! — האָט אַנטאָן אַנדרייעוויטש אַ זאָג געטאָן און דערלאַנגט הערשן די האַנט, פאַרהאַלטן זי אַ ווײַלע אין זײַנע, אַ שמייכל געטאָן צו אים מיט זײַנע שטאָלענע — איצט פריילעכע — אויגן. — נו, גוט... צו דער אַרבעט!..
ווען זיי זײַנען שוין געווען דרויסן, אויף די פערד, ווײַטלעך פון שטאַדיוו, אונטערן לײַכטן שניי־פעלע פונעם אָנקומענדיקן ווינטער־טאָג, האָט זיך הערש פּלוצעם אַ וואָרף געטאָן צו לאַזאַרן:
— איך קאָן ניט! עפּעס ווי אַ זאַק פּאַקליעס וואָלט איך געווען, אַזוי גוט פיל איך זיך אין זײַן אָנוועזנהײַט... די רויִקע ריידעלעך זײַנע... דעריקער: איך פיל, אַז ער איז גערעכט! טויזנט מאָל גערעכט!.. אָבער... די זקיינישע פאַוואָליעדיקײַט זײַנע...
— לאָז אָפּ, האָ!.. לאַדנאָ, וואַרט צו!.. דו וועסט נאָך זען! דער אַלטער וועט נאָך אַזוינס באַווײַזן!.. אין די נעכט... ער שלאָפט קימאַט ניט די לעצטע וואָך... ער הייבט זיך פּלוצעם אויף פון זײַן געלעגער, וועקט מיך אויף פון שלאָף: „לאַזאַר... אין אָרענבורג, צו אַלדי שווארצע יאָר, האָט זיך אַ נײַע מאָקע באַוויזן: „דוטאָוושטשינע" איז איר וויסנשאַפטלעכער נאָמען... לאָמיר נאָכאַמאָל באַטראַכטן אונדזער פּלאַן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דוטאָוושטשינע..." האָ!...
און ביזן סאַמע אַטריאַד דערציילט טשיקאַווע מעשׂיות וועגן דעם אַלטן, וואָס איז נאָך אין ווינטער פון 1917 געווען ערגעץ אין יאַקוטיע, אין דער צאַרישער פאַרשיקונג, אין פריי־לינג שוין ווידער געאַרבעט אויפן פּוטילאָווער און אין האַרבסט פון זעלבן יאָר — אויף די פּאָ־דאָליער פעלדער רויטע טיילן אָרגאַניזירט.
אומגעפער אין אַ שאָ אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די שלאַכט.
וואַנקע שפּאָן האָט מיט זײַן אַטריאַד פּוסגייער זיך אויסגעלייגט אויפן זוים פון וועלדל, אַנטקעגניבער דעם גרויסן שנייִקן טאָל.
די רײַטער זײַנען געווען אונטער אַקונס קאָמאַנדע אויף די פלאַנגען און אין רעזערוו.
די אַרטילעריע איז געשטאַנען אויף אַ גוטער פּאָזיציע אין וואַלד.
הערשל, לאַזאַר, וואַסיוטקע און נאָך אַ פּאָר רײַטער האָבן געבילדעט דעם שטאַב פון אַטריאַד. זיי האָבן געהאַט זייער באַשטימטן פונקט, כאָטש זיי האָבן זיך די גאַנצע צײַט גע־פונען אין באַוועגונג. הערש מיט לאַזאַרן האָבן אויף גלײַכע רעכט אָנגעפירט מיט דער שלאַכט.
ווי נאָר הערש איז געקומען אין אַטריאַד, ווי נאָר ער האָט אים אויסגעשטעלט אויף די פּאָזיציעס און צוגעגרייט צו דער שלאַכט, האָט זיך איידער וואָס ווען דערהערט אינדערלופטן די באַקאַנטע הודזשעניש, פּײַפעניש, און אויפן רעכטן פלאַנג, באַ די בידאָוועכאַטקער פאַרטיזאַ־נער, איז געפאַלן אַ האַרמאַטן־גראַנאַטע און אופגעריסן זיך.
בעק האָט באַשאָסן די רויטע פּאָזיציעס.

קיין שאָדן האָט דער איינצלנער הארמאט־שאָס ניט אָנגעטאָן. די גראנאטע איז געפאלן וויַט הינטער דער פּאָזיציע, צעשפּאָלטן א בוים, דער בוים האָט א קרעכץ געטאָן, זיך אומגעוואלגערט. די גראנאטע האָט זיך אופגעריסן, אופגעהויבן א ריזיקן סלופּ שניי מיט פאראיאָריקן מאָך מיט ערד, אויסגעגראָבן א גרוב און פארגראָבן זיך ערגעץ דאָרטן.

די שלאכט האָט זיך אָנגעהויבן.

די שטימונג אף דער פייער־ליניע האָט זיך מיטאמאָל אָנגעגליט.

די מענטשן אין דער קייט, איבערהויפּט די בידאָוועכאטקער, זיינען די גאנצע צייַט געווען אומגעדולדיק, און איצט האָט דער שאָס, ווי א טשוואָק אין א פויק, צעריסן דעם געשפּאַנטן אומגעדולד פון די מענטשן. זיי האָבן זיך אופגעהויבן פון זייערע ערטער, ארומגעקוקט זיך, לעבאטכילע צוניפגעלאָפן זיך אין א רעדל, באמערקט, אז אלע זייערע זיינען גאַנץ און אומבארירט, צעשאָטן זיך ווידער אין א קייט און געלאָזט זיך אין אָנגריף.

הערש מיט לאזארן זיינען געקומען צו לויפן צום אָרט, ווו די גראנאטע איז געפאלן. זיי האָבן געזען, ווי די מענטשן האָבן קימאט ווי אָן א באפעל זיך געלאָזט אין אָנגריף.

דער שניי איז שוין מער ניט געפאלן.

עס איז גוט ליכטיק געוואָרן.

ערגעץ טיף אין וועלדל, צופוסנס די ביימער־שטאמען, האָט זיך א ראָזעווע פּענעצל זון באוויזן.

די שלאכט האָט זיך אָנגעהויבן מיטן שפּעטן ווינטערדיקן זון־אופגאנג.

פון דער טיפעניש וועלדל האָבן דריַי פעלד־הארמאטן — איינער נאָכן אנדערן — קימאט מיטאמאָל אויסגעשאָסן.

דער וואלד האָט זיך ווי אופגעשטעלט, אופגעהויבן און הילכיק ערגעץ אוועקגעשפּאַנט.

לעבאטכילע איז די שלאכט געגאנגען סטיכייִש, אָן אָרדענונג, הילכיק און טומלדיק, אָבער מיט גרויסע פויזעס.

אָט האָבן אויסגעשאָסן אלע דריַי הארמאטן מיטאמאָל.

אָט האָבן זיך אלע קוילנווארפערס צעקנאקט און צעשטעפּט און עס האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אז זיי פארציַען עפּעס א פרימאָרגן־ליד.

אָט איז א גרופּע אָנגריַיפנדיקע פוסגייער אוועקגעפאלן אין דער נידער, אין שניי, און געשאָסן פּעקלעכוויַיז, זאלפּנוויַיז.

דער וואלד האָט אָט די אלע קוילעס גוט אָפּגעהילכט, ווי א ריזיקער, גוט אָנגעצויגענער פּויק.

נאָר אָט איז אלץ מיטאמאָל פארפאלן געוואָרן, שטיל געוואָרן, פארטיַיעט זיך.

דער וואלד איז ווידער געוואָרן געוויינלעכער וואלד, רויקער, פארשנייטער, ווינטערדיק־פארדרעמלטער וואלד.

און אָט איז די קורצע שטילע מינוט אדורך, און דער וואלד האָט ווידער זיך געביטן, אופגעלעבט און אופגעבליט מיט קוילעס־הילכיקע זעצן פון הארמאטן־שאָסן, באסאָווע ברו־מעניש פון גראנאטן־געפלי, ־ ריטמישע קנאקעריַי פון די קוילנווארפערס, שארפער געפויק פון די ביקסן־שאָסן...

ביסלעכוויַיז זיינען די שטילע מינוטן אלץ קלענער און קלענער געוואָרן, ביז זיי זיינען אינגאנצן ניט געוואָרן — די שלאכט האָט זיך צעפלאקערט.

אף ביידע וועלדלעך־זוימען האָבן זיך באוויזן צוויי באוועגלעכע מענטשלעכע קייטן, א וויַילע געשטאנען, ווי זיי וואָלטן אָנגעקוקט איינע די צווייטע, אוועקגעפאלן, געשאָסן, גע־פויזעט, געקראָכן איינע אף די אנדערע.

הערש איז געווען די גאנצע צייַט אין צענטער.

מיט הילכיקע געשרייען, מיט ווונקען און דראָענישן האָט ער אָנגעפירט מיט דער שלאכט. צווישן איין געשריי און צווייטן האָט ער זיך אָפּט אומגעדרייט מיטן פּאָנעם צום וועלדל, געזען דאָרטן זיַין „העלד", ווי ער פּאָכט מיט די אויערן, באוועגט מיטן עק און איז, דוכט זיך, שטארק אומגעדולדיק.

צופוסנס די שטאמען פון די ביימער איז ווי א ריזיקער רויטער שוואָם געוואַקסן דאָס פּענעצל זון.

„עס וועט זיַין א שיַינענדיקער זומערדיקער פרימאָרגן" — האָט זיך הערשן אומגעלומ־פּערט א טראכט געטאָן, און ער האָט זיך ווידער אומגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער קייט, גע־לאָפן לענגויס, אין דער טיף, געהויבן, געוואָרפן די רויטגווארדייער, געזידלט זיך, געוויצלט זיך, געלאכט און געקוקט אפן סוינעס קייט דורך זיַין פריזמאטישן צייס.

לאזאר איז אויך געווען אין צענטער.

דער שמייכל איז פון זײַן לאַנגער צורע ניט אראָפּ. די ליפּן זײַנען קעסיידער געלעגן פאַרקאַשערטע — די אונטערשטע אראָפּ, די אייבערשטע — ארויף, די אויגן זײַנען בײַ אים פאַרזשמורעט געווען, זײַן לאַנגער דינער קערפּער האָט זיך ווי אין אַ טאַנץ געוויגט.

ווען די שלאַכט האָט זיך רעכט צעפלאַקערט, האָט בעק פּלוצעם פאַרקערעוועט זײַן לינקן פלאַנג און געפּרוּווט זיך פאַרכאַפּן די אײַזנבאַן־ליניע. לאַזאר האָט עס באַמערקט צו דער צײַט און אַ קערעווע געטאָן דאָס גאַנצע פײַער אויף בעקס לינקן פלאַנג.

— האָ! סוואָלאַטש!.. דרייט זיך, ווי אַ וואָרעם!.. האָ!.. וואַרט צו, הערשאַק... אָט וועל איך אים אָנטרעטן אויפן לינקן פּיאַטקעלע... און דו נעם זיך אַ מאָל פּופּיק... אויף די פערד! — האָט ער הילכיק אויסגעשריגן. — דאָרטן ארום!.. דאָרטן ארום!.. מיטן וועלדל־זוים... אויפן דאָן ט׳זיך אים פאַרוואָלט!.. סוואָלאַטש!.. האָ!..

הערש האָט זיך געזעצט אויף זײַן „העלד” און אַוועקגעטראָגן זיך מיטן רײַטער־רעזערוו לענגאויס דעם וועלדל־זוים.

די שלאַכט איז געגאַנגען נאָרמאַל.

דאָס פענעצל זון איז הינטער די ביימער־שטאַמען געוואַקסן. בעקס לינקער פלאַנג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן פון דער באַן־ליניע. דער ווײַסער אַטריאַד האָט זיך אומגעדרייט און געוואָלט רונד־ארום פאַרגיין און דורך דאָרטן זיך דערלאַנגען צו דער באַן־ליניע. אָבער ווען זײַן לינקער פלאַנג האָט זיך דערלאַנגט צו ריטשקע, האָט ער זיך פּלוצעם דאָרטן אָנגעשטויסן אויף נײַע קויכעס. דאָרט זײַנען געלעגן די גרופּעס פון דעם צווייטן און דריטן אַטריאַד פון דער רויטער דיוויזיע. מיט יענע גרופּעס האָט אָנגעפירט אַנטאָן אַנדרייעוויטש אליין.

הערש מיט זײַן קליינער גרופּע רײַטער האָט זיך אַוועקגעטראָגן ווײַט הינטער די פּאָזיציעס און געבליבן שטעקן אין וואַלד. ער האָט געהאַט זײַן מיין דערבײַ און באַשלאָסן „ווײַזן” דעם אַלטן אַזוינס, אַז ער זאָל אים מער קיין נאָטאַציעס וועגן העלדישקײַט ניט לייענען...

נאָר דאָס אַלץ איז געווען דער אויסערלעכער, כאָטש בונטער און היציקער אויסזען פון דער שלאַכט. דער אינערלעכער צושטאַנד פון די שלאַכטנדיקע מאַסן איז געווען גאָר אַן אַנדערער.

עס איז געווען קימאַט דער סאַמע ערשטער אָנהייב פון אַ נײַער מילכאָמע — בירגערקריג אויף אַ ריזיקן שטעטעך בײַ זיך אין לאַנד — די דאָזיקע מילכאָמע האָט געהאַט אַנדערע צילן, און, דעריבער, אָן קיינעמס באַפעל, לויט דער דיקטאַטור פון דער אינערלעכער שטימונג און שפּירונג פון די שלאַכטלײַט (פון ביידע צדדים) האָבן זיך אָנגעהויבן אויסאַרבעטן און אײַנשטעלן נײַע שלאַכט־מעטאָדן, אַזעלכע, וועלכע האָבן פריִער קיין פּלאַץ ניט געהאַט און וואָלטן אויסגעזען אומזיניק.

לעמאָשל: אין רעכטן מיטן שלאַכט, ווי נאָר די צוויי שלאַכטנדיקע פלאַנגען זײַנען געקומען אין באַרירונג און אײַנצלנע בעקאַוועצעס האָבן אין פּאַניק אָנגעהויבן וואַרפן דאָס געווער און הייבן די הענט, האָבן די רויטע ניט געלאָזט זיך אויף זיי מיט שפּיז אין אַטאַקע — אַ פּולשטענדיק לאָגישער און אייביקאַניקער גרויזעלעכער טאַט פון שלאַכט־אינערציע, — נאָר זיי האָבן גאָר אליין אופּגעהערט שיסן, געהויבן די ביקסן אין דער הייך, געפּאָכעט מיט זיי און פריילעך צו די בעקאַוועצעס געשריגן:

— הורא־א־אַ!..

— וואַרפט, נאַרישע קעפּ, די ביקסלעך!..

— ראַמט זיך אויס די הייזעלעך!..

— קומט צו אונדז טיי טרינקען!..

— הורא־א־א־א, בראַטוואַ!..

— טרעט די הידרע אויפן קאָפּ!..

— דערלאַנג אַהער די פריצים מיט די בורזשואַזן!..

— די אַ־פּי־צע־רע־לעך!..

— אָט וועט עס זײַן אַ לעבעדל!..

און דער סטיכיישער ווילן צו פאַרניכטן דעם סוינע האָט זיך גלייך טראַנספאָרמירט אין עפּעס אַ מין פריילעכער כאַפּערלעך־שפּיל: ווער ווועמען עס וועט פּאַקן און אַף גרעלעכטער אויסצינען אַף אַלע פיר...

— עך, איר! שלימאַזאַלים!

— קעגן וועמען זייט איר געגאַנגען?

— קעגן קויעך פון פאָלק זייט איר געגאַנגען!...

וואָלט עמעצער דאָ געשטאַנען באַ דער זייט פון דער שלאַכט און געזען, ווי פריילעך די רויטע נעמען אוף די בעקאַוצעס, וואָס וואָרפן דאָס געוועהר און הייבן די הענט, וואָלט ער זיכער באַמערקט, ווי פון דער גאַנצער מאַסע צעהיצטע מענטשן שפּאַרט אַ פרייד, אַ ברייִ־דערלעכער געפיל צו די בעקאַוצעס, וואָס האָבן זיך געכאַפּט, אַז ניטאָ וואָס צו גיין אַף אייגענעם ברודער מיט קויל און שפּיז. וואָלט ער געזען, אַז דער איינציקער הייסער פאַרלאַנג פון אָט די מענטשן מיט די ביקסן, אָט די אַלע וואַסקעס, מיטקעס, וואַנקעס, יאַנעקס, מיט־ריטשעס איז — מאַכן אַזוי, אַז די קעגנגיבערדיקע וואַסקעס און וואַנקעס, די פאַרנאַרטע בע־קאַוצעס, זאָלן וואָס גיכער אַלע ווי איינער וואָרפן דאָס געוועהר און אַרויסגעבן די הידרע, אַלע ווי איינער זאָלן זיי צוזאַמען מיט זיי, מיט די רויטגוואַרדייער, זיך אויסשטעלן אַף אַ פריילעכן מיטינג אין גרויסן פאַרשנייטן פעלד, אַ שמעק טאָן דעם זיסן גערוך פון אייגענער עמעסער פרייהייט, זיכערקייט אין דעם מאָרגעדיקן טאָג, ווייל ער איז דיין אייגענער טאָג — וואָס דו ווילסט קאָנסטו טאָן מיט אים, און טאָן וועסטו זיכער אַזוינס, וואָס וועט דיר דיין לעבן פאַרגרינגערן און ליכטיקער מאַכן, ווייל דו ביסט אַליין דער אַרבעטער, אַליין דער האַר, אַליין דער שעפער און אַליין דער אויסברענגער פון דיין לעבן, וואָס דו האָסט אַריינגעלייגט אין אַרטעלנעם קעסל לעבנס פון פונקט אַזעלכע, ווי דו אַליין ביסט...

אָן ספק: אָט דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון זייער אינערלעכן צושטאַנד, אָט דאָס האָט זיי באַוועגט צו גיין סטיכייש קעגן אַלע אייביקע געזעצן פון שלאַכט: מיט פרייד אופ־נעמען דעם סוינע אָנשטאָט צו לאָזן זיך אַף אים מיט שפּיז אין דער אַנטשיידענער מינוט און דערנעריקן. און דאָס האָט געהאַט אַ וווּנדערלעכע ווירקונג אַף די בעקאַוצעס: אָנשטאָט אויס־נוצן די דאָזיקע שפּיל פון די רויטאַרמייער און וואָרפן זיך אַף זיי אין אַטאַקע און פאַרניכטן זיי, האָבן גאָר די בעקאַוצעס זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ ווײַלע, ווי עפּעס אַ נייע אויסערגעוויינ־לעכע שווערקייט און שטערונג וואָלט זיך זיי אין דער שלאַכט געשטעלט. זיי האָבן גע־קוקט פאַרכידעשט, אייניקע גרופּעס אַפילע מיט כשאַד, פאַרלאָרן זיך און אין לעצטן סאַקאַקל געוואָרפן דאָס געווער.

נאָר אין דער שלאַכט זיינען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אַ היפּשע צאָל מענטשן פון אונדזערע שיכטן און מיט אַנדערע שטימונגען. באַ בעקן זיינען דאָס געווען די אָפיצערן און פעלדפעבלס, אין ערשטן רויטן אַטריאַד — די בידאַוועכאַטקער פאַרטיזאַנער, פאַרביטערטע אַף בעקן פאַר זיין אַכזאָריעס צו זיי, איינצלנע רויטאַטריאַדניקעס פאַרביטערטע פאַר שמיץ, פאַר דעזערטיי־רישן נאַוועגאַד, פאַר פעטש פון אָפיצערן, און די דאָזיקע מענטשן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זייערע שלאַכט־כאַווײרים זיינען פּאַשעט פּאַכדאָנים, ווילן ניט גיין אין שלאַכט, ווייל זיי צי־טערן פאַר זייער פעל, און די האָבן עס אונטערגעטריבן די שלאַכט, געוואָרעמט זיי, ניט באַנור־מען די פרייד פון די רויטגוואַרדייער, געזאַמלט זיך אין באַזונדערע גרופּקעס און מיט אַכזאָ־ריעס באַפאַלן דעם סוינע, געשלאָגן זיך אַף לעבן און טויט, געליטן די גרעסטע פאַרלוסטן און פאַרעכנט געוואָרן אַלס די גרעסטע העלדן...

און כאָטש די דאָזיקע מענטשן זיינען געווען אין דער קאָנפּסטער מינדערהייט, האָבן פונ־דעסטוועגן דאַפקע זיי און ניט די גרונט־מאַסן געשאַפן דאָס אויסערלעכע בילד און טעמפּעראַ־טור פון דער שלאַכט.

און אויסערלעך איז די שלאַכט געגאַנגען נאָרמאַל.

ביידע צדאָדים האָבן מיט היץ געשאָסן איינער אינעם אַנדערן.

אַף ביידע פּאָזיציעס האָבן זיך די שיסער געהאַלטן ביז דער לעצטער מעגלעכקייט און געגאַנגען אין אָנגריף און אַטאַקע באַ דער ערשטער געלעגנהייט.

פון ביידע זייטן איז דער שניי געגנוג באַפלעקט געוואָרן מיט בלוט.

הינטער ביידע ליניעס האָבן געקרעכצט פאַרוווּנדעטע, געלעקט דעם שניי מיט פאַרבאַ־קענע ליפּן.

הינטער ביידע ליניעס האָבן גויסעדיקע פאַרגלעזערנדיקע זיך אויגן געשלונגען די לעצ־טע פּיצעלעך וועלט, ווי פּיצעלעך איז, און דאָס האָט זיי ניט געהאָלפן — זיי זיינען שווער אויסגעגאַנגען.

און אפילע זיי, די גרונט־מאסן, האָבן אויך געשעפּט אין דער שלאכט ניט נאָר פרייד. זיי זײַנען דאָך געווען קעגנער, דאָס הייסט — מעגלעכע סאָנים — און דעריבער, ווי נאָר איין צאַד — די ווײַסע, לעמאָשל, — האָט זיך אין עפּעס פאַראַקשנט, האָט גלײַך דער צווייטער צאַד — די רויטע — געביטן די טאַקטיק, געוואָרן שטרענג, אפילע אכזאָריעסדיק און פולשטענדיק אריבער אף עכטע שלאכט־מיטלען — פאַרניכטונג.

די דאָזיקע שטימונג־שפּיל איז געווען א וויכטיקער מאָמענט אין דער הײַנטיקער שלאכט, און זי האָט ניט ווייניק מיטגעווירקט דעם זיג פונעם ערשטן רויטן אָטריאַד איבער בעקס אָטריאַד.

אָבער די דאָזיקע שטימונגען און שפּירונגען זײַנען געווען סטיכיייִשע און אינסטינקטיווע, זיי האָבן זיך ניט אונטערגעוואָרפן קיין שום קאָנטראָל און רעגולירונג פון דער זײַט און דעריבער ניט געקאָנט זײַן דער הויפּט־פאַקטאָר פון זיג.

דעם זיג האָבן געבראַכט דרײַ אנדערע הויפּט־סיבעס.

1. בעק האָט ניט געוואָלט און ניט דערוואַרט קיין שלאכט. ער האָט געהאַט אַן אנדער אופגאַבע: גיין אַפּן דאָן, צוהילף קאַלעדינען. ער האָט דעריבער מאַנעווּרירט אזוי, אז ער זאָל קאָנען „פאַרבײַגייענדיק” אין איין שאָ ליקווידירן דעם שטאַדיוו („ארונטערנעמען דאָס קעפּל, וועט זיך די צעבונטעוועטע מאַסע אליין צעפּאַלן”) און, אגעוו, אָנוואַרפן א שרעק אף די אַרומיקע דערפער און ניט ווערן;

2. דער ערשטער רויטער אָטריאַד איז געווען א געמישטער, — ער האָט געהאַט אין זײַן באַשטאַנד פוסגייער, רײַטער, אַרטילעריע, א קליינע גרופּע טעכניש מיליטער אפילע, — איז געווען צו דעם מאָמענט גוט באַשוכט און באַקליידט, זאַט (דעם גאַנצן וועג פון סטאַס ביז בידאָוועכאַטקע האָט הערש א באַזונדער אכט געלייגט אף דער באַזאָרגונג און זאַפּאַסן, און דאָס איז אין דער סטיכיייִשער דעמאָביליזאַציע ניט שווער געווען זיך צו דערשלאָגן); די פערד זײַנען געווען אויסגערוטע, אָפּגעקאָרמעטע; דער גאַנצער אָטריאַד אלס א שלאכט־איינס איז אדאַנק דעם געווען פולבלוטיק, שטאַרק און באַוועגלעך, און, — דעריקער! — די קנאַפּע טויזנט לעבעדיקע מענטשן — רויטאָטריאַדניקעס — זײַנען אלע אָן אויסנאַם ווירקלעך פרײַוויליקע געווען — מענטשן, וואָס זײַנען, עמעס, געקומען אין אָטריאַד ארײַן מיט פאַרשיידענע וועגן און אדאַנק פאַרשיידענע סיבעס, אָבער אין אָטריאַד זייער גוט זיך צונויפגעלעבט אין דער שטימונג און אינעם באַוווסטזיניקן ווילן צו שטיצן און אָפּהיטן די נײַע אייגענע באַלשעוויסטישע מאכט, אײַנהאַלטן זי אין די אייגענע הענט, אין וואָס עס זאָל ניט גיין און וואָס פאַרא קאָרבאָנעס דאָס זאָל ניט פאָדערן. מיט אזא מין קאָנצענטרירטער אקטיוּוקײַט און צילגעווענדטקײַט האָט זיך בעקס אָטריאַד ניט געקאָנט באַרימען כאָטשבי שוין דערפאַר, ווײַל דאָרט האָט בא די קאָמאַנדירן געהערשט בעקס מיינונג, אז „גאַנץ ראַסיי” איז קעגן דעם הײַפּל „פאַרכאַפּער און דײַטשישע שפּיאָנעס” און ס'וועט ניט דורכגיין קיין וואָך, ווי זיי וועלן ליקווידירט ווערן, און די מאַסע איז געווען אינערט;

און,

3. די גוטע אָנפירונג און שטיצע פון שטאַדיוו.

אין דעם שווערסטן מאָמענט פון דער שלאכט, ווען בעק האָט אומגעדרייט זײַן פלאַנג אף ארומגיין דעם ערשטן געמישטן אָטריאַד פון צאָפן, דערלאַנגען זיך צו דער אײַזנבאַן־ליניע און, אָנשפּאַרנדיק זיך אף איר, געבן א טויט־קלאַפּ די רויטע גרופּעס, האָט ער דאָרטן איינגאַנצן אומגעריכט באַקומען א שטאַרקן און גוט־אויסגערעכנטן קלאַפּ אין סאַמע שטערן. דעם דאָזיקן קלאַפּ האָט ער געכאַפּט פון דעם צווייטן און דריטן אָטריאַד, אין דער שפּיץ פון וועלכע עס איז געשטאַנען אנטאָן אנדרייעוויטש. דאָס איז געווען אזוי אומדערוואַרט פאַר בעקן, אז ער האָט זיך אין פּאַניק א וואָרף געטאָן צוריק צו זײַן אויסגאַנג־פּונקט, דערזען די ברידערונג פון זײַנע אָטריאַדניקעס מיט די רויטגוואַרדייער, באַנומען, אז די שלאכט איז פאַרשפּילט, און האָט זייער פאַרלאָרן גענומען זוכן א שטיקל דורכגאַנג אף ראַטעווען זיך און דעם שטאַב — פּאַשעט אנטלויפן.

נאָר די שלאכט איז געגאַנגען נאָרמאַל, דאָס הייסט לאַנגזאַמער ווי די שלאכטנדיקע האָבן דערוואַרט און געוואָלט.

דער זיג פון די רויטע איז געווען בוילעט קאָנטיק פאַר יעדן לעצטן אָנטיילנעמער פון דער שלאכט.

דער שלייף ארום בעקס אָטריאַד האָט זיך פאַרצויגן אלץ ענגער און ענגער.

הערש האָט זײַן האַלבע מייע רײַטער צעשאָטן אף קליינע גרופּעס — צו צען רײַטער אין א גרופּע — צעוואָרפן זיי איבערן גאַנצן וואַלד־זוים און געגעבן א באַשטימטע שלאכט־אופגאַבע: פּאַקן בעקן מיט זײַן שטאַב.

ס'איז געגאַנגען די דריטע שאָ, זינט די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן.

די גרויסע, קאַלט־שײַנענדיקע ווינטער־זון האָט זיך געצויגן אַרוף, דורכגעניזשעוועט דעם גאַנצן וואַלד מיט אירע קאַלטע און קרומע שטראַלן, באַגאָסן דעם שנייִיקן צודעק פֿונעם גרויסן טאָל, וווּ די שלאַכט האָט איר אַנטשיידונג באַקומען, מיט זונען־שײַן, באַשאָטן מיט בלענדיקע שניי־בריליאַנטן, געדיכטער באַפֿאַרבט די שאַרף־רויטע בלוט־פֿלעקן, דאָס ברוינע מיסט פֿון די פֿערד, בוילעטער אַנטפּלעקט די מענטשן־מאַסן אין די גרויע און גרינע שינעלן, מיט די שטאָל־בלאַנקענדיקע שפּיזן פֿון זייערע ביקסן, מיט רויִקע שטראַלן, ווי מיט ליכטיקע שערבלעך באַדעקט די אָפֿענע אויגן פֿון די אומגעקומענע אין דער שלאַכט.

נאָר די שלאַכט האָט זיך נאָך ניט געענדיקט.

אין טאָל האָבן שײַטערן דאָ און דאָרט זיך גערייכערט.

רײַטער האָבן אַרומגעשמײַעט הין און צוריק, געקומען, געבראַכט ידיעות און פּאַראָר־דענונגען, אָוועקגעטראָגן זיך צוריק — געהאַלטן פֿאַרבינדונג צווישן די גרופּעס און טיילן.

אַלע פֿינף־צען מינוט זײַנען פֿון אַלע ריכטונגען געקומען רויע — גרופּעסווײַז, צופֿוס און אויף פֿערד, צו פֿופֿצן, צוואַנציק, דרײַסיק מאַן אין אַ גרופּע — געבראַכט אַלץ נײַע און נײַע ווײַסגוואַרדייִשע גרופּעס מיט זיך, אַנטוואָפֿנטע שוין, די רויטע האָבן געשלעפּט אויף זיך צו צוויי, דרײַ, פֿיר ביקסן. אין אַנדערע גרופּעס האָבן די ווײַסגוואַרדייער אַליין געשלעפּט אויף זיך די ביקסן — אויך צו דרײַ־פֿיר אויף אַ פּלייצע, אָבער אויסגעזען האָבן זיי שוין איצט ניט ווי שלאַכטלײַט, נאָר ווי אַ מין הינטערלאַנד־רעזערוו, אַ מין „אָפּאָלטשעניע" פֿון דעם רויטן אָטריאַד, אַ הילף־טייל, וואָס באַדינט די פּאָזיציעס, קלײַבט צונויף דאָס געווער.

אין די וועלדער אַרום טאָל האָבן זיך נאָך געהערט איינצלנע האַרמאַטן־שאָסן, קורצע, אָפּגעהאַקטע איבערופֿן פֿון קוילנוואַרפֿער, אָפּטע איינצלנע און פֿעקלעך קנאַקערײַען פֿון ביקסן־שאָסן. די לעצטע, די סאַמע פֿאַראַקשנטע גרופּעס האָבן דאָרט געאַרבעט.

הערש האָט די גאַנצע צײַט וואַסיוטקען פֿון זיך ניט אָפּגעלאָזט.

פֿון וואַסיוטקען, האָט הערש געוווּסט, קאָן ער אַמאָל הערן אַזאַ וואָרט, וואָס דערמונ־טערט, רײַסט אַרויס פֿון דער נעץ דערינערונגען און ספּייקעס און שטעלט אַוועק צוריק אויפֿן אָרט — אויפֿן אָרט פֿון קאָמאַנדיר פֿון אָטריאַד. און הערש האָט עס נייטיק באַדאַרפֿט.

דער גרעסטער פֿעלער הערשס איז סאָפּקאָלסאָף באַשטאַנען דערין, וואָס אַפֿילו איצט, אין סאַמע ברען פֿון דער ערשטער שלאַכט, ווען ער האָט שוין אויף אייביק באַטראָטן דעם וועג פֿון אַן אומדערמידלעכן באָלשעוויק אַ קעמפֿער, האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן, אַז ער, הערש קעסלער, דער וואַרשעווער שלאָסער, האָט נאָך גאָרנישט ניט אויפֿגעטאָן פֿאַר דער רעוואָליוציע ניט דערפֿאַר, ווײַל ער האָט עס ניט געוואָלט אָדער ניט געהאַט קיין געניגנדן ווילן אָדער מוט דערצו, נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער איז אַ קליין מענטשעלע און די רעוואָליוציע פֿאָדערט גרויסע קעפּ מיט ליכטיקע אויגן, וואָס קאָנען פֿאָרויסזען און פֿירן... אין וואַסיוטקעס קעגנוואַרט האָט זיך אים אָפּט אויסגעדוכט, אַז ער האָט אין זיך אַ טאָעס, און דאָס איז געווען אַ גרויסער צוזאָג און אַ ליכטיקע האָפֿענונג... דעריבער האָט ער וואַסיוטקען קימאַט שטענ־דיק געהאַלטן לעבן זיך.

— וואַסיוטקע, — האָט ער צאַרט צו אים אַ זאָג געטאָן, — דיר איז ניט קאַלט?

וואַסיוטקע האָט אַ שײַן געטאָן אויף אים מיט זײַנע קאָרנבלימלדיקע אייגלעך, צוגעריטן נעענטער צו הערשן, אַ פֿיר געטאָן מיט די פֿינגער איבער „נאַסטיעס" גריווע און אַ שײַן געטאָן מיט די געדיכטע קליינע ציינדלעך:

— כאַפּסט אַ ציטער, קאָמאַנדיר!.. אהאַ... איך האָב דיר נאָך ווען געזאָגט: פֿוץ זיך ניט אין קיין קורצע פֿעלצלעך... נעם אַ פּאָשעטן סאָלדאַטישן שינעל — אַ לאַנגן... דער וואַרעמט בעסער... און... מ'עט דיך דערקענען אין אים אויך... און אויב מ'עט ניט דערקענען, וועלן מיר אָנווײַזן: אָט איז ער, דער באַרימטער העלד אונדזערער!.. פֿון די סאַמע קאַרפּאַטן אָן צו־זאַמען... אַ וועלט, קאָן מען זאָגן, צוזאַמען איבערגעקערט... און דער כאַוור לענין וועט אַ שמייכל טאָן: „אַ־אַ... דאָס איז ער... הערש קעסלער... געהערט... געלייענט... מע האָט מיר אַ ראַפּאָרט אָפּגעגעבן... אונטער בידאָוועכאַטקע האָט איר אַ וואַזשנע שטיקל אַרבעט אָפּ־געטאָן..." עכ־מאַ!.. אין סאָציאַליזם וועלן מיר דאָך אַרײַן אַזוי־אַ... אין דעם פֿאַרבערענטן שי־נעל מיט דער ביקס הינטער דער פּלייצע, מיט אָט דער באַפּוצונג אויף דער ברוסט... — האָט ער זיך אַ פּאַטש געטאָן איבער די צוויי פֿול אָנגעשטאָפּטע פּאַטראָנטאַשן, וואָס זײַנען אין אַ קרייץ באַ אים אויף דער ברוסט געהאַנגען. — און דו ווילסט דאַפֿקע אין פֿעלצל... איז גאַנץ פּאָשעט: כאַפּ אַ ציטער צוליב דער רעוואָליוציע וועגן און מאַך אַ שווײַג, ברודערל... אַז איך גיב אַ טראַכט... אַז איך גיב נאָר אַ טראַכט... דאַכט זיך, וואָס איז אַזוינס אַ רעוואָליוציע?

מע נעמט אָן די הידרע פארן קארק... נאָר ס׳ניט פּאָשעט... אוי, ווי ניט פּאָשעט!.. א שוידער כאַפּט אזש אָן... גאנץ פּאָשעט — א שוידער!.. דעריקער — קיין סטאם־מענטשן טויגן דאָ ניט... דער מענטש דארף זיך אינווייניק אליין ווי איבערקערן... שטעלן זיך אַף די פיס און דער־זען די וועלט... „אוי, ס׳טויג דאָך ביט אזוי, ווי ביז איצטער איז געווען! — וועט שוין דעמלט אָט דער מענטש אליין אויסשרייַען — ס׳טויג ניט אזוי!.. מע דארף זי איבערמאכן, אָט די סאמע וועלט!..” און ער איז שוין אַן אנדערער!.. ניט קיין סטאם־מענטש, נאָר א מענטש, וואָס האָט די וועלט דערזען, און דערזען, אז סע טויג ניט, און גייט זי איבערמאכן... אָט, ברודערל, — האָט ער שוין איצט געקעמט די גריווע פון „העלד”, — מיר איז ניט קאלט... אז איך גיב א טראכט, ווערט מיר אזש הייס... אז איך גיב א טראכט, דוכט זיך מיר: דערלאַנג מיר אהער א מיליאָן מענטשן, כ׳וועל זיי א מעסלעס מיט צוויי שאָ מעשאָלים דערציילן, און דער נימשל וועט זייַן אלץ איין און דער זעלבער: סע טויג ניט אזוי... מע דארף איבערמאכן!..



# אַף די שפּורן
## פון געשטערן

## זעקס מיידלעך

אין 1919 האָבן די דעניקינצעס פאַרכאַפּט קרעמענטשוק. די קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן, וועלכע זײַנען פאַרבליבן אין שטאָט, האָבן געשאַפן אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. זי האָט זיך געפונען אַף אַלעקסאַנדראָווער גאַס, אינעם קעלער, ווו עס האָט געוווינט דער אַרבעטער לאָמאַנץ, ניט ווײַט פון די קאַזאַקישע קאַזאַרמעס.

די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע דרוקערײַ. קעדיי קריגן שריפט און די נייטיקע טעכניק, האָבן יאַשע בעלענקי און סאָניע סלאָנימסקאַיאַ אַרײַנגעשמוגלט זיך באַנאַכט דורכן פענצטער אין וואַרשאַווסקיס טיפּאָגראַפיע און גענומען דאָס, וואָס מע האָט באַדאַרפט.

די דרוקערײַ האָט אָנגעהויבן אַרבעטן. די פאַרקאַנעס, די ווענט פון די הײַזער זײַנען פאַרקלעפּט געוואָרן מיט פלוגבלעטלעך, פּראָקלאַמאַציעס און מיט נומערן פון דער אומלעגאַלער צײַטונג «Дело революции». די זעלבע אויסגאַבעס זײַנען פאַרשפּרייט געוואָרן אין די פאַבריקן און זאַוואָדן.

דער שעף פונעם קרעמענטשוקער קאַזאַקישן גאַרניזאָן און פון דער קאָנטער־אויסשפּירונג פּאָלקאָווניק סיִאָנסקי האָט גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך פון דער שטאָט. די טוער פון דער אונטערערד האָבן דאָך געטאָן זייער אַרבעט באַ אים אונטער דער נאָז, סאַמע לעבן זײַנע אַפּאַרטאַמענטן.

עס האָט זיך דערנעענטערט דער צווייטער יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. צום יאָמטעוו האָט די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אָפּגעדרוקט פלוגבלעטלעך, אין וועלכע זי האָט גערופן די אַרבעטער, זיי זאָלן אָפּמערקן דעם יאָמטעוו מיט אַ שטרײַק און מיט שיקן אַפן פראָנט אַ באַוואָפנטן אָטריאַד. עס איז אויך אַרויס דער יאָמטעוו־נומער פון דער אומלעגאַלער צײַטונג מיט לענינס פּאָרטרעט.

אָבער סיִאָנסקיס לײַט האָבן אויך ניט געדרעמלט. אין ראַבינאָוויטשעס מאַכאָרקע־פאַבריק, ווו עס האָבן געאַרבעט די קאָמיוגיסטקעס, אונטערערדישע טוער וואַליע גאָטליב, זשעניע לאָזנער און סאָרקע גאַלפּער, האָט זיך אַרײַנגעריסן די פּאָליציי. דאָס זעלבע איז פּאָרגעקומען אין גריצעווסקיס וועבערײַ־פאַבריק, דאָרט האָט מען געזוכט עמע גאָרדאָן, עסטער בראַנדמאַן און פּאָליע קאַפּלון. די מיידלעך האָט די פּאָליציי אַרעסטירט און אָפּגענומען באַ זיי די פלוגבלעטלעך, פּראָקלאַמאַציעס און דעם נומער פון דער צײַטונג.

די אונטערערדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט זיך דערוווּסט, אַז די זעקס אַרעסטירטע געפינען זיך אין פּאָליציי־צירקל אונטער דער וואַך פונעם פּריסטאַוו פון דעם פערטן צירקל.

אַף אַ פאַרזאַמלונג פון די קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן, צו וועלכער עס זײַנען אויך געקומען דער פּאָרזיצער פונעם אונטערערדישן רעווקאָם שאַווריןֹ, דער סעקרעטאַר פון גובּפּאַרטקאָם ערסקי און דער סעקרעטאַר פון דער שטאָטישער אונטערערדישער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע פרומע וואָראָבייטשיק, איז באַשלאָסן געוואָרן שיקן דעם מאַטראָס וואַלענטין אושאַקאָוו צום פּריסטאַוו און פּאָרלייגן אים אַן אויסקויף־סומע פאַר די אַרעסטירטע. אָבער דער פּריסטאַוו האָט געבעטן ניט מער און ניט ווייניקער, ווי 200 טויזנט רובל. די אונטערערדישע טוער האָבן אַזאַ סומע ניט געקאָנט אויפקלײַבן.

קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען, ווי אָפּרייניקן פון וועג דעם פּריסטאַוו, באַפאַלן דעם באַצירק און ראַטעווען די כאַווערטעס.

דערהאַרגענען דעם פּריסטאַוו האָט זיך אונטערגענומען דער קאָמיוגיסט שײַקעוויטש, לויטן פאַך אַ דרוקער. אַפן ראָג יעלינער גאַס, לעבן דער שמידערײַ, האָט ער אויסגעשאָסן אין אים. ער האָט אָבער ניט געטראָפן און איז אַפן אָרט אַליין דערהאַרגעט געוואָרן.

די מיידלעך האָט מען איבערגעפירט אין רעשוס פונעם שטאָט־קאָמענדאַנט קאַפּיטאַן רעדקין. די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך דערפון דערוווּסט און געשיקט קאָמיוגיסטן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט רעדקינען. דער קאָמענדאַנט האָט מאַסקים געווען פאַר 60 טויזנט רובל אַרויסלאָזן די מיידלעך. מע האָט געשיקט דעם קאָמיוגיסט מאַטקע וועדני מיט א מאַנדאַט צום ראָוו, יענער זאָל אויסלייַען געלט. דער ראָוו האָט וועדנין אופגענומען. אין מאַנדאַט איז געשטאַנען פאָלגנדיקס:

„מאַנדאַט צום ראָוו, בירגער ראַפּאַלאָוויטש.

דער רעווקאָם און דער גובפּאַרטקאָם, וועל־כע געפינען זיך אין קרעמענטשוק, לייגן אייַך פאַר, איר זאָלט, ביז די סאָוועטנמאַכט וועט זיך אומקערן, אויסלייַען 100 טויזנט רובל פאַר די באַדערפענישן פון דער אָרגאַניזאַציע.

פאָרזיצער פון רעווקאָם שאַוורין
סעקרעטאַר פון גובפּאַרטקאָם מיכ. ערסקי״

איבערגעלייענט דעם מאַנדאַט, האָט דער ראָוו אויסגעפּרעגט באַם באַכער אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט וויסן, נאָר קיין געלט האָט ער ניט געגעבן, ער האָט געהייסן קומען מאָרגן, זעקס אַזייגער אין אָוונט...

די קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציע האָט וועדנין ניט דערלויבט גיין צום ראָוו. נאָר דער פאַר־לאַנג צו קריגן געלט און ראַטעווען די אַרע־סטירטע מיידלעך איז געווען שטאַרקער פון אַלץ. וועדני איז אָף מאָרגן אוועק צום ראָוו, און דאָרט האָט אָף אים שוין געוואַרט פּאָליציי. צום גליק, האָט זיך וועדנין איינגעגעבן אַנט־לויפן.

די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט אין די טעג וויַטער געאַרבעט, אירע פּראָקלאַמאַ־ציעס און פלוגבלעטלעך האָט מען געקאָנט זען אומעטום. דאָס איז געווען גאַנץ געפערלעך, נאָר דערפאַר האָט עס געדינט אַלס זאַכלעכער באַוויַז, אַז די מיידלעך זייַנען אין גאַרנישט ניט שולדיק.

די זעקס מיידלעך זייַנען איבערגעגעבן גע־וואָרן דער קאָנטער־אויסשפּירונג. עס האָט זיי פאַרהערט דער פּאָלקאָווניק סיִאַנסקי. ער האָט געוווּסט, אַז וואַליע גאָטליב איז געווען סעק־רעטאַר פון דער אונטערערדישער קאָמיוג־אָר־גאַניזאַציע אין ראַבינאָוויטשעס מאַכאָרקע־פאַ־בריק, אַז באַ איר אין דירע האָט זיך אויסבאַ־האַלטן דער סעקרעטאַר פון גובפּאַרטקאָם. נאָר דאָס מיידל האָט געלייקנט שטיין און ביין. זי האָט געזאָגט, אַז זי און אירע כאַווערטעס זייַ־נען ניט קיין גראַמאָטנע מענטשן, זיי קענען ניט לייענען, זי האָט געפונען אַ פּעקל פלוג־בלעטלעך און צעטיילט צווישן די כאַווערטעס. מער ווייסט זי גאָרניט.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פּייַניקונגען. די מיידלעך האָבן געשוויגן. זיי האָבן געטאָן אַלץ, קעדיי באַרויִקן זייערע עלטערן.

סיִאַנסקי האָט אַרויסגערופן די מיידלעך איינ־ציקווייַז, און יעדערער פון זיי האָט ער איינ־געשמועסט, אַז די איבעריקע האָבן זיך שוין אין אַלץ מוידע געווען, זאָל זי זיך אויך מוידע זייַן. נאָר קיין איינע פון זיי האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט. דעמלט האָט דער טאַליען באַפוילן, מע זאָל נאָך גרויזאַמער מאַכן די פּייַניקונגען. אָבער אויך דאָס האָט ניט גע־האָלפן. מע האָט די מיידלעך געשמיסן מיט נאַ־הייַקעס, מיט שאָמפּאָלן, געברענט זייערע נאַ־קעטע לייַבער מיט גליִענדיקן אייַזן, אַרייַנגע־שטופּט נאָדלען אונטער די נעגל, אויסגעשניטן שטערנס אָף די לייַבער...

סיִאַנסקי האָט געשריִען:

— נישקאָשע, איר וועט באַ מיר ריידן! אויב ניט וועט איר אַנשטומט ווערן אָף אייביק — טויט! טויט!!! איר פאַרשטייט?!

— געפונען, פּאָלקאָווניק, מיט וואָס צו שרעקן אונדז! אויב מיר האָבן קיין מוירע ניט פאַר אייַערע פּייַניקונגען, האָבן מיר פאַרן טויט אַוודע קיין מוירע ניט!

א גאַנצע נאַכט האָט זיך געצויגן דער פאַר־הער. מע האָט זיי ניט בלויז געפּייַניקט, נאָר אויך פאַרגוואַלדיקט.

אין הויז פון דער קאָנטער־אויסשפּירונג, וווּ מע האָט די מיידלעך געפּייַניקט, האָט מען גע־האַלטן זייערע עלטערן, זיי האָבן געהערט די געשרייען פון די פאַרפּייַניקטע קינדער. עס האָבן געהערט די געשרייען אויך פרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן געוווינט אין יענעם ראַיאָן. עלטערע מענטשן זייַנען פאַר דער נאַכט גראָוו געוואָרן, יונגע זייַנען געוואָרן רייַף צום קאַמף.

דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעכאַזערט אָף מאָרגן. ס'איז אָנגעקומען דער צווייטער אָוונט. די אויסגעמאַטערטע מיידלעך האָבן גענומען דרעמלען, נאָר עס האָבן זיך אַרייַנגעריסן קאַ־זאַקן און פּאָליציאַנטן און געהייסן קלייַבן זיך אין וועג אַרייַן, מע פירט זיי שיסן.

די גאַנצע שטאָט איז געלאָפן זען, ווי מע פירט די זעקס מיידלעך. סאַראַ שיינהייַטן! די פּנעמער בלאַס, די האָר צעשויבערט, די קליי־דער צעריסן, מיט פלעקן בלוט. די מיידלעך גייען געאַרעמט, רויִק, צווישן זיי האָבן זיך אויסגעטיילט צוויי, די ייִנגסטע, קימאַט נאָך קינ־דער... סאָרקע און זשעניע...

א גרויסער אוילעם האָט געקוקט אָף זיי מיט ליבע. גייענדיק אונטער אַ וואַך, האָבן זיי צווישן זיך געשמועסט. פון זיי האָט געאָטעמט מיט אַזויפיל שייַנקייַט און מוט, אַז עס האָט

זיך ניט געוואָלט גלייבן, זיי זאָלן גיין צום טויט.

אָט איז די כערסאָנער גאַס, דערנאָך גייט די ברעג־גאַס. ווײַטער — די בריק. דאָ האָט דער אוילעם געמוזט אָפּשטעלן זיך, ווײַל די בריק איז געווען אַרומגערינגלט מיט רײַטנדיקע קאַזאַקן, אהער האָט מען קיינעם ניט צוגעלאָזט.

די עלטערן פון די מיידלעך, וועלכע מע האָט געטריבן פונדאַנען מיט נאַהײַקעס, האָבן מיט אומבאַהאָלפענע אויגן געקוקט, ווי עס קומען אום זייערע קינדער. וואָליע גאָטליב האָט געשריִען:

— שלאָגט זיי, די באַנדיטן, און אַנטלויפט!

עמע גאַרדאַן האָט אומגעריכט אַרויסגעכאַפּט בײַ אַ קאַזאַק דעם קינזשאַל און אַרײַנגעשטאָכן אין זײַן ברוסט.

די קאַזאַקן זײַנען פון דעם געשעענעם געוואָרן צעטומלט.

די מיידלעך האָבן באַוויזן צו שטעלן בלויז עטלעכע טריט. די צעווילדעוועטע קאַזאַקן האָבן אַרויסגעכאַפּט די שווערדן און זיי אַראָפּגעלאָזט אויף עסטערן, פאַליען, עמען און זשעניען. וואָליען און סאַרקען האָבן זיי דערשאָסן.

אָט אַזוי זײַנען אומגעקומען די זעקס קרעמענטשוקער קאָמיוגיסטקעס.

אײַנגיכן האָט די רויטע אַרמיי זיך אומגעקערט אין שטאָט. אויף דער בריק האָט מען אויפגעשטעלט אַן אָבעליסק, אויף וועלכן עס זײַנען אויסגעקריצט די נעמען פון די זעקס מיידלעך.

איינע פון די מוטערס פון די מיידלעך האָט באַגעגנט אין קיִעוו דעם סאַדיסט סיִאַנסקי און דערקענט אים. מע האָט סיִאַנסקין עפנטלעך געמישפּעט.

דאָס לעצטע מאָל בין איך געווען אין קרעמענטשוק אין 1944, ווען פון דער שטאָט זײַנען נאָרוואָס פאַרטריבן געוואָרן די פאַשיסטן. קרעמענטשוק איז נאָך געלעגן אין רויִנען. אין 30 יאָר אַרום, דעם 16 אָקטיאַבער 1974, האָב איך געלייענט אין „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" די ליד „דער שטורעם־גלאָק פון די העלדן, וועלכע האָבן דעם קאָפּ ניט געבויגן", און האָב זיך דערמאָנט די געשעענישן פון 1919 אין קרעמענטשוק. אויפן אָרט פון די געפאַלענע ווערן געבוירן נײַע העלדן! די נײַע העלדן האָבן זיך געשלאָגן קעגן די פאַשיסטן און גערופן צום קאַמף די קומענדיקע העלדן. זיי האָבן איבערגעכאַזערט דעם העלדנטאַט, וועלכן עס זײַנען אין 1919 יאָר באַגאַנגען די קאָמיוגיסטקעס — די זעקס מיידלעך פון קרעמענטשוק.

דאַוויד מאַליסאָוו
מאָסקווע

# פּיניעלע

די רעדאַקציע פון אונדזער פּאַרטיזאַנישער צײַטונג האָט זיך געפונען אין דער בריגאַדע אויף וואָראָשילאָווס נאָמען. אין איינעם אַ פרײַמאָרגן בין איך אוועק איבער די פּאַרטיזאַנישע בריגאַדעס פאַרגרייטן מאַטעריאַל פאַרן אָרדנטלעכן נומער, וועלכן עס איז באַשטימט געווען צו ווידמען אינגאַנצן דער בריגאַדע אויף פּרונזעס נאָמען, איינער פון די זיבעצן ווילנער פּאַרטיזאַנישע איינהײַטן. אַז מע זאָל איר שענקען אַ גאַנצן צײַטונגס־נומער, האָט זי פולשטענדיק פאַרדינט: פאַר אַ קורצער צײַט האָט זי פאַרניכטעט זיבן גרויסע פאַשיסטישע גאַרניזאָנען, אויפגעריסן דרײַ וואָלאָסט־אויפּראַוועס, פינף וויכטיקע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, עלף געוועור־סקלאַדן, אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן צוואַנציק עשעלאָנען מיט סאָלדאַטן און טעכניק. צו דעם אַלעמען דאַרף מען צוגעבן, אַז די בריגאַדע האָט געגרייט אויפן 22 יוני 1943, צום יאָרטאָג פונעם אָנפאַל פון די פאַשיסטן אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד, אַן אויפרײַס אין מינסקער דראַמאַטישן טעאַטער, ווו די היטלעריסטן, בעראָש מיטן גענעראַל־גובערנאַטאָר פון ווײַסרוסלאַנד קובע האָט זיך געגרייט אָפּמערקן דעם דאָזיקן „יאָמטעוו" זייערן. עמעס, אין דעם פאַל איז קובע אַרויס גאַנץ — מיט עטלעכע מינוט פאַרן אויפרײַס האָט ער צופעליק פאַרלאָזט דעם טעאַטער, אָבער אַקוראַט אין דרײַ כאָדאָשים אַרום, דעם 22 סענטיאַבער 1943, האָט קובען געטראָפן די קויל פון די אונטערערדישע שלאַכטלײַט פונעם ספּעציעלן אָטריאַד פון דאָוויד קיימאַק, וועגן וועלכן „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט שוין געשריבן.

מײַן מאַרשרוט איז געלעגן דורכן געדיכטן וואַלד, ווו מע זעט ניט קיין לעבעדיקן נעפעש. נאָר ווער עס האָט אויסגעטראַכט, אַז אין וואַלד פילט מען זיך איינזאַם: ס'איז ניט עמעס! עס רוישן די הונדערטיאָריקע ביימער, עס זינגען שירע קאָלירלײַ פייגעלעך, עס רייצט די בלוטן

דער שאַרפער אַראָמאַט פון די יאַדלעס און בערעזעס, וואָס גיסט אַרײַן פרישן אָטעם אין די גלידער, און גיט צו קויכעס צו שפּאַנען פלינק און גיך. איך האָב געדאַרפט דורכמאַכן עלף קילאָמעטער ביז דער פּרונזע־בריגאַדע, אופקלײַבן דאָרט די מאַטעריאַלן, שמועסן מיט די פּאַרטיזאַנער און קאַיאַר אומקערן זיך צוריק אַף דער באַזע.

און אַט בין איך בא די פּרונזעווצעס. דער קאָמיסאַר מיכאַיל טשערעפּאַנאָוו באַגעגנט מיך פרײַנטלעך און באַזאָרגט מיך גלײַך מיט אַלע מאַטעריאַלן, וועלכע כ׳האָב געדאַרפט פאַרן קומענדיקן נומער. אויסער דעם, האָט ער פאַראָרדנט, אַז אין אַ שאָ אַרום זאָלן אַלע פּאַרטיזאַנער זיך פאַרזאַמלען אַרום דעם שטאַב, ווו עס וועט פאָרקומען אַ באַגעגעניש מיטן פאַרשטייער פון דער צײַטונג. טאַקע אַף אַט דער באַגעגעניש האָב איך אָנגעזאַמלט אַ באַרג מיט אויסגעצייכנטע עפּיזאָדן, וועלכע קאָנען קלעקן אַף גאַנצע דרײַ נומערן. געזעגנט זיך מיט די פּאַרטיזאַנער, האָב איך זיך גענומען גרייטן אין וועג, נאָר טשערעפּאַנאָוו האָט מיר אַ ווונק געטאָן, איך זאָל אַ ביסעלע צוּוואַרטן:

— איך וועל דיר ווײַזן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט דיך וואַרעמען דעם גאַנצן וועג...

ער האָט גענומען רופן הויך אַף אַ קאָל:

— פּיניע, פּיניעלע! ווו ביסטו? קום אַהער!

פון אַ פּאַרטיזאַנישער הײַזקע איז אַרויסגעשפּרונגען, ווי אַ ציגעלע, אַ זעקסיאָריק ייִנגעלע אין אַ ווײַסער לעדערנער קורטקע און אין אַקוראַט אויסגעפּוצטע שטיוועלעך, פּונקט ווי בא די קליינינקע טשערקעסעלעך. אָפּגעשטעלט זיך לעבן טשערעפּאַנאָוון, האָט ער אַף אַ מיליטערישן אופן זיך באַגריסט מיטן פעטער קאָמיסאַר.

— וואָס מאַכסטו? — פרעגט בא אים טשערעפּאַנאָוו. — ווי גייען בא דיר און בא דער מאַמען די געשעפטן?

— זייער גוט. דער פעטער פעטיע האָט זיך שוין אויסגעהיילט, מע האָט אים אויסגעשריבן, און ער האָט זיך צוריקגעקערט אין טייל. דעם פעטער גרישע איז שוין בעסער, אינגיכן וועט ער אויך ווערן געזונט. און איך פאָר הײַנט מיט דער מאַמען אין בודיאָני־אָטריאַד.

אין מײַן פעלדטאַש איז געלעגן אַ פּליטקע דײַטשישער שאָקאָלאַד. האָב איך זי אַרויסגענומען און דערלאַנגט פּיניעלען:

— ביסטו דאָך גאָר אַ מאָלאָדיעץ. נאַ דיר שאָקאָלאַד, ווי דו האָסט פאַרדינט. עס, פּיניעלע, און האָב האַנאָע.

— אַ דאַנק. און איר, פעטער, פון וועלכן אָטריאַד זײַט איר?

— דער פעטער איז ניט פון אַן אָטריאַד, — האָט אָנשטאָט מיר געענטפערט דער קאָמיסאַר, — ער איז פון דער רעדאַקציע. דו געדענקסט, איך האָב דיר אַמאָל געוויזן אַ שיין בילדל אין אונדזער צײַטונג: היטלער איז אַרײַנגעפאַלן מיט איין פוס און מיט ביידע הענט אין אַ פּאַסטקע...

— איך געדענק, איך געדענק. — האָט פּיניע ערנסט און אופמערקזאַם אַ קוק געגעבן אַף מיר.

— נו, פּיניעלע, מיר איז שוין צײַט צו גיין, מע וואַרט אַף מיר. זײַ געזונט, — האָב איך אַן כיישעק זיך געזעגנט מיטן קינד, צו וועמען עס האָט מיך אַזוי געצויגן, ווי ער וואָלט געווען מײַנער אַן אייגענער זון.

פּיניע האָט, ווי אַ גרויסער, דערלאַנגט מיר זײַן הענטל:

— אַ דאַנק, פעטער, אַ גליקלעכן וועג אײַך!

דערנאָך האָט זיך גענומען געזעגענען מיט מיר דער קאָמיסאַר, דערבײַ האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דו מיינסט, אַז פּיניע וועט פאַרזוכן פון דעם שאָקאָלאַד? די פּאַרטיזאַנער ברענגען אים אָפּט געשמאַק עסנוואַרג, נאָר ער גיט אַלץ אוועק די פאַרווונדעטע. אין אונדזער שפּיטאָל אַרבעט אַלס פעלדשער זײַן מאַמע — כאַנע סאַבאַל.

אין יוני 1944 האָט די רויטע אַרמיי פאַרגענומען אַ ברייטן אָנגריף אַפּן ווײַסרוסישן פלאַצדאַרם מיטן ציל צו אָפּרייניקן די רעפּובליק פון דער פאַשיסטישער טומע. אָבער די היטלערישע קאָמאַנדעשאַפט איז אויך ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט: זי האָט, צווישן אַנדערס, אָרגאַניזירט אַ שטראָף־עקספּעדיציע, וועלכע האָט געווילדעוועט אַף אַ היפּשן טייל פון דער וויטעבסקער געגנט און אין אַנדערע ראַיאָנען פון ווײַסרוסלאַנד. דאָס איז געווען ניט קיין געוויינלעכע שטראָף־עקספּעדיציע — אַ גאַנצע אַרמיי פון 80 טויזנט סאָלדאַטן און אָפיצערן פון די רעגולערע טיילן. אין דער דאָזיקער אַרמיי האָט זיך געפונען אויך אַ שפּאָר ביסל פּאָליצײַען און קאָלערליי פאַרעטער, צוגעצויגענע מיט גוואַלד, און פרײַוויליקע. קעגן אָט דעם פאַשיסטישן היישעריק האָבן צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער פון דער באָריסאָווער זאָנע זיך געשלאָגן די פּאַרטיזאַנישע איינהײַטן פון ווילנער געגנט — די בריגאַדעס אַף פּרונזעס און קאַלינינס נאָמען.

די היטלעראָווצעס האָבן פאַרמאָגט צען מאָל מער שלאַכטלײַט איידער די פּאַרטיזאַנער, אָן אַ שיר מער באַוואָפענונג, אָבער בײַקומען די פאָלקס־נעקאָמענעמער האָבן די פאַשיסטן ניט געקאָנט. די לאַגע בא די פּאַרטיזאַנער איז געווען אַ גאַנץ שווערע: עס זײַנען אויסגעגאַנגען די קוילן, ס׳זײַנען געבליבן אין דער שלאַכט־

רײ וויניק מענטשן. די קאָמאנדשאפט האָט באשלאָסן זיך לאָזן אף א שטורעם און דורכרײַסן דעם פראָנט פון דער עקספּעדיציע. אָן איבעריקע רייד האָבן זיך טייקעף גענומען גרייטן די קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן און נאָך זיי אלע איבעריקע פארטיזאנער. די שטימונג איז געווען א מונטערע, די דרייסטקײַט פון די מענטשן האָט געשאפן אן אטמאָספער פון זיכערקײַט אינעם זיג. די פאשיסטן האָבן באגעגנט די פארטיזאנער מיט א קאָנטער־שטורעם, פון יעדן שפאן ערד האָט געטעמט מיט פײַער, עס האָבן אָן אופהער געדונערט הארמאטן, געהודעט מינענווארפער, געשטעפט קוילנווארפער — אן עמעסער סדוים וואאמוירא. אָבער די פארטיזאנער, געוואגטע, געזונטע, ווי ריזן, האָבן געשפארט און געשפארט פאָרויס, א סאך פון זיי האָבן שוין אפילע באוויזן ארײַנצורײַסן זיך אינעם דאָרף מאקאוויִע, וווּ ס׳איז געווען דער שטאב פון דער פאשיסטישער עקספּעדיציע. די בלאָקאדע איז דורכגעריסן געוואָרן. אָבער ווען די רויטארמייער זײַנען ארויס אף דער צווייטער זײַט פונעם דאָרף, אינעם ברייטן פעלד, האָבן זיי דערזען פאר זיך דעם צווייטן טייל פון דער שוץ־ליניע. די פארטיזאנער, וועלכע האָבן בא דער ערשטער ליניע דערוואָרבן טראָפיי־געווער, האָבן זיך א וואָרף געטאָן אף די פאשיסטן אין א האנט־געפעכט. די דײַטשישע קאָמאנדשאפט האָט זיך ניט אף קאטאָוועס איבערגעשראָקן און ארויסגערופן פרישע קרעפטן. ערשט דעמלט האָבן די פארטיזאנער גענומען גראָבן אָקאָפּעס און אופגעשטעלט זייערע א שוץ־ליניע.

עס איז געשטאנען א הייסער יום־טאָג. די זון האָט געסארפעט אָן ראכמאָנעס. דאָס פעלד איז געווען מאמעש באדעקט מיט דערהארגעטע און פארוואונדעטע. אין אן איבערײַס צווישן די שלאכטן איז כאנע סאָבאָל ארומגעגאנגען פון איין פארוואונדעטן צום צווייטן, געבנדיק זיי מעדיצינישע הילף. צו איר איז אומבאמערקט צוגעקומען פיניעלע. מיטאמאָל האָט ער א כריפּע געטאָן, גענומען גיין לאנגזאמער, ביז ער האָט זיך אינגאנצן אָפּגעשטעלט.

— מאמע, — זאָגט ער, — בייג זיך אָן צו מיר, איך וועל דיך א קוש טאָן, ווײַל מע האָט מיך שוין מיסטאמע דערהארגעט.

כאנע, א טויט־מידע, אן אויסגעפּײַניקטע, האָט אופגעציטערט. זי האָט מוירע געהאט, טאָמער וועט זי אים פארשאפן ווייטעק. זי האָט באוויזן אָנבייגן צו אים דאָס פּאָנעם, און ער איז מיט ברענענדיקע ליפּעלעך צוגעפאלן צו אירע נאסע באקן. און דאָ גלײַך האָט פיניעלע אָנגעהויבן אראָפּלאָזן זיך צו דער ערד. כאנע האָט אים אונטערגעכאפט און גענומען אים אף די הענט. דאָס קינד איז שוין געווען טויט. די פאשיסטישע קויל האָט אים געטראָפן אין סאמע הערצעלע.

עמאנויִל יודאָלאָוויטש

גאָרקי

# קיינער איז ניט פארגעסן

פאָפּערוואָל... ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען אין אָט דעם ייִשעוו, האָב איך זיך ניט פאָרגעשטעלט, וויפל טרויעריקע געשעענישן עס זײַנען מיט אים פארבונדן. נאָכן פארענדיקן דעם ליִעפּײַער פעדאגאָגישן אינסטיטוט בין איך געשיקט געוואָרן אלס אָנפירערן פון דער פּיִאָנערישער אָרגאניזאציע אין דער פאָפּערוואָלער שול. דעמלט טאקע האָט מען מיר דערציילט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אינעם ייִשעוו בײַס דער מילכאָמע.

אין 1943 האָט די אויבער־קאָמאנדשאפט פון עס־עס אין בערלין באשלאָסן אויסבויען אין צאָפן־קורליאנדיע א טאנקאָדראָם, קאזארמעס, געהילפס־ווירטשאפטן — די אזויגערופענע „עס־עס־אימעניִעס״. צווישן אנדערע ערטער, האָט מען פאר אָט דעם ציל אָנגעמערקט פאָפּערוואָל. די ארבעטער האָבן געדארפט זײַן ייִדן, געבראכט פון „קײַזערוואלד־ריגא״. אזוי איז געשאפן געוואָרן איינער פון די שרעקלעכסטע טויט־לאגערן, וווּ ס׳זײַנען געווען העכער טויזנט אסירים.

צוזאמען מיט די שילער האָבן מיר גענומען זוכן, צי עס איז געבליבן לעבן עמעצער פון די געוועזענע קאצעטלער. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז געראטעוועט זיך פון טויט האָבן בלויז איינציקע.

זיכרוינעס, זיכרוינעס, זיכרוינעס...

עס דערמאָנט זיך א. יאקאָבסאָן:

„...לעכאטכילע האָט דער לאגער „פאָפּערוואָל״ זיך געפונען אין די רונדע הײַזקעס, וועלכע זײַנען געשטאנען אף הילצערנע קלעצ־

לעך אין סאַמע זומפּ, אָן דילן, אָן באַהייצונג. געשלאָפן איז מען אין די אייבערשטע קליי־דער. באַם אופשטיין אינדערפרי פלעגן מיר זײַן מיט די האָר פון קאָפּ צוגעפרוירן צו דער ערד.

די ערשטע פיר טעג האָט מען ביכלאל ניט געגעבן קיין עסן, אפילע וואַסער איז ניט גע־ווען. שפּעטער האָבן מיר באַקומען צו 300 גראַם סוראָגאַט־ברויט און אַ ליטער שיטערן זופּ מיט נאַרקאָטישן געמיש, וועלכער האָט געשטילט דעם הונגער, אָבער ניט צוגעגעבן קיין קויכעס. באַלד זײַנען געשוואָלן געוואָרן די פיס. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט אינפעקציעס: בויך־טיפוס, פלעק־טיפוס, דיזענטעריע. קיין שום מעדיצינישע הילף איז ניט געווען"...

מ. וועסטערמאַן דערציילט:

„...מיר זײַנען געווען אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער, אַף די הויזן זײַנען געווען אָנגעמאָלט מיט רויטער אייל־פאַרב לאַמפּאַסן, אַפן רוקן — אַ צייכן „איקס", פונפאַרנט — אַ האַלב־קרײַז, שפּעטער, אין צוזאַמענהאַנג מיט אייניקע פּרוּוון צו אַנטלויפן, האָט מען אונדז אָנגעטאָן אין אַזויגערופענע „זעברע־קליידער": טונקל־בלויע פּאַסן אַף אַ גרויען פאָן, און אַפן קאָפּ האָט מען באַ יעדערן אויסגעשוירן אַ פּאַסיקל האָר, פון דעם שטערן ביזן נאַקן"...

און אָט וואָס עס דערמאָנט זיך ל. ראָגאַלין:

„...מע האָט מיר צונויפגעבונדן די הענט מיט די פיס אַזוי, אַז איך האָב זיך ניט געקאָנט באַ־וועגן, און אויפגעהאַנגען מיך מיטן קאָפּ אַראָפּ. די פאַשיסטן האָבן מיך געשלאָגן מיט די שטיוול אין קאָפּ. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען מיך אויס־געפרעגט, און באַטאָג אַוועקגעשטעלט לעבן אַ בוים און גענומען שיסן אַף רעכטס און אַף לינקס"...

ג. לאַסטמאַניס דערציילט:

„די דײַטשן האָבן געוואָרנט, אַז ווער ס'וועט געבן עסן די ייִדן, וועט האָבן דעם זעלבן גורל. ניט געקוקט דערויף, האָבן די אָרטיקע אײַנוווינער געהאָלפן די לאַגערניקעס מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט"...

אין לאַגער האָט געהערשט אַן אַטמאָספער פון עכטער פרײַנטשאַפט און ברידערלעכקייט.

מ. וועסטערמאַן דערמאָנט זיך:

„די אסירים זײַנען געווען זייער כאַווערש צווישן זיך, אונטערגעהאַלטן איינער דעם אַנ־דערן אין דער אַרבעט. דער דאָקטער ראָגאַלין האָט מיט אַלע קויכעס געהאָלפן די קראַנקע. אָן דער הילף פון די אָרטיקע פּויערים, וועלכע האָבן געהיים, ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן, געגעבן די אסירים פּראָדוקטן, וואָלטן




דער דענקמאָל אַפן אָרט פונעם פּאַפּערוואַלער לאַגער



9 מײַ 1975. אַף אַ מיטינג, געווידמעט דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע אין פּאַפּערוואַלער לאַגער

מיר שוין אינעם ערשטן האַלביאַר אומגעקומען פון הונגער"...

מע האָט זײ געטריבן פון אײן אָרט צום אַנדערן. פון פּאַפּערוואַל קײן דונדאַגן און פון דאָרט קײן קודוגאַ, לײַעפּײַ. די, וואָס האָבן ניט געקענט גײן, האָט מען אין וועג דערשאָסן. די ליקווידאַציע פון פּאַפּערוואַלער לאַגער האָט זיך אָנגעהויבן אין די לעצטע כאַדאָשים פון 1944. נאָכדעם האָט מען ליקווידירט אויך דעם דונדאַגנער לאַגער.

אויפן וועג צו לײַעפּײַ איז אַ ־גרופּע אסירים אַנטלאָפן אין אוגאַלער וואַלד, ווו זײ זײַנען צוגעשטאַנען צו די פּאַרטיזאַנער פון דער פאַרייניקונג „רויטע פײַל" און געקעמפט קעגן די פאַשיסטן. די איבעריקע האָט מען אוועקגעפירט קײן דײַטשלאַנד אין שטאַטהאָף.

אַלע יאָר קומען זיך צונויף די אײַנוווינער פון פּאַפּערוואַל צוזאַמען מיט די געוועזענע אסירים אַף אַ פײַערלעכן מיטינג באַם דענקמאָל, וואָס איז אויפגעשטעלט דעם 9 מײַ 1968. עס קומען די לעבן־געבליבענע אסירים — דער וועטערינאַר אי. יאַקאָבסאָן, דער דאָקטער ל. ראַגאַלין, דער צאָן־טעכניקער ע. באַלמאַט־לעווינאַ, דער קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן וו. ווײַנבערג, זײַן ברודער מ. ווײַנבערג, דער קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן מ. וועסטערמאַן.

זעקס פון טויזנט!

שוין מער פון 30 יאָר זײַנען אוועק, אָבער מענטשן האָבן גאָרניט פאַרגעסן. אַלע יאָר, אין טאָג פון ניצאָכן, זאַמלען זיך צונויף די אײַנוווינער פון לובער דאָרפסראַט און די שילער פון פּאַפּערוואַלער שול באַם בערגל, ווו עס איז געווען דער פאַשיסטישער קאָנצלאַגער.

דאָ שטײט אַן אָבעליסק, אײַנגעהילט אין בלומען. אַף אים איז אויסגעקריצט: „גאָרנישט איז ניט פאַרגעסן. קײנער איז ניט פאַרגעסן". אין די מינוטן פון שטילשווײַגן ווערן, דאַכט זיך, פאַרגליווערט ניט נאָר מענטשלעכע הערצער, נאָר אַפילו די ווײַסע בערעזקעס — שטומע אײדעס פון יענע טעג.

פײַערלעך קלינגען די ווערטער פון דער שוווּע: „מיר שווערן אָפּצוהיטן, ווי דאָס גרעסטע הײליקטום, דעם אָנדענק פון די געפאַלענע אין די טויט־לאַגערן, דעם אָנדענק פון די אומגעבראַכטע, פאַרמוטשעטע מענטשן".

אירינע לעגזדינאַ
סעקרעטאַר פון לובער דאָרפסראַט (לעטלאַנד)

# טײַערע מײַנע ייִנגלעך

איך האָב ליב מײַן אלטע שול און באזוך זי אָפט ניט נאָר אין די יאָמטויוים, ווען עס קלײַבן זיך דאָרט צונויף די לעבן־געבליבענע וועטעראנען פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע און אירע איצטיקע שילער.

אין דער נײַנצנטער ריגער שול פון ארבעטנדיקער יוגנט פיל איך זיך קעסיידער ווי אין דער היים. איך גיי אהין אף א באגעגעניש מיט דער אייגענער יוגנט.

קימאט פערציק יאָר זײַנען אוועק, זינט כ'האָב זיך דאָרט געלערנט. ביז אדהײַעם קאָן איך ניט פארגעסן די דעמלטיקע פרילינגדיקע אויסגעפוצטע לעטלענדישע הויפטשטאָט, א נאָרוואָס באפרײַטע פונעם אולמאניסטישן פאשיסטישן רעזשים, די פלאטערנדיקע רויטע פאָן אף אונדזער שול, וועלכע האָט געהאט צוערשט דעם נומער 18, דערנאָך דעם נומער 19, פונקט ווי איצינד. מיר זײַנען געווען יונג, אלע זײַנען מיר געווען יונג, האגאם פיל פון אונדז זײַנען פארבליבן יונג אף אייביק...

דאָ ניט לאנג האָט מען אין שול באנײַט די מעמאָריִאל־ברעט. מיט ציטער דערנעענטער איך זיך צו איר. אָט קוקן זיי אף מיר פונעם סטענד, די אייביק יונגע, מײַנע כאווײרים, ניין — מײַנע לערער, אזוי וועט זײַן ריכטיקער. צוואנציק ביִאָגראפיעס — פופצן פאָטאָקארטלעך. פון פינף יאָטן האָבן זיך קיין פאָטאָס ניט פארהיט.

מע קאָן לאנג דערציילן וועגן יעדנס קורצן לעבן. יעדערער פון זיי איז א גאנצע וועלט. אן אייגנארטיקע, לײַדנשאפטלעכע. זיי זײַנען פארשיידענע, כאָטש די ביִאָגראפיע פון יעדן איינעם קאָן מען באגרענעצן מיט עטלעכע, איינע און די זעלבע ווערטער: שול — קאָמיוגישע אונטערערד — פראָנט... לעבעדיקע, זײַנען זיי געווען פרײַנט און מיטקעמפער. דער טויט האָט זיי נאָך מער פאראייניקט. איצט וועלן זיי זיך שוין קיינמאָל ניט צעשיידן.

זייער מוט האָט געהאט טיפע וואָרצלען. אין דער צווייטער העלפט פון די דרײַסיקער יאָרן, אין די באדינגונגען פון דער אולמאניסטישער פאשיסטישער דיקטאטור, איז אין אונדזער שול געווען טעטיק אן אונטערערדישע קאָמיוגישע אָרגאניזאציע. אין יענע יאָרן האָבן מיר ענערגיש געזאמלט געלט־מיטלען לעטויוועס דער קעמפנדיקער רעפובליקאנישער שפאניע. פאר אונדז איז דער רוף „נאָ פאסאראן!” — „זיי וועלן ניט דורכגיין!” — געווען א וויכטיקער טייל פונעם אייגענעם לעבן. אין שול האָט זיך פון צײַט צו צײַט אײַנגעגעבן צו פארשפרייטן פלוגבלעטלעך, וועלכע האָבן גערופן זיך קעגנשטעלן דעם פאשיזם, קעמפן פאר א סאָוועטיש לעטלאנד. די קאָמיוגישע אָרגאניזאציע האָט געגרייט רעזערוון, ארײַנגעצויגן אינעם געראנגל מיטן פאשיזם די פראָגרעסיווע, רעוואָליוציאָנער־געשטימטע שילער. ווען אין לעטלאנד האָט מען אײַנגעשטעלט די סאָוועטנמאכט, זײַנען די פריִערדיקע קאָמיוגיסטן־אונטערערדלער געוואָרן אקטיווע בויער פונעם נײַעם לעבן. דערנאָך האָט די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע מיט אירע ערשטע פײַער־זאלפן גלײַך זיי אופגערופן צו פארטיידיקן די סאָוועטישע רעפובליק. אלע ווי איינער האָבן זיי גענומען געווער אין די הענט.

אָט זע איך אף דער מעמאָריִאל־ברעט דרײַ פון זיי, דרײַ ברידער, דרײַ איידעלע פּנעמער, זייער ענלעכע איינער אפן אנדערן. מיר דוכט זיך, אז אין זייערע אויגן, אין די דרײַ פאָר אויגן איז פארבאָרגן דער אומרו, וואָס זייער מוטער, ריווע סיגאלאָווא, הערט ניט אוף ביז איצט צו באוויינען זיי, און איך בין ניט בעקויעך זי צו טרייסטן, שטילן איר אומענדלעכן ווייטעק.

זי האָט ליב געהאט אירע ייִנגלעך.

דעם בכאָר, מוישעלען, האָבן אלע צוגעזאָגט א גלענצנדיקע צוקונפט. ווען ער זאָל ניט געווען אומקומען, וואָלט ער טאקע געוויס געוואָרן א געלערנטער, א פילאָסאָף. ניט אומזיסט איז דער ליבלינג פון אונדזער שול, וועלכער איז אויך געפאלן אין שלאכט, דער לערער שלוימע בעלענקי, געווען באפרײַנדעט מיט אים, אָפט פלעגן זיי שטרײַטן וועגן דעם טאָך פונעם לעבן.

מישעס פארבליבענע טאָגביכער, עטלעכע דיקע העפטן, דערלויבן זיך באקענען מיט זײַן וועלט־אָנשויונג. דאָס סאמע וויכטיקסטע פאר אים איז געווען דער קאמף פונעם ארבעטערקלאס, די בויונג פון דעם קאָמוניזם.

אין די ערשטע כאדאָשים פון דער פאשיסטישער אינוואזיע האָט מישע סיגאלאָוו, א סטודענט־היסטאָריקער, געבויט מיליטערישע פארפעסטונגען לעם מאָסקווע. אין ארמיי קומט ער אָן אין יאנוואר פונעם צוויי־און־פערציקסטן. ער שרײַבט צו זײַנע אייגענע: „וואָס איז ווערט מײַן לעבן אין פארגלײַך מיט די הייליקײַטן, וועלכע די פאשיסטן ווילן פארניכטן?” די גאנצע צײַט געפינט זיך דער לייטענאנט מאָיסיי סיגאלאָוו אף דער פאָדערשטער ליניע. אין יאנוואר 1943 ווערט ער שווער פארוווּנדעט. אין די ווײַטערדיקע שלאכטן באקומט ער נאָך צוויי וווּנדן, ווערט באלוינט מיט אן אָרדען פון רויטן שטערן, מיט א מעדאל און ווידער מיט







פון רעכטס: אלעקסאנדער איידוס, הירש ביטקער, די דרײַ ברידער סיגאַלאָוו — נאום, וווליע און מישע

אָן אָרדען. אין יענע טעג שיקט ער אַ באַריכט דער מישפּאָכע: „פינפטער יול. עס גייען גרויסע שלאַכטן. זעקסטער יול — אויף אונדזער באַטאַריע זײַנען צוערשט געקראָכן 12 פאַשיסטישע טאַנקען, דערנאָך האָב איך אָנגעציילט 48, ווײַטער האָב איך שוין אופגעהערט צו ציילן. בלויז אונדזער באַטאַרייע האָט צעשמעטערט 16 פּאַנצערן, דערונטער עטלעכע „טיגערס". דער סוינע האָט זיך ניט דורכגעריסן דורך אונדזערע פּאָזיציעס. „נאָ פּאַסאַראַן!" מיר האָבן אים אָפּגעוואָרפן אויף צוריק".

מישע סיגאַלאָוו איז אומגעקומען לעבן דעם דאָרף קאָלאַדיאַזשסקאָיע, זשיטאָמירער געגנט, דעם 16 יאַנואַר 1944. „אויב איך וועל זיך ניט אומקערן, ווייסט, אַז כ'בין ביזן לעצטן אָטעם טרײַ געווען דעם היימלאַנד", — האָט ער געשריבן אין דעם לעצטן בריוו. די מאַמע האָט געלייענט די דאָזיקע שורעס און געהאַלטן אין דער האַנט זײַנע שלאַכט-באַלוינונגען, וועלכע מע האָט איר איבערגעשיקט פונעם פראָנט. ביזן לעצטן אָטעם... אַנדערש האָט ניט געקאָנט זײַן.

וווליע סיגאַלאָוו, זײַן עלטערער ברודער, איז אויך געווען אַ פּייַקער יאָט, נאָר, אין אונטערשייד פון אים, געווען פאַרכאַפּט מיט מאַטעמאַטיק. אָבער דאָס האָט אים ניט- געשטערט פון קליינערהייט זיך אײַנשליסן אינעם אַנטיפאַשיסטישן קאַמף. געענדיקט די גימנאַזיע, גייט ער אַוועק אַרבעטן אויף אַ זאַוואָד. ווען עס ברעכט אויס די מילכאָמע, עוואַקוירט ער זײַן אונטערנעמונג און ציט זיך איבער מיט איר אין הינטערלאַנד.

וווליע איז געווען אַ קורצזיכטיקער. ער וואָלט ניט געדאַרפט דינען אין דער אַרמיי, אָבער ניט אָנטיילנעמען דירעקט אין די געשעעניש, אינעם מיליטערישן גערוואַנגל, שטיין בײַ דער זײַט — האָט ער זיך ניט געקאָנט דערלויבן. אינגיכן ווערט ער פרײַוויליק אַ סאָלדאַט פונעם 122-טן פּאָלק פון דער לעטלענדישער שיסער-דיוויזיע. מע באַשטעטיקט אים אַלס פאַרבינדלער אין דער אַכטער ראָטע פונעם דריטן באַטאַליאָן. עטלעכע מאָל אין טאָג פלעגט ער שפּאַנען אויף די אופגערודערטע פראָנט-וועגן, טראָגנדיק פאַרשיידענע ידיעות, וועלכע זײַן ראָטע האָט געדאַרפט צושטעלן אין שטאַב פונעם פּאָלק, און אויף צוריקוועגס — די פאַראָרדענונגען פונעם פּאָלק פאַר דער ראָטע.

אין דער ריגער קונסט-אַקאַדעמיע איז פאַראַן אַ דאָצענט מאַוריק וואָלפסאָן. בײַס דער מילכאָמע איז ער געווען אַן עלטערער אינסטרוקטאָר פונעם פּאָליט-אָפּטייל אין דער 43-טער גוואַרדייישער לעטלענדישער דיוויזיע. אָט וואָס דער געוועזענער גוואַרדיע-קאַפּיטאַן דערציילט וועגן ווווליעס לעצטער שליכעס: „סאָף אויגוסט 1942. אַ געדיכטער נעפּל. וווליע סיגאַלאָוו דאַרף זיך דורכשלאָגן דורך אַ בלאָטע. די דײַטשן באַשיסן אָן אופהער דעם פּאָדערשטן ראַנד. בײַס אַן אומגעלונגענער באַוועגונג גליטשן זיך אַראָפּ בא ווווליען די ברילן, און זיי פאַרזינקען אין זומפּ. וווליע פאַרלירט דעם וועג, די אָריִענטירונג... קיינער האָט אים מער ניט געזען".

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט אַ גרופּע וועטעראַנען פון דער 43-טער לעטלענדישער גוואַרדייישער שיסער-דיוויזיע באַזוכט די געוועזענע שלאַכט-פעלדער הינטער דער שטאָט סטאַראַיאַ רוסאַ. לעבן דעם דאָרף טוגאַנאָוואָ איז די ערד ביז איצט ערטערווײַז צעאַקערט פון שפּליטערס. מיר זײַנען געשטאַנען לעבן אַ בלאָטע, וואָס וויל ניט אויסגעטריקנט ווערן. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז כ'זע אינדערווײַטנס שטעקן אויף דער בלאָטע אַ סאָלדאַטישן העלם. און איך האָב אַ קלער געטאָן, אַז דאָס איז, קאָן זײַן, דאָס אָרט, וווּ וווליע איז פאַרפאַלן געוואָרן...

ריווע מאַיסיעוונעס מיזיניק נאום סיגאַלאָוו האָט געאַרבעט ביזן 1943 אויף אַ מיליטערישן זאַוואָד, דערנאָך איז ער אַוועק אין דער אַרמיי. פיל מאָל טרעפט ער זיך אויג-אויף-אויג מיטן טויט. נאום איז אַ דרייסטער סאָלדאַט. ער באַקומט אַ מעדאַל „פאַר געוואַגטקײַט", שלאָגט די פאַשיסטן אין ווײַסרוסלאַנד. אין איינעם פון די ברודער-קווּרים לעבן דאָרף שוגאַיעוואָ, וויטעבסקער געגנט, ליגט אין אייביקן שלאָף דער סאָלדאַט פון דער פאַטערלענדישער מילכאָמע, אַ דערצויגלינג פונעם לעטלענדישן אונטערערדישן קאָמסאָמאָל, אַ געבוירענער אין 1925 — נאום סיגאַלאָוו.

„פּאָליט־אַרעסטאַנט נומער 23700" — אַזוי האָט געהייסן נאָך אין אַפּרעל 1939 דער סעקרעטאַר פון דער ריגער אונטערערדישער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע הירש ביטקער. אים האָט אויסגעגעבן דער אָכראַנקע א פּראָוואָקאַטאָר. ביטקער איז אַרײַנגעטראָטן אין אונטערערדישן קאָמיוג, ווען ער איז אַלט געווען דרײַצן יאָר. און כאָטש ער איז נאָך געווען קימאַט א קינד, טרויט מען אים אָן פאַרשיידענע פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרגעבונגען. „הערעלד", „יאָזשיק", ווי מע פלעגט אים רופן, איז גיך געוואָרן באַליבט און באַגלייבט בא די אונטערערדלער. ער ווערט א פּראָפּאַגאַנדיסט צווישן די יוגנטלעכע. אין 1938 איז ער שוין סעקרעטאַר פונעם ריגער שטאָטקאָם. ער פירט אָן מיט דער פאַרשפּרייטונג פון פלוגבלעטלעך און קאָמוניסטישע צײַטונגען, מאָבּיליזירט די יוגנט, זי זאָל זיך קעגנשטעלן דעם אולמאַניסטישן רעזשים, פּראָפּאַגאַנדירט די אידייען פון מאַרקסיזם־לעניניזם.

אין אָנהייב פון דער פּאָטערלענדישער מילכאָמע עוואַקוירט הירש ביטקער אין הינטערלאַנד דעם ארכיוו פון דער בורזשואַזער פּאָליט־אָכראַנקע און אַנדערע געהיימע דאָקומענטן. נאָכדעם גייט ער פרײַוויליק אוועק אַפן פראָנט...

איך זע אָף דער מעמאָריאַל־ברעט זײַן פּאָטאָ. אן אָפן פּאָנעם, טיפע, קלוגע אויגן. שיינע אויגן. און ס'ווײַזט זיך מיר אויס, אַז פון זײַנע ליפּן טריפט בלוט. יאָ, פון זײַנע ליפּן האָט טאַקע גערונען בלוט. דאָס האָט פּאַסירט, ווען מע האָט אים געשלאָגן אין דער אָכראַנקע, געפּאָדערט, ער זאָל אָנרופן די נעמען פון זײַנע מיטקעמפער, פון די אַנטיפאַשיסטן. צי עפּשער איז עס בלוט פון יענער וווּנד, וועלכע הירש האָט באַקומען הינטער מאָסקווע אין סאָף יאַנוואַר 1942, ווען ער, דער פּאָליטרוק פון דער דריטער קוילנוואַרפער־ראָטע פונעם 122־טן פּאָלק, האָט געפירט די ראָטע אין זײַן לעצטער שלאַכט?

אין ריגע, אָף דער פרידריך־ענגעלס־גאַס, נומער 4, וווינט א זיבעציאָריק ייִנגעלע, וועלכער טראָגט דעם נאָמען פונעם קעמפער־קאָמוניסט הירש ביטקער. דאָס ייִנגעלע ווייסט, אַז זײַן באָבעס ברודער האָט מילכאָמע געהאַלטן מיט די פאַשיסטן און איז אומגעקומען אַפן פראָנט. ער ווייסט, וואָס עס באַטײַט „נאָ פּאַסאַראַן!", און איך בין זייער צופרידן, וואָס ער ווייסט עס. עס ציט זיך דער פאָדעם...

בא אונדז אין לעטלאַנד זײַנען געווען גאַנצע מישפּאָכעס רעוואָליוציאָנערן. באַנאַנד מיט הירש ביטקערס פּאָטאָ הענגט די פּאָטאָ פון אַלעקסאַנדער איידוס — דעם קאָמסאָרג פון דער 19־טער מיטלשול. שוין אָף דער שול־באַנק איז ער געוואָרן אן איבערגעגעבענער נאָכפאָלגער פון זײַנע ברידער און שוועסטער רעוואָליוציאָנערן. איך קוק אַרײַן אין אַלעקסאַנדערס אָפּריכטיקע, ברייט צעעפנטע אויגן און פרעג שווײַגנדיק בא אים, פאַרוואָס האָט ער, אין טאָך נאָך א קינד, אויסגעקליבן פאַר זיך דעם קאַמפּס־וועג און ניט קיין אַנדערן, א ווייניקער געפערלעכן? איך ענטפער אליין אָנשטאָט אים, דעם שוין אייביק שווײַגנדיקן: ווײַזט אויס, אַז אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן דאָן, ווען אָף אַן אונטערערדישער קאָנספּיראַטיווער דירע איז זײַן עלטערער ברודער בענאַ איידוס שווער פאַרווונדעט געוואָרן און אינגיכן געשטאָרבן אין דער פאַשיסטישער טפּיסע. סאַשע האָט אָף קעסיידער פײַנט באַקומען די אָכראַנקע מיט אירע אַגענטן — טאַקע אַן אַגענט פון דער אָכראַנקע האָט געשאָסן אין זײַן ברודער. „לעבן, קעדיי צו קעמפן!" — דאָס איז געוואָרן סאַשעס דעוויז.

פרי האָט זיך אַנטפּלעקט זײַן טאַלאַנט פון אַן אָרגאַניזאַטאָר. אין שול שאַפט ער אַן אונטערערדיש קאָמיוגיש קעמערל און פירט מיט דעם אָן. דעם 17 יון 1940, ווען די פאַשיסטישע פּאָליצײַ איז אַרויסגעטראָטן אַפן ריגער בײַוואָקזאַל־פּלאַץ קעגן פאָלק, געפינט זיך אַלעקסאַנדער איידוס צווישן די דעמאָנסטראַנטן, באַקומט עטלעכע וווּנדן.

אין האַרבסט 1940 ווערט ער איינשטימיק אויסגעוויילט אַלס קאָמסאָרג פון דער נײַער סאָוועטישער שול. אַרבעט איז, פאַרשטייט זיך, געווען איבערגענוג. דעם אַרויסלאָז־יאָמטעוו האָט מען געפּראַוועט ערעוו די גרויסע שלאַכטן...

אין הינטערלאַנד, אין יאַראָסלאַווער געגנט, אַרבעט אַלעקסאַנדער, צוזאַמען מיט זײַנע פרײַנט, אין א קאָלווירט. זיי הערן אָבער ניט אויף צו פאָדערן, מע זאָל זיי שיקן אַפן פראָנט. דער יאַראָסלאַווער געגנטלעכער קאָמיטעט פון קאָמיוג נעמט אָן אַן אַנדער באַשלוס: שיקן די ריגער קאָמוניסטן אין א ספּעציעלער פּאַרטיזאַן־שול.

עס האָבן זיך פאַרהיט אַלעקסאַנדער איידוסעס א בריוו פון יענער צײַט צום ברודער שלוימע, דעם קאָמסאָרג פון א פּאָלק אין דער 43־טער גוואַרדייִשער לעטלענדישער דיוויזיע, און א בריוו פון זײַן כאַווער שורע סאָלאָמאָן.

ביידע, איידוס און סאָלאָמאָן, זײַנען געוואָרן זעלנער פונעם פּאַרטיזאַנישן פּאָלק „פאַרן סאָוועטישן לעטלאַנד", וועלכער איז זומער 1942 געווען טעטיק אין ראַיאָן טשיכאַטשאָוואָ — דנאָ. זייער פּאָלק האָט באַקומען א באַפעל העלפן דער ערשטער לענינגראַדער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע צו גרינדן אינעם פײַנטלעכן הינטערלאַנד, אין ראַיאָן פון סלאַדקאָוויטשי, א נײַע פּאַרטיזאַנישע באַזע און דערנאָך זיך באַוועגן ווײַטער, טיף אין לעטלאַנד.

דער דאָזיקער פּאַרטיזאַנישער רעיד איז געוועזן פון סאַמע אָנהייב זייער א שווערער. מע האָט געדאַרפט גיין דורך געדיכטע וועלדער, דורך זומפּיקע שטעגן און אומוועגן, דער סוינע האָט אָן אופהער באַשאָסן די פּאַרטיזאַנער. ניט אײדוס, ניט סאָלאָמאָן זײַנען צו דער לעטלענדישער גרענעץ ניט דערגאַנגען. זיי זײַנען העלדיש געפאַלן אין שלאַכט דעם 26 יוני 1942.

נײַע שילער קומען אָן אין אונדזער שול אָף דזירנאַווו־גאַס, נומ. 29. קיינער פון די הײַנטיקע שילער גייט גלײַכגילטיק ניט פאַרבײַ דאָס אָרט, ווו עס הענגט די מעמאָריאַל־ברעט. אויך יענע, וואָס וועלן זיך לערנען אין צען, אין צוואַנציק יאָר אַרום, וועלן זיך אָפּשטעלן, אײַנקוקנדיק זיך אין די פּנעמער פון מײַנע טײַערע ייִנגלעך, פון מײַנע אײביק יונג־געבליבענע כאַווײרים און פרײַנט. זאָלן זיי שעפּן פונעם שטענדיק פרישן קוואַל פון מוט. עס ווערט פאַרגעזעצט דער קאַמף מיט רעאַקציאָנערן, מיט פאַשיסטן, וועלכע וועלן ניט דורכגיין! „נאָ פּאַסאַראַן!"

כאַווע וואַטער
ריגע

# געפאַלן אַף דער סמאָלענסקער ערד

אין 1942 האָט אינעם 1־טן באַטאַליאָן פון 210־טן פּאָלק פון דער 32־טער שיסער־דיוויזיע, וועלכע האָט זיך באַטײליקט אין די שלאַכטן אַפן מײַרעוו־פראָנט, געדינט אַלס סאָלדאַט פון דער קוילנוואַרפער־ראָטע, א מיטגליד פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד, א קאָמוניסט, — דער 27־יאָריקער דיכטער הענעך שוועדיק. אין מינוטן פון שטילשטאַנד צווישן די שלאַכטן האָט ער געשריבן לידער.

אזוי דערציילט אין דער פאַרצייכענונג „אָפּילע דער טויט האָט אונדז ניט גענומען" דער זשורנאַליסט וו. פּאַשוטין. די פאַרצייכענונג איז פאַרעפנטלעכט אין דער סמאָלענסקער געגנטלעכער צײַטונג „ראַבאָטשי פּוט" און איז געווידמעט די שרײַבער, וועלכע זײַנען אומגעקומען אין די פאַרביטערטע שלאַכטן קעגן סוינע אַף דער סמאָלענסקער ערד. דער זשורנאַליסט ציטירט אין דער רוסישער איבערזעצונג ה. שוועדיקס ליד „דער מאַמעס טרער":

ווו איך וועל ניט זײַן (אין פײַער און אין
רויכן)
אַף מײַן פײַנפּולער און שטרענגער ערד,
וועט מיר פאַר די אויגן שטענדיק לויכטן
אָט די קלאָרע, ווונדערלעכע טרער.
ס'וועט די טרער מיר לויכטן, ווי א שטערן,
און פאַרויס נאָר צילן וועט די רער,
ביז עס וועט די גאַנצע ערד ניט ווערן
ריין און ערלעך, ווי א מאַמעס טרער.

ער האָט געלעבט ווי א דיכטער, און איז אומגעקומען ווי א דיכטער און ווי א סאָלדאַט. בא אים זײַנען זיך ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען דאָס הײסע און הערלעכע וואָרט מיט זײַן טאַט, — כאַזערט איבער דער אווטאָר די ווערטער פונעם אַרײַנפיר צו ה. שוועדיקס בוך, וואָס דער ווײַסרוסישער מעלוכע־פאַרלאַג האָט אַרויסגעלאָזט אין אָנהייב פון די 60־ער יאָרן — אײביקער רום אים, דעם סאָלדאַט פון דער סאָוועטישער פּאָעזיע און דעם סאָלדאַט פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע, וועלכער איז באַערדיקט לעבן דעם דאָרף דוואָיעשקי אינעם ברודער־קײווער אַף דער סמאָלענסקער ערד.

וו. פּאַשוטין דערציילט אויך וועגן דעם דיכטער שמועל ראָסין, וועלכער איז אוועק אַפן פראָנט מיט דער מאָסקווער אָפּאָלטשעניע און איז אומגעקומען, פאַרטײדיקנדיק די סמאָלענסקער ערד. דער אווטאָר פון דער פאַרצייכענונג ברענגט אָן אַרויסזאָגונג פון דעם באַוווסטן רוסישן דיכטער אַלעקסײ סורקאָוו וועגן ראָסינען און אָן אויסצוג פון שמועל ראָסינס ליד:

אונדז איז געגעבן פיל —
איז פיל און פיל פון אונדז צו מאָנען,
דערפאַר איז שווער אזוי איעדער שפּאַן.
נאָר ווער וועט בלײַבן שטײן,
ווען שלאָגן וועט סאַקאָנע
און אָפּווענדן זײַן אָנגעצילטע האַנט?

און ווען ס'האָט געשלאָגן די שאָ פון סאַקאָנע, איז ער טאַקע אוועק אָפּווענדן דעם סוינעס אָנגעצילטע האַנט.

וו. פּאַשוטין אַרבעט איצט איבער א בוך, געווידמעט די שרײַבער, קינסטלער און קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע זײַנען אומגעקומען בײַס די שלאַכטן אַף סמאָלענשטשינע.

אײַזיק שפּילבערג
סמאָלענסק

# אומשטערבלעכקײַט

קראַסנאָיאַרסקער קאַנט. סעוועראָ־יעניסייסק. א קליינינקער יישעוו פון גאָלדגרעבער. איבער די שמאָלע גאסן איז דאָ מיט אלע קינדער צוזאמען געלאָפן אין שול, געשפילט אין פוטבאָל פימע בעלינסקי. ער האָט באַגלייט די בארגארבעטער, ווען זיי זײַנען געגאנגען אף דער וואכטע, און געטרוימט, געטרוימט וועגן דעם טאָג, ווען ער וועט אויך אָנטאָן א שאכטיאָרישע קאסקע און זיך אראָפּלאָזן אין זאבאָי.

זײַן טרוים איז אָבער ניט מעקויעם געוואָרן. צו נײַנצן יאָר האָט דער קאָמוניסט יעפים סעמיאַנאָוויטש בעלינסקי געמאכט זײַן לעצטן טראָט, דעם טראָט אין אומשטערבלעכקײַט.

...דרײַעקיקע בריוועלעך אָן מארקעס מיטן שטעמפּל „פעלד־פּאָסט". מיר לייענען זיי איצט מיט א באַזונדערן הארץ־פלאַטער.

„...א גוטמאָרגן, טײַערע מאמע, קאַטיע, באָריק, מומע דאשע! איך האָב שוין פארגעסן אפילע, טײַערע, אײַער האַנטשריפט. דעם לעצטן בריוו האָב איך באקומען נאָך אין קראסנאָיאַרסק, און פון דאָרט בין איך אָפּגעפאָרן דעם דריטן סענטיאַבער 1943. וועגן דעם האָב איך אײַך שוין מיטגעטיילט. צוויי מיט א האַלבן כוידעש בין איך געווען אין רעזערוו. איצט בין איך אָנגעקומען אין אַן אנדער אָרט, נאָר ווידער ניט אהין, ווו ס'וואָלט זיך געוואָלט זײַן. איך האָב אײַך געשריבן, אז איך וויל וואָס גיכער קומען אפן פראָנט, נאָר פאר מיר איז דאָס דערווײַל ניט מעגלעך. אפן נײַעם אָרט האָט מען מיך באַשטימט אלס קאָמאנדיר פון וזוואָד, וועלכער גרייט ארטילעריסטן פאר דער פאָלק־באַטארייע. דאָ וועט אויסקומען, ווײַזט אויס, פארבלײַבן אף לאַנג.

מיר וועלן לערנען די ארטילעריסטן זעקס כאָדאָשים, און אין מעשעך פון אָט דער צײַט וועל איך פונדאַנען, פארשטייט זיך, ניט ארויסרײַסן זיך. נאָכדעם וועלן מיר זען. אזוי אז שרײַבט אהער אומבאַדינגט. שרײַבט, וויאזוי לעבט זיך אײַך. ווער פון מײַנע באַקאַנטע איז פארבליבן אין יישעוו?

מאמעניו! וואָס מאכסטו אין געזונט? קאַטיושע, ווי גייט בא דיר די ארבעט? באָריק, מיט וואָס פארנעמסטו זיך? צי לעבט נאָך בא אונדז די מומע דאשע? וואָס הערט זיך אף דער שאַכטע?

וועגן מײַן לעבן קאָן איך דערווײַל גאָרניט זאָגן, ווײַל איך בין דאָ דעם ערשטן טאָג. א ביסל שפּעטער וועל איך אָנשרײַבן גענויער וועגן אלץ. דערווײַל קאָן איך נאָר מיטיילן, אז איך בין געזונט, ווי שטענדיק. דער וועטער איז דאָ, פארשטייט זיך, א לײַכטערער, איידער אין אונדזער יישעוו, נאָר עס בלאָזן קאַלטע ווינטן. פאר א סיביריאַק איז דאָס ניט שרעקלעך... 13 דעקאַבער 1943".

„...איך האָב שוין געשריבן, טײַערע מײַנע, אז דעם 23 יון 1944, 12 אזייגער, בין איך געווען פארוווּנדעט און בין ארײַנגעפאַלן אין שפּיטאָל. עמעס, די וווּנדן זײַנען ניט קיין ערנסטע: א שפּליטער אין דער לינקער פוס, דעם ביין ניט אָנגערירט, דאָס זעלבע אין קאָפּ. אזוי אז די טעג פאָר איך ווידער אָפּ אין מײַן טייל, און איר קאָנט שרײַבן אפן אלטן אדרעס. איר לייענט געוויס וועגן די דערפאָלגן פון אונדזער ארמיי בעשאס דער באַפרײַונג פון ווײַסרוסלאַנד. איר קאָנט זיך גרויסן, וואָס אײַער פימקע האָט אויך זיך באַטייליקט אין אָט די שלאַכטן... 29 יון 1944".

„...א גרוס אײַך פון דער ליטע! איר כידעשט זיך געוויס, וואָס יעדער בריוו מײַנער קומט פון אַן אנדער אָרט. נאָר אזויווי בא אײַך איז איצט פאַראַן א גרויסע געאָגראַפישע מאַפּע, קאָנט איר לויט מײַנע בריוו נאָכשפּירן דעם וועג. געפינט דעם טײַך פראָניא און די שטאָט טשאוסי, פירט פון דאָרטן א רויטע ליניע דורך די שטעט מאָלעוו און מינסק, דערנאָך פון מיזרעך אף מײַרעוו דורך גאַנץ ווײַסרוסלאַנד און דורך פּוילן צו דער ליטווישער שטאָט ווילקאָווישקיס. ווײַטער, לענגויס און פּאָפּערעק, שנײַדט דורך גאַנץ ליטע ביז ריגע — וועט איר שוין אליין פארשטיין, וויאזוי די פאשיסטן לויפן פון אונדז...

איך האָב אײַך געשריבן, אז איך האָב באַקומען אַן אָרדען פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע פון דער צווייטער מאַדרייגע. איצט בין איך צוגעשטעלט צו נאָך א רעגירונגס־באַלוינונג. אָט אזוי, טײַערע מײַנע, גייט מײַן לעבן. א דאַנק דיר, מאַמאָטשקע, פאר דײַנע קלוגע און גוטע שורעס... 30 סענטיאַבער 1944".

„א גרוס פון מיזרעך־פּרײַסן! געזונט זאָלט איר מיר זײַן, טײַערע! שוין עטלעכע שאָ, ווי איך בין געקומען צו־זיך אין דער באַטארייע. איך בין געווען אין שלאַכט. מע האָט מיך שוין געוויס פארעכנט פאר אַן אומגעקומענעם. מײַן כאַווער אַנאַטאָלי זאַלאָזני האָט צוגעגרייט א



יעפים בעלינסקי

יעדיע פאַר נאַטאַשען, אַז איך בין אומגעקומען, און זייער גוט, וואָס ער האָט ניט באַוויזן אָפּ־צושיקן דעם בריוו, נאָר, ווי איר זעט, בין איך אַ לעבעדיקער. עמעס, מיטן געזונט איז ניט אַמבעסטן, נאָר דאָס איז, ווײַזט אויס, פון מיד־קײַט... איך וועל זיך אָפּרוען עטלעכע טעג, און אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג.

צו מיר אין זעמליאַנקע קלײַבן זיך אָפט צו־נויף מײַנע פרײַנט, זיי באַגריסן מיך מיט מײַן אומקערן זיך אַפן פראָנט און מיטן דערפאָלג... נאָיאַבער, 1944".

דער מאַמעס הענט קלײַבן פאָרזיכטיק איבער די סאָלדאַטישע בריוועלעך. דרײַ זין האָט יעלי־זאַוועטע יעפימאָוונע באַגלייט אַפן פראָנט. צוויי וועלן שוין קיינמאָל ניט שיקן דער מאַמען קיין בריוו.

— פימע, פימעשקע, דו כאָטש דערלעב...

„פילגעאַכטע יעליזאַוועטע יעפימאָוונע!

אין מאַרט האַיאָר איז צו אונדז אין טייל אָנ־געקומען אַ יונגער אָפיצער — אײַער זון, יעפים בעלינסקי. מיר האָבן נאָך דעמלט זיך געפונען אַף אָפּרו. פון די ערשטע טעג האָבן אים די סאָלדאַטן ליב באַקומען פאַר זײַן האַרציקײַט און פּאַשטעס, פאַר זײַן באַהאַוונטקײַט אין מי־ליטערישן וועזן.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די שלאַכטן. שוין אין דער ערשטער שלאַכט אַפן טײַך פּראָניאַ (אין ווײַסרוסלאַנד) האָט ער זיך אויסגעצייכנט. צו־זאַמען מיטן אויספירער גרישע קאַסיאַנאָוון איז ער געווען אין דער פאָדערשטער רײַ. זיי האָבן פאַרסירט דעם טײַך, וועלכן דער סוינע האָט ניט אופגעהערט צו שטורעמען. אַ פײַנט־לעכער סנאַריאַד האָט צעשעדיקט דאָס בריקל. אונטערן סוינעס האַגל־פײַער האָט זיך אין וואַ־סער אַ וואָרף געטאָן אײַער זון. ער האָט פאַ־ריכט דאָס בריקל, צונויפגעבונדן די ברעטער מיט טעלעפאָן־דראָט, און די סאָלדאַטן האָבן ווידער פאָרגעזעצט זיך אַריבערקלײַבן אַף דעם פײַנטס ברעג. אין אָט דער צײַט האָט אַ שפּלי־טער פון אַ סנאַריאַד געטראָפן אין אײַער זון. מע האָט אים עוואַקויִרט אין שפּיטאָל, נאָר ער האָט זיך דאָרט ניט לאַנג פאַרהאַלטן, אומגע־קערט זיך אין זײַן טייל, כאָטש די וווּנדן האָבן זיך נאָך ניט אינגאַנצן פאַרהיילט. מיר האָבן אים זייער וואַרעם באַגעגנט. די קאָמאַנדשאַפט האָט הויך אָפּגעשאַצט זײַן העלדנטאַט און אים באַלוינט מיטן אָרדען פון דער פאַטערלענדי־שער מילכאָמע. מע האָט אים אָנגענומען אין דער פּאַרטיי.

אײַער זון האָט געזאָגט: „איך בין געזונט, היילן וועל איך זיך שפּעטער". און ווידער איז ער אַוועק אין פײַער.

מיר האָבן זיך דערנעענטערט צו דער דײַ־טשישער טעריטאָריע. אין איינער אַ שלאַכט איז געווען פאַרוווּנדעט דער קאָמאַנדיר פון דער באַטאַרייע, און יעפים האָט גענומען די קאָ־מאַנדשאַפט אַף זיך. אַ סאַך פאַשיסטן, זייערע קוילנוואַרפערס און האַרמאַטן האָט פאַרניכטעט די באַטאַרייע, מיט וועלכער עס האָט אין אָט דער שלאַכט אָנגעפירט אײַער זון.

פאַר העלדנטאַט און געוואַגטקײַט האָט די קאָמאַנדשאַפט אים באַלוינט מיטן אָרדען „רוי־טער שטערן". ווײַטער זײַנען אַוועק וואָכעדיקע שלאַכט־טעג. ווען מע האָט געדאַרפט נעמען אַ לעבעדיקן פאַשיסט, אַ „צונג", האָט דער ערש־טער זיך אַרויסגערופן אײַער זון, און צוזאַמען מיט אַ גרופּע געוואַגטע סאָלדאַטן האָט ער גלענצנדיק דורכגעפירט די אָפּעראַציע.

אין דער נאַכט אַפן 16 דעקאַבער 1944 האָט מען פאַר דעם לייטענאַנט בעלינסקין געשטעלט אַן אויפגאַבע — פאַרטיידיקן דעם רעכטן פלאַנג.

די אָפּעראַציע האָט זיך אָנגעהויבן געלונגען. די גרופּע האָט פאַרכאַפּט אַ „צונג" און האָט שוין געדאַרפט זיך אומקערן, נאָר פּלוצעם האָט פון רעכטס אָנגעהויבן שיסן אַ קוילנוואַרפער. יעפים האָט באַפוילן די סאָלדאַטן אָפּגיין און אַליין אָנגעהויבן באַשיסן דעם קוילנוואַרפער. יענער איז אָבער ניט אַנשוויגן געוואָרן. ס'האָבן ניט געהאָלפן אויך קיין גראַנאַטעס. און דעמלט האָט יעפים זיך אופגעהויבן, אַ וואָרף געטאָן זיך צו דעם קוילנוואַרפער און מיט זײַן ברוסט צוגעדעקט די אַמבראַזור...

אײַער זון און אונדזער שלאַכט־כאַווער איז געפאַלן מיט אַ העלדנטויט. דעם 16 דעקאַבער

האָבן מיר אים געבראַכט צו קווורע. אפן קייווער האָבן מיידלעך געלייגט א קראַנץ.

יעליזאַוועטע יעפּימאָוונע! מיר איז שווער צו שרייבן אָט דעם בריוו. אייער זון איז געווען מיינער א נאָענטער כאַווער, מיין פריינט. איך האָב קיינמאָל ניט געוואָלט אייך פאַרשאַפן אגמעסנעפעש... אָבער בעסער איז דער ביטערער עמעס, איידער א גוטער ליגן. ס'איז גרויס דער צער, נאָר די מילכאָמע פאָדערט קאָרבאָנעס. א סאַך פון אונדז וועלן זיך ניט אומקערן אהיים. נאָר מיר דאַרפן זיך שלאָגן מיטן סוינע אין נאָמען פון אונדזער היימלאַנד, פאַר דער פרייהייט פון אונדזער פאָלק. מיר וועלן זיך נויקעם זיין אין די פאַשיסטן, וועלכע האָבן צוגענומען פונעם לעבן אייער זון. מיר וועלן זיך נויקעם זיין פאַר אייערע טרערן און פאַר אייער צער. און, גייענדיק אין שלאַכט, וועלן מיר שטענדיק געדענקען אייער זון, דעם צווייִמאָל אָרדענטרעגער, דעם לייטענאַנט בעלינסקי.

איך בוק זיך פאַר אייך ביז דער ערד.

לייטענאַנט שאַלקאָווניקאָוו".

אין מאַרץ 1945 איז קיין סעווערא־יעניסייסק אָנגעקומען א בריוו פון מיכאל איוואַנאָוויטש קאַלינינען:

„כאַשעווע יעליזאַוועטע יעפּימאָוונע! לויט דער מיטיילונג פון דער מיליטער־קאָמאַנדשאַפט, איז אייער זון, דער לייטענאַנט יעפּים סעמיאָנאָוויטש, אין שלאַכט פאַר אונדזער סאָוועטישן היימלאַנד אומגעקומען מיט א העלדנטויט. פאַרן געוואַגטן טאַט, וועלכן ס'האָט אויסגעפילט אייער זון יעפּים סעמיאָנאָוויטש בעלינסקי אין קאַמף מיט די דייטשישע אָקופּאַנטן, האָט דער פּרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון פּססר, לויטן אוקאַז פון דעם 24 מאַרץ 1945 אים צוגעטיילט די העכסטע אויסצייכענונג — דעם טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד. איך שיק אייך די גראַמאָטע פונעם פּרעזידיום פון אויבער־סאָוועט פון פּססר, איר זאָלט זי האַלטן אלס אָנדענק וועגן אייער זון דעם העלד, וועמענס העלדנטאַט אונדזער פאָלק וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן".

...סעווערא־יעניסייסק, א קליינינקער טייגעיִשעוו פון גאָלדגרעבער. איך גיי ארויס פון דער מיטלשול, וועלכער ס'איז צוגעאייגנט יעפּים בעלינסקיס נאָמען. איך גיי לאַנגזאַם איבער דער גאַס, א פאַרשאָטענער מיט שניי. אפן פאַסאַד פונעם ערשטן הויז איז צוגעפעסטיקט א שילדל: „די גאַס איז אָנגערופן אפן נאָמען פונעם העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד יעפּים בעלינסקי, וועלכער האָט איבערגעכאַזערט אלעקסאַנדער מאַטראָסאָווס העלדנטאַט".

אנטקעגן מיר קומט אָן א גרופּע יונגעלייט. דאָס איילט זיך אין זאַבאַי מיכאיל באַבוראָווס אָרדענטרעגערישע בריגאַדע. אין איר צעטל איז אונטער דעם ערשטן נומער אָף אייביק אַריינגעטראָגן דער נײַנצניאָריקער יעפּים בעלינסקי, וועלכער האָט פון קינדהייט אָן געטרוימט צו ווערן א שאַכטיאָר.

וואַלערי דאַנעץ

אַרבעטער־יִשעוו קאַזאַנסקאָיע





## באָריס מאַגילנער

# צו לעניגען

געוויס איז געווען דאָס ניט פראָסט א האמצאָע —
קערנדלעך גוטע אין הארצן פארזייען,
געוואקן, ווי אן אָנזאָג און ווי א צוואָע,
געלעגן אין דעם איז א גרויסע קאוואָנע:
שענקען אַף אייביק דעם זון א מאַטאָנע,
וואָס יאָרנלאנג טרייסטן זי וועט אים און פרייען:
איך און מײַן טאטע צו לעניגען גייען.

כ׳זע זיך — א קינד לעבן וואנט פונעם קרעמל,
ווו זילבערנע טאנען פארכאָלעמטע שטייען.
בא מיר אין דער האנט אין דער לינקער — א זעמל,
די רעכטע פארקלעמט איז אין דלאָניע באם טאטן,
מוירע ער האָט, אפן ברוק אפן גלאטן
ניט פאלן איך זאָל.
כ׳מוז זיך אופהערן דרייען:
ס׳ניט שיין, ווײַל מיר ביידע צו לעניגען גייען!

אליין ווען מיר ווערן פארוואנדלט אין טאטעס,
ערשט דאן מיר באגרײַפן, ערשט דעמלט פארשטייען,
ווי שווער ס׳איז מיט אונדז, מיט קונדייסים, לעסאטע
מיר זײַנען נאָך קליינע, מיר זײַנען נאָך צארטע.
דער בײַשפּיל פון פאָטער מיר ליב און געגאַרט איז —
ווי ער מיט זײַן בכאָר, מיט זײַן שטיפער, אינצווייען,
איך און מײַן ערשטלינג צו לעניגען גייען.

אומגעקערט כ׳האָב זיך פון פראָנט, פון מילכאָמע,
פון קאָלערלײַ טהאָמען, פון אלערלײַ ווייען
מיט א באפרײַטער, באנײַטער נעשאָמע.
דער הימל איז פריש איבער אונדז און אין לויטער,
עס פינקלט באם יוירעש זײַן האלדזטוך דער רויטער,
שטאָלץ אין די אויגן אין זײַנע איך לייען:
באנאנד מיט מײַן בכאָר מיר צו לעניגען גייען.

דערנאָך אין א ווינטער מיט פראָסטיקע וועגן,
פארהילט אין די ווינטן, פארשאָטן מיט שנייען,
ווידער דעם היילן וונדער אנטקעגן
טראָגן מיר ציטעריק דאָרשטיקע הערצער —

פונוויַיטנס מיר זײַנען געקומען אהערצו.
ס'האָט דער מיזיניק שוין מײַנער די דייע:
איצטער מיט אים מיר צו לענינען גייען.

צום מאוזאַליי כ'וועל מײַן אייניק נאָך פירן,
אפילע דורך שטורעמס, געוויטערס, זאווייען,
מײַן גלויבן, מײַן טרײַשאפט וועט ער ניט פארלירן.
און זײַן וועט מײַן שפּראַצלינג אין איידעס אין עכטער,
ווי ס'שטראָמט אין דער צוקונפט, אין מאָרגן דער נעכטן,
ווי שפּריַיזנדיק שטיל אין אומענדלעכע רייען,
שוואָטים און פעלקער צו לענינען גייען.

## וועלוול ווערניק

### זאָל זײַן יאָמטעוו

זאָל זײַן יאָמטעוו, זאָל זײַן יאָמטעוו, זאָל זײַן שאָלעם אויף דער ערד,
זאָל זי הענגען, די רעליקוויע, אין מוזייען — אונדזער שווערד.
ווען די קינדסקינדער, זיי וועלן אמאָל קומען אין מוזיי,
זאָלן זיי אַנשוילעך זען, וואָס מע האָט געגרייט פאַר זיי,

און אז דער מענטש וועט אייביק לעבן, פונקט ווי נעכטן און ווי הײַנט,
און די זון וועט אייביק שײַנען, ווי ביז איצט זי העלט און שײַנט.
זאָל זײַן יאָמטעוו, זאָל זײַן יאָמטעוו, זאָל זײַן שאָלעם אויף דער וועלט.
אויף הארצן זאָל זײַן ווארעם, ווען אין דרויסן איז א קעלט.
בא די יאָמטעוודיקע טישן העכער הייבט זשע אויף דעם קאָס:
פאַר דעם מענטשן, וואָס איז אייביק אויף דער ערד דער באלעבאָס.

## מענדל ליפשיץ

### די צײַט

ס'האָט יעדער איינער זײַן פארלאנג און ווילן,
און פון געפאר איז קיינער ניט באפרײַט,
נאָר ווי די מוטער בייס די קינדער שפילן,
מיט אלץ און אלעמען פירט אָן די צײַט.

זי ברענגט די פרייד, זי טריפט ארײַן דעם טרויער,
מאכט שטארק, פון לוין און אָפּגעשוואכט פון שטראָף,
און פון איר בראָכע נעמען הימלען בלויען,
און פון איר קלאָלע ווערן הימלען גראָוו.

ס׳גייט יעדע צײַט איר שטרענגן וועג באַזונדער,
פאַרשיידן זײַנען זייער דראַנג און מוט.
מײַן צײַט — דער שטאַם פון וווּנדערלעכסטן ווונדער,
מײַן צײַט פאַר שלעכטס איז שלעכט, פאַר גוטס איז גוט.

דעם שפּיץ פון פעלדז עס טוט מײַן צײַט א ריר,
נאָר ווער איז ער, וואָס שענקט זײַן נאָמען איר?

## ליפּע העלער

# כ׳בין אן איידעס

כ׳בין א נאַכט הײַנט ניט געשלאָפן:
בין געפלויגן, בין געלאָפן
דאָ — אַף מײַרעוו, דאָ — אַף מיזרעך,
דאָ — אַף דאָרעם, דאָ — אַף צאָפן.
כ׳בין געווען אין הייסע שלאַכטן,
האָב געזען יענע פאַרנאַכטן,
ווען די זון איז רויט פאַרגאַנגען,
ווען אין בלוט זי איז געהאַנגען.

זײַנען זיי א סאַך געלעגן —
קליינע קינדער, מאַמעס, זיידעס,
כ׳בין א לעבעדיקער איידעס.

ערגעץ האָט די ווײַט געשרי̇ען.
ס׳האָט געדוכט: זיי, טויטע, פלי̇ען.
ס׳האָט געדוכט: זיי, טויטע, שרײַען,
ס׳גייען וואָלקנס — א לעווײַע...

כ׳האָב געזען פיל מענטשן הוילע,
מערדער האָבן זיי געקוילעט.
אין טראַנשייען, אַף די וועגן

האָב איך זיך א וואָרט געגעבן:
עס זאָל ריין זײַן מײַן געוויסן,
יאָ, איך וועל דאָס גאַנצע לעבן
אין די מערדער יענע שיסן.

## אוורהאָם קאַצעוו

# פײַער

אין דער קוזניע בא דעם פײַער
שטייט דער שמידער און ער שמידט.
אָט דאָס פײַער איז מיר טײַער,
פון דעם פײַער גייט די ליד.

פון דעם פײַער גייט די גוורע,
פון דעם פײַער גייט דער שטאָלץ.

ס׳איז אן אַנדער סאָרט־מין פײַער,
ס׳איז פון האַרצן, ניט פון האָלץ.

פינצטער. קאַלט. כ׳צעפּיר א פײַער,
אין דער הייך א רויכל ציט.
אויב דאָס פײַער איז מיר טײַער,
דאַרף איך זײַן מיט דעם געהיט.

## יויסעף איצקאָוו

# מײַן ברוויקער יאָרהונדערט

כ'האָב אַלץ געזען, און, דוכט זיך, גאָרנישט ניט געזען,
ווײַל יעדער טאָג מיט עפּעס נײַס אונדז וווּנדערט,
וואָס איז געשען, און ווידער ווערט געשען, —
אַזאַ איז ער, מײַן ברוויזקער יאָרהונדערט.

אין וויסטעס וואַקסן שטעט — אָף לעבן און אָף גליק,
די בריקן הענגען איבער נײַע וועגן,
עס פליִען ספּוטניקעס צום מאַרס און קומען אָן צוריק,
און וועלטן ווײַטע זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקן.

שוין אײַנגעשפּאַנט אין מי די אַטאָם־קראַפט —
זי שענקט אונדז שײַן און וואַרעמקײַט און לעבן,
און דאָס, וואָס הײַנט זי בויט, געבוירט און שאַפט,
איז בלויז דער אָנהייב, וואָס איז איר געגעבן.

פון ערשטן שטיין אין מענטשנס האַנט ביז הײַנטיקער מאַשין —
אַזאַ מעהאַלעך, און ס'איז אומגעהײַער אַט דער וווּנדער.
און מיר איז גוט, איך גרויס זיך, וואָס איך בין
אַ טײלכל פון ברוויזקן יאָרהונדערט.

## נאָכעם פרידמאַן

# אײגנס

אַלץ איז דאָ מײַנס,
און אַלץ איז אײגנס —
די גאַסן, וואָס האָבן
זיך אויסגעצויגן
פון מײַרעוו אָף מיזרעך,
קאַיאָרן אַנטקעגן,
בלויע סאָפּקעס,
בײַרער ברעגן.

ברידער און פרײַנט
אָף יעדן שפּאַן,
און יעדער אײנער
אַ האַנט דערלאַנגט.

באַם קרעפּטיקן אַקסל
טוסט אים אַ נעם:
— דעם טאַטנס שוירעש
האָסט ניט פאַרשעמט.

אוואַדע זאָגט מען
ניט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן:
דער מענטש ווערט אַלט, —
זײַנע טועכצן זיך ניט עלטערן.
באַזונדערס ליב,
באַזונדערס טײַער
איז דאָס, וואָס מיט האַרץ
דו האָסט באַשטײַערט.

---

דאָס איז נ. פרידמאַנס לעצטע ליד.

■ ■ ■

# מאָטל טאַלאַליעווסקי



# דער מאַמעס בוך

ראָמאַן

## 16. שווערע צײַטן

אוואדע זײַנען אלע קינדער אלציינס טײַער בא א מאמען. זי איז אלעמען איבערגעגעבן און געטרײַ, נאָר דער דריטער זון, הערשעלע, איז לייען באזונדערס ליב געווען.

אנומלטן, ווען ער איז געקומען א מידער פון זײַן ארומלויפן מיט די פאפיראָסן, האָט זי זיך צוגעזעצט צו אים.

— ביז דער מענטש איז יונג, זינו, מיינט ער, אז ער פארשפּאָרט טראכטן, וואָס מיט אים וועט מאָרגן זײַן. ער מיינט, אז די גאנצע וועלט איז זײַנע. נאָר אז עס טוען זיך א שיט אָפּ זײַנע יונגע יאָרן, ווי די פארגעלטע בלעטער אין אָסיען, און ווען עס טוען א ברי די קאלטע פרעסט פון דער עלטער, באווײַזט ער ניט אפילע זיך פארטראכטן, ווו עס זײַנען אנטרינען געוואָרן די ווארעמע וועסנעס און די זיסע זומערס...

הערשעלע האָט גוט פארשטאנען, פארוואָס די מאמע האָט פלוצעם פארפירט א רייד מיט אים. דאָס האָט באטייט, אז ס'איז צײַט זיך פארקלערן וועגן טאכלעס.

ניט לאנג האָט געדויערט בערל לאזעבניקס ארבעט אין דער באוואָפנטער וואך. אין איי־נער א שיינער נאכט פונקט דאן, ווען די קאָמאנדשאפט האָט באשטימט דורכקאָנטראָלירן, ווי געטרײַ עס זײַנען די וועכטער, איז ער אנשלאָפן געוואָרן אף זײַן פּאָסטן. עמעס, דאָס מאָל איז מען אים מויכל געווען. בערל האָט פארזיכערט, אז מער וועט זיך דאָס ניט איבערכאזערן.

נאָר דער טײַוול איז טאקע דערפאר א טײַוול, ווײַל ווו עס גיט זיך אים ניט אײַן איין מאָל אונטערשטעלן א פיסל דעם שלימאזל, קומט ער דאָס צווייטע און דאָס דריטע מאָל, ביז ער פירט אויס זײַנס. אין א כוידעש ארום איז אף בערל לאזעבניקס פּאָסט אָנגעפלויגן א יונגיטשקער סלוזשביסט, וועלכער האָט געוויס געהאט א שטיינערן הארץ. ער האָט גע־טראָפן לאזעבניקן א שלאָפנדיקן דאפקע ניט פארנורעט אינעם שאָפענעם פעלץ, ווי דאָס איז געוועזן דעמלט. דאָס מאָל האָט בערל זיך סטאם אָנגעשפּארט אף דער ביקס. און ער קאָן שווערן בא וואָס איר ווילט, אז ניט מער, ווי אף א רעגעלע האָט ער פארמאכט די אויגן. פונקט אין דער מינוט האָט אים געפאקט דער יונגאטש מיטן לאמטערן אין דער האנט.

בערל האָט שוין אפילע ניט געפּרוווט זיך פארענטפערן. מע האָט אים ארויסגערופן צום שעף און גאנץ העפלעך געמאָלדן:

---

סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 3, 4 פארן 1977 יאָר.

— באטיא, דאָס איז, זעט אויס, ניט פאַר דיר קיין אַרבעט...

בערל איז ווידער געבליבן אַרבעטסלאָז. לייע האָט געפּרוּווט אַ שמועס טאָן מיט איר לייזערקען, עפּשער זאָל ער איבעררײַדן דאָרט, אין דער אָכראַנע, מע זאָל דעם טאַטן נעמען צוריק אויף דער אַרבעט. נאָר לייזערקע האָט איר דערקלערט:

— אַ מענטש מיט אַ ביקס אין דער האַנט, מאַמע, איז איצט גאָר אַ וויכטיקע פּערזאָן. זײַן אַ וועכטער איז אַ פאַראַנטוואָרטלעכע זאַך.

בערל האָט באַשלאָסן דערווײַל פאָרן אין דאָרף און אויסבײַטן פאַרשיידענע שמאַטקעס אויף געוואַנט און פּוטער, אויף מעל און גריפּן. אויף דעם דאָזיקן געדאַנק האָט אים אָנגעשטויסן דער כּאַוער, מיט וועלכן דאָס מזל האָט אים צונויפגעפירט צוערשט אין די קאַרפּאַטן און דערנאָך אויפן וואָקזאַל, ווען בערל מיט זײַן הויזגעזינד זײַנען געקומען קיין קיִעוו.

— בײַ אונדז אין הויף וווינט אַ געוועזענע פּאַלקאָווניצע, זי פאַרנעמט זיך מיט דעם דאָזיקן מיסכער שוין פון לאַנג, אָט זי וועט דיך אויסלערנען.

לייע איז דאַפקע ניט איבעריקס צופרידן געווען פון אַזאַ מיסכער, נאָר בעסער עפּעס, איידער גאָרניט.

די „פּאַלקאָווניצע" האָט געהאַט אַ שיינעם נאָמען און אַן אײַדעלן פּאַטערנאָמען, נאָר ליב געהאַט האָט זי גראָדע, ווען מע פלעגט זי רופן „פּאַלקאָווניצע". אירע בלאָנדע לאָקן, וועלכע זי האָט פלײַסיק און קונציק אויסגעלייגט, האָבן געמאַכט איר קײַלעכדיק פּאָנעם באַזונדערס כיינעוודיק.

געפאָרן איז מען אין בערלס דאָרף, ליסאָווע, און אָפּגעשטעלט האָט מען זיך בײַ מאַטרען דער אַלמאָנע, וועלכע איז צוויי מאָל געשטראָפט געוואָרן: פאַרלוירן איר בלינדן מאַן און אָנגעווווירן איר גאָלדענעם וואַסילקען, דעם יונגן טשעקיסט.

מאַטרע האָט באַגעגנט איר געוועזענעם שכן, ווי מע באַגעגנט אַן אייגענעם ברודער. זי האָט אָפּגעקאָכט אַ טעפּל קאַרטאָפליעס, אַ ביסל קרויט איז בײַ איר פאַרבליבן נאָך פון פאַראַיאָרן. מע האָט איבערגענעכטיקט, אויסגעביטן דאָס ביסל זאַכן, וואָס מע האָט געבראַכט מיט זיך פון קיִעוו, און מע איז מיט צוויי קורשלעך און מיט אַ קלומעק מעל צוריק געפאָרן אַהיים.

לייע איז גליקלעך געווען, וואָס איר בערל האָט זיך ניט לאַנג פאַרהאַלטן אין ליסאָווע, וואָס ער האָט זיך גיך און גוט ספּראַוועט מיט זײַן נעסיע. נאָר אין אַ וואָך אַרום איז פּונעם דאָרף אָנגעקומען אַ ידיעה, אַ ביטערער בילבל, אַז בערל האָט זיך ניט פײַן אויפגעפירט מיט דער פּאַלקאָווניצע, און אַז ער איז, קלוימערשט, פאַרליבט אין איר און אַז די פּאַלקאָווניצע האָט זיך באַרימט פאַר דער גאַלעכטע, אַז בערל איז שיער ניט איר צווייטער מאַן.

מאַטרע, וועלכע איז לויט בערלס אײַנלאַדונג געקומען צוגאַסט צו איר כּאַווערטע לייען, האָט געשווווירן בײַ גאָט, מיט דעם אָנדענק פון איר אַנדריי און דעם אומגעקומענעם וואַסילקאָ, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער, ווי אַ מיִעסער בילבל. אַז גענעכטיקט האָט בערקאָ בײַ איר, בײַ מאַטרען אין שטוב, און אַז די פּאַלקאָווניצע איז אויף נאַכט געבליבן בײַ דער גאַלעכטע.

— אַז מע קלינגט איז אַ כאַגע, — האָט לייע געטײַנעט.

— ווי איז דיר ניט קיין ביזאָיען, לייעטשקע?! האָסט דאָך מיט אים אָפּגעלעבט אַזויפיל יאָרן, געבווירן אים זיבן קינדער און אויף דער עלטער גאָר מעשוגע געוואָרן!

די מיִעסע נײַס איז דערגאַנגען אויך צו לייזערקען. ער איז געקומען אַן אויפגעבראַכטער און גלײַך, ווי זיי וואָלטן געווען מענטשן פון איין עלטער, אַ פרעג געטאָן:

— ס'איז אָן עמעס, טאַטע?

— וועגן וואָס פרעגסטו?

— איך פרעג בײַ דיר: יאָ, צי ניין?

— איר זײַט אַלע פון זינען אַראָפּ!

— דאָס איז ניט קיין ענטפער, טאַטע! נאָר אויב דאָס איז אַ ליגן, מאַמע, וועל איך דערהאַרגענען דעם, וואָס האָט אים אויסגעטראַכט!

דערגיין אַ טאָלק, ווו איז דער אָנהייב פון אָט דער געשיכטע, האָט מען ניט געקאָנט. לייזערקע האָט באַשטימט אַליין אַ שמועס טאָן מיט דער פּאַלקאָווניצע. ער וועט שוין דערגיין דעם עמעס.

לייזערקע האָט פאַרשפּאָרט זיך דערפרעגן איר אַדרעס — די פּאַלקאָווניצע איז אַליין געקומען צו לייען אין שטוב, קעדיי זיך צונויפרײַדן וועגן אַ צווייטן אַרויספאָר אין דאָרף. און אָנגעהויבן האָט זי דערפון, אַז גלײַכער וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען, ווען אָנשטאָט בערלען זאָל פאָרן לייע. ווערדליק זי, די פּאַלקאָווניצע האָט געהערט, דערמאָנט מען זי, לייען, אינעם



דאַרף אַזוי גוט, אַז דער מיסכער וואָלט געוויס געוווּן בע־סער, ווען מע זאָל זיך פאַרייניקן — זי און לייע.

„הייסט עס, קלײַבט זי זיך פאָרן דאפּקע ניט מיטן טאַטן?"

לייזערקע האָט איר געקוקט אין די אויגן און פעסטגעשטעלט, אַז אין זינען האָט זי, די פאַלקאָווניצע, דאָס פאָרן אין דאָרף, קעדיי אויסבײַטן עפּעס פאַר איר קראַנקן מאַן, וועלכער ליגט אַ צוגעשמידעטער צום בעט העכער דרײַ יאָר, און אַז דער מאַן איז איר טײַערער פונעם אייגענעם לעבן. פאַר די הע־כער דרײַסיק יאָר, וואָס זי האָט מיט אים אָפּגעלעבט, איז ניט געווען אַפילו קיין איין מינוט, זי זאָל פאַרגעסן וועגן אים, דעם טײַערסטן מענטשן אויף דער ערד!

„העכער דרײַסיק פליוס אַן ערעך צוואַנציק, איז אַ קײַ־מעלאָן פּופּציק! — האָט לייזערקע געכעזשבנט. — און דער טאַטע איז אַלט פערציק... ס'אַ ליגן!"

— די מאַמע, — האָט לייזער קאַטעגאָריש געזאָגט, — וועט אין ערגעץ ניט פאָרן! און דער טאַטע — אויך ניט.

— וואָס זשע, ער האָט דערלייגט צו דעם מיסכער?

— פון מאָרגנדיקן טאָג שטעלט ער זיך צו אַ נײַער אַרבעט און וועט קיין צײַט ניט האָבן זיך פאַרנעמען מיט ספּעקוליאַציע.

— בין איך, הייסט עס, לויט אײַער מיינונג, אַ ספּעקוליאַנטקע?!

— איך האָב דאָס ניט געזאָגט, מאַדאַם.

— איך בין אַן אַלטע, קראַנקע, אומגליקלעכע פרוי, יונגערמאַן. איך מוז ראַטעווען מײַן מאַן, וועלכער האָט זיכער מער פון אײַך איבערגעלעבט און אויסגעליטן פאַר זײַן לעבן. כאָטש ער איז געווען אַ פאַלקאָווניק, נאָר ער האָט גלײַך אָנערקענט די נײַע אָרדענונג און האָט איר געדינט מיט לײַב־און־לעבן, ביז ער איז ניט קראַנק געוואָרן. זײַט אַזוי גוט און אַנטשולדיקט זיך פאַרן וואָרט „ספּעקוליאַנט". און פון אײַער טאַטן קאָן זיך אַזוי באַקומען אַ ספּעקוליאַנט, ווי פון מיר אַ פּרימע־באַלערינע!

אַ ברויגעזע און אָן אופגעבראַכטע, איז די פאַלקאָווניצע אופגעשטאַנען, צוגעגאַן צו לייען:

— זײַט געזונט, טײַערע. איך ווינטש אײַך, איר זאָלט אָפן לעבן ניט פאַרזוכן קיין צענט־ביילעק דערפון, וואָס איך האָב פאַרזוכט אין אַלע הינזיכטן, און האָב נאָך דערלעבט אויף דער עלטער, מע זאָל מיך אָנרופן מיטן זידלוואָרט — ספּעקוליאַנטקע. אַדיע!

גוט איז, וואָס די באַגעגעניש איז פאָרגעקומען, ווען בערל לאַזעבניק איז ניט געווען אין דער היים. לייזער האָט טאַקע ניט געזאָגט קיין ליגן — ער האָט זיך אינדערעמעסן צונויפגע־רעדט מיט זײַן שעף, מע זאָל בערלען אײַנאָרדענען אין איינער אַ ווירטשאַפט, ווו עס האָבן זיך געפּאַדערט מענטשן, וועלכע זײַנען באַקי אין דער לאַנדווירטשאַפט און האָבן ליב זיך פאָרען באַ פערד.

ווי נאָר בענטשיק האָט זיך אומגעקערט קיין קאָזשומיאַקי, האָט אים די כאַזנטע אָנגע־זאָגט, אַז רעב מענדל האָט זיך נאָכגעפרעגט, ווען ער וועט קומען אַהיים, און אַז ער דאַרף אים נייטיק. וואָס זשע איז אַזוי פּלוצעם?!

לייע האָט ניט געקאָנט וויסן, אַז באַ דער איצטיקער לאַגע וואָלט רעב מענדלען געלוינט האָבן אָפן זאַוואָד אַ מענטשן, וואָס זאָל כאָשעווע זײַן באַ די אַרבעטער, צו זײַן שטים זאָל מען זיך צוהערן, האָבן אָפּשיי פאַר אים. בענטשיק, דער קאַליקע, נייטיקט זיך איצט אין אַ גרינגער אַרבעט, וועט אים מענדל געבן אַזאַ אַרבעט! בענטשיק וועט גאַנץ פײַן פאַרדינען, און מענדל וועט ניט דערלייגן.

אָבער בענטשיק איז ניט פון די, וואָס וועלן לויפן צו אים הענדעם־פּענדעם — ער האָט צײַט! און אָט איז ער, רעב מענדל, אַליין אַרײַנגעקומען צו גיטלען. בענטשיק איז גראַדע אַ מידער פון וועג אַנשלאָפן געוואָרן.

— זאָל איך אים אופוועקן? — האָט גיטל געפרעגט.

— ווי איר פאַרשטייט. נאָר עפּשער כאָלעמט זיך אים אַ גוטער כאָלעם?

— נאַט אײַך אַ גראַשן פאַר אַלע זײַנע גוטע כאָלוימעס! אַז מע דערלעבט צו אַזאַ עלטער און מע פאַרבלײַבט אָן אַ האַנט, איז אָך־און־וויי!

— טאַקע וועגן דעם האָב איך אַ טראַכט געטאָן, כאַזנטע.

רעב מענדל האָט ניט באַוויזן אויסלייגן זײַן פּלאַן, ווי בענטשיק האָט זיך אויפגעהויבן און פאַרשפּאַרט דער מאמע ריידן פאַר אים.

— אייגנטלעך, האָבן מיר שוין יענע וואָך גערעדט מיט דיר. כ׳מיין, מע האָט דיך נאָך ניט אויסגעכאַפּט?

— ווער באַדאַרף א קאַליקע?

— וואָס הייסט, ווער? איך! וועגן דעם בין איך טאַקע געקומען. וואָס קאָן מען טאָן, אז עס איז אזא צײַט, ווען דער באַלעבאָס גייט צום אַרבעטער און ניט פאַרקערט, ווי אמאָל. מע האָט זיך, הייסט עס, געביטן מיט די יאָצרעס, בענטשיק, האַ?

— צו בײַטן זיך מיט די יאָצרעס איז עס נאָך ניט דערגאַנגען. דער באַלעבאָס זײַט איר!

— דערווײַל, בענטשיק, דערווײַל. וואָס זשע מיינסטו, אז מענדל איז אזא טיפּעש? דערווײַל האָט מען בא די פּריצים צוגענומען זייערע גיטער, צו אונדז וועט מען זיך א נעם טאָן א ביסל שפּעטער — שפּילסט זיך מיט זיי?

בענטשיק האָט פײַנט געהאַט דעם באַלעבעסלדיקן אויסדרוק „מיט זיי”, אין וועלכן עס איז געווען אי ביטל, אי ניט פאַרשטעלטע סינע.

— איך וויל, אז פון מאָרגנדיקן טאָג זאָלסטו זיך שטעלן צו דער אַרבעט, צו אזא אַרבעט, וווּ קיין צוויי הענט דאַרף מען גאָר ניט...

— לאַנג לעבן זאָלט איר! — האָט זיך גיטל אָנגערופן.

— איך דאַרף איצט א מענטשן מיט א קאָפּ. וועסט מיך פאַרבײַטן באַם צונעמען די פּאַר־טיקע פּראָדוקציע (מענדל האָט זייער ליב געהאַט דאָס וואָרט „פּראָדוקציע” און האָט זיך מיט דעם באַנוצט אויף יעדן שריט און טריט). די לעצטע צײַט, מאַכמעס עס איז ניטאָ קיין גע־העריקער אויפזע אויף די „ברויטגעבער” מײַנע, שפּײַען זיי אויף מיר, ווו נאָר זיי קאָנען, און געבן אַרויס אזוינע פּעלעכלעך, אזא פּראָדוקציע, אז דאָס האַרץ רײַסט אויס קוקן אויף איר. איך לייז ניט אָפּ קיין העלפט דערפון, וואָס איך איר איז אַרײַנגעלייגט. און דער קאָמיטעט — ער ווייסט נאָר איינס — אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק פּאָדערן, איך זאָל פאַרגרעסערן דעם אַרבעטסלוין. ס׳הייסט: פּיפּ — סוואָיע, א דיאַק — סוואָיע! איך זאָג זיי פּליישיקס, זאָגן זיי מילכיקס.

בענטשיק האָט אויסגעהערט דעם באַלעבאָס׳ אָנקלאָגעס און האָט זיך פאַרגעשטעלט, וואָס אויפן זאַוואָד טוט זיך. וואָס זשע מיינט ער, דער כאָכעם, אז בענטשיק וועט זיך שטעלן אויף זײַן זײַט?

— הייסט עס, לייגט איר מיר פאָר, איך זאָל זיך שטעלן פאַר אן אויפזעער? הייסט עס, מיינט איר, אז די אַרבעט וועט אַוועק מיט גאָר אן אַנדער גאַנג? און אויב זיי וועלן מיך הערן פאַר א גראָשן?

— דיך וועלן זיי פאָלגן! ביסט דאָך אמאָל געווען זייערער א רעדלפירער.

לאַנג ריידן וועגן דעם האָט בענטשיק ניט געוואָלט, ער האָט אָבער אָנגענומען רעב מענדלס פאָרשלאָג — זיך שטעלן צו דער אַרבעט.

איינער פון די קאָמיטעטשיקעס (אויך א געוועזענער פאַרשיקטער) האָט זיך מאַמעש דערפרייט, ווען ער האָט דערזען בענטשיקן אויפן זאַוואָד.

— אז מע לעבט — דערלעבט מען זיך! — האָט דער אַלטער כאַווער געזאָגט, — האָסטו זיך אמאָל גערעכנט, אז מיר וועלן האָבן די רעכט זאָגן א דייע דעם באַלעבאָס און ניט נאָר זאָגן — פּאָדערן!

— איך האָב זיך דאַפקע גערעכנט און הער ניט אויף גלייבן, אז מיר אַלע וועלן דאָ ווערן די באַלעבאַטים.

— האַלעוואַי, פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן!

— נאָר איינס צום דריטן איז ניט קיין מעכוטן! אַרבעטן דאַרף מען מיט קאָפּ און מיט האַרץ. און ביכלאַל שטעל איך זיך ניט פאָר, אז אן עמעסער באַלמעלאָכע זאָל אַרויסלאָזן פון זײַנע הענט א שלעכט שטיקל אַרבעט.

— כ׳מיין אויך אזוי, נאָר מיר וועלן זיך דערשלאָגן, אז מע זאָל פאַר א בעסערער אַרבעט מער צאָלן.

מענדל איז אײַנגעגאַן דערויף, אז דער קאָמיטעט זאָל באַשטימען, ווער עס אַרבעט בעסער און ווער — ערגער.

פון מאָסקווע און קיִעוו זײַנען אָנגעקומען פרישע נײַס. דאָס שטעטל קאָזשומיאַקי האָט אָנגעהויבן א נײַ לעבן. די נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק, וואָס איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אויך אין פּאָלעסיע, האָט געפרייט דעם לעדער־זאַוואָדטשיק — ס׳הייסט, די נײַע מאַכט האָט סאָפּ־קאָלסאָף אליין פאַרשטאַנען, אז מע דאַרף געבן א ביסל פרײַע לופט אזוינע באַלעבאַטים, ווי

רעב מענדל, ווײַל אַן פּריוואַטן קאַפּיטאַל, — האָט ער געטײַנעט, — קאָן מען פאַרכלינעט ווערן. און ווער איז דער „פּריוואַטער קאַפּיטאַל"? — טאַקע ער און אַזױנע, ווי ער, מענדל פרידמאַן.

דער באַלעבאָס האָט ווידער געשעפּט גאָלד, נאָר מיט יעדן טאָג איז ער סאַרען, זײַן ווײַב, געוואָרן אַלץ פרעמדער און נימעסער. אין אײנעם אַ שײנעם שאַבעס, נאָך דעם וואַרמעס, האָט ער, מישנדיק דעם צימעס מיטן לעפעלע, זיך געווענדט צו סאַרען:

— נו?

— וואָס „נו"? — האָט זיך סאַרע אָפּגעשטעלט נעבן דער קיך־טיר.

— וואָס זשע רעכנסטו ווײַטער טאָן?

— כ'פאַרשטײ ניט...

— דו פאַרשטײסט ניט און איך פאַרשטײ, איז נאָך ניט אײנס און דאָס זעלבע!

— ווי קום איך צו דײַן כאָכמעס?! אַן אַלטע ייִדענע, וואָס ווײסט ניט פונדאַנעט אַהין...

— דו, הײסט עס, ביסט אַן אַלטע ייִדענע? אַן אַלטע ייִדענע וואָלט זיך ניט דערלויבט אַזױ באַוולען דעם אײגענעם מאַן, דעם כאַשעווסטן און רײַכסטן באַלעבאָס אין שטאָט. צי עפּשער בין איך דיר שוין קײן מאַן ניט?

— ביסט מיר שוין לאַנג ניט קײן מאַן! מיר לעבן מיט דיר אונטער אײן דאַך, מיר עסן מיט דיר פון אײן און דעם זעלבן טאָפּ, נאָר פרעמד זײַנען מיר, ווי פרעמד דו ביסט מיר געווען, ביז דו האָסט מיר אָנגעטאָן דאָס ווינטשפינגערל.

— אַזױ די מײַסע?! פרעמד, הײסט עס... איז עפּשער דערפאַר טאַקע האָסטו עס, דאָס פינגערל, אַראָפּגענומען פון דײַן האַנט, ווי אײנער רעדט: אויס קאַלע — ווידער אַ מויד.

— טראַכט דיר וואָס דו ווילסט...

— אַזױ נימעס בין איך דיר? שוין לאַנג?

סאַרע האָט זיך אוועקגעשטעלט לעבן פענצטער, וואָס איז פאַרצויגן געווען מיט אַ ציכטיק פאַרהענגל. געזאָגט:

— זײער לאַנג, מענדל, שוין זײער לאַנג! זינט דו האָסט זיך, ווי אַ מערדער, צערעכנט מיט דײַנע צוועלף אומשולדיקע קנעכט.

— און באַזונדערס מיט דײַן פּאַליובאָווניק — מיט בענטשיקן?

— האָסט געטראָפן — מיט בענטשיקן.

— האָב איך דאָך אים צוריק גענומען אויף מײַן זאַוואָד.

— ווילסט דערמיט אויסקויפן דײַנע זינד?

— נײן, איך וויל, דו זאָלסט האַנאָע האָבן פון אײַערע באַגעגענישן...

— וועגן דעם ווײסטו אױך?

— די גאַנצע שטאָט ווײסט, וואָס פאַר אַ שליאַנדרע איך האָב דעוועט.

— צוליב וואָס?!

— צוליב מײַן אומגליקלעכער טאָכטער, וועלכע מאַכט זיך ניט וויסנדיק, מײַן בלימעלע. ווען דאָס וואָלט געשען מיט צען־פופצן יאָר צוריק, וואָלט איך נאָך פאַרשטאַנען: ביסט געווען יונג, שײן, פריש... אָבער אַצינד?! ווי איז דיר ניט קײן ביזאָיען, מע טײַט דאָך אויף דיר מיט די פינגער.

— אָט די, וואָס טײַטן, זאָלן זײ געשטראָפט זײַן מיט אַזאַ מאַן, ווי דו, און זאָל שוין נעמען אַ סאָף צו אונדזער סיכסעך, מענדל! וויפל קאָן מען אַזױ לעבן? לאָז מיך אַרויס פון דײַן גאָלדענער שטײַג!

סאַרע האָט צערוקט די פאַרהענגלעך און צעפּראַלט דאָס פענצטער, ווי איר וואָלט זײער דושנע און מלאָסנע געוואָרן. אַ פריש ווינטל האָט זיך אַרײַנגעריסן אינעם עס־צימער. קעגניבער אויפן ברעטלדיקן טראָטואַר האָט זי דערזען בענטשיקן. ער האָט געשטעלט ברײטע טריט, דער פּוסטער אַרבל האָט זיך געוויגט הין־און־צוריק. סאַרע האָט מיט אַ שטומען ווײ אַ טראַכט געטאָן: „אַפילו אַזאַ ביסטו מיר ליבער פון אַלע אויף דער וועלט!"

דאָס מאָל האָט זיך מענדל אָפּגעזאָגט פונעם נאָכוואַרמעס־דרעמל. ער האָט אויף זיך אַרויפגעוואָרפן דעם לײַכטן זומער־מאַנטל און איז אַרויס אין גאַס. אויפן ראָג האָבן זײ זיך באַגעגנט — מענדל און בענטשיק. נאָר ווי מע וואָלט זיך ניט דערקענט, איז מען אײנס דעם אַנדערן פאַרבײַגעגאַנגען.

סאַרע האָט גענומען צונויפלײגן אירע זאַכן. זי האָט נאָך ניט געוווסט, וווּהין זי וועט זיך אוועקלאָזן. איך די אײנזאַמע נעכט האָט זיך איר ניט אײן מאָל געכאַלעמט דער טאָג, ווען זי וועט גײן מיט איר קלומעקל צו דער אַלטער גיטל, צו בענטשיקן. נאָר אַז דאָס וועט פאַרקומען אַזױ גיך, האָט זי זיך ניט פאָרגעשטעלט.

סאַרע איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב פּאַרזיכטיק, ווי מע גייט אַרײַן דאָס ערשטע מאָל אין אַ טײַך, ווען דאָס וואַסער איז נאָך ניט זייער אָנגעוואַרעמט. זי איז אַרײַנגעקומען מיט איר קלומעקל, זיך שיר ניט קיין קלאַפּ געטאָן אין דער נידעריקער פּריטאָלאָקע.

— אַ וויטעק איז מיר! — האָט גיטל אויסגעשריגן, — ביסט נעבעך ניט געוווינט צו אַזעלכע נידעריקע טירן.

— נישקאָשע, מע ווערט זיך צוגעוווינען, — האָט סאָרע ליב אַ שמייכל געטאָן.

— אוואַדע, אוואַדע! צו צאָרעס, זאָגט מען, ווערט מען צוגעוווינט.

— צאָרעס? וואָס פאַר אַ צאָרעס?! זאָלן זיי מער ניט דערמאָנט ווערן אין אײַער שטוב, מומע גיטל! אַ גוטע וואָך!

— אַ גוט יאָר און אַ גוט לעבן אָף דיר!

גראָדע באַ אָט די ווערטער איז בענטשיק אַרײַן אין שטוב. און כאָטש מע האָט נאָך ניט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, איז אים מיטאַמאָל ליכטיק געוואָרן אין די אויגן.

— האָסט אָף מיר זיכער ניט געוואַרט, בענטשיק?

— איך וואַרט אָף דיר דאָס גאַנצע לעבן!

גיטל איז אַוועק אין איר קליין קיכעלע עפּעס צוגרייטן פאַרן גאַסט. און זיי, סאָרע מיט בענטשיקן, זײַנען געבליבן זאַלבעצווייט. ער האָט געמאַכט צו איר צוויי גרויסע שפּאַן, גענומען אין זײַן אײַנציקער האַנט אירע ביידע קליינע הענט. איצט איז שוין זייער ליבע ניט קיין פאַרבאַהאַלטענע זאַך, ניט קיין געגאַנווטע ליבע.

— האָסטו אים כאָטש געזאָגט, ווּהין און צו וועמען דו גייסט?

— אַלץ, וואָס עס האָט געדאַרפט געזאָגט ווערן, האָב איך אים געזאָגט. איך האָב זיך גאָר ניט געריכט, אַז מיר וועלן קלעקן אַזוי פיל ווערטער. מיר איז נאָר אַ ראַכמאָנעס אָף בלימע־לען.

דער אָוונט האָט זיך געצויגן לאַנג. די אָרעמע וועטשערע, די גלאָז טיי מיט סאַכאַרין, דאָס שטילע ריידן, דאָס בלינצנדיקע לעמפּל און די לאַנגע שאָטנס, וואָס האָבן זיך געשפּרייט אָף די עטוואָס בלויִלעכע ווענט, דאָס קלומעקל מיט סאָרעס זאַכן, נאָך ניט צעלייגטע און ניט צעהאַנגענע — אַלץ, אַלץ איז געווען פּאַשעט און וואַכעדיק.

אוואַדע וואָלט גיטלען ליבער געווען, ווען איר זון שטעלט אַ כופּע, ווי באַ לײַטן קומט עס פאַר, נאָר זאָל בענטשיק טאָן אַזוי, ווי ער פאַרשטייט.

פאַרטאָג איז ער אַוועק אָפּן זאַוואָד און זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. עטלעכע פּעלעכ־לעך האָט ער אָפּגעלייגט אין אַ זײַט — פאַרבראַקעוועט. ער האָט אַרויסגערופן דעם, וועלכער האָט אַזוי נאַכלעסיק „אויסגעקאַנטשעט” דאָס שטיקל אַרבעט.

— וואָס איז עס פאַר אַ פּלעקן? מיינסט אוואַדע, אַז איך בין בלינד?

— פון קיין פּלעקן קאָן מען ניט זײַן באַוואָרנט. באַ אײַך פּלעגט זיך דען אַזוינס ניט טרעפן?

דעם באָכער איז ניט צום האַרצן געווען בענטשיקס מוסער זאָגן. „אָט אַזוי פאַרטיידיקט ער אונדז, דער געוועזענער אַרבעטער? ער איז מענדלס אַ מענטשו” בענטשיק האָט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס דער באָכער טראַכט, ער האָט אים מיט דער לינקער האַנט אָנגענומען באַם אַקסל:

— טראַכט וועגן מיר, וואָס דו ווילסט, נאָר קיין בראַק וועל איך ניט דערלאָזן. אַרבעט מוז זײַן אַרבעט!

מענדלען האָט מען דעם טאָג ניט געזען אָפּן זאַוואָד. געוויינלעך האָט ער זיך אינטערע־סירט מיט אַלץ, וואָס עס קומט פאַר אין יעדער זאַלניע, באַ יעדן אַרבעטס־טיש. די לעצטע צײַט איז ער געווען פאַרזיכטיק מיט די אַרבעטער — ווו מיט אַ ווערטל, ווו מיט אַ וויץ, אַ כאָכמע, מיט אַ נײַס וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אָף דער וועלט, ווי מענטשן פּוכנען פון הונגער און באַ אים, באַ רעב מענדלען, פאַרדינט מען אָף אַ שטיקל ברויט און אַמאָל טאַקע אָף אַ ראַסלפלייש.

הײַנט האָט מען אים ניט געזען. צי ווײַל ער האָט זיך ניט געוואָלט באַגעגענען מיט בענטשיקן, צי ווײַל זײַנע געשעפטן האָבן אים געטראָגן דער רועך ווייסט וווהין. בענטשיק האָט זיך דאַפּקע אײַנערלעך צוגעגרייט צו דער באַגעגעניש מיטן באַלעבאָס, דאָס מוז דאָך סאָפּקאָלסאָף פּאַרקומען. ער האָט אַפילע אין קאָפּ צונויפגעשטעלט די געציילטע ווערטער, וואָס ער וועט אים זאָגן: „ניט איך האָב זי באַ אײַך, רעב מענדל, צוגענומען — זי, זי איז אַליין פון אײַך אַוועק. עס וואָלט געקאָנט טרעפן, אַז גראָדע ניט צו מיר, צו אַן אַנדערן... אָבער אַוועקגיין האָט זי געמוזט”

און אויב רעב מענדל וועט באַ אים פרעגן: „פאַרוואָס עפּעס געמוזט? און טאַקע: וואָס עפּעס גראָדע צו דיר? איך האָב פאַר איר ניט יויצע געווען? אַ שלעכטע שטעלע דיר געגעבן?

צי עפשער האָט זי געזען פון מיר אומקאָוועדי?״ בא בענטשיקן איז אויך אָף אָט די דאָזיקע רייד געווען צוגעגרייט אַן ענטפער: „רעב מענדל, אין אַזוינע זאַכן קאָן מען פרעגן נאָר באַם הארצן. צי זי האָט אײַך פּײַנט געהאַט, צי ליב — דאָס האָט איר אַליין געמוזט פילן. איך, צום בײַשפּיל, פיל, אַז זי האָט מיך ליב, און אַז אַוועק איז זי פון אײַך ניט אָף קיין גרינגער און בעסער לעבן, פאַרקערט — אָף אַ פּיסנע שטיקל ברויט און אַ שיטערן קוליש. בא אונדז אין פּאָלעסיע זאָגט מען: פון קיין גוט לעבן אַנטלויפט מען ניט. נאָר אַמאָל איז אַ סוכער געשמאַקער פון אַ פעטן קוגל...״

אַזוי איז דורכגעגאַן אַ טאָג און נאָך אַ טאָג. מענדלס מעשאָרסים האָבן געבראַכט אַ נײַע פּאַרטיִע פּעל, מע האָט זיי געדאַרפט צונעמען און צערעכענען זיך, נאָר דער באַלעבאָס איז אַנטרונען געוואָרן. דער פּאָרזיצער פונעם קאָמיטעט איז אַוועק אין שטאָטראַט:

— פאַרפאַלן געוואָרן מענדל!

— וואָס הייסט — פאַרפאַלן געוואָרן?

— דאָס הייסט: שוין דרײַ מעסלעס, אַז קיינער האָט אים ניט געזען.

— עפשער איז אים נימעס געוואָרן דאָס לעבן און ער האָט זיך עפּעס אָפּגעטאָן?

— אַזאַ, ווי רעב מענדל, קאָן פאַרקירצן די יאָרן אַ צווייטן, אָבער ניט זיך! זיכער עפּעס אַ נײַ שפּיצל, אַ נײַע מאַניפּאַרגיע. וואָס טוט מען אָבער מיטן זאַוואָד? דער זאַוואָד מוז דאָך האָבן אַ באַלעבאָס!

— טאָ זאָל דער קאָמיטעט ווערן דער באַלעבאָס! קלײַבט אויס אַ טאָכיקן מענטשן, אַ געניטן באַלמעלאָכע, און זאָל ער אין אײַער נאָמען ווערן דער אָנפירער, דער באַלעבאָס, — האָט מען געזאָגט אינעם שטאָטראַט. — רעב מענדל האָט זיכער גוט פאַרשטאַנען, אַז דערצו גייט עס, האָט ער זיך מעיאשעוו געווען באַצײַטנס.

אין אַ וואָך אַרום, ווען דער קאָמיטעט האָט באַופטראָגט בענטשיקן, ער זאָל דערווײַל ווערן דער אָנפירער פונעם זאַוואָד, ווײַל ער איז מער פון אַנדערע געניט אין דער אַרבעט און איז בעמיילע דער הויפּט־דייעזאָגער, איז באַוווּסט געוואָרן, אַז מענדלען האָט מען געפּאַקט אָף דער גרענעץ אַן איבערגעטאָנענעם, מיט אַ קליינעם סאַקוואָיאַזש אין די הענט. אינעם סאַקוואָיאַזש האָט ער צונויפגענומען אַ היפּש פאַרמעגן — גאָלד און דימענטן, אַפילע סאָרעס צירונגען, וואָס זי האָט ניט געוואָלט מיטנעמען מיט זיך, ווען זי האָט אים פאַרלאָזט, און דער טאָכטערס קולאָנען און פינגערלעך און ביכלאַל איר גאַנץ דראָשעגעשאַנק. מע האָט אים, ווי די אָרטיקע ווערטלזאָגער כאָכמענען זיך, געזאָגט אַ גרויסן דאַנק, וואָס ער האָט פאַרשפּאָרט די טשעקיסטן מאַכן בא אים אַן אונטערזוכונג און אַליין אַלץ צוגעגרייט ביז צו אַ גראָשן. „רעב מענדל, — האָט מען אים געפרעגט, — ווי זײַט איר עס געפאַלן אָפן סייכל אַריבערפּעקלען אָף יענער זײַט גרענעץ אַזאַ גוטס? וואָס האָט עס אײַך געשטערט דאָ, בא אונדז, אָף דער זײַט? און אויב איר האָט שוין באַשטימט דערפון פּאָטער ווערן, האָט איר דאָס געדאַרפט צונויפלייגן אין אַ פּאָשעט זעקעלע און אַרײַנטראָגן וווהין מע באַדאַרף, און איר וואָלט פאַרשפּאָרט זיך טרייסלען אין אַן אַרעסטאַנטסקע וואַגאָן אין אויסרײַסעניש.

רעב מענדל, ווי קלוג און דורכגעטריבן ער איז ניט געווען, האָט דאָך ניט געקאָנט געבן צו פאַרשטיין די העפלעכע און באַשיידענע טשעקיסטן, פאַרוואָס האָט ער אָפּגעטאָן אַזאַ נאַרישקײַט. און ווי האָט ער דאָס אַזוי אינמיטנדרינען פאַרלאָזט אָף גאָטס באַראָט אַזאַ לעדערזאַוואָד, מע האָט דאָך אים דערווײַל ניט קאָנפיסקירט, ס׳איז נאָך דערווײַל ניט געווען אַזאַ אוקאַז.

ווי עס וואָלט בא אים אָפּגענומען דאָס לאָשן, האָט מענדל געשוויגן, ניט געוויינט, ניט געבעטן קיין ראַכמים. בעטעווע אַ גאַדלען, האָט ער זיך אַפילע ניט געפּרוּווט דערנידעריקן פאַר אָט די פּראָסטע כײַוועקײַעמס און אויסבעטלען בא זיי כאָטש די פינגערלעך פאַר זײַן טאָכטער, וועלכע וועט, אימירצעהאַשעם, ווערן אַ קאַלע. מע וואָלט דאָך בא אים געפרעגט: און ווער איז דער כאָסן? און קיין כאָסן איז, ווי אַפּצולאָכעס, ניטאָ. מע האָט אים מעכאַבעד געווען מיט אַ גלאָז זיסער טיי, געפרעגט, עפשער רייכערט ער, וועט מען אים געבן אַ פּעקל מאַכאָרקע אָפן וועג... אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער דאַפּקע גענומען, ווײַל ער פלעגט דאָך אַליין פריידיקן דאָס באַוווּסטע פּאָלעסיער ווערטל: „אָט פּריבוטקו האַלאָווא ניע באָליט״... אוי, פלעגט ער ליב האָבן דעם פּריבוטאָק! אַ גראָשן צו אַ גראָשן, אַ רובל צו אַ רובל, אַ טויזנטער צו אַ טויזנטער, און טייקעף דאָס אויסבײַטן אָף גאָלד, ווײַל וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס פּאַפּירענע געלט?! גאָלד איז שטענדיק גאָלד! און וואָס פאַר אַ מאַכט עס זאָל ניט זײַן, איז גאָלד — דער גרעסטער קייסער! ווער האָט זיך אָבער געקאָנט ריכטן, אַז וואָס מער גאָלד דו באַהאַלטסט אויס, אַלץ ווײַטער וועט מען דיך פאַרשיקן, און עפשער טאַקע אַהין, וווהין רעב מענדל האָט זיך געסטאַרעט פאַרטעלעבענצען בענטשיקן מיט זײַנע גאָרגלשנײַדער. אייגנט־

לעך, פאַרוואָס האָט ער זיי געקרוינט מיט אַזאַ נאָמען — גאַרגלשנײַדער? זיי האָבן אָפּן לעבן קיינעם ניט געשניטן, פאַרקערט, מיט זייערע קאָשערע הענט האָבן זיי פֿונזיי̈נטוועגן געשאַפֿן אָט דאָס גאָלד, וואָס ער האָט, קאָן מען זאָגן, אַליין אַריבערגעגעבן אין די טשעקיסטישע הענט.

וואָס איידעלער און פֿײַנער מע האָט זיך באַצויגן צו רעב מענדלען, אַלץ מער האָט עס אים געקימערט. כּיבֿי וואָלטן זיי שוין בעסער געטאָן מיט אים ווי עמעסע רויבער און גאַזלאָנים, וואָס טויג אים זייער צירליך־מאַנירליך, זייער העפֿלעכקייט?

ווי אַפּצולאָכעס האָט מען אים דערוויַל פֿאַרשפּאַרט אין אַ באַזונדערער טפּיסע־קאַמערע, פּונקט ווי ער וואָלט געווען עפּעס אַ גאָר־גאָר גרויסער מלוכע־פֿאַרברעכער, וועלכן מע דאַרף אָף אַ באַזונדער אויפֿן אָפּהיטן. כּיבֿי וואָלט ער געזעסן צווישן אַנדערע אַזוינע, ווי ער, לעמאָשל, פֿרומע ייִדן, מע זאָל זיך קאָנען אויסריידן דאָס האַרץ. איז גראָדע — פּונקט קאַפּויר! אַליין, אַליין, ווי מיט אַ קיווען, ער זאָל וואָס גיכער אַראָפּ פֿון זינען פֿון פּאַרדראָס און אָפּגעבראַכטקייט אָף זיך אַליין. און אין ווּעמען וואָלט ער איצט געוואָלט נעקאָמע נעמען? אָף ווּעמען בעטן אַ גיכן טויט? ווער האָט אים געבראַכט דערצו? ער האָט אין זײַן זיקאָרן איבערגעקליבן אַ סאַך נעמען און אַלע מאָל איז קוידעמקאָל אויפֿגעשוווּמען בענטשיק. בענטשיק און ווידעראַמאָל בענטשיק! און, פֿאַרשטייט זיך, סאָרע. עס וואָלט אים ליבער געווען, ווען ער קאָן זי אָנרופֿן — די אויסגעלאָזטע סאָרע, אָבער דאָס קאָן ער דאָך ניט זאָגן וועגן איר. וואָס־וואָס, נאָר אויסגעלאָזט איז זי ניט געווען.

אָט איז צו אים אין קאַמערע, וואָס טראָגט דעם שיינעם נאָמען „אָדינאָטשקע״ און געפֿינט זיך אינעם טיפֿסטן קעלער, אַרײַנגעקומען דער עלטערער אויספֿאָרשער.

— גוטמאָרגן, רעב מענדל, — אַזוי, דאַכט זיך, האָט מען אײַך גערופֿן אין אײַער שטעטל קאַזשומיאַקי?

— אַזוי, אַזוי, ביז איך בין נאָך געווען רעב מענדל. איצט וואָלט מען מיך שוין אַזוי ניט גערופֿן, — האָט ער טיף אַ זיפֿץ געטאָן.

— נו, נו, נו, — האָט גוטמוטיק אַ שמייכל געטאָן דער אויסגעצערטער גראָוער יונגערמאַן מיט די מידע אויגן, — צו וואָס זאָלט איר זיך אַזוי אויסלייגן?

— „רעב מענדל״ בין איך געווען און „רעב גאַרניט״ בין איך געוואָרן.

דער טשעקיסט האָט אים ניט געפּרוּווט טרייסטן, ער האָט גלײַכגילטיק געקוקט אָפּן געווזענעם נאָגיד און געפּרוּווט באַנעמען, פֿונוואַנען איז צו אים, אָט דעם, אייגנטלעך, ניט נאַרישן מענטשן, געקומען דער דראַנג נאָך גאָלד? צוליב וואָס האָט ער עס געזאַמלט און וואָס האָט ער דערמיט געוואָלט טאָן?

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, רעב מענדל, האָט איר כאָטש איין מאָל אין לעבן האַנאָע געהאַט פֿון אײַער גאָלדענעם זאַק?

מענדל איז ניט אָף קאַטאָוועס אין קאַס געוואָרן, וואָס דערגייט ער אים די יאָרן? וואָס איז ער זיך אײַן אים נויקעם? „עס קומט מיך צעשיסן פֿאַר מײַן האָב־און־גוטס, איז נעמט און שיסט! אָבער טרײַבערט מיר • ניט די נעשאָמע. ס׳הייסט — איך האָב דען נאָך אַ נעשאָמע?! איך בין דאָך שוין אַ מעס...״ און פּלוצעם איז געקומען אַ געדאַנק: וואָס עפּעס אַ מעס? אַפּילע אַ פֿליג, אַז מע וויל זי פּאַקן, הייבט זי אָן אַרויסווײַזן ווונדער מיט אירע פֿליגעלעך און עס טרעפֿט, אַז זי רײַסט זיך אַרויס און איז ווידער אַ פֿליג! אָט וועל איך אים אַזאַ ענטפֿער געבן, דעם כאָכעם מיט די לאַנגע פֿינגער, אָט וועל איך אים זאָגן...״ — און רעב מענדל האָט אויפֿגעהויבן זײַנע אויסגעלאָשענע אויגן אָפּן אויספֿאָרשער.

— איר זאָגט: האַנאָע... איך האָב געהאַט אַ שיינע פּרוי, סאָרע הייסט זי, און אַ טעכטערל — בלימעלע. איר וואָלט געמעגט אָנקוקן מײַן טעכטערל — זי איז אַ סאַך שענער און טײַערער פֿון אַלע מײַנע גאָלדענע און בריליאַנטענע צירונגען. צוליב איר האָב איך דאָס אַלץ געקליבן, געמיינט, אַז עפּשער וועט עס איר העלפֿן זיך געפֿונען אַ פֿײַנעם כאָסן... און מײַן סאָרע... מײַן סאָרע זאָל אָף דער טאָכטערס כאַסענע אָנטאָן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. און די שטאָט זאָל איר מעקאַנע זײַן און זאָגן: מענדל! האָט איר זיך גערי̈כט, אַז דער פּאָשעטער כּיוועקײַעם מענדל זאָל אַזוי אויפֿגעריכט ווערן? איך האָב געוואָלט קאָוועד און טאַקע נעקאָמע נעמען אין מײַנע פֿײַנט.

— ווער זײַנען געווען אײַערע פֿײַנט? — האָט אים איבערגעשלאָגן דער טשעקיסט.

מענדל האָט זיך ניט געפֿונען וואָס צו ענטפֿערן. און טאַקע: ווער זײַנען געווען זײַנע פֿײַנט? בענטשיק און זײַנע כעווירע פֿונעם קאָמיטעט? יאָ, בענטשיק! נאָר צוליב וואָס זאָל ער אָנרופֿן זײַן נאָמען אָט דעם ווילד פֿרעמדן מענטשן. אייגנטלעך, וואָס וויל ער פֿון אים? וואָס איז ער געקומען צו אים אין קאַמערע?

— ווער, פרעגט איר? ס'קאָן הייסן, אַז איך אַליין בין זיך געווען דער גרעסטער פֿײַנט.
— צי האָט איר נאָך ערגעץ־ווו באַהאַלטן גאָלד? זאָגט אונדז. צוליב וואָס זאָל עס פֿאַרפֿאַלן ווערן? טוט כאָטש איין גוטע זאַך, טאַקע צוליב אײַער טאָכטערס וועגן.
מענדל האָט זיך מעיאשעוו געווען און האָט אָנגערופֿן דאָס אָרט, ווו ער האָט פֿאַרבאַהאַלטן אַ גאַנץ היפּשע פּוטעקע, און ניט באַוויזן אַרויסנעמען זי פֿאַרן אַנטלויפֿן. ערגעץ טיף אין האַרצן האָט ער געהאָפֿט, אַז די איבערקערעניש, וואָס עס האָבן געמאַכט אָט די בענטשיקס, איז ניט אויף לאַנג, עס וועט זיך נאָך אומקערן די אַלטע גוטע צײַט און ער וועט זיך אויך אומקערן צו זיך אַהיים, צו זײַן זאַוואָד און צו דער וואַנט, אין וועלכער ער האָט אײַנגעמויערט די צווייטע העלפֿט פֿון זײַן פֿאַרמעגן. דער אויספֿאָרשער האָט אים באַדאַנקט און דערצו געגעבן אַ נײַע אייצע: זיך גוט דערמאָנען, עפּשער האָט ער פֿאַרגעסן נאָך ערגעץ אַן אָרט... זאָל ער זיך דערמאָנען!

## 17. אַז מע לעבט — זעט מען זיך

...און קיין קאַזשומיאַקי איז אָנגעקומען אַ בריוו מיט עטלעכע שטעמפּלען און פֿילקאָלירטע מאַרקעס. דאָס איז געווען אַ בריוו פֿון בענטשיקס ברודער שניירער צו דעם געוועזענעם באַלעבאָס רעב מענדל, בײַ וועלכן שניירער האָט אַמאָל מיט לײַב־און־לעבן געדינט און זיך צוגויפֿגעשלאָגן אַ ביסל געלט אויף אַ שיפֿסקאַרטע קיין אַמעריקע.
דעם בריוו האָט רעב מענדל ניט געהאַט די זכיה צו באַקומען און לייענען, מע האָט דעם בריוו איבערגעגעבן זײַן טאָכטער בלימעלע, ניט סאָרען, נאָר טאַקע דער טאָכטער, ווײַל סאָרע וואָלט דעם בריוו אפֿילו ניט גענומען אין די הענט: איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל — אָפּגעשניטן און אַלץ. אַלץ וואָס עס האָט אַ שײַכות צו מענדלען, גייט איר ניט אָן.
בלימעלע האָט צוויי מאָל איבערגעלייענט דעם בריוו און זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דייע — באַווײַזן אים דער מאַמען, צי עפּשער צערײַסן. לעסוף האָט זי באַשטימט זיך האַלטן אָן אייצע מיט בענטשיקן — פֿאָרט שניירערס עלטערער ברודער.
זי איז צו אים אַרײַנגעגאַן אינעם שמאָלן צימערל, אין וועלכן עס איז, געוויינלעך, געזעסן איר טאַטע דער זאַוואָדטשיק. בענטשיק האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז איר געגאַנגען אַנטקעגן.
— אַ גאַסט, אַ גאַסט! קום אַרײַן, בלימעלע, זיץ, בלימעלע.
— איך האָב צו אײַך אַן איניען, — האָט זי שטיל געזאָגט און דערלאַנגט שניירערס בריוו.
— אַן איניען? איז דאָך אוואַדע גוט! וואָס זשע פֿאַר אַן איניען?
— אַ בריוו. פֿון אַמעריקע. טאַקע פֿון אײַער ברודער צו מײַן טאַטן.
בענטשיק האָט גענומען דעם בריוו און פֿאַוואָליע, וואָרט בײַ וואָרט געלייענט שניירערס קאָטשערעס, וועלכע ער האָט פֿײַנט געהאַט נאָך פֿון קינדווײַז אָן.
„הויכגעשעצטער און כאָשעווער פֿרײַנט, רעב מענדל!
עס שרײַבט אײַך דעם דאַזיקן לעטער אײַערער אַן אַלטער גוטערפֿרײַנט און אַ געוועזענער אַרבעטער, אויב איר האָט מיך ניט פֿאַרגעסן, שניירער, דעם קאַזשומיאַקער כאַזנס עלטערער זון. ווי אײַך איז באַוווּסט, האָב איך נאָך מיט קנאַפּע צען יאָר צוריק פֿאַרלאָזט מײַן ליבע פּאָלעסיע און בין אַוועק זוכן אַ נײַע היים און נײַע גליקן. גאָט איז אַ פֿאָטער, און איך האָב געפֿונען דאָס, וואָס איך האָב געזוכט. כ'האָב מיר צונויפֿגעקלאַפּט אַ ביסל קאַפּיטאַל און האָב קיין כאַראָטע ניט, וואָס איך בין אַוועק אויווער־לעיאַם. אַ מענטש, וואָס קאָטאָרע זוכט ניט און ריזיקירט ניט, איז קיין מענטש ניט! האָב איך מיר אָנגעזינד אַ ביסל קלינגערס, אויף מײַן ברודער געזאָגט געוואָרן, קרום מײַן שאָדן. נאָר ווי עס שרײַבן איצט אונדזערע אַמעריקאַנער בלעטער, איז מען בײַ אײַך דאָרט אין רוסלאַנד אויך קליגער געוואָרן און מע האָט אָביאַוועט דעם נעפּ, האָב איך זיך באַטראַכט, רעב מענדל, עפּשער וואָלט געווען אַ פּלאַן, מיר זאָלן מיט אײַך מאַכן שוטפֿעס, וואָס בײַ אונדז אין אַמעריקע הייסט עס סטאָק־קאָמפּאַני, און דער רעווערד, ווי איר פֿאַרשטייט אַליין, וועט זײַן כאַצי שעלי וועכאַצי שעלאָך. בײַ אַ גוטן פֿאַרדינסט איז געגנוג אויך אַ העלפֿט. אַמאָל האָב איך געהערט פֿון אײַער מויל, אַז שוטפֿעס איז גוט מיט אַן אייגן ווײַב און נאָך מיט אַזאַ ווי בײַ אײַך, קיין אײַנהאָרע ניט, זאָל זי אײַך געזונט און שטאַרק זײַן! נאָר בײַ הײַנטיקע צײַטן איז אַמאָל אַ גוטער שוטעף געטרײַער פֿון אַן אייגן ווײַב, זאָל איך אַזוי גליקלעך זײַן! איז אָט לייג איך אײַך פֿאָר מײַן פּלאַן. וועט איר דאָך מיך פֿרעגן: וואָס האָב איך עס פֿלוצעם זיך דערמאָנט אין דער ווײַטער קאַזשומיאַקי, אויב אין אַמעריקע שאַר איך גאָלד מיט לאָפּעטעס? איז וועל איך אײַך דערויף ענטפֿערן, רעב מענדל.

ווי אמעריקע איז ניט רײַך, איז זי פאר מיר דאָך, ווי א שטיפמאמע, און די פײַנסטע שטיפ־מאמע איז דאָך א שטיפמאמע, און א מענטש איז אזוי געשאפן, אז ווו ער זאָל ניט זײַן, ציט אים צו דער מאמען. איך האָב מיר דאָ א פײַנעם קאָטעדזש אמין האוס, און אן אוטאָ, און דאָך קומען מיר צו כאָלעם אונדזערע קאָזשומיאקער געסלעך און דער וואלד, און די פאָלעסיער הימלען... בעקיצער, איך דערוואַרט פון אײַך א קלאָרן ענטפער, א לעטער מיט א גוטער טשוווע. מיט איין וואָרט, איך רוף אײַך ניט צו זיך אין דעם אמעריקאנער גאניידן, מײַן הארץ לעכצט נאָך א ביסל קאָזשומיאקער לופט און נאָך די קאָזשומיאקער שטערן... מײַן פינקטלע־כער אדרעס איז אפן בלעטעלע, וואָס איך לייג דאָ צו דערבײַ. איז לאָמיר זײַן געזונט און האָפן...״

בענטשיק האָט מיט איין האנט צונויפגעלייגט דעם בריוו, ווידער באטראכט דעם קאָנווערט און שטיל געזאָגט:

— נו?

— אָט דאָס פרעג איך דאָך בא אײַך, פעטער בענציע.

— וואָס פרעגסטו?

— איך פרעג, וואָס וואָלט דער טאטע געענטפערט אײַער ברודער שנייער?

— ווי קום איך וויסן, וואָס דײַן טאטע וואָלט אים געענטפערט? ווערליק איך קען אים, דײַן טאטן, וואָלט ער זיך אָנגעכאפט אין אים מיטביידע הענט, אים אראָפּגעבראכט אהער מיט זײַן קאפיטאל, פארברייטערט דעם „שאפ״, ארויסגעצויגן פון אים דאָס בלוט און דורכגע־טריבן צוריק קיין אמעריקע, אינעם גאניידן. און אויב דו ביסט אזוי נײַגעריק צו וויסן, וואָס דײַן טאטע וואָלט אים געענטפערט, איז טו עפשער א פרעג בא דײַן מאמען, זי איז איצט גראָדע אין דער היים. און ביכלאל האָסטו זיך מיט איר ניט וואָס צו שעמען און מעגסט זיך מיט איר אָפּטער באַגעגענען.

— ניין, פעטער בענציע, איך וועל פרווון טאָן אנדערש.

— אשטייגער?

— איך וועל אוועקפירן דעם בריוו צום טאטן.

— מעשוגע! ווער וועט דיך צו אים צולאָזן?

— ער איז נאָך זיכער אין קיעוו. קיין געריכט איז נאָך ניט געווען. מע וועט מיך צולאָזן! ס׳קאָן גראָדע טרעפן, אז צוליב אָט דעם בריוו זאָל מען מיט איםריידן אף אן אנדער אופן — ווי ווערט מען עס אָן אזא קאפיטאל!?

בלימעלע האָט זיך לאנג ניט פארהאלטן און איז פארטאָג מיטן אמעריקאנער בריוו אוועק־געפאָרן קיין קיעוו. א טאָכטער בלײַבט א טאָכטער! עפשער וועט זי אים ראטעווען. איצט איז ער געוויס אן אנדער מענטש. די מאמע פלעגט דאָך זאָגן, אז דעם טאטן האָט קאליע געמאכט דאָס געלט. און איצט, ווען ער האָט זיך שוין פון דעם געלט באַפרײַט...

בלימעלע האָט זייער גרינג געפונען לייזן, וועלכע האָט זיך שוין אריבערגעקליבן אין אן אנדער דירע. דער מעטאל־זאוואָד, ווו עס ארבעט אציַנד נאפטאָלע אלס א מעטאלגיסער, האָט באטראכט די לאַגע פון נאפטאָלעס מישפּאָכע — א ווערטעלע: זיבן קינדער! — און אן אלטער פעטער, און דערצו נאָך האָט לייזערקע כאסענע געהאט און ארײַנגעבראכט אין שטוב א שנור, וואָס וואַרט שוין אויך אף א פיצעלע. און אויב איר ווילט וויסן דעם עמעס, איז שוין לייע, דאכט זיך, אויך אף דער צײַט מיטן אכטן קינד... עפּעס דארף מען דאָך האָבן ראכמאָ־נעס אף אזא מישפּאָכע!

לייע האָט מיט גרויס ליבע באגעגנט בלימעלען. ניט אומזיסט האָט זי קנאפע צען יאָר לעבן אָפּגעגעבן דעם קינד, און איינע האָט ליב געהאט די צווייטע, ווי איין מאמע וואָלט זיי געהאט. לייע האָט ניט געוווּסט וועגן דעם, אז מענדל פרידמאן איז ארײַנגעפאלן אין אזא מיעסער געשיכטע. בלימעלע האָט דערציילט, אז סאָרע, איר מוטער, איז אף שטענדיק ארי־בערגעגאנגען צו בענטשיקן און אז דאָס איז געוויס געווען דער לעצטער טראָפּן, וואָס האָט איבערגעפילט דעם בעכער פון מענדלס ליידן. זי האָט איר אויך איבערגעלייענט שנייערס בריוו. גראָדע, ווען זי האָט געלייענט דעם בריוו, איז אף עטלעכע מינוט ארײַנגעקומען לײַ־זערקע מיט זײַן יונג ווײַב. ס׳איז אף זיי א מעכײַע געווען צו קוקן. עס האָט פון זיי מאמעש ארויסגעשײַנט די פארליבטקײַט און דאָס וואַרטן אפן קינד. לייזערקעס ווײַב האָט זיך גע־סטאַרעט מיט דער וואַרעמער שאל מיט פרענזן פארשטעלן איר בויך. בלימעלע האָט ווידער און ווידער דערציילט וועגן איר וויסטן ביזאָיען און, ווויסנדיק, אז לייזער ארבעט אין אן אנשטאלט, ווו מע פארנעמט זיך מיט אזוינע פײַנע לײַט, ווי בלימעלעס טאטע, האָט זי זיך געווענדט צו אים:

— עפשער וואָלט איר מיר געהאָלפן...

3*

לייזער האָט ניט איין מאָל געהערט, וואָס די מאַמע פּלעגט דערציילן וועגן איר געוועזע־נעם באַלעבאָס רעב מענדלען. ער האָט געוויס ניט פאַרדינט, מע זאָל אים צאָלן מיט גוטן, נאָר ניט אין דעם גייט עס דאָך! קיינער נעמט ניט אין אים קיין נעקאָמע. ווייווויי, ווי דאָס בלימעלע איז נאַיִוו, ווי פאַרשטייט זי ניט, אַז דער, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט גאָלד און פּרוּווט עס נאָך אַרויספירן אין אַ צווייט לאַנד, קאָן ניט אויסרעכענען אויף מיטלייד און פאַר־טיידיקונג. און וואָס איז שייך דעם פעטער שנייער מיט זײַנע געשעפטן... אַדעראַבע, זאָל ער זיך אומקערן צוריק קיין רוסלאַנד. ער האָט אַ היפּשן קאַפּיטאַל? איז ווער זאָגט עס זיך אָפּ פון קאַפּיטאַל! פאַרקערט! ווי עס זאָגט דער פעטער עליע קויפמאַן, בעקאָוועד גאָדל!

— אָט אַזוי טאַקע שרײַבט אים אָן, דעם פעטער שנייער. עס האָט זיך אין אים זיכער צעפּלאַקערט אַ קליין פײַערל, וואָס מוז לעבן אין יעדער פּאָלישטשוק, דערצו נאָך וואָס איז אַמאָל געווען אַן אַרבעטער. זאָל ער קומען און פאַרפאָרן גלײַך צו אונדז, מיר האָבן איצט אַ גערעמע דירע!

בלימעלע איז אַוועק אין דעם אַנשטאַלט, וווּ עס אַרבעט לייעס עלטערער זון. מע האָט זי דאָרט זייער פײַן אויפגענומען, געצייצעט איר אַן ערעך דאָס זעלבע, וואָס עס האָט איר גע־זאָגט לייזערקע. און וואָס איז שייך דעם טאַטן, וועט גענומען ווערן אין אַכט דאָס, וואָס ער האָט איין מאָל און אַ צווייט מאָל זיך „דערמאָנט”, ווו עס זײַנען פאַרשטעקט געווען זײַנע גאָלדענע אוצרעס. אַלץ וועט זײַן, ווי דער געזעץ האָט פאָרויסגעזען פאַר אַזוינע אופטוען. זאָל זי רויִק זײַן. זי טראָגט ניט קיין שום אַכרײַעס פאַרן טאַטנס זינד.

דער געשפּרעך מיטן שעף פונעם היכן אַנשטאַלט האָט איר אויפגעעפנט די אויגן. מע קאָן זאָגן, אַז זי איז פאַר איין אָוונט עלטער געוואָרן אויף צען יאָר. זי האָט גענוי איבערדערציילט לייען וואָרט בא וואָרט, וואָס דער קלוגער און, קענטיק, זייער מידער מענטש האָט איר גע־זאָגט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט בלימעלע זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַר לייען. אייגנט־לעך, האָט דאָך לייע גוט געוווּסט, ווי סאָרע האָט ליב בענטשיקן. בענטשיק איז אויך איר, בלימעלען, געפעלן געווען מיט זײַן ערלעכקייט. אָך, ווען לייע ווייסט, מיט וואָס פאַר אַן אָפּשײַ און דערעכערעץ די אַרבעטער פונעם לעדער־זאַוואָד באַציִען זיך צו בענטשיקן! גע־אַרבעט אויפן זאַוואָד. מע קאָן מיינען, אַז דאָס גאַנצע גוטס פונעם זאַוואָד געהערט אים.

אויפן דריטן טאָג, ניט דערשלאָגנדיק זיך קיין באַשטימטן ענטפער אויף איר באַקאָשע אָדער אָנקלאָגע, איז בלימעלע צוריק אַוועקגעפאָרן קיין קאָזשומיאַקי.

גוט, וואָס זי איז אַוועקגעפאָרן, אַניט וואָלט זי געווען אַן איידעס פון אַ קריגערײַ בא די לאָזעבניקעס.

הײַנט איז בערל געקומען אַ צעדרודערטער פון דער אַרבעט — מע האָט אים ווידער באַ־פרײַט.

— וואָס איז שוין דאָס מאָל געשען?

— פרעג בא זיי! — האָט ער מיט די פינגער פאַרקעמט די האָר, — עס געפעלט זיי ניט מײַן שרונט! און וואָס איך רייכער צו פיל. און וואָס איך בין קליגער פון זיי און פאַרשטיי טויזנט מאָל מער פון זיי.

— עפּשער דאַכט זיך דיר, בערעלע, עפּשער מיינסטו, אַז דו ביסט גערעכט און זיי פאַר־שטייען ניט?

— אַז זיי לאָזן זיך ניט לערנען! איך דערצייל זיי, ווי עס פירט זיך בא די דײַטשן...

— לאָז צורו דײַנע דײַטשן, — זאָגט אים לייע, — נאָכאַמאָל דײַטשן און ווידעראַמאָל דײַטשן! וואָס טויגן דיר די דײַטשן! טו בעסער אַ טראַכט, פון וואָס מיר וועלן לעבן.

די עטלעכע יאָר לעבן אין קיִעוו האָבן בערל לאָזעבניקן גאָרניט אויסגעלערנט. ער האָט זיך באַנײַס אַ קאָן גענומען צו די קאָרטן, בלויז מיט איין אונטערשייד: מע האָט געשפּילט אָן געלט, זיצנדיק מיטן פעטער עליע, וועלכער איז איצט אַזוי דערשלאָגן געווען, אַז ער האָט שוין געקוקט אויף בערלען ווי אויף זײַנס אַ גלייכן. אַגעוו, זײַנען זיי טאַקע איצט געוואָרן גלײַך — ביידע האָבן גאָרניט געטאָן און געוואַרט, אַז עפּשער וועט זיך גאָט דערבאַרעמען.

— איר וואָלט דאָך געקאָנט פּרוּוון זיך אײַנאָרדענען ערגעץ אין אַ קלייט, אין אַ קראָם. איר זײַנט דאָך גאָרניט אינעם מיסכער.

— ווערן אַ מעשאָרעס? לוי! ניט דערלעבן וועלן עס מײַנע סאָנים! — האָט עליע קויפמאַן געזאָגט מיט קאַס און אַ וואָרף געטאָן אַ „זעקסטל”, וואָס פלעגט אים אַמיינסטן אויספאַלן אָנשטאָט אַ טויז.

דאָס ליידיקגייערײַ האָט בערלען געבראַכט דערצו, אַז אַלץ איז אים געוואָרן נימעס, און ווען ער האָט זיך צופעליק באַגעגנט אין גאַס מיטן אַלטן מויכערספאָרימניק כאַצקל, און

יענער האָט אים אַ פֿרעג געטאָן: „פֿון וואָס זשע לעבסטו אַצינד?“, האָט ער אים געמוזט ענטפֿערן: „פֿון האַפּטאַכע“...

— האַפּטאַכע?! דאָס איז ניט דער בעסטער פֿאַך... קיין בעגעד דערפֿון קאָן מען זיך ניט אָפּנייען.

— און איר, רעב כאַצקל? וואָס טוט איר באַ הײַנטיקע צײַטן?

— וואָס הייסט, וואָס? איך אַרבעט אין אַ ביבליאָטעק.

— און וויפֿל באַקומט איר?

— זעקס טעג אַ וואָך. אום שאַבעס אַרבעט איך ניט.

— איך מיין, וויפֿל באַקומט איר כוידעשלעך.

— פֿון הונגער שטאַרבט מען ניט, דערפֿאַר אָבער בין איך באַ מײַן באַליבטער אַרבעט. אַ מענטש, פֿאַרשטייסטו מיך, דאַרף לעמאַנהאַשעם אַרבעטן. אָן אַרבעט ווערט מען אַ פּוסטער ווערטלזאָגער און מע איז אַין קאָס אַף דער וועלט, נעבעך. פֿאַרוואָס? ווײַל דו ביסט אַ טויגעניכטס, אַ ליידיקגייער, איך זאָג עס ניט, כאָלילע, וועגן דיר, בערל, איך רעד ביכלאַל.

— וואָס טוט מען אָבער, אַז עס מאַכט זיך ניט אַזאַ אַרבעט, וועלכע זאָל מיך אַ צי טאָן.

— אוי, בערל, בערל! אָט דאָס איז דאָך דער אומגליק, וואָס דו וואַרטסט, אַז די אַרבעט זאָל דיך זוכן, און עס מוז דאָך זײַן פֿאַרקערט.

— האָט קיין יעסורים ניט, רעב כאַצקל. איך האָב, קיין אײַנהאָרע ניט, אַ שטוב מיט קינדער, זיי וועלן מיך ניט לאָזן פֿאַלן פֿון די פֿיס. מײַנע עלטערע, זאָלן מיר לעבן און זײַן געזונט, פֿאַרדינען שוין צו ביסלעך. אַפֿילע דער דריטער טראָגט שוין אַרײַן אַ פֿרישע קאָפּעקע. ער איז באַ מיר איצט אַ שטיקל סויכער.

— וויפֿל איז ער אַלט, דער סויכער?

— סאַראַ נאַפּקעמינע! ער איז שוין געוואָרן באַרמיצווע. ער פֿאַרקויפֿט פּאַפּיראָסן. אַ קעלכל האָט ער, ווי אַ גלעקעלע. ער, אַז ער טוט אַ געשרײַ „פּאַפּיראָס“! „קאָמו פּאַפּיראָס!“, צענעמט מען באַ אים מיטאַמאָל די סכוירע.

בערל האָט אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, ניט שטענדיק פֿלעגט הערשעלען, דעם יונגן סויכער, געלונגען פֿאַרקויפֿן דאָס קעסטעלע פּאַפּיראָסן. ער פֿלעגט זיך גענוג אָנלויפֿן און אָנשרײַען, ביז ער האָט פֿאַרדינט אַף אַ לעבל ברויט. דערצו איז נאָך ווי אַפּצולאָכעס אַרויס אַ באַפֿעל, וואָס האָט פֿאַרבאָטן דעם גאַס־האַנדל אָן אַ געהעריקן פּאַטענט. די מיליציע האָט שטרענג נאָכגעקוקט, אַז קיין איין פּאַפּיראָסניק זאָל זיך ניט באַווײַזן אין גאַס.

אַנומלטן האָט אַ מיליציאָנער געפּאַקט הערשעלען באַם קאָלנער, אָפּגעפֿירט אים אין באַצירק. מע האָט צונויפֿגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל און אין אַ וואָך אַרום איז אָנגעקומען אַ פּאַפּירל, אַז מע רופֿט אים אַרויס צום געריכט. אַף איר לעבן איז לייע ניט אויסגעקומען צו שטעלן זיך פֿאַרן געריכט. דאָס וואָרט „געריכט“ האָט זי פּאַשעט געשראָקן. זי האָט אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעוויינט און אין איר צאָרע האָט זי שולדיק געמאַכט איר מאַן, וואָס צוליב זײַן ליידיקגייערײַ מוז נעבעך דאָס קינד אַרומלויפֿן מיט פּאַפּיראָסן. גוואַלד! וואָס וועט ער דאָרט זאָגן? וויאַזוי וועט ער זיך אַרויסדרייען פֿון „פּראַוואָסודיע“ — דאָס וואָרט האָט לייע פֿאַרגעדענקט נאָך פֿון יענע אַלטע צײַטן, ווען דער סאָטסקי פֿלעגט איר אײַנטײַנען, אַז די אַלמעכטיקע פּראַוואָסודיע שטייט אַף דער וואַך פֿון דער גערעכטיקייט.

דער פֿעטער עליע איז הײַנט אויפֿגעשטאַנען נאָך פֿריִער ווי געוויינלעך, אָפּגעזאָגט שימענעסרע און אַף זײַן אויפֿן גענומען טרייסטן די אומגליקלעכע מאַמע:

— אַלץ וועט, מירצעשעם, זײַן מיט גאָטס כעסעד.

דאָס מאָל האָט הערשעלע ערלעך אָפּגעדאַוונט. דער טאַטע און אַפֿילע דער פֿעטער עליע זײַנען צופֿרידן געבליבן.

— און וואָס וועסטו דאָרט זאָגן, אויב מע וועט באַ דיר פֿרעגן: ווער שיקט דיך אין גאַס?

— איך וועל זיי זאָגן, — האָט זיך הערשעלע אָנגערופֿן ניט לאַנג טראַכטנדיק, — איך וועל זיי זאָגן, ווי דער פֿעטער עליע האָט מיך געלערנט: „גאָלאָד ניע מאַטקאַ, גאָספּאָדאַ סודיע!..“

— כאַסוועכאָלילע! — האָט זיך דער פֿעטער עליע אָנגעכאַפּט פֿאַר דער לינקער פּייע, — אַהער טויג ניט אַזאַ מין ענטפֿער. דאָ פּאַסט ניט דאָס וואָרט „גאָלאָד“... אַזאַ וואָרט טאָר מען ניט אַרויסברענגען פֿון מויל!

— וואָס זשע? וואָס דאַרף ער זאָגן? — האָט זיך לייע ניט געקאָנט באַרויִקן.

און דער געניטער פֿעטער עליע האָט זיך אויסגעצויגן, ווי דאָס וואָלט ער געהאַלטן ענטפֿער פֿאַרן געריכט:

— גאָספּאָדאַ סודיע! און נאָכאַמאָל, נאָר שוין מיט אַ ראַכמאָנעס־שטים: גאָספּאָדאַ סודיע! ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך נאָך אַ קינד, אַן אָרעם קינד בין איך. כוץ מיר, זײַנען פֿאַראַן

נאָך פינף קלענערע פון מיר, וואָס קאָנען נאָך ניט פאַרדינען, און עסן ווילן זיי, און מײַן טאַטע איז א בעזראַבאָטנע. און כאָטש מײַן עלטערער ברודער ארבעט אין טשעקאַ...

— דעם עלטערן ברודער דאַרף מען דאַפקע ניט אַרײַנמישן אין אָט דעם איניען, — האָט זיך אָנגערופן בערל. ער האָט זיך אויך אָף א ווײַלע פאַרגעשטעלט, אז דאָס שטייט ער פאַרן געריכט. — און זאָלסט זיך ניט דערוועגן אַרויסכאַפּן מיטן וואָרט „גאַספּאַדאַ"! וואָס פאַר א גאַספּאַדאַ זײַנען זיי?! טאָוואַרישטשי! נאָר טאָוואַרישטשי זאָלסטו זיי רופן!

לייע האָט אופגעזאָטן פאַר איר געליבטסטן זון און ברויטגעבער א פענדעלע ציקאָריע, צוגעפּרישט א שטיקל אַלטגעבאַקן ברויט. און ווען הערשל האָט, וואַרגנדיק זיך מיטן פרישטיק, פאַרענדיקט, איז לייע מיט אים אוועקגעגאַן אין געריכט.

וויפל זי וועט לעבן, וועט לייע ניט פאַרגעסן דעם געריכט; אין אן ענג־אָנגערייכערט צימערל זײַנען געזעסן א סאַך מענטשן. צווישן זיי אַזוינע, וועלכע האָבן געוואַרט וואָס גיכער דערהערן דעם אורטייל.

לייע איז געזעסן א דערשלאָגענע און דאָך א זיכערע, אז אלץ וועט זיך פאַרענדיקן צו גוטנס. אירע שלאָפלאָזע נעכט, איר בעטן בא גאָט וועט דערהערט ווערן. אזוי האָט געזאָגט דער גאָטספאַרכטיקער רעב עליע, וואָס איז לעצטנס געוואָרן גוט צו דער געלער קאָזשומיאַקער דינסט, כאָטש לייג אים צו צו א מאַקעז!

ווען דער סעקרעטאַר האָט אויסגערופן הערשלס נאָמען און מע האָט פאַרגעלייענט דעם באַשולדיקונגס־אַקט, האָט זיך בא לייען שיר ניט אָפגעשטעלט דאָס האַרץ, נאָר ווען איינער פון די „זאַסיעדאַטעלעס", וועלכע זיצן פון ביידע זײַטן פאַרזיצער פונעם געריכט, האָט געבעטן א וואָרט און האָט א פרעג געטאָן: — „וויפל ביסטו אלט, ייִנגעלע?", האָט בא לייען א צופּ געטאָן דאָס האַרץ, פונקט ווי זי וואָלט זיך באַמיט דערמאָנען: טאַקע וויפל איז ער אלט?

— עס ווערט מיר דרײַצן, — האָט הערשעלע רויִק געענטפערט.

— אין וואָס פאַר א שול לערנסטו זיך? — האָט געפרעגט דער צווייטער זאַסיעדאַטעל.

— ק סאָזשאַליענו!! — האָט הערשעלע מיט א קרעכץ געענטפערט.

„ווו האָט ער עס געהערט אזא וואָרט, — האָט לייע א טראַכט געטאָן, — „סאָזשאַליענו!"...

ווער האָט עס אים אויסגעלערנט?"

די מיטגלידער פונעם געריכט האָבן זיך איבערגעקוקט — זיי איז אויך געפעלן געוואָרן דעם ייִנגעלעס ענטפער.

— ווי לאַנג פאַרנעמסטו זיך מיט פּריוואַטן האַנדל? — האָט א פרעג געטאָן דער פאַרזיצער פונעם געריכט.

— וואָס הייסט: ווי לאַנג?

— א כּוידעש? א יאָר? — האָט דער פאַרזיצער פאַרפּינקטלעכט זײַן פראַגע.

בא הערשעלען האָט זיך שיר ניט אַרויסגעריסן דאָס וואָרט „גאַספּאַדאַ סודיע", וועלכן דער פעטער עליע האָט אים געפּרוווט אויסלערנען, נאָר ער האָט פּלוצעם מיט אלע זײַנע כּושים דערפילט, אז די דרײַ עלטערע מענטשן וועלכע זיצן בא דעם פאַרשפּרייטן טיש, זײַנען גאָר ניט קיין „גאַספּאַדאַ". פאַרקערט, זייער פּאָשעטע און צוגעלאָזטע מענטשן, אַזוינע ווי די מאַמע זײַנע, און אז זיי ווילן ניט און טראַכטן ניט אים טאָן שלעכטס, זיי פרעגן בא אים און דערוואַרטן פון אים אזא מין ענטפער, וואָס זאָל זיי געבן דאָס רעכט אים באַפרײַען און באַרעכטיקן.

— איר זאָגט: „פּריוואַטער האַנדל", פעטערל סודיאַ... בין איך, הייסט עס, דער פּריוואַטער האַנדל? איך האַנדל דען?! איך לויף אַרום פון פאַרטאָג ביז שפּעטער נאַכט. דאָס הייסט בא אײַך האַנדל! איך פאַרדין מיר אָף א שטיקל ברויט. איר מיינט אוואַדע פאַר זיך אַליין? איז האָט איר א טאָעס — פאַר מײַנע ברידערלעך און שוועסטערלעך, כאָווער סודיאַ.

— א סאַך ברידערלעך און שוועסטערלעך האָסטו? — האָט אים איבערגעשלאָגן דער גראָווער זאַסיעדאַטעל מיט די טונקעלע אײַנגעפאַלענע אויגן און לאַנגע וואָנצעס.

— אָ־האָ! מיר זײַנען שוין, קיין אײַנהאָרע ניט, א האַלבער טוץ — איינס איז נאָך גאָר א ברעקעלע, קיין ברויט דאַרף עס נאָך ניט, נאָר קעדיי די מאַמע זאָל עס קאָנען האָדעווען, דאַרף זי אויך עפּעס עסן. אָט זיצט זי דאָרטן־אָ! טוט אָף איר א קוק, וועט איר אַליין פאַרשטיין, פאַרוואָס איך בין, ווי איר זאָגט, א „פּריוואַטער הענדלער". אין אונדזער מישפּאָכע זײַנען ניט פאַראַן קיין פּריוואַטע הענדלער.

לייע איז געזעסן א בלייכע און א דערשראָקענע: — „וואָס רעדט ער? וואָס פּלוידערט ער?! וואָס מישט ער אַרײַן אינעם אומגליק אויך זי מיט אירע פּיצלעך קינדערך?" — האָט זי געטראַכט, די דערהאַרגעטע און פאַרשעמטע לייע. נאָר אָט האָבן זיך די דרײַ צווישן זיך

באַראַטן און, ניט אַרויסגייענדיק אין דעם הינטערצימער, ווי מע טוט עס געוויינלעך, קעדיי באַשטימען די מאָס פון שטראָף, האָט דער פאָרזיצער געזאָגט, אַז דער באַשולדיקטער הערשעלע לאַזעבניק ווערט באַפרייַט, און אַז די עלטערן זייַנע מוזן אים אייַנאָרדענען אין שול, ער זאָל זיך לערנען און אויסוואַקסן אַ נוצלעכער בירגער פון אונדזער לאַנד.

עפּעס האָט ער נאָך גערעדט, דער שטרענגער און דאָך זייער גערעכטער פאָרזיצער, נאָר לייע האָט אים שוין ניט געהערט, זי האָט זיך אופגעכאַפּט פונעם אָרט, אַ נעם געטאָן איר קינד פאַר דער רעכטער האַנט און איז אַרויסגעלאָפן אין גאַס.

און דער דרויסן, וואָס איז געווען אַזאַ כמורנער, אַזאַ ווייַנענדיקער, ווען מע איז פריִער מיט אַ פּאָר שאָ געגאַנגען אין געריכט, איז מיטאַמאָל זוניק־לויטער געוואָרן. און דער בלויער הימל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין הערשלס בלויע אויגן. זיי זייַנען באַ אים קליינינקע און דאָך האָט זיך אין זיי אָפּגעשפּיגלט דעם הימלס גוטסקייַט און טיפקייַט. און לייען איז מיטאָמאָל גרינג געוואָרן דאָס גיין אַהיים, ווו אינעם וויגעלע האָט אף איר ברוסט געוואַרט דאָס זיבעטע קינד, פּונקט מיט אַזוינע אויגן, ווי באַ איר זון, וועלכן מע האָט געקרוינט מיטן נאָמען „פּריוואַטער הענדלער”...

נאָך דעם, ווי לייע איז דאָס ערשטע מאָל אין לעבן בייַגעווען אף אַ געריכט, האָט זי גאָר אף אַן אַנדער אויפן פאַרשטאַנען, ווי גרויס עס איז די שולד פון איר מאַן, וואָס דערלאָזט זייַן קינד אַרומלויפן מיטן קעסטעלע פּאַפּיראָסן איבער די גאַסן. אַוודע איז דעם פּאַפּיראָסניקס פאַרדינסט געווען אַ גרויסע הילף, נאָר לייע וועט בעסער גיין אין די הייַזער, נאָר צו די פּאַפּיראָסן מוז נעמען אַ סאָף! וואָס טוט מען אָבער, אַז בערל איז דאָך אַרבעטסלאָז און דער עלטערער זון באַקומט אַ געהאַלט, וואָס קלעקט אים קוים אף אויסצוהאַלטן דאָס אייגענע ווייַב.

און הערשעלע האָט געטראַכט: ער קאָן דאָך פאַרדינען מיט זייַן קעלכל! מע האָט דאָך אים ניט איין מאָל געזאָגט, אַז זייַן אויסגעשריי „פּאַפּיראָס! קאָמו פּאַפּיראָס!” קלינגט באַ אים, ווי אַ ליד, אַ מעכייַע צו הערן! דערצו האָט ער דאָך אַליין געזען, ווי אפן מאַרק טרעטן אַרויס גאַנץ כאָשעווע און עלטערע פון אים מענטשן. מע זינגט, און דער אוילעם וואַרפט זיי אין היטל מאַטבייעס.

הערשעלען איז באַזונדערס געפעלן געווען צו הערן, ווען אַ גאַנץ כאָשעווער אַרטיסט מיטן נאָמען לאַזאַריעוו — מע האָט געשמועסט, אַז דאָס איז טאַקע זייַן עמעסער נאָמען, — ווען אָט דער לאַזאַריעוו מיט זייַנעם אַ געהילף, וואָס שפּילט אף אַ קליינינקער האַרמאָניע, זינגט זייַנע קופּלעטן און דער אוילעם קייַכט פון געלעכטער. דער לאַזאַריעוו טוט אָן אפן קאָפּ אַ רויטע טערקישע פעסקע, פאַרגלאָצט די אויגן און הייבט אָן, אומיסטן איבערקרימענדיק די ווערטער:

Надоела мене жисть моя турецкая,
Захотел я посмотреть на жисть савецкая,
Что там все едят, што пьют
И што дают...

דאָ פּלעגט ער גנייווויש אַ פינקל טאָן מיט די אויגן, אַ רייַב טאָן די פינגער, און ערשט אָנהייבן דערציילן, ווי ער באַזוכט פאַרשיידענע אַנשטאַלטן און מיט וואָס פאַר אַ פייַנע לייַט ער באַגעגנט זיך דאָרט. אַלע מאָל פּלעגט ער באַנייַען זייַנע קופּלעטן מיט פרישע אַנעקדאָטן — און דאָס פּלעגט שטאַרק אויסנעמען. אפן מאַרק האָט מען אים שוין גוט געקענט, אים מיט זייַן ברייטן שירעם, וועלכן ער פּלעגט קונציק דרייען בעשאַסן אויסשפּילן דאָס לידעלע וועגן לופּטמענטש.

ווי דאָס וואָלט געווען אַ באַשערטע זאַך, האָט זיך הערשעלע באַגעגנט אין מאַרק מיט אַ באָכערל פון זייַן עלטער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ פאַמיליע, וועלכע האָט דאָס גאַנצע לעבן געאַרבעט אין אַ וואַנדער־צירק. דער טאַטע פון זייַן נייַעם כאַווער האָט געטראָגן דעם באַרימטן נאָמען „בען אַלי — פאַקיר פון אינדיע”. דער „פאַקיר” פון אינדיע האָט באַוויזן ניסים. ער האָט געקאָנט מיט זייַנע געוויינלעכע ציין קייַען גלאָז, שלינגען לעבעדיקע פישלעך און זיי צוריק אַרויסלאָזן דורכן מויל, ער האָט אָנגעצונדן קעראָסין און דעם פלאַם אַרויסגעלאָזט דורך די נאָזלעכער, אייַנגעשלונגען עטלעכע אַרשין סטענגעס און קונציק זיי אַרויסגעצויגן צוריק. אָט דאָס אַלץ האָט זיך דאָס באָכערל אויסגעלערנט באַם טאַטן, און אַצינד, ווען דער טאַטע איז ערגעץ אַנטרונען געוואָרן צוזאַמען מיט זייַן נייַער יונגער פּאַרטניאָרשע און דער זון איז געבליבן היימלאָז, האָט ער באַשטימט ווערן אַ מאַרק־אַרטיסט. צום באַדויערן,

איז ער געווען גאַנץ שעפּעליאַווע און אַרויסברענגען צוויי ווערטער פֿאַרן אוילעם איז אים געווען צו שווער, שווערער ווי אײַנשלינגען אַ שטאָלענעם אַרשין, וואָס קאָן אים זיכער דערלאַנגען ביזן פּופּיק.

און עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אַטראַקציאָן, אין וועלכן „בען אלי דער צווייטער" האָט באַוויזן קונצן און דאָס געלע קלײַנדיקע ייִנגל, וועלכן עס האָט ניט אָפּגעגליקט צו ווערן קיין סויכער, האָט געמאָלדן דעם נומער פֿון דער פּראָגראַם און דערצו נאָך געזונגען קופּלעטן. איינעם פֿון די קופּלעטן האָט ער בעפֿיירעש גענאַשט בא לאַזאַריעוון, אים נאָכגעמאַכט, נאָכגעקרימט, נאָר קעדיי עס זאָל ניט הייסן, אַז ער קרימט זיך נאָך, האָט ער געפּרוּווט אַליין צוטראַכטן, אויב ניט אַזוי שאַרפֿזיניק, דערפֿאַר אָבער צום אָרט, אָנרופֿנדיק באַקאַנטע נעמען פֿון די מאַרק-סעדעכעס. דאָס פֿלעגט באַזונדערס אויסנעמען בא די צוהערער.

Пирожки! Пирожки!
С маком и с вареньем.
Покупайте пирожки
Только в тёти Хвени!

די דיקע מומע כפֿעניע האָט געהאַנדלט מיט פּירעשקעס, וועלכע זי האָט געפּרעגלט טאַקע דאָ אָפֿן מאַרק אָף אַ ספּעציעל צוגעפּאַסט אייוועלע. דער מיסכער פֿון דער „טיאָטיע כפֿעניע" איז געווען ניט קיין שלעכטער. עס פֿלעגן זי אַרומרינגלען פֿיל קוינים, באַזונדערס ווען דאָ, לעבן איר, האָבן די כעווערע אַרטיסטן — „בען אלי" און דער געלער זינגער — אָפּגעשפּילט זייערע קאָנצערטן. צו די מיליאָנען, וואָס מע פֿלעגט צונויפֿזאַמלען, האָט מען נאָך באַקומען אַ פּאָר געשמאַקע פּירעשקעס, וואָס האָבן געשמעקט — אַ מעכײַע.

בעשאַס איינעם אַזאַ קאָנצערט איז צו דעם קופּלעטיסט צוגעגאַנגען אַן אַלטער גרויער מאַן, בא וועלכן אָף דער זײַט איז געהאַנגען אַ גאָר־גאָר אַלטע לירע. לעבן אים מיט אַן אויסגעשניצטן לאַנגן טרוקענעם שטעקן אין דער רעכטער האַנט איז געגאַנגען זײַן פּאָוואָדיר מיט אַ ברייטער לײַנענער טאָרבע אָפֿן אַקסל. דער אַלטער האָט אָנגענומען דעם געלן מאַרק־אַרטיסט פֿאַר דער פּלייצע און אַ פֿרעג געטאָן מיט זײַן הייזעריקלעכער שטים:

— ביסטו, טשאַסאָם, ניט לייע לאַזעבניקס סינאָק?

— לייעס. וואָסי דען? — האָט זיך הערשעלע פֿאַרוווּנדערט.

— דער מאַמעס שטים בא דיר, סינאָק, לייעס שטים.

— איר קענט מײַן מאַמע?

— אַ־האַ! שוין אַ שאָק מיט יאָרן, אַז איך קען זי! ס׳הייסט, כ׳האָב זי אָפֿן לעבן ניט געזען, — האָט דער בלינדער מיט באַדויערונג צוגעגעבן, — נאָר איר קאָל האָב איך ניט איין מאָל געהערט נאָך דאָרט, אינעם דאָרף, ווען בערקאָ, דײַן טאַטע, איז געווען אַ סאָלדאַט.

— זײַנט איר, הייסט עס, דער לירניק איגנאַט קיסיל, וועלכן די מאַמע מײַנע דערמאָנט אַזוי אָפֿט?

— לאַנג לעבן זאָל זי, אויב זי דערמאָנט אַן אַלטן בלינדן. כ׳מיין, זי דערמאָנט מיך צום גוטן.

— וואָס פֿרעגט איר! אוודע צום גוטן.

— נו, איז פֿיר מיך אָפּ צו איר. נאָר טאַקע באַלד!

הערשל האָט גענומען דאָס היטל מיט די עטלעכע פּאַרדינטע פּאַפּירלעך, זיי אָרנטלעך צעטיילט, ווי ער פֿלעגט דאָס טאָן מיטן קונצנמאַכער „בען אלי דעם צווייטן", און איז אַוועק מיטן אַלטן קיסיל און זײַן פּאָוואָדיר אַהיים, אָפֿן דריטן שטאָק פֿונעם גרויסן מויער, וואָס שטייט ניט ווײַט פֿונעם מאַרק.

לייע האָט גלײַך דערקענט דעם לירניק, כאָטש ער האָט זיך זייער געענדערט פֿאַר די זיבן־אַכט יאָר, זינט זי האָט זיך מיט אים געזעגנט באַקענט, ווען ער איז צו איר געקומען אין שטוב און ווי אַן אייגענער ברודער זיך צעטיילט מיט זײַנע סוכערעס. די צײַט האָט שיטערער געמאַכט זײַן געלן טשוב, שיטערער זײַנען געוואָרן אויך זײַנע לאַנגע וואָנצעס. בלויז די פֿײַער־רויטע ברעמען זײַנען, דאַכט זיך, נאָך געדיכטער און גרעסער געוואָרן, די אַלט־געוואָרענע פֿאַרגרעבטע פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט איז, ווי שטענדיק, געלעגן אָף דער אָנגעצויגענער גראָבער סטרונע, און די רעכטע — אָף דער קאָרבע פֿון זײַן לירע. ס׳האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק, אַז אָט־אָט וועט ער זי אַ דריי טאָן, די קאָרבע און די לירע וועט זיך, ווי שטענדיק, צעוויינען, צעכריפּען זיך און באַקלאָגן די ביטערע דאָליע פֿון דעם באַרימטן מאָראָזע־מאָראָזענקאָ — דאָס איז געווען די באַליבטע ליד פֿונעם אַלטן לירניק. לייע האָט פֿאַר־

געדענקט די ליד, זי פלעג זיך אפילע ניט איין מאָל דערמאָנען אין איר און איבערכאַזערן די ווערטער:

Ой, Морозе-Морозенко —
Ты славный козаче...
За тобою, Морозенко,
Вся Вкраина плаче...

— וואָס זשע מאַכסטו, לייעטשקע? — האָט איגנאַט אראָפּגענומען זײַן אָפּגעקראָכענעם הוט, וואָס איז ענלעך געווען אַף אַן אַלטמאָדישן פעלץ־היטל, — ווען ניט דײַן פּידסווינעק, וואָס איז בא דיר גאָר א גאַנצער ארטיסט, וואָלט איך ניט געוווסט, ווו דו ביסט אהינגעקומען. דאַרף אָבער גאָט העלפן, און איך דערקען לויט זײַן קעלכל, אַז דאָס איז דײַן סינאָק! א פּײַן קעלכל בא אים! ווען איך פאַרמאָג אזא קאָל — אַהאַ — וואָלט איך עפּשער, כ׳ווייס... און עפּ־שער ניט, לייעטשקע. זיכער — ניט! מײַן לירע וועל איך ארויסלאָזן פון די הענט נאָר מיטן לעצטן אָטעם, ווײַל אָן דער לירע, וואָס בין איך ווערט? די לירע איז מײַן צווייטע נעשאָמע, זאָל איך אזוי געזונט זײַן! זי, אַז זי טוט א קרעכץ, פאַרשפּאַר איך לאָזן א טרער...

## 18. א גאַסט פון יענער־וועלט

בלימעלע האָט זיך אומגעקערט קיין קאָזשומיאַקי און האָט געטאָן אזוי, ווי מע האָט איר געייצעט אין קיִעוו, און געייצעט האָט מען איר, זי זאָל פּרווון א רעד טאָן מיט דער מאַמע. און וואָס איז נעגייע דעם טאַטן, דעם געוועזענעם באַלעבאָס פונעם לעדער־זאַוואָד, וועט ער זײַנס באַקומען, נאָר ס׳איז ניט שרעקלעך, ער איז געזונט און וועט קאָנען אויסקויפן זײַנע זינד מיט ארבעט. מע וועט דאַרט געפינען פונזײַנעטוועגן א פאַסיקע מעלאָכע. ער האָט גע־טאָן ווי א כאַכעם, האָט מען איר געזאָגט, וואָס ער האָט זיך מוידע געווען, ווו ער האָט באַ־האַלטן דאָס רעשט גאָלד און די ברילִיאַנטן. איצט דאַרף גראָד די מעלוכע גאָלד און ברי־ליאַנטן, ווי דאָס לעבן... איז אָט, פאַרט, — האָט מען איר געזאָגט, — און ביידע, איר און אײַער מאַמע, שרײַבט אָן א בריוו צום פעטער שנייער, אַז אויב ער בענקט אזוי נאָך זײַן אַלטער היים, איז זאָל ער זיך אומקערן און זיך נעמען פאַר דער ארבעט. זײַן אָנגעזאַמלטער קאַפּיטאַל וועט, כאַלילע, ניט פאַרפאַלן ווערן און וועט צוניץ קומען אַף צו מאַכן א לעבן אַף א נײַעם אויפן.

סאָרען איז ליב געווען, וואָס איר טעכטערל, אַן איידל קינד, אַן עמעס בלימעלע, האָט זיך אײַנגעשטעלט און איז איינע אליין אוועק אין דער גרויסער שטאָט און אָנגעשטעקט פונקט אהין, ווּהין מע דאַרף. און כאָטש פרעמד און דערווידער איז איר, סאָרען, געווען דער געוועזענער מאַן, איז זי דאָך צופרידן געווען, וואָס בלימעלע האָט א קאָשער האַרץ און זאָרגט וועגן איר טאַטן. איינמאָל אין א געשפּרעך מיט דער מאַמען האָט בלימעלע א זאָג געטאָן:

— יעדער מענטש האָט די רעכט ליב האָבן, צי פּײַנט האָבן, לעבן צוזאַמען, צי זיך געטן, אָבער ווערן יענעם א סוינע נאָר דערפאַר, וואָס מע האָט זיך צעבוצקעט, דאָס ניט.

— ניט צעבוצקעט, בלימעלע! צעבוצקעט איז ניט דאָס וואָרט. ער איז מיר נימעס, ווי דער טויט. איך וויל אים דיר ניט פאַרמיִעסן, דאָס איז דײַן טאַטע, נאָר, אַז א מענטש איז א קאַט, קאָן פאַרשיקן אַף קאַטאָרגע צענדליקער אומשולדיקע מענטשן, אַז א מענטש טראַכט וועגן גאָלד און צירונג און וויפל ער האָט ניט איז אים קאַרג, אַז א מענטש פאַרגינט זיך ניט קיין שמייכל טאָן צו א פּאַשעטן ארבעטער, אזא מענטש איז ניט פאַר מיר.

וועגן שנייערס קומען האָט סאָרע זיך געהאַלטן אַן אייצע מיט בענטשיקן.

— וואָס זאָלן מיר זיך שפּילן אין באַהעלטעניש? — האָט בענטשיק געענטפערט, — איך האָב אים ניט איבעריקס ליב געהאַט צוריק מיט יאָרן, ווען מיר האָבן נאָך געאַרבעט אין זאַלניע, און וועל אים, זעט אויס, ניט ליב האָבן, מײַן ברודער, איצט, ווען ער איז געוואָרן אַן אַמעריקאַנער גוויר.

— פונדעסטוועגן, אַן אייגענער ברודער...

— אַן אייגענער ברודער איז מיר געווען יאַנוש בערגער. ניין, ניין! מע דאַרף אים ניט רופן צוריק אהער! זאָל ער זיך האַלטן בא זײַן „שאַפּ", בא זײַן אוטאָמאָביל, און האָנאָע האָבן פון זײַן קאַטעדזש.

גיטל האָט דאַפּקע געוואָלט, אַז שנייער זאָל כאָטש אַף אַ צײַט זיך באַווײַזן אין קאַזשומיא־קי. זאָל מען איר מעקאַנע זײַן אַף איר זון, וואָס איז גאָט צו דאַנקען געוואָרן אַ פֿײַנער מענטש. בענטשיקן שטייט ער ניט אָן, בענטשיק קאָן וועגן אים ניט הערן און זי, גיטל, זי איז דאָך פּאַרט אַ מאַמע. נאָך איין זאַך קאָן גיטל ניט פֿאַרשטיין: עס שטייט אַזאַ געזונטער מויער, אַזאַ מאַלכעס, אין יעדן ווינקעלע פֿינקלט — אַ פֿאַרגעניגן! — און ער, בענטשיק, וויל אַהין ניט אַריבערפֿאָרן מיט זײַן סאַרען, עס וואָלט דאָך זיי ליכטיקער געוואָרן אין די אויגן. איז איינמאָל ניין! מע וויל זיך איבערמוטשען דאָ, אינעם ענגן אײַנגעפּאַלענעם שטיבל, ביז אַ צײַט. מע וועט נאָך האָבן אַ פֿײַנערע שטוב, נאָר יאַרשענען רעב מענדלס גוטס — דאָס ניט!

בלימעלע האָט אָנגעשריבן אַ בריוו דעם הויכגעשעצטן אַמעריקאַנער גוטנפֿרײַנט, וועלכער שטאַרבט מאַמעש פֿאַרייניקן זײַנע קאַפּיטאַלן מיטן טאַטנס. עמעס, זי האָט געשריבן, אַז דער טאַטע געפֿינט זיך אַצינד אַף „מעלוכישער קעסט” און וואַרט, מע זאָל וואָס גיכער אַרויס־טראָגן אַן אורטייל. דאָס האָט זי ניט געשריבן. ס'איז צו באַוווּנדערן — ווער האָט זי אויס־געלערנט צונויפֿשטעלן אַ בריוו, פֿון וועלכן מע קאָן אַרויס ניט וויסנדיק וועגן דעם איקער, אָבער דער אויספֿיר איז געווען, אַז אַלע וועלן דאָ צופֿרידן זײַן מיט זײַן קומען.

אין אַ פּאָר כאָדאָשים אַרום איז שנייער געקומען קיין פּאַלעסיע. אָפּגעשטעלט האָט ער זיך בא בלימעלען. גלײַך אַפֿן וואָקזאַל האָט אים דער באַלעגאָלע דערציילט, אַז רעב מענדל איז פֿאַרשיקט געוואָרן, און אַז מיטן זאַוואָד פֿירט אָן בענטשיק, שנייערס ברודער. דאַפּקע אָן דער רעכטער האַנט, נאָר אַ גאַנץ כאָשעווער און טאַכיקער באַלעבאָס. שנייער, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט איבערנעמען מיט זײַן רײַכקייט, האָט מיט גרויס ווירדע געזאָגט דעם באַ־לעגאָלע, אַז מע וועט, מירצעהאַשעם, פֿאַרברייטערן דעם לעדער־זאַוואָד, און אַז עס וועט זײַן אָלרײַט! פּאַרד, דער באַרימטער מיסטער פּאַרד, וואָס מיט זײַן נאָמען ווערן אָנגערופֿן די שענסטע אויטאָמאָבילן פֿון אַמעריקע, האָט אויך אָנגעהויבן פֿון אַ קלייניקײַט... אַ שאָד, פֿאַרשטייט זיך, וואָס רעב מענדל האָט אַזוי שלעכט אָפּגעשניטן.

— נישקאָשע! דער איצטיקער באַלעבאָס, כאָטש ער איז ניט קיין עמעסער באַלעבאָס, איז דאָך אָן אייגענער ברודער. איר וועט זיך יאַקאָס צונויפֿריידן.

— מיט בענטשיקן? — האָט שנייער איבערגעפֿרעגט, — אין דעם, זעט איר, בין איך ניט זיכער. איר קענט ניט בענטשיקן?

בענטשיק האָט דאַפּקע אויפֿגענומען דעם ברודער גאַנץ איידל. קיין שום מיספֿאַרשטייע־נישן זײַנען ניט פֿאָרגעקומען. מע האָט אַפֿילע ניט דערמאָנט שנייערן זײַנע אַמאָליקע מ׳עסע זיטן. בענטשיק האָט זיך בלויז אינטערעסירט מיט די נײַע מיטלען פֿון באַאַרבעטן פעל. שניי־ער קער דאָך אוואַדע וויסן, ער האָט דאָך אין אַמעריקע אויך געהאַט צו טאָן מיט פעל.

— וואָס זאָל איך דיר לאַנג דערציילן, ברודער־לעבן, — האָט שנייער פֿאַררייכערט אַ פֿײַנעם ציגאַר, — ווי קומט אײַער פעל צו אונדזערע? און ווי קומען אײַערע נעבעכדיקע זאָלניעס צו אונדזערע?! דו קענסט זיך ניט פֿאַרשטעלן דעם אונטערשייד, דעם כילעק, דעם פֿאַרנעם! באַ אונדז אין אַמעריקע, פֿאַרשטייסטו מיך...

שנייער האָט גערעדט וועגן אַמעריקע אַזוי, ווי דאָס וואָלט ער געווען דער עמעסער פּאַר־שטייער פֿון דעם דאָזיקן לאַנד. אַלע מאָל האָט ער אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס וואָרט פּראָספּעריטי, כאָטש ס'איז קאָנטיק געווען, אַז ער פֿאַרשטייט ווײַט ניט פֿינקטלעך דעם באַטײַט פֿון דעם.

— איך פֿאַרשטיי ניט, — האָט אים בלימעלע איבערגעשלאָגן, — וואָס הייסט עס פּראָס־פּעריטי?

שנייער האָט זיך צעלאַכט מיט אַלע זײַנע בלישטשענדיקע גאָלדענע ציין.

— אָך, ווי קאָזשומיאַקי איז נעבעך בלינד און אָפּגעשטאַנען! פּראָספּעריטי? פּראָספּעריטי הייסט, אַז מע מאַכט אַ לעבן און ווען עס איז אָלרײַט. ווען יעדער איינער איז אָנגעשטאָפּט מיט קעש, מיט טשײַנדזש, ס'הייסט, מיט רײַכקײַט, ווײַל אַ בײַטל אָן געלט איז ניט מער, ווי אַ שטיקל לעדער, ווי אַ בויך, איר זאָלט מיר מויכל זײַן, אָן שפּײַז.

שוין פֿונעם ערשטן געשפּרעך מיטן ברודער איז בענטשיקן קלאָר געוואָרן, אַז שנייער איז ניט אַזוי נאַיוו, ער זאָל מיט פֿאַרמאַכטע אויגן זיך לאָזן שווימען אין אַ טיפֿן טײַך. ער האָט, כאָלילע, ניט פֿאַרברענט די בריקן, מיט וועלכע ער קאָן זיך צוריק אומקערן אין דעם געבענטשטן אַמעריקאַנער גאַניידן. דאָס לעבן האָט אים געלערנט פּאָרזיכטיקײַט. ווען בענ־טשיק האָט אים געפּרוּווט דערקלערן, וואָס דאָס וואָרט נעפּ באַטײַט, איז שנייער אויפֿגע־שפּרונגען פֿון אָרט, ווי אַ דולער:

— נעפּ — שמעפּ! נאַ דיר אַ פּעטרישקע פֿאַר אָט די אַלע כאָכמעס דײַנע! וועסט דערמאָ־נען מײַנע רייד: פֿונעם נעפּ וועט זיך אויסלאָזן אַ בוידעם פֿאַר אַזעלכע נאַרונצן, ווי רעב

מענדל, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם קאָפּ. אָן עמעצער ביזנעסמען פאַרלאָזט זיך נאָר אָפן דאָלער און טאָקע נאָר אָפן דאָלער! איך וועל אײַך בעטן, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, נאָר איך וועל זיך בעמכּילע אומקערן צוריק אַהין, צו זיך אין מײַן שאַפּ. גוט, וואָס איך האָב זיך ניט געלאָזט, ווי אַ בלינד פערד, אײַנעם ווײַטן וועג. איך פאָר און וויל ניט האָבן צו טאָן מיט מײַן אייגענעם ברודער, וואָס איז פרומער פונעם ראַוו. באַ אונדז אין אַמעריקע זאָגט מען: „בעסער האָבן צו טאָן מיט דער רעבעצן, איידער מיטן ראַוו"...

שנייער האָט זיך געזעגנט, און דער זעלבער באַלעגאָלע, וואָס האָט אים מיט אַ וואָך צוריק געבראַכט קיין קאַזשומיאַקי, האָט אים אָפּגעפירט אין זײַן צוגעפּוצטן פּאַעטאָן גלײַך קיין קיִעוו. שנייער וואָלט זיך ניט מוחל געווען, ווען ער טוט זיך ניט אָן קיין פאַרגעניגן באַווײַזן זיך פאַר דער שוועסטער לייע, וועלכע ער האָט פון קינדווײַז ליב געהאַט.

קיין מאַטאָנעס האָט איר שנייער ניט געבראַכט, צי ווײַל ער איז בעטעווע געווען אַ קאַרגער, צי ווײַל ער האָט ניט געוווּסט, וואָס אויסצוקלײַבן פאַר איר און פאַר אירע קינ־דער. כ'וועל איר געבן עטלעכע דאָלער, וועט זי זיך קויפן, וואָס זי דאַרף פאַר זיך און פאַר אירע כעווורע, — האָט ער באַשטימט. ווען דער באַלעגאָלע האָט אים אַרײַנגעבראַכט צוזאַמען מיט זײַנע דרײַ פּעק אין לייעס שטוב, האָט ער זיך געוואָרפן לייען אָפן האַלדז, דערנאָך האָט ער אויסגעווישט מיט זײַן קווייטלדיק טיכעלע די פּײַכט־געוואָרענע אויגן און געזאָגט דער שוועסטער מיט אַ טרייסטנדיקן קאָל:

— אַז מע לעבט, דערלעבט מען.

— ביסטו שוין, דאַנקען גאָט, געקומען? דאַנקען גאָט, דאַנקען גאָט!

— געקומען, לייעלע, געקומען, ניט אָף לאַנג, נאָר ווי דו זעסט...

— וואָס הייסט, ניט אָף לאַנג? צוגאַסט קומט מען „ניט אָף לאַנג", און אַהיים — קומט מען אָף שטענדיק.

— ביסט געראַכט, מײַן שוועסטער־לעבן, די פראַגע איז נאָר: ווו איז מײַן היים.

— וואָס הייסט: ווו? ווערדליק איך פאַרשטיי מיט מײַן ווײַבערשן סייכל, איז דײַן היים דאָרט, ווו די מאַמע האָט דיך געבוירן, ווו דו האָסט דעם ערשטן טראָפּן וואַסער געטרונקען און דאָס ערשטע שטיקל ברויט פאַרזוכט.

— באַ אונדז אָבער, אין אַמעריקע, זאָגט מען, אַז די היים איז דאָרטן, ווו עס גליקט דיר אײַנעם געשעפט. און וואָס בין איך ווערט אָן אַ געשעפט? און ווער בין איך אָן אַ געשעפט — אַ ווײַטער קאָרעוו.

דער פעטער עליע, וואָס איז געווען באַ דער באַגעגעניש, האָט צום ערשטן מאָל געזען לייעס ברודער. געהערט וועגן אים האָט ער. מע האָט אים ניט איין מאָל דערמאָנט, דעם רײַכן קאָרעוו, דעם אַמעריקאַנער אָנקל, ווי ער האָט זיך געהאַט אָנגערופן אין אײַנעם זײַנעם אַ בריוו, נאָר ווי ער זעט אויס, האָט דער געוועזענער קרעמער ניט געהאַט קיין פאָרשטעלונג. איצט האָט ער געקוקט אָף אים מיט קינע, מיט נײַגער און, פאַרשטייט זיך, מיט רעספּעקט — פאָרט אַ מענטש מיט אַ קאַפּיטאַל, ניט אַבי ווער, ניט קיין אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער קאָרעוו, ווי, לעמאָשל, ער, עליע, וואָס לעבט אָף קעסט.

שנייער האָט אויך אים דערלאַנגט די קאַלטע טרוקענע האַנט, וואָס האָט שוין פאַרגעסן, וואָס אַרבעט הייסט. ס'איז סוואָרע, אַז דאָרט, אויוער־לעיאַם, פונוואַנען עס איז געקומען דער אָנקל שנייער, זײַנען באַ אַלעמען אַזעלכע איידעלע בלייכע הענט און עפּשער נאָר באַ די נעגידים? אָך, ווי רעב עליע איז אים מעקאַנע געווען — געדאַרפט געווען, אָט ווי דער מיסטער שנייער, מיט צען יאָר צוריק זיך אַריבערפעקלען אַהין, נאָר ווי הייבט מען עס זיך אוף מיט אַ טוץ קינדער און מיט אַזאַ פלוינעסטע, ווי כיניע.

לייע האָט צוליב איר גאַסט צוגעגרייט אַ געשמאַקע וועטשערע: עטלעכע קאַרטאָפּליעס און הערעטשענע לאַטקעס. זי האָט ניט פאַרגעסן, אַז פונקט אַזעלכע לאַטקעס זײַנען געווען אַמאָל באַ איר מאַמען, נאָר לאַטקעס מיט געגנדזענער שמאַלץ זײַנען פון טאָמיד אָן געשמאַ־קער פון לאַטקעס אָף אַ שפּאַרעוודיק לעפּעלע בוימל. די גלאָז ציקאָריע, וואָס איז געווען ביטערלעך־זיס פונעם סאַכאַרין, האָט ניט גאָר אויסגענומען באַם אַמעריקאַנער גאַסט. נאָר ער האָט זיך געסטאַרעט זײַן גוטהאַרציק און געלויבט אין טאָג אַרײַן לייעס מײַכאָלים.

— באַ אונדז אין אַמעריקע קריגט איר דאָס ניט! — האָט ער גוטמוטיק געשמייכלט.

— וואָס זשע, באַ אײַך איז אויך אַ מאַנגל אין הערעטשענער מעל? צי קיין בוימל סטײַעט אײַך ניט?

— כאַלילע! בוימל האָבן מיר. עפּשער ווילסטו אַ טײַך, אַ יאַם פון בוימל — בעקאָוועד גאָדל! מע וועט עס דיר אַרײַנגיסן אין שטוב אַרײַן. אַמעריקע האָט אַלץ פון הערן און

קלערן — ביטע! נאָר ווי קומען זיי דאָרט צו אַזאַ טאַם? יעדער לאַטקעלע באַ דיר, לייע, איז דאָך ווי אַ קיכעלע, כ׳לעבן!

— ווען עס זאָל נאָר זײַן פון וואָס, — האָט לייע אַ זיפץ געטאָן, — ניט אומזיסט זאָגט מען דאָך באַ אונדז אין פּאַלעסיע: מודראַ האָספּאָדיניאַ, יאַק פּאָוונאַ סקריניאַ״...

לייע האָט זיך ניט באַקלאָגט פאַר איר ברודער אויף איר לעבן. דעם מאָן איִרן, דעם שלימאַזל בערל, האָט מען צוגעזאָגט אײַנאָרדענען אויף אַ באַזע, ווו עס ווערן פאַרגרייט אויף ווינטער קאַרטאָפל, קרויט און בורעקעס. ניט גאָר קיין גרויסער געהאַלט, נאָר מיט אַ קאַרטאָפליע און מיט אַ היפּטל קרויט וועט מען זײַן פאַרזיכערט...

דער אַמעריקאַנער אָנקל שניער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ באַלמענאַגן און האָט פאַר די פּלעמעניקלעך אָפּגעזונגען עטלעכע אַמעריקאַנער לידעלעך. דער געוועזענער פּאַפּיראָס־ניק, און דער איצטיקער מאַרק־אַרטיסט, איז אויך מעכאַבעד געווען דעם פעטער מיט זײַנע קופּלעטן.

— ווער פאַרפאַסט דיר עס, אָט די זמירעס? — האָט שנייער אויף אָן ערנסט געפרעגט.

— אַליין, — האָט לייע געענטפערט פאַרן זון, — זאָל ער דיר אויסזינגען מײַן באַליבט ליי־דעלע. און הערשעלע האָט זיך אוועקגעשטעלט פונקט אַזוי, ווי דער וואַנדער־אַרטיסט לאַ־זאַריעוו אין אַ פּאָזע, פאַרגלאָצט די אייגעלעך און האָט פאַרצויגן גראַדע ניט דאָס לידעלע, וואָס די מאַמע האָט געבעטן, אָבער אַ פריילעכס:

אויף פּאָדאָל געלעבט האָט האָפּ סאָ סמיקאָם,
ס׳איז געווען אַ יאַטל, אַן אַנטיקל,
ער פלעג טאַנצן, ער פלעג שפּרינגען,
ווי אַ פויגל פלעגט ער זינגען —
ס׳איז געווען שוין איינמאָל אַן אַנטיקל!

אַ פּליעסקע מיט די דאַרע הענטלעך, אַ שפּרונג אונטער, אַ דריי מיטן קאָפּ, דערצו נאָך צוויי פינגער אין מויל און אַ שאַרפער פײַף און אַ טענצעלע, און אַלץ אַזוי שמײַדיק און לוסטיק, אַז די מאַמע האָט אַזש געשײַנט פאַר פאַרגעניגן. שנייער האָט אויך געקליבן נאַ־כעס, און ווען הערשעלע האָט פאַרענדיקט דעם דריטן קופּלעט מיט אַ קונציקן קולביט און, ווי אַן עמעסער אַרטיסט, צענומען די הענט און פאַרנייגט זיך, האָט שנייער אַ באַפרידיקטער און אַ שמייכלענדיקער דערלאַנגט זײַן לעדערנעם בײַטל, אַרויסגענומען אַ פינפדאָלערדיק פּאַפּירל און פון דער ברייטער האַנט אויסגעשטרעקט דעם כעוורעמאַן. הערשעלע האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמע, ס׳הייסט: צי זאָל ער נעמען, צי עפּשער זיך ניט דערנידעריקן און זיך אָפּזאָגן פון אָט דער רײַכער נעדאָווע.

— נעם, נעם! האָסט עס קאָשער פאַרדינט! — האָט דער אַמעריקאַנער איבערגעכאַפּט דעם זינגערס בליק, — באַ אונדז אין אַמעריקע וואָלסטו מיט אַזאַ קעלכל און מיט אַזאַ טאַנצן געוואָרן אַ מיליאָנער...

— ער וועט דאָ אויך, מירצעשעם, ווערן אַ מענטש!

באַם גאַסט איז געווען אַ גוטע שטימונג. צי ווײַל דער פּלעמעניק האָט אים צופרידנ־געשטעלט, צי ווײַל אים האָט שוין אָפּגעלאָזט דאָס כאַראַטע־געפיל, לעמײַ ער האָט זיך אַזוי אומבאַטראַכט געלאָזט אין אָט דעם ווײַטן וועג. און ווײַל אים איז פריילעך געוואָרן אויפן האַרצן, האָט ער גענומען דערציילן, וויאַזוי ער איז געוואָרן אַ ביזנעסמענטש, וואָס קאָן זיך פאַרמעסטן אַפילו מיטן לעדער־זאַוואָדטשיק רעב מענדל, אַז אַך־און־ווי צו זײַנע יאָרן!

שנייער האָט דערציילט, און לייע האָט זיך דערמאָנט אין יענער צײַט, ווען צווישן אים און בענטשיקן פלעגן פאָרקומען ביטערע קריגערײַען. וואָס מער דער ברודער האָט זיך אויסגעפײַנט, אַלץ מער איז ער איר געוואָרן פרעמד. אויף אַ רעגעלע האָט זיך איר אויסגע־דאַכט, אַז דאָס זיצט באַ איר טיש ניט שנייער, נאָר רעב מענדל. דער מענדל, צו וועלכן עס האָט שניירען אַ צי געטאָן, און עס האָט זיך איר שוין אויפגעהערט וועלן ריידן מיט אים און דערפרעגן זיך וועגן זײַן לעבן אין דער פרעמד, און ווי קומט עס, וואָס ער איז געבליבן איינער אַליין, אַן אַלטער באָכער. דאָך האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— נו, און ווי קומט עס, וואָס דו ביסט נאָך אַלץ איינער אַליין?

— אַליין איז די נעשאָמע ריין! — האָט ער איר גלײַך געענטפערט מיטן באַוווסטן שפּריכ־ווערטל, פונקט ווי ער וואָלט זיך געריכט אויף אַזאַ פראַגע.

— עס נעמט זיך באַ דיר, זעט אויס, פון קאַרגשאַפט, האָסט מוירע, אַז דו וועסט זי דאַרפן האָדעווען, דאָס ווײַב...

דאָס ווערטלען זיך וואָלט זיכער פאַרגאַן זייער ווײַט, ווען עס קומט ניט אַרײַן אַ גליקלעכער און אַן אופגעלעבטער דער עלטערער זון לייעס — לייזער. ער איז געקומען מיט אַ יעדיע, אַף וועלכער מע האָט לאַנג געוואַרט:

— גיט מיר אָפּ מאַזלטאָוו, איך בין געוואָרן אַ טאַטע, און דו, מאַמעניו, — אַ באָבע!

— מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו! — האָט לייע אויסגעשריגן און גענומען קושן איר בכאָר.

רעב עליע, וואָס האָט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג ניט פאַרקנאַסט זײַנע טעכטער, האָט באַגריסט לייזערקען און געטראַכט דערבײַ: „בערל איז שוין אַ זיידע, און איך...״

אין וויגעלע איז געלעגן דאָס אַכטע קינד לייעס, אויך אַ מיידעלע, וועלכער מע האָט געגעבן אַ נאָמען נאָך דער באָבע ציפּוירע. דאָס קינד, אַ צעוויקלטס, האָט געפּאַכעט מיט די פולע הענטעלעך, גלײַך ווי עס וואָלט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר.

און שניידער האָט זיך פּלוצעם דערפילט איינזאַם און באַקריוודעט אין אָט דער ראַשיקער מישפּאָכע, וואָס שפּײַט זיך אויס אַף אַלע זײַנע געשעפטן, אַף זײַן רײַכקײַט, און איז גליקלעך מיטן ביסעלע מאַזל, וואָס איז אויסגעפאַלן יעדן איינעם אין אַזאַ שווערער צײַט.

דעם עמעס גערעדט, האָט ער זיך ניט געקליבן לאַנג צו פאַרברענגען באַ דער שוועסטער — וויפל דאַרף מען עס אַף זיך באַגאַגענען? דערצו האָט ער דאָך ניט אַף קיין קאַטאָוועס געגלייבט אינעם פּאַסעק: „טײַמס איז מאַני!״ — צײַט איז געלט! — האָט ער אָפּן צוויטן טאָג זיך געזעגנט מיט לייען און מיט איר הויזגעזינד, און איז אַוועקגעפאָרן צו זיך, אין זײַן צווייטער היימ.

באַם געזעגענען זיך, האָט ער זיך אַ ביסעלע מער, ווי מיט די איבעריקע, פאַראַהאַלטן לעבן דעם נעבעכדיקן רעב עליע, וועלכער איז אים, אין טאָך גענומען, געווען גאָר אַ פרעמדער מענטש, אַ מענטש, וועלכן מע קאָן אַפּילע ניט פאַרעכענען פאַר אַ ווײַטן קאָרעוו. שניידער האָט אַרויסגענומען פון זײַן לעדערן בײַטל אַ צענדאָלערדיק פּאַפּירל, עס אַרײַנגעשטעקט אים אין דער האַנט. ווען עליע, דער געוועזענער נאָגיד און גאַדלען, האָט זיך געפּרוּווט אָפּזאָגן, ס׳הייסט, ער האָט נאָך באַ קיינעם ניט געבעטן קיין נעדאָווע, האָט אים דער אַמעריקאַנער מיסטער גענומען באַם אַקסל און געזאָגט: „אָלרײַט, אָלרײַט, רעב עליע. איר וועט מיר אַמאָל אָפּגעבן. ניט אייביק וועט איר דאָך זײַן אין אַזאַ לאַגע. אַדיע, ווי מע זאָגט באַ אונדז אין אַמעריקע — אַדיע און אָלרײַט!״

און עליע האָט געלאָזט אַ טרער: „ס׳זײַנען נאָך, הייסט עס, פאַראַן גוטע לײַט אַף דער וועלט!״

ווי נאָר דער אַמעריקאַנער איז מיט איינעם פון זײַנע קופערס אַוועקגעפאָרן צום וואָקזאַל (צוויי זײַנע טשעמאָדאַנעס האָט ער איבערגעלאָזט) — וואָס וועט ער זיך מיט זיי אַרומשלעפּן, מיט די אַלטע שמאַטעס?! — ער האָט זיי געשענקט לייען, און עפּשער וועט טאַקע בענטשיק אויך עפּעס וועלן פון שניידערס אָנצוגן, זאָל זי זיך מיט אים צעטיילן. ער אַליין האָט ניט געוואָלט ריזיקירן, אים פאַרלייגן — ער קען ניט בענטשיקן?!

אין עטלעכע טעג אַרום איז פון קאָזשומיאַקי אָנגעקומען אַ בריוו צו די לאַזעבניקעס, אין וועלכן בלימעלע האָט געשריבן, אַז דעם לעדער־זאַוואָד האָט מען באַשטימט אָנרופן: זאַוואָד אַף לעגינס נאָמען. דאָס האָט פאַרגעלייגט בענטשיק, און די אַרבעטער האָבן איינשטימיק דעם פאָרשלאָג אונטערגעהאַלטן.

און נאָך אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט האָדל געגעבן צו וויסן פון וואַרשע, אַז די פּאָליאַקן, און באַזונדערס די קוילנגרעבער, טרעטן אַרײַן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין די טויזנטער. איר מאַן יאַנוש איז גליקלעך, וואָס ער איז איינער פון די, וועלכע האָבן נאָך העכער אופגעהויבן לעגינס רויטע פאָן.

האָדלס בריוו האָט מען געלייענט עטלעכע מאָל, און דער פעטער עליע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ — הײַנטיקע קינדער! וואָלט זי כאָטש מיט איין וואָרט דערמאָנט דעם טאַטן, פונקט ווי ער וואָלט גאָר ניט געווען אַף דער וועלט. הײַנטיקע קינדער!

## 19. „באַ אונדז אין אַמעריקע...״

לייע האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג. נאָר איין זאַך האָט זי געוואָלט, אַז דער מאַן אירער זאָל ווערן אַ מענטש. אין אים, אין בערלען, האָט זי געזען נאָר דאָס שיינע און נאָר דאָס גוטע, ווי עס טרעפט באַ אַ פרוי, ווען זי איז פאַרליבט. זי האָט ליב געהאַט זײַן זינגען און זײַן ריידן. וואָס איז דאָ צו טײַנען — ליבע, זאָגט מען,

מאכט בלינד. נאָר אַלץ איז ביז א צײַט. זי קומט אָן, אַט די צײַט, און נעמט אַראָפּ די פּאַרבלענדעניש, און דו דערזעסט דײַן באַשערטן אַזאַ, ווי ער איז אינדערעמעסן. לייע האָט איר מאַן ניט באַוויזן צו דערקענען — זי איז שטענדיק געווען פּאַרנומען. נאַסטיע, די כאַ־ווערטע אירע, איז לייען מעקאַנע געווען:

— האָסט אַזאַ טײַערן מאַן, לייעטשקע, אַזאַ קראַסאַוועץ!

— זײַ מיר ניט מעקאַנע, טײַערע נאַסטינקע, ניט דאָס האָב איך געמיינט, ניט וועגן דעם האָב איך געטרוימט, ווען כ׳האָב אָנגעהויבן מײַן נײַ לעבן...

— מיט וואָס זשע האָט ער דיר ניט צוגעטראָפן?

— איך פאָדער ניט פון אים, ער זאָל מיר דערלאַנגען דאָס טעלערל פונעם הימל, ער זאָל מיך טראָגן אויף די הענט, ווי דו פלעגסט מיר דערציילן, איך וויל איינס: ער זאָל זײַן א מענטש. און וואָס הייסט עס — א מענטש? א מענטש, ווערליק איך פאַרשטיי, הייסט דער, וואָס טוט עפּעס נוצלעכס פאַר זיך און פאַר יענעם.

— האָסטו ניט געהאַט קיין פאַרגעניגן מיט אים?!

— לעמײַ זאָל איך דיר זאָגן א ליגן? אָבער ניט נאָר דערמיט לעבט א מענטש! בערל איז דאָך א טאַטע פון אַכט קינדער. און טו מיט זיי א רעדע, — וואָס וועלן זיי דיר זאָגן? וואָס? אַז ער האָט ליב נאָר זיך, זײַן שמעקנדיקן פּאַפּיראָס און דעם אוזבאַנד, וואָס ער היט אָפּ, ווי עפּעס א הייליקײַט. אָפּט פאַרגלײַך איך אים מיטן פעטער עליע, דאַכט זיך, פאַרשיי־דענע מענטשן — איינער איז געווען רײַך, דער צווייטער שטענדיק אָרעם, און דאָך זײַנען זיי געראָטן איינער אינעם אַנדערן, ווי צוויי ביטערע ציבעלעס.

אויף דער באַזע האָט זיך בערל אויך ניט לאַנג געהאַלטן. ער האָט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן קומען צו אים זיך האַלטן אָן אייצע, ווײַל ווער נאָך, ווי ער, קלײַבט זיך אַזוי פאַנאַנ־דער אין די לאַנדווירטשאַפט־איניאַנים?! איין מיספאַרשטייעניש נאָך דער צווייטער, איין סיכסעך נאָכן אַנדערן, און מע האָט אים זייער שיין באַפרײַט פון דער אַרבעט.

ניט באַוויזן האָט לייע האַנאָע האָבן פון די צוגעזאָגטע היפּשלעך קרויט און געזאַלצענע אוגערקעלעך. די שטוב איז פול מיט קינדער — ס׳איז דאָ, ווער עס זאָל אַכטונג געבן נאָכן קלענסטן, און לייע האָט באַשטימט זיך אַראָפּכאַפּן אינעם אייגענעם דאָרף, וואָס פלעגט איר אָפּט קומען צו כאָלעם.

מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק האָט זי דאָס ערשטע מאָל דערזען דאָס דאָרף מיט די קליינע שטיבעלעך, מיט די קרענעצעס, לעבן וועלכע עס שטייען די זשוראַוולייעס, וועלכע דערלאַנגען פון דער טיף די בעסטע וואַסער אין דער וועלט. נאָר דעמלט איז לייע געפאָרן אין אַן אומבאַקאַנטער מישפּאָכע, דעמלט האָט זי זיך א ביסל געשראָקן פאַר דער אומבאַ־וווּסטקײַט.

ווי נאָר לייע איז געקומען אין דאָרף, האָבן זיך די געוועזענע סאָלדאַטקעס געגומען זי אײַנלאַדן צו זיך, באַזעצן אויבנאָן, מעכאַבעד זײַן ווער מיט א גלאָז פרישער מילך, ווער מיט א פּרעזשעניצע און מיט פּריש ברויט, וואָס האָט געשמעקט מיט דאָרף, מיט קימל, מיט דער פאַרגאַנגענער יוגנט. געגעכטיקט האָט זי בא מאַטרע דער אַלמאָנע. מע האָט זיך גוט אויס־געוויינט, דערמאָנענדיק דעם בלינדן מאַן אירן, אַנדרייען, און דעם פרי אומגעקומענעם וואַסיל.

מאַטרע האָט ניט אופגעהערט צו באַרימען זיך מיט די דערפאָלגן פון איר לאַנדווירט־שאַפטלעכער אַרטעל — דער ערשטער אין זייער ראַיאָן, ווו מע האָט זי אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער. די באַלעגופים האָבן נאָך פונדעסטוועגן געהאָוקעט, געכויזעקט, געהאָפּט, אַז עס וועט זיך נאָך אומקערן דאָס אַמאָליקע און זי וועט ווערן א בעטלערן.

— מע וועט נאָך זען, צו וואָס די בעטלערן וועט דערפירן די אָפּגענאַרטע פּויערים.

און מאַטרע האָט אַפּצולאָכעס אָפּגעשווירן די לאַנגע צעפּ אירע און איז מיטאַמאָל ענלעך געוואָרן צו א דעלעגאַטקע אין א רויטן טיכל. קיינער וואָלט ניט געקאָנט זאָגן, אַז דאָס איז א פרוי שוין אין די יאָרן. מע האָט זי אויסגעוויילט אַלס דעלעגאַטקע אויפן נײַנטן צוזאַמענ־פאָר פון די סאָוועטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין כאַרקאָוו...

— האָסט ניט מוירע געהאַט זיך לאָזן איינע אַליין אַזוי ווײַט? — האָט לייע געפרעגט, — איך וואָלט זיך ניט נאָוואַזשעט!

מאַטרע האָט אָן א שיר דערציילט וועגן אירע באַגעגענישן אויפן צוזאַמענפאָר. באַזונדערס וועגן דעם, ווי אויפן דריטן טאָג איז צו איר צוגעגאַן איינער א פײַנער יונגערמאַן מיט א פּוסטן אַרבל אָנשטאָט דער רעכטער האַנט. ער האָט זיך האַרציק געוויטעט מיט איר, ווי מיט אַן אַלט־באַקאַנטער, און א פרעג געטאָן:

— איר דערקענט מיך ניט, כאַווערטע מאַטרע?



— ווער זײַנט איר, איך זאָל אײַך דערקענען? — האָב איך אים געענטפערט.

— איך בין לייעס ברודער, בענטשיק רופט מען מיך.

— הערט א מײַסע! מײַן ברודער?! מײַן בענטשיק!

— איך האָב זיך צו אים צוגעקוקט, — אין דיר געראָטן. איצט איז ער א גרויסער נאטשאלניק. האָסט שוין געמעגט הערן, ווי ער האָט עס גערעדט, ניט מוירע געהאַט פאַר קיינעם, פונקט ווי מײַן אנדריי, אויב דו געדענקסט. שוין אוועק, זאָגט ער, די צײַט, ווען אונדזער פאַלעסיע איז געווען א פינצטערער קאַנט. מיר דאַרפן ניט, האָט ער געזאָגט, קיין נעדאָוועס, גיט אונדז דאָס, אין וואָס מיר נייטיקן זיך, און מיר וועלן אײַך באַווײַזן, וואָס פאַלעסיע הייסט, און וואָס פאַלעסיע קאָן!

לייען איז ליב געווען דער אומגעריכטער גרוס פון איר בענטשיקן, און ווען עס איז אופגעקומען א רייד וועגן קופּמאַנס מישפּאָכע, וועגן די טעכטער עליעס, האָט מאַטרע מיט א געפּיל פון טיפן ראַכמאָנעס געזאָגט:

— צוויי זײַנען ערגעץ אנטלאָפן, איינע איז אריבערגעפאָרן קיין פּאַסטעווו, די קלענסטע לעבט בא א געוועזענער גווירנטע — ניאַנטשעט אירע קינדער... א שיינער טאַכלעס איז געוואָרן פון קופּמאַנס מישפּאָכע. און וואָס מאַכט עליע? מע זאָגט, אז ער האָט זיך אײַנגעבעטן צו דיר.

— פינף יאָר האָב איך אים געהאַלטן בא זיך אף קעסט, דערנאָך האָט ער, זעט אויס, פאַרשטאַנען, אז מיר איז שווער אים אויסצוהאַלטן, איז ער אוועק צו זײַן עלטערער טאָכטער, צו דער קאַסאַקער, וועלכע לעבט איצט ניט ווײַט אין א שטעטל, האָט כאַסענע געהאַט אף דער עלטער מיט איינעם א געוועזענעם, וואָס דרייט זיך אַרום אפן מאַרק און פאַרדינט זיך אפן שטיקל ברויט.

מע האָט פאַרלאָשן דעם הענגלאָמפּ. א נידעריקע פאַלעסיער לעוואָנע האָט כוצפּעדיק ארײַנגעקוקט אין מאַטרעס שטוב, ווי זי וואָלט א באַלן געווען זען, ווער נעכטיקט עס דאָ בא דער אלמאָנע. א העלער פלעק איז געפאַלן אף דער זײַט פון דעם אויסגעקאַלכטן אויוון. די כאַווערטעס האָבן געקוקט איינער אף דער אנדערער. געווען זײַנען זיי אין איינע יאָרן, נאָר לייע, וואָס איז געווען א מאַמע פון אכט קינדער, האָט אויסגעזען ייִנגער, אף א סאַך ייִנגער פון מאַטרען.

ניט לאַנג האָט לייע פאַרבראַכט אינעם דאָרף. דעם לעצטן אפּדערנאַכט, ווען זי איז שוין גרייט געווען אוועקצופאָרן, איז צו מאַטרען ארײַנגעגאַנגען דער אלטער דיאַטשאָק — גאַווּרילע אנטאָנאָוויטש. צו מאַטרען קומט ער אריין גאַנץ אָפט, מיט איר קאָן ער זיך אויסריידן דאָס האַרץ.

דאָס מאָל איז גאַווּרילע אנטאָנאָוויטש געקומען עפּעס א יאָמטעוודיקער:

— מעגסט מיך באַגריסן, מאַטרע. און דו אויך, לייעטשקע.

— מיט פאַרגעניגן! נאָר זאָגט כאָטש מיט וואָס באַגריסן?

— גאַווּרילע אנטאָנאָוויטש איז פון הײַנט אָן מער ניט קיין דיאַק!

— דורכגעטריבן?! — האָט מאַטרע א פּליעסקע געטאָן מיט די פולע רויטע הענט.

— א מאַקע! גאַווּרילע אנטאָנאָוויטשן טרײַבט מען ניט. גאַווּרילע אנטאָנאָוויטש האָט אף זיי אליין א שפּײַ געטאָן און א קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר...

— פראָסט און פּאָשעט א קלאַפּ געטאָן?

— שטעל זיך פאָר. כ'בין ארוף אפן אמוואָן, זיך פאַרבייגט פאַר די פּריכאָזשאַנעס און זיי געזאָגט: — האָט אף מיר קיין פאַריבל ניט, נאָר פון הײַנטיקן טאָג בין איך אײַך מער ניט קיין דיאַק... עס קומט, — האָב איך זיי געזאָגט, — אזא צײַט, ווען דער מענטש טוט אף זיך א קוק פון דער זײַט און דערזעט זיך, איר זאָלט מיר מויכל זײַן, ווי א נאַקעטן.

— אָט אזוי טאַקע האָט איר זיי געזאָגט?!



— זאָל איך אזוי געזונט זײַן! איך וויל מער ניט אָפּנאַרן אי זיך, אי אײַך... עפּשער איז דאָס א גרויסע זינד, נאָר גאָט וועט מיר מוחל זײַן! דער גאַלעך האָט זיך אופגעהויבן אפן אמוואָן און האָט זיך שיר ניט צעוויינט. „מײַנע טײַערע פּריכאַזשאַנעס,— האָט ער געזאָגט, — איר האָט נאַרוואָס אויסגעהערט די זינדיקע רייד פון גאַווריִלע אַנטאָנאָוויטשן. הער פופציק יאָר האָט ער געטראָגן אָף זיך די מאַסקע פון א גלויביקן. איצט האָט אים דער טײַוול אַרײַנגעפּאַקט אין זײַנע אָרעמס און אים א שטויס געטאָן אינעם אָפּגרונט, ווו זײַן נעשאָמע וועט זיכער לאַנג־לאַנג בלאָנקען, ביז זי וועט זיך געפונען א פּריטולעק אין א טונקעלן ווינקל פונעם גענעם..."

— פון וואָס זשע וועט איר אַצינד לעבן, גאַווריִלע אַנטאָנאָוויטש? — האָט לייע מיט א געפּיל פון גרויסן מיטלײַד א פרעג געטאָן.

— ער וועט בא מיר ווערן מײַן סעקרעטאַר, — האָט זיך מאַטרע פריילעך ארויסגעכאַפּט.

— פאַר קיין סעקרעטאַר, עפּשער, טויג איך ניט. — האָט דער גאַסט זיך אָנגעטרונקען פון דער אַלטער קופּערנער קוואָרט, וואָס שטייט שטענדיק לעבן דעם הילצערנעם דייזשקעלע, מיט פרישער קרענעצעוואַסער, — איך בין שוין אַלט, נאָר א כאָר וועלן מיר שאַפן און זינגען וועלן מיר. און אז מע זינגט, פאַרגעסט מען אין עסן. הא, וואָס ווײַסטו וועגן דעם זאָגן, יינגעלע? — האָט דער געוועזענער דיאַק א גלעט געטאָן לייעס באָכערל איבערן קאָפּ, — עפּשער בין איך ניט גערעכט?

— מיר פאַרגעסן ניט, — האָט יאַנקעלע טיפּזיניק געענטפערט דעם אַלטן פעטער, — מיר ווילן שטענדיק עסן, אפילע ווען מע זינגט.

— און עפּשער וואָלט געווען א פּלאַן, דו זאָלסט בלײַבן אין דער היים? — גאַווריִלע אַנטאָנאָוויטש האָט ביז איצט געהאַלטן, אז לייעס עמעסע היים איז דאָ, אין ליסאָווע, און אז אין דער גרויסער שטאָט איז זי מיט איר הויזגעזינד צײַטווײַליק.

— זײַן היים איז איצט קיִעוו, — האָט לייע צוגעטוליעט דאָס קינד צו דער ברוסט.

— ס'א ליגן! בא א מענטשן איז דאָ איין היים — דאָרט, ווו ער איז געבוירן געוואָרן! אָט ווײַסטו האָבן א סימען, אז ער וועט זיך נאָך אומקערן אהער!

— מײַנע עלטערע זין, גאַווריִלע אַנטאָנאָוויטש, האָבן שוין פאַרבונדן אין שטאָט אזוינע פעסטע קנופּן...

— מאַכטייִסע! און ער, דער קלײַנדיקער פּאַלישטשוק, זאָל בלײַבן דאָ! אָט וועל איך צונויפנעמען א כאָר, וועט ער בא מיר זינגען. ער וועט בא מיר זײַן א סאָליסט. א קעלכל איז בא אים, ניט צו פאַרזינדיקן, ווי בא זײַן זיידן...

פאַרטאָג איז לייע מיט יאַנקעלען אוועק צו דער סטאַנציע. זיי האָבן געטראָגן אין די הענט די מאַטאָנעס, וועלכע עס האָבן זיי פון פולן האַרצן געשענקט די אַמאָליקע שכיינים־סאָלדאַטקעס.

— אוואדע וואָלט איך געדאַרפט הייסן אײַנשפּאַנען אַ וועגעלע און דיך אָפּפירן אַף דער סטאַנציע, — האָט מאָטרע געזאָגט, אַרויסבאַגלייטנדיק איר גאַסט, — נאָר אַלע פערד זײַנען אין פעלד, און אויסשפּאַנען זיי פון אַן אַקער וואָלט געווען אַ פאַרברעכן. קום, וועל איך דיר אַ ביסל אונטערטראָגן דעם קלומעק.

אַפן וועג האָבן זיי באַגעגנט דעם געוועזענעם סאָטסקי, נעסטאָרן. איצט איז דאָס שוין געווען ניט דער אַמאָליקער פראַנטעוואַטער נאַטשאַלניק מיט די בלישטשענדיקע שטיוול. ס׳אַ סוואָרע, אַז דאָס בערשטל מיט דעם סאַמעטענעם שמאַטקעלע האָט ער שוין ניט געדאַרפט מיט זיך טראָגן, ווײַל אַף די פיס זײַנען בײַ אים געווען אַ פּאָר אויסגעטאָפּטשעטע שיך. דער גראָבער מאַלאַכײַ איז געווען אַראָפּגערוקט איבער די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געסטאַרעט, אַז קיינער זאָל אים ניט דערקענען. די לעצטע פּאָר יאָר האָט ער זיך געהאַלטן אין אַ זײַט, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, מע זאָל אים, כאָלילע, ניט באַשולדיקן אין אַלע זינד פון ראָמאַנאָווס געוועלטיקן אין רוסלאַנד.

אומזיסט האָט ער מוירע געהאַט! קיינער האָט צו אים קיין טײַנעס. בעטעווע אַ שטילער מענטש, איז ער אַמיינסטן געווען אַ נאַטשאַלניק איבער זיך. אים איז געפעלן געווען דער הויכער טיטל — סאָטסקי. פאַרקערט, ווען עס פלעגט עפּעס טרעפן אַ מיספאַרשטייעניש, האָט ער זיך געסטאַרעט אַלץ פאַרגלעטן, און דאָך, ווען עס האָט זיך געביטן די מאַכט, איז אים אַ ביזאָיען געווען, וואָס ער איז אַזאַ גרויסע צײַט געווען דער פאָרשטייער מיט דער בליאַכע אַפן לאַץ. מאָטרע האָט געוווּסט, אַז דער סאָטסקי איז באַפרײַנדעט געווען מיט די לאַזעבניקעס, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ניט ווײַט פונעם קלויסטער און אַ רוף געטאָן:

— אַ גוטמאָרגן, נעסטאָר!

— נאָך אַ בעסערער אַף דיר, נאַטשאַלניצע! — האָט ער אַ רוק געטאָן אַף אַרויף זײַן מאַלאַכײַ און גלײַך דערקענט לייען. — זע נאָר, לייעטשקע!

— און איר זײַנט זיך געגאַנגען און אַפילע ניט קיין קוק געטאָן אין מײַן זײַט, — האָט אים לייע דערלאַנגט די האַנט.

— וואָס רעדסטו, לייעטשקע?! איך בין מיר פּאָשעט געגאַנגען אַ פאַרדײַגעטער. און אַז מע איז אַ פאַרקלאָפּאָטשעטער, זעט מען קיינעם ניט. אַליין ווייסטו עס ניט?

— מיט וואָס זײַנט איר דאָס אַזוי פאַרקלאָפּאָטשעט, פּאַניע סאָטסקי?

— אַ מענטש אין מײַנע יאָרן האָט איין דײַגע: ווו קריגן עטלעכע גוטע ברעטער פון אַ געזונטן דעמב...

— וואָס זשע, איר בויט זיך אַ נײַע כאַטע?

— מעשוגע! ווער בויט עס אין מײַן עלטער אַ נײַע כאַטע?! איך וויל זיך צוגרייטן אַ פײַנע טרונע.

— וואָס רעדט איר, פּאַניע סאָטסקי! איר וועט נאָך אָפּלעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

דער אַלטער נעסטאָר האָט זיך צעלאַכט און אַנטבלויזט די צוויי געבליבענע געלע ציין.

— אַ דאַנק דיר פאַרן גוטן ווונטש, נאָר עס טרעפט אַמאָל, אַז אַזאַ ווונטש איז ערגער פון אַ קלאָלע. וואָס דאַרף איך זיי, די הונדערט צוואַנציק? איך בין שוין אַצינד עלנט, ווי אַ שטיין, ווי איין פינגער אַף אַ האַנט... און אַז איך וועל פּלוצעם אַ שטאַרב טאָן, איז ווער וועט מיך באַזאָרגן מיט אַ גוטער טרונע? איז גיי איך מיר און קוק זיך צו, בײַ וועמען וואָלט איך געקאָנט ניט זייער טײַער אויסהאַנדלען עטלעכע ברעטער — שטאַרקע, דעמבענע.

— אומבאַדינגט — דעמבענע?! — האָט מאָטרע זיך צעשמייכלט, — און אויב סאָסנאָווע?

לאַנג פאַרהאַלטן זיך מיטן סאָטסקי האָט מאָטרע ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט, האָט זי זיך צעקושט מיט לייען און איז אַוועק אין איר אַרטעל־פאַרוואַלטונג, און נעסטאָר, דער געוועזענער סאָטסקי, האָט באַגלייט די אַלטע באַקאַנטע לייעטשקע אַזש ביז דער סטאַנציע. דער וועג האָט זיך אויסגעדאַכט ניט אַזוי לאַנג, כאָטש מע איז געגאַנגען גאַנץ פּאַוואָליע. און גערעדט האָט מען, ווי אַלטע גוטעפרײַנט, וועגן דער צײַט, וואָס איז פאַרגאַן, און וועגן אַלע די, וואָס זײַנען שוין ווײַט־ווײַט אָפּגעשיידט און האָבן טאַקע ניט דערלעבט צו אַ בעסערער עלטער.

און באַזונדערס האָט נעסטאָר ניט אויפגעהערט צו דערמאָנען כיניען, און ניט נאָר ווײַל ער איז מיט איר אַמאָל באַפרײַנדעט געווען, צי ווײַל זי איז אים געפעלן געווען מער פון אַנדערע ליסאָווער אײַנוווינער. פאַרקערט! ער האָט ניט געהאַלטן פון איר און פון איר מאַן, דעם קאַרגן קרעמער, וואָס פלעגט אים דאַפקע מעכאַבעד זײַן מיט אַ גלעזעלע ווישניק. אַף כיניען האָט ער פּאָשעט ראַכמאָנעס געהאַט.

— אויסהאָדעווען אַזויפיל קינדער, אָפּלעבן אַזאַ לאַנג לעבן און שטאַרבן, ווי אַ היימלאָזער הונט, — האָט דער אַמאָליקער סאָטסקי געטײַנעט. — די קינדער האָבן זיך פון איר אָפּגעזאָגט,

זיך צעשאָטן, ווי די ריטלעך פון אַן אַלטן בעזעם. דאָס האַרץ טוט ווי, ווען איך טו אַ טראַכט וועגן כינינען. קיין כאַווערטע, ווי דו, צום ביישפּיל, האָט זי ניט געהאַט, איז זי געבליבן איינע. אונדזערע באָבעס האָבן אַף איר דאָפּקע ראַכמאָנעס געהאַט, מע פלעגט זי אונטערהאַלטן ווער מיט אַ קאַרטאָפליע, ווער מיט אַקראַיעץ ברויט — זי איז דאָך בײַ זיך גרויס געווען, ניט געקאָנט פאַרגעסן איר רײַכקײַט, און עפּשער האָט זי זיך געשעמט... אין איינעם אַ טאָג האָט זי אָנגעהייצט איר ליעזשאַנקע, גוט אָנגעהייצט מיטן גאַנצן ביסל האָלץ, וואָס זי האָט פאַר־מאָגט, און פאַרטשיקעוועט דעם קוימען. זאָל דאָס הייסן, אַז זי האָט עס געטאָן אומיסטן, צי עפּשער ווײַל זי איז שוין געווען אַ ביסל געריררט פון די געדאַנקען און איז פאַרטשאַדעט געוואָרן. ערשט אַפן דריטן טאָג האָט מען זיך דערוווּסט, אַז זי האָט אָפּגעגעבן גאָט די נעשאָמע. אַ ראַכמאָנעס, אַ ראַכמאָנעס.

לייע האָט שווײַגנדיק אויסגעהערט די טרויעריקע געשיכטע פון דער גווירנטע כיניע קויפמאַן און האָט זיך געפּרוווט דערמאָנען, צי האָט עליע, איר מאַן, כאָטש איין מאָל דער־מאָנט דעם נאָמען פונעם ווײַב, ווען ער האָט געלעבט בײַ איר, בײַ לייען אין שטוב.

## 20. אין אַ פאַרקישעפטן קרײַז

ווען לייע האָט זיך אומגעקערט פונעם דאָרף, האָט זי געטראָפן אַ ליבן גאַסט אין שטוב — דאָס איז געווען סאָרע, וואָס איז מיט בענטשיקן געקומען אַף אַ פּאָר טעג קיין קיִעוו. בענטשיק, וועלכער איז געוואָרן דער אָנפירער פונעם לעדער־זאַוואָד, איז פון גאַנצפרי באַשעפטיקט געווען אין פאַרשיידענע אַנשטאַלטן, און זי, סאָרע, האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אַף לייען. געטראָפן האָט זי לייע מיט ציפּקעלען אַף די הענט, מיטן „ווישקרעבאַק", ווי מע האָט געקרוינט לייעס אַכטע קינד. דאָס רויטבעקלדיקע מיידעלע האָט ווי צו אַן אייגענער מאַמע זיך געטוליעט צו סאָרעס הייכער ברוסט, אַזוי האָט זיך אַמאָל סאָרעס בלימעלע געטוליעט צו לייען, דער שטוב־דינסט.

— וואָס מאַכט זי איצט, אונדזער בלימע? — האָט לייע געפרעגט בײַ סאָרען.

— שטעל זיך פאָר, אַז איצט איז זי ניט צו דערקענען. לעכאַטכילע האָט מען זי דאָפּקע ניט זייער גערן צוגעלאָזט צו דער אַרבעט, פאַרט אַ טאָכטער פון אַ זאַוואָדטשיק, נאָר ווען בענטשיק האָט זײַ געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דעם טאַטנס זינד טאָרן ניט פאַלן אַף איר, אַף דער אומשולדיקער בלימע, האָבן זײַ זי ליב באַקומען.

— האָט זי כאָטש אוועלכן־עס־איז גרוס פון אים, פונעם טאַטן?

— ניט לאַנג צוריק האָט זי באַקומען אַ בריוו. ער לעבט און אַרבעט און פאַרלירט ניט די האָפענונג. ער לייגט זיך ניט קיין פייגעלעך אין בוזעם, נאָר גאָט, זאָגט ער, איז אַ פאָטער, אַז מע איז איבערגעקומען אַזאַ שווערע צײַט, וועט מען זיך, זאָגט ער, יאַקאָס שטעלן אַף די פיס. ביטאָכן, שרײַבט ער, דער איקער איז ביטאָכן! ער מיינט, אַז מע וועט אים נאָך אומקערן דעם זאַוואָד. שרײַבן שרײַבט ער נאָר צו איר, מײַן נאָמען דערמאָנט ער אַפילע ניט, און איך בין דערפון נאָר צופרידן.

— און וואָס ענטפערט זי אים אַף זײַנע בריוו?

— זי שרײַבט אים, אַז זי איז אָפּגעריכט געוואָרן, אַז זי איז איצט צו מענטשן גלײַך.

בלימעלע האָט טאַקע געפונען איר אָרט אין לעבן. צוזאַמען מיט דער מאַמען און מיטן שטיפטאַטן זעצט מען זיך בײַ אַ ליכטיקער לאָמפּ, ווי עמעסע כאַווירים. בלימע האָט ליב הערן, ווי בענטשיק דערציילט וועגן זאַוואָד, וועגן די שוועריקײַטן, וואָס שווימען אויף — דאָס פּעלט רוויוואַרג, דאָס איז אַ מאַנגל אין פּעל, עס פרייט אים אָבער, וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו איז אַ פעסטער, און ווען רעב מענדל וואָלט אַ קוק געטאָן, ווי דער זאַוואָד אַרבעט, וואָלט ער זיכער ניט געקאָנט האָבן קיין טײַנעס צו דער „אָנפירונג", אויסוואַרפן בענטשיקן, אַז ער איז אַ שלעכטער באַלעבאָס.

סאָרען האָט בענטשיק פאַרגעלייגט אַ שטעלע אַפן זאַוואָד, אין דער קאָנטאָר, נאָר זי האָט זיך אָפּגעזאָגט:

— וואָס פאַרשטיי איך אין די קאָנטאָר־ביכער?

זי האָט אָרגאַניזירט אַ קינדערהיים פאַר די יעסוימים. ס'איז איר ניט גרינג בײַ דעם אַלגעמיינעם מאַנגל אין פּראָדוקטן אויסהאַלטן אַ כאָפּטע כעווערלײַט, אָנטאָן זײַ און האָדע־ווען. בלימעלע האָט געפּויעלט בײַ די קאָזשומיאַקער קאָמיוגיסטן, מע זאָל זי אוועקשטעלן פאַר אַ ביבליאָטעקערן אינעם שטעטלדיקן קלוב. מע איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב,

צונויפגעזאַמלט ווער וואָס עס האָט פאַרמאָגט. ווײַל קיין געלט אַף צו אײַנקויפן ביכער איז ניט געווען. בײַ די מער פאַרמעגלעכע אײַנוווינער האָבן זיך פאַרוואַלגערט אי באַזונדערע גרויסע בענדער אין הארטע טעוועלעך, אי זשורנאַלן, אין וועלכע עס איז אויך געווען וואָס צו לייענען; בלימעלע האָט אויך אָפּגעגעבן פאַר דער ביבליאָטעק אַלע ביכער, וואָס דער טאַטע פלעגט אַמאָל פונירעטווענן קויפן — דאָס זײַנען געווען אַלע ווערק פון לעוו טאָלסטאָי און אַנטאָן טשעכאָוו, וולאַדימיר קאָראָלענקאָ און, פאַרשטייט זיך, אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש פּושקין. אַלץ האָט בלימעלע פון פולן הארצן געשענקט דער ביבליאָטעק און איז גליקלעך געווען, ווען אין קלוב פלעגן קומען יונגע כעוורע און דאַנקען איר פאַרן פאַרגעניגן, וואָס בלימעלע האָט זיי פאַרשאַפט מיט אַ גוטן בוך.

קיינער האָט בלימעלען ניט געלערנט, אַליין פון זיך האָט זי פאַרשטאַנען, וויאַזוי זיך באַגיין מיט די ווערק, וואָס האָבן זיך בײַ איר צונויפגעזאַמלט. בענטשיק האָט איר אַנומלטן פאַרגעלייגט מאַכן אַ געריכט איבער אַ ליטעראַרישן העלד, ווי דאָס פלעגט טאָן יאַנוש בערגער דאָרט, אין דער סיבירער פאַרשיקונג.

דער אויסוואַל איז געפאַלן אַף טורגעניעווס בוך „טאַטעס און קינדער". פאַרן פאָרזיצער האָט מען באַשטימט מאַכן בענטשיקן. אייניקע אַלטע קאָזשומיאַקער כאַכאָמים האָבן געטײַנעט: וואָס פאַרשטייט ער אין דעם? אַז קיין אייגענע קינדער האָט ער ניט געהאַט. נאָר מיילע, לאָמיר הערן, עפּשער וועט ער עפּעס דערציילן וועגן דעם, ווי ער איז געוואָרן אַ טאַטע פון רעב מענדלס טאָכטער.

סאָרע האָט מיט גרויס באַגײַסטערונג דערציילט לייען וועגן דעם געריכט און איז מאַמעש גליקלעך געווען, וואָס דאָס שטעטל האָט נאָך מער ליב באַקומען בענטשיקן.

וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט סאָרען און בענטשיקן זינט זיי לעבן צוזאַמען, האָט סאָרע געמוזט דערציילן צוויי מאָל, ווײַל אין אָוונט האָט זיך אומגעקערט בערל און האָט זי געבעטן באַשרײַבן פון אַלעף ביז טאָף זייער לעבן. מיט זײַן לעבן האָט ער זיך ניט געקאָנט באַרימען. און לייע האָט אַלץ געלויבט אירע זין, און די שנור, און דאָס ליבע אייניקל, מיט וועלכן זי מוז זיך צעשיידן, ווײַל לייזערקען, דעם עלטערן זון, האָט מען אַריבערגעפירט אַפן ווײַטן מיזרעך. ס'איז טאַקע אינדערעמעסן דער צווייטער עק וועלט, קנאַפּע צוויי וואָכן וועט דויערן דאָס פאָרן מיטן צוג, אַ כעזשבן פון צען טויזנט וויאָרסט פונדאַנען. דער צווייטער איז געוואָרן אַ מעטאַליסט — האָסטו זיך עפּעס געקאָנט פאָרשטעלן, אַז לייע לאַזעבניק זאָל האָבן אַזוינע צוויי זין? דער דריטער איז שוין דאַנקען גאָט אויס גאַסן־ייִנגל, ער אַרבעט אין אַ צוקערניע, קאָכט צוקערקעס און אייריסקעס. דערווײַל איז ער נאָך אַ לערן־ייִנגל, אַ געהילף, האָט צו טאָן מיט די זודיקע קופּערנע קעסלען. ס'איז אים נעבעך שווער איבערצוטראָגן די היץ. הייס, ביז צו כאַלאָשעס, און ווען ניט די שיסל זויערקײַט, אָדער די געזאַלצענע אוגערקע, וואָס לייע גיט אים מיט, וואָלט ער עס עפּשער ניט אויסגעהאַלטן.

פאַרשטייט זיך, אַז איר וואָלט זיך בעסער געוואָלט, אַז דער געלינקער זאָל זיך לערנען, נאָר מיט אַזאַ טאַטן, ווי ער האָט, קאָן דאָס ניט זײַן.

אָט איז ער געקומען, דער טאַטע, אַ פאַרכמאַרעטער, אַן אָנגעבלאָזענער. איינער אַ באַקאַנטער האָט אים געפּרוּווט אײַנאָרדענען אַף אַן אַרבעט, דאַרף מען דאָרט כאָטש אַ ביסעלע קאָנען האַלטן אַ פּען אין דער האַנט. ס'הייסט, כעזשבענען קאָן ער דאַפּקע, בערל לאַזעבניק, און אַ קסאַוו איז בײַ אים אויך אַן אַקוראַטער, ער, אַז ער שרײַבט זיך אונטער, איז אַ פאַרגעניגן צו קוקן! נאָר דאָס לאָזט זיך אויס, איז ניט גענוג!

ריידן וועגן דעם און אַרויסרופן ראַכמאָנעס האָט בערל ניט געוואָלט. עס שטייט אים ניט אָן! זיך אָנהייבן לערנען איז שוין אויך צו שפּעט. און ווער איז אין דעם שולדיק, וואָס ער איז אַזאַ?.. בערל איז צופרידן געווען, ווען ער האָט געקאָנט אַרופלייגן אַלץ אַף לייען.

ווי אַפּצולאָכעס איז אויך די שוועסטער ליזע געקומען קיין קיִעוו. שוין לאַנג ניט געהערט אירע טײַנעס צו אים, צום טײַערן ברודער. אַוואַדע וואָלט זי געוואָלט, אַז בערל זאָל כאָטש אַף דער עלטער ווערן אַ מענטש. שוין צײַט! אָט איז איר מאַן, צום בײַשפּיל, איר אורעמל, געווען אַ געוויינלעכער לערער, נאָר אַז דאָס לעבן האָט געפאָדערט, האָט ער זיך גענומען צום סייכל און האָט אַליין, אָן שום הילף, זיך אויסגעלערנט אַף אַ כעזשבנפירער. איצט איז ער שוין אַ בוכהאַלטער פון דער מיל, מע לויבט אים אין טאָג אַרײַן פאַר זײַן כאָכמע און פאַר זײַן פלײַסיקער אַרבעט. און טאַקע פאַר זײַן ערלעכקײַט!

געקומען איז ליזע מיט איר קינד צו אַ רופע. זי איז דאָ שוין ניט דאָס ערשטע מאָל אין אָט דער גרויסער שטאָט, און דאָך איז דאָ אַלץ פאַר איר נײַ. ניט געביטן האָט זיך נאָר

איר ברודער. ס'הייסט, אויסערלעך איז דאָס שוין ניט דער בערל מיט די שטײַפֿע וואָנצעס, נאָר אין טאָך איז ער פּונקט, ווי פֿריִער, פֿאַרליבט אין זיך, און מאַכט שולדיק די גאַנצע וועלט, וואָס ער איז בא איר ניט אַזוי כּאָשעוו, ווי אים וואָלט זיך געוואָלט.

ניט געביטן האָט זיך אויך לייעס באַציִונג צו אים. זי האָט אים ליב. עפּשער ניט אַזוי, ווי אין די ערשטע יאָרן נאָך דער כאַסענע, נאָר דאָך איז זי נאָך אַלץ געווען פֿאַרבלענדט.

ווען לייזערקע איז פֿאַרן אָפּפֿאָרן אַפֿן ווײַטן מיזרעך געקומען זיך געזעגענען מיט דער מישפּאָכע, האָט ער אַרופֿגעלייגט די האַנט אַפֿן פֿאָטערס אַקסל און, אַרײַנקוקנדיק אים אין די אויגן, וועלכע ער האָט, אייגנטלעך, אויך ליב געהאַט, אַ זאָג געטאָן:

— נו, באַטיאַ, צעפּאַרן מיר זיך, הייסט עס, און דו ווערסט, ענדלעך, פֿאָטער פֿון מײַנע שטעכוּוערטלעך... דו ווערסט אָבער ניט פֿרײַ פֿון מײַנע טײַנעס.

— טײַנעס קאָן איך האָבן צו דיר, און ניט פֿאַרקערט!

— טײַנעס קאָנען מיר האָבן איינער צום אַנדערן, באַטיאַ. ווײַל איך בין שוין אויך אַ טאַטע.

— אַ טאַטע ביסטו, נאָר לערנען מיך — אַ זאָס! איך האָב מיר מײַן קאָפּ אָף די פּלייצעס, עפּשער ניט אַזאַ מיניסטערשן, ווי בא דיר, און ווי בא דײַן טײַערער מומעניו — ליזעטשקע...

— פֿאַרשטייסט, באַטיאַ, — האָט אים לייזערקע אין גוטן מוט געזאָגט, סטאַרענדיק זיך אים ניט באַליידיקן, — פֿאַרשיידענע קעפּ זײַנען פֿאַראַן אָף דער וועלט. איך פֿאָדער פֿון דיר ניט, דו זאָלסט זײַן דער קליגסטער, איך וויל נאָר, אַז דו זאָלסט זײַן צו מענטשן גלײַך, אַז אונדזער מאַמע זאָל פֿאַר דער צײַט ניט גראָוו ווערן.

בערלען האָט געקאָסט גענוג געזונט, ער זאָל, ווי אַמאָל, ווען לייזערקע איז נאָך געווען אַ קינד, אים ניט געבן קיין פֿאָר פּעטש, ער זאָל ניט זײַן קיין כוצפּעניק.

ליזעטשקע האָט ניט אופֿגעהערט צו לויבן איר מאַן, זיך איבערנעמען מיט זײַן איידלקײַט, מיט זײַן באַשיידנקײַט און גוטהאַרציקײַט. ציפּוירע, די צאַדייקעס, פֿלעגט אָפֿט דערמאָנען איר טאַטנס ווערטער: „אַ שעמעוודיקער קאָן קיין לאַמדן ניט זײַן!..״ און איר אוורעמל איז דאַפֿקע אַ שעמעוודיק, אַ קלוג, ווי טויזנט כאַכאָמים צוזאַמען! ריידנדיק וועגן איר מאַן, איז זי אויסן געווען צערייצן איר ברודער. איר האָט ווײ געטאָן דאָס האַרץ צו זען, ווי לייע מוטשעט זיך, נעבעך, מיט די פּיצלעך קינדער.

די עטלעכע רובל, וואָס דער יונגער צוקערניק האָט אָנגעהויבן אַרײַנטראָגן אין שטוב, האָבן ניט שטאַרק פֿאַרלאַטעט דעם לעכערדיקן זאַק. דאָס פֿינפֿטע יאַטל האָט זיך אויך געפּרוווט אײַנשפּאַנען אין וואָגן און פֿאַרדינען עטלעכע גראָשן, ער איז אַרומגעלאָפֿן איבערן מאַרק מיט אַ קעסטעלע ציגאַרן, ווי דאָס האָט אַמאָל געטאָן זײַן עלטערער ברודער, נאָר אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט ער באַקומען עטלעכע פֿײַערדיקע פּעטש פֿונעם מעטאַליסט נאַפֿטאָלע.

— פֿאַר וואָס?! — האָט איציקל מיט טרערן אין די אויגן געפֿרעגט.

— זאָלסט מיר ניט פֿאַרפּאַטשקען מײַן אָנקעטע!

— וואָס הייסט עס, זינו? — האָט די מאַמע געפֿרעגט.

— איך קלײַב זיך דערלאַנגען אַ מעלדונג אין פּאַרטיי. וואָס וועל איך ענטפֿערן אָף דער פֿראַגע, ווער עס זײַנען מײַנע עלטערן און מײַנע ברידער?

— מיט די עלטערן האָסטו זיך ניט וואָס צו שעמען, זינו! — האָט אים לייע געפּרוווט באַרויִקן, — און די ברידער דײַנע, דאַנקען גאָט...

— בעקיצער, מאַמע, זאָל נעמען אַ סאָף צו דעם האַנדל!

בערל האָט רויִק אויסגעהערט נאַפֿטאָלעס פֿאָדערונג. אוודע איז ער גערעכט, אָט דער ברייטפּלייציקער און געשטעלטער כוורעמאַן. איצט איז ער אין שטוב דער עלטערער זון, און ניט צוהערן זיך צו אים וואָלט געווען אַ נאַרישקײַט. באַזונדערס אַצינד, ווען ער קלײַבט זיך שוין ווערן אַ פּאַרטיינער.

שטאַרק צופֿרידן איז געווען בענטשיק, וואָס בא זײַן שוועסטער איז אויסגעוואַקסן אַן עמעסער מעטאַליסט. ווער נאָך, ווי ער, בענטשיק, האָט פֿאַרשטאַנען, ווי וויכטיק עס איז, וואָס לייעס קינדער צײַען זיך צו אַרבעט און זײַנען דערמיט אַבסאָליוט ניט ענלעך צו זייער טאַטן.

לייע האָט אַליין ניט ליב געהאַט אויסהערן בערלס טײַנעס וועגן דעם, אַז מענטשן האַנדלען שלעכט מיט אים, איר איז אָבער געווען ניט צום האַרצן, ווען עמעצער פֿון דער זײַט האָט אים געמוסערט.

פֿאַרן אוועקפֿאָרן האָט סאָרע אַרײַנגערופֿן לייען אינעם שלאָפֿצימער און איר אַרײַנגעשטעקט עטלעכע רויטע צענערלעך. לייע האָט זיך צעוויינט און איר אומגעקערט דאָס געלט. אָבער סאָרע איז באַשטאַנען אָף אירן...

בענטשיק האָט זיך געזעגנט מיט דער שוועסטער זייער האַרציק. און ווען זײַן האַרץ וואָלט ניט געווען אַזוי פאַרהאַרטעוועט, וואָלט ער זיך געוויס צעוויינט. ער האָט מיט זײַן איינציקער האַנט אַרומגענומען די שוועסטער און שטיל געזאָגט:

— דאָס ערגערע, לייעלע, איז שוין פאַריבער! דער איקער איז איצט לעבן! איז לאָז ניט אויס דײַן ביטער האַרץ צו בערלען — וועסט אים שוין ניט איבערמאַכן.

אין קאָנפעטן־אַרטעל, וווּ עס האָט איצט געאַרבעט הערשעלע, זײַנען נאָך קיין וויקל־מאַשינעס ניט געווען, האָט מען געמוזט האָבן געניטע הענט — פלינקע, און הענט אַף צו וויקלען די צוקערקעס. הערשעלע פלעגט ברענגען אַהיים אַ פּוד־אַנדערהאַלבן נאָך וואַרעמע קאַראַמעלקעס, און לייע האָט זיי, זיצנדיק ביז שפּעט אין דער נאַכט, פאַרוויקלט. די קלענערע קינדער האָבן איר מיטגעהאָלפן אויספּילן אָט די „זיסע" אַרבעט. די קינדער — יאָ. און בערל, איר אַרבעטסלאָזער מאַן? וואָלט ער כאָטש גאַנצפרי אָפּגעטראָגן דעם קלומעק פּאַרטיקע קאָנפעטן אין דער צוקערניע... זי האָט אַנומלטן אַפילו געזאָגט ווענגן דעם איר מאַן, האָט ער איר געענטפערט:

— ס'וועט פון הערשעלען, כאָלילע, ניט אָפּפאַלן, אויב ער וועט אַליין אָפּטראָגן!

און ווידער האָט לייען אויסגעריסן דאָס האַרץ, און ווידער האָט זי זיך דערמאָנט אין איר בענטשיקס אָנזאָג: „לאָז צו אים ניט אויס דײַן ביטער האַרץ"...

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך דעם, ווי בענטשיק און סאָרע זײַנען אַוועקגעפאָרן קיין קאַזשומיאַקי, האָט זיך צו לייען אַרײַנגעשטעלט ניקיטע דער מאַנאַפּאָלשטשיק.

— מע מעגן? — האָט ער געפרעגט.

— קומט אַרײַן און רוט זיך אָפּ.

— איר האָט געטראָפן, מאַדאַם לאַזעבניק, איך בין טאַקע אַ ביסעלע מיד.

— יאָרן גיבן ניט צו קיין יונגקייט.

— באַזונדערס, ווען יעדער יאָר איז געגליכן צו אַ יאָרהונדערט...

ביז בערל האָט זיך באַוויזן אין שטוב, האָט ניקיטע איר דערציילט וועגן זײַן לעבן. ער האָט איר דערציילט וועגן דעם, אַז פּעלאַגייע, זײַן ווײַבעלע, איז פון שיקרעס אַראָפּ פון די געדאַנקען און איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־קרענק. ער, ניקיטע, האָט אויפגעהערט טרינקען, נעמט ניט קיין טראָפּן אין מויל!

בערל איז, ווי שטענדיק, געקומען אַ מידער פון זוכעניש. מ'האָט זיך אַרומגענומען, ווי צוויי גוטע פרײַנט.

— וויפל זשע האָבן מיר זיך ניט געזען, ניקיטע?

— אַ יאָר צען מיסטאַמע... — און ניקיטע האָט זיך צעוויינט.

ביז לייע האָט אָנגעוואַרעמט דעם וואַרמעס, האָט ניקיטע נאָכאַמאָל איבערדערציילט זײַן טרויעריקע געשיכטע. מ'האָט זיך דערמאָנט אין דער פאַרגאַנגענהײַט און געפרווווט האַלטן זיך אָן אייצע, וואָס מע קאָן טאָן באַ הײַנטיקער צײַט. קיין פּאַך אין דער האַנט האָבן זיי ביידע ניט געהאַט, איז עפּשער זיך פאַרנעמען מיט עפּעס אַ געשעפט?

— נאָר אַף צו עפענען אַ געשעפט דאַרף מען האָבן כאָטש אַ ביסל קלינגערס, — האָט בערל אַ זיפץ געטאָן, — ווײַל ווי דו אַליין זאָגסט, ניקיטע, קאָן מען אָן פינגער אַפילו קיין פײַג ניט מאַכן.

— עפּשער אַנטלײַען?

— באַ וועמען?

— באַ די, וואָס האָבן געלט.

— און ווער האָט עס, דאָס געלט?

— די קערסט אוואדע מער פון מיר וויסן...

— ער ווייסט, ווען מע עסט און מע גיט אים ניט, — האָט זיך באַ לייען ניט ווילנדיק אַרויסגעכאַפּט, כאָטש זי האָט זיך ניט ליב געהאַט מישן, ווען צוויי מאַנצבלען ריידן מיקויעך געלט־זאַכן. — מיט ראַטשילדן און בראָדסקין איז ער נאָך דערווײַל ניט באַקאַנט.

בערל האָט זיך ניט געריכט, אַז זײַן שטילע לייע וועט עפענען אַ מויל און האַלטן אַזאַ דראָשע. און ווי קומען עס צו איר אָט די נעמען בראָדסקי און ראַטשילד? פון וועמען האָט זי זיי געהערט? סײַדן פון נאַסטיען, וועלכע איז איצט אַ גאַנצער רעדלפירער!

— און נאָך וועל איך אײַך זאָגן, ניקיטע, אַז פון אײַער שוטפעס וועט גאָרניט אַרויסקומען: פון צוויי אָרעמלײַט קאָן מען ניט מאַכן קיין איין גוויר.

ניקיטע האָט אַפילו ניט געפרווווט איר דערווידערן — אַ נאַרישקײַט וואָלט געווען דער־וואַרטן זיך באַ איר אַ פּונק ראַכמאָנעס. ער האָט זיך אַף אַ רעגעלע דערמאָנט אין יענע

ווײַטע יאָרן, ווען לייע פלעגט מיט אַ פּיצעלע קינד אויף די הענט קומען צו דער מאַנאַפּאַלקע און מיט טרערן אין קאָל אַרויסרופן איר מאַן פון דעם אָנגערייכערטן צימערל, ווו עס פלעגט פאָרקומען אַ הייסע קאָרטן־שפיל. זי האָט אים זיכער ניט איין מאָל דערמאָנט, ווי ער האָט עס פאַר איין נאַכט פאַרשפּילט איר שווער פאַרהאָרעוועטן נאַדן. פאַרשפּילט ניט עמעצן אַן אַנדערן, נאָר טאַקע אים, ניקיטען, וועלכער זוכט איצט אַ שוטעף.

ניקיטע האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון לייעס געשמאַקן טעלער קוליש, וואָס איז געווען פאַרפּראַוועט מיט אַ ציבעלקע, איבערגעפּרעגלט מיט בוימל. ס׳האָט גענומען טונקל ווערן, ניקיטע האָט זיך ניט געכאַפּט פאַרלאָזן בערל לאַזעבניקס שטוב.

— ס׳איז דאָ בא אײַך גאַנץ ענג, נאָר כ׳מיין, אַז אַן אָרט אויף איבערקומען אַ נאַכט וועט איר מיר געפונען. — האָט דער גאַסט אַ זיפץ געטאָן.

— בא אַ קאַפּצן איז די שטוב קיינמאָל ניט ענג. מע וועט זיך שוין אַן אייצע געבן. גאַנצפרי איז ניקיטע אַוועק זוכן זיך אַ פּריטולעק. פאַרן אַוועקגיין האָט לייע מיט אים אײַנגעטײַנעט:

— זוכט ניט פון געפייגערטע פערד פּידקאָוועס. אַרבעט, נאָר פון אַרבעט וועט איר ווערן מיט מענטשן גלײַך.

פּאַרטאָג האָט לייע געדאַרפט אַרויסבאַגלייטן אירע עלטערע אויף דער אַרבעט. בערל האָט פון טאָמיד אָן ליב געהאַט אופשטיין אַ ביסל שפּעטער, און לייען איז אויסגעקומען אַלע מאָל איבערכאַזערן:

— דער טאַטע שלאָפט. פּילדערט ניט און וועקט אים ניט!

— ער שלאָפט? טאָ זאָל ער אופשטיין. — האָט איר געגעבן אַ קלוגע אייצע דער פינפטער קאַדיש, איציקל, וואָס האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען, אַז פאַר אַ טאַטן דאַרף מען האָבן דרעככערעץ.

ציפּוירע, אַלעהאַשאַלעם, פלעגט זאָגן, אַז אַ מענטש איז שוואַכער פון אַ שטרוי און שטאַרקער פון אײַזן. לייע איז טאַקע געווען שטאַרקער פון אײַזן, אויב זי האָט אַזוי פיל יאָרן אויסגעהאַלטן פון איר מאַן און פון זײַן כאָווערן זיך מיט אַזוינע, ווי ניקיטע דער מאַנאָ־פּאָלשטשיק.

— וווהין זשע גייט איר אַצינד, ניקיטע?

— פרעגט מיך גרינגערע זאַכן, לייטשקע! מיר וואָלט גרינגער געווען אײַך זאָגן, אַז איך גיי זיך באַשטעלן אַ פײַנעם צימער אין האָטעל, נאָר פאַר אַזוינע, ווי איך, זײַנען נאָך קיין האָטעלן ניט אויסגעבויט...

— איז ווייסט איר וואָס, ניקיטע, פאַרשרײַבט אײַך דעם אַדרעס פון אייגער אַ פײַנער פרוי. זי וווינט דאָ ניט ווײַט. פּרוווט מיט איר אַ שמועס טאָן. זאָגט איר, אַז דאָס האָב איך אײַך געשיקט צו איר.

ניקיטע האָט פאַרשריבן נאַסטיעס אַדרעס און איז גלײַך אַוועק צו איר.

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס נאַסטיע איז שוין איצט ניט געווען קיין הויף־וועכטערן, איז זי דאָך געבליבן וווינען אין איר אַלטער דירע. ניקיטע האָט איר געזאָגט, צוליב וואָס ער איז געקומען און ווער עס האָט אים געשיקט אהער.

— וועגן דעם, וויפל איר ווילט פון מיר דירעגעלט, פרעג איך בא אײַך ניט. ווײַל וויפל איר וועט פאָדערן, בין איך גרייט באַצאָלן, כאָטש קיין אַדערויף קאָן איך אײַך דערווײַל ניט געבן.

— איר רעדט שוין וועגן דירעגעלט? — נאַסטיע האָט באַטראַכט דעם מאַנצבל פונעם קאָפּ ביז די פיס. — ווו זשע זײַנען אײַערע זאַכן?

— וואָס פאַר אַ זאַכן?

— כ׳מיין אײַערע פּעק, אײַער בעטגעוואַנט?

ניקיטע האָט זיך ביטער צעלאַכט.

— בעטגעוואַנט? אַ הונט האָט בעטגעוואַנט? אַ קאַפּצן האָט פּעק?

— נו און וועלכע־ס׳ניט־איז פּאַפּירן האָט איר?

— פּאַפּירן? אַפּן פוד. פון וואָס פאַר אַ מינים איר ווילט. צײַגעניש, רעקאָמענדאַציעס, גרייטע אַנקעטעס. קיין דיפּלאָמען און אַטעסטאַטן האָב איך, לײַדער, ניט. און דאָס איבערי־קע — ביטע!

און ניקיטע האָט פון דער בוזעם־קעשענע אַרויסגענומען אַ גאַנצן פּאַק פּאַפּירלעך.

— אָט דאָ וועלן מיר אײַך אײַנאָרדענען אַ געלעגער, — האָט נאַסטיע געזאָגט, — נאָר מיט איין טנאַי, כאַווער, איר זאָלט זײַן אַ מענטש. איר האָט מיך פאַרשטאַנען? עס זאָל מיר ניט זײַן קיין ביזאָיען אַלע טאָג אײַך זאָגן אַ גוטמאָרגן...

ניקיטע האָט אראָפּגענומען די ברילן, זיי אויסגעווישט מיט א טונקל טיכעלע און מיט א שמייכל געענטפערט:

— א מאָדנע זאַך: לייע האַלט אויך אין איין טײַנען — א מענטש זאָלט איר זײַן, ווי איר וואָלט זיך צונויפגערעדט.

אין עטלעכע טעג ארום האָט נאסטיע געפונען פאַרן אוירעך אן ארבעט, און זי איז צו־פרידן געווען, וואָס ער כאַפּט זיך אויף פאַרטאָג און לויפט אוועק צו זײַן גאָר גרינגער ארבעט, דערפאַר אָבער איז ער געווען זאט און אמאָל האָט ער נאָך געבראַכט מיט זיך א פרישע פירעשקע, א פלעשל מילך — ניט קיין געגאַנוועטס, כאַלילע, קאָשער פאַרדינט פאַר זײַן אווידע אַף דער קיך.

נאסטיע האָט אים געשענקט צווי פּאַרלעך גרעט, וועלכע זײַנען איר פאַרבליבן פונעם מאַן. מע וואָלט געקאָנט שווערן, אז אפילו די נאָז בא ניקיטען איז ליכטיקער געוואָרן. ער האָט פון צײַט־צו־צײַט אונטערגעברומט די לידער, וואָס עס פלעגט אמאָל זינגען זײַן פריילעך ווײַבל פעלאַגייע קאַרלאָוונא. אין א פרײַען אָוונט האָט ער דערציילט נאסטיען וועגן זײַן גליקלעך לעבן מיט פעלאַגייען.

נאסטיע האָט פאַרשטאַנען די אַנדײַטן פון איר קוואַרטיראַנט און אים, לויט איר טעווע, אָפּנהערציק געזאָגט:

— איך האָב אײַך ארײַנגעלאָזט אין מײַן דירע, נאָר ניט אין מײַן האַרצן, פאַרגעדענקט עס, ניקיטע, איין מאָל פאַר אַלע מאָל: מײַן מאַן וועט איר מיר ניט פאַרבײַטן. פּרוּווט זיך אפילו ניט.

## 21. נײַע צײַטן, נײַע ליידן...

לייע האָט געמיינט ווי אמבעסטן, ווען זי האָט געבעטן נאסטיען ראַכמאָנעס האָבן אַפן אמאָליקן מאַנאָפּאָלשטשיק, זי האָט אָבער ניט געוווּסט, אז גאָר אינגיכן וועט ער זיך ווידער נעמען פאַרקירצן איר די יאָרן. עמעס, ניט אלע טאָג — איין מאָל אין וואָך קומט ער צו די לאַזעבניקעס מאַכן א קערטל מיט בערלען. קיין דריטן האָבן זיי דערוויַיל ניט געזוכט. נאָר עס זײַנען פאַראַן גענוג שפּילן, אין וועלכע מע קאָן זיך באַגיין אינצווייען. א זעקס און זעכציק, צום בײַשפּיל, א טויזנט איינס, און פאַר א נויט אויך א פּאַשעטע איין און צוואַנציק. זיי האָבן געשפּילט ביז שפּעט אין דער נאַכט, צוערשט גלאַט אַזוי, דערנאָך — אַף געלט, ניט ווי אין ליסאָווע, נאָר דאָך פלעגט לייען אויסגיין דאָס האַרץ, ווען זי איז געזעסן און גע־וויקלט די קאָנפעטן, און ער, בערל, האָט געשפּילט, און טאַקע פאַרשפּילט. מע האָט געשפּילט אַף מינץ, אַף קאָפּעקעס, נאָר ווי באַם וויקלען ווערט פון פערציק קאָנפעטן א פונט, און פון פערציק פונט — א פּוד, אַזוי פלעגן זיך פון די קאָפּעקעס צונויפשטעלן א רובל און צוויי... אוי, ווי שווער עס זאַמלען זיך צונויף די פּודן און ווי גרינג עס ווערן פאַרשפּילט די רובלען! געשפּילט האָט מען שווײַגנדיק, און לייע איז געזעסן אויך א שווײַגנדיקע, ביז איינמאָל האָט זי, אַן אויפגעבראַכטע, זיך געטאָן א הייב אויף פון איר בענקעלע און א געשריי געטאָן:

— עפּשער וואָלט שוין געווען גענוג?!

— מיר שטערן דיר? — האָט בערל איר אָפּגעענטפערט.

— יאָ. איר שטערט מיר!

— וואָס עפּעס פּלוצעם, מאַדאַם לאַזעבניק?

די כוצפּעדיקע פראַגע פונעם מאַנאָפּאָלשטשיק האָט זי ווי מיט צעגליטן אײַזן א ברי געטאָן. לייע איז צוגעגאַנגען צום טיש, צונויפגעשאַרט די קאָרטן און זיי צעריסן אַף שטיק־לעך. דאָס איז שוין געווען א ניט־דערוואַרטע זאַך. אַזא טעשל קאָרטן! אַזא גוטס! אַזוינע קאָרטן איז גאָר איצט ניט צו קריגן!

— וואָס האָסטו געטאָן? — האָט בא בערלען געציטערט די שטים. — וואָס האָסטו געטאָן? לייע האָט שוין כאַראַטע געהאַט, נאָר ערגעץ טיף אין האַרצן איז זי צופרידן געווען, וואָס זי האָט כאָטש אַף אַזאַ אופן אויסגעלאָזט איר פאַרדראָס.

— און איצט וויל איך אײַך בעטן, ניקיטע, איר זאָלט מיך מער ניט באַגליקן מיט אײַערע באַזוכן — לאָזט מיך אויסלעבן מײַן ביסל יאָרן אָן אײַער קאָרטן־שפּילן. א סאַף און אַן עק! ניקיטע האָט גענומען זײַן קאַפּעליוש און דעם נײַעם שירעם און איז, ווי אַן אָפּגעשמי־סענער, ארויס אינעם רעגנדיקן דרויסן.

— לייען איבער דײַנע א ליד! — האָט געבעטן דער הויכער באָכער.

— מיט פאַרגעניגן! איך וועל איבערלייענען א זאַך, וואָס הייסט „מאמע". און הערשל האָט פאַרגעלייענט אַן אויסצוג פון דער פּאָעמע, אין וועלכער עס איז באַשריבן געוואָרן דער מאַמעס ניט גאָר פריילעך לעבן.

מאמעניו, מײַן טײַערע,
מאמעניו, מײַן ליבע,
וועגן דיר, מײַן טײַערע,
האָב איך די ליד געשריבן.
וועגן דעם, ווי האָסט געטראָגן
דײַנע שווערע אָלן,
ווי דו ביסט א דינסט געוועזן,
געוואַשן פרעמדע פּאָלן...
פון גאַנצפרי ביז שפּעטער נאַכט
פרעמדע גרעט געוואַשן...
אָפט מיט הייסע טרערן
דאָס פּאָנעם זיך געוואַשן...

לייע, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער טיר, האָט ניט דערהערט ביזן סאָף די ליד און אַוועק אין קיך. הערשל האָט דאָס דער ערשטער באַמערקט און, קוים פאַרענדיקט, זיך אופגעהויבן און איז אויך אַרויס א בלייכער צו דער מאַמען:

— וואָס איז געשען? וואָס ווייַנסטו?!

— דו פרעגסט נאָך?! צוליב וואָס האָסטו עס געטאָן, זינו?!

— וואָס? וואָס האָב איך אַזוינס געטאָן?

— אַזוי מיך מעוואיעש זײַן... צוליב וואָס? ווער דאַרף עס וויסן מײַן פאַרשאָלטענע קינד־הײַט? צוליב וואָס האָסטו עס אופגעמישט?!

— ס'איז דען א ליגן, מאַמע?

— און אויב אַן עמעס? ווער מוז עס וויסן דײַן יִכעס... מיט וואָס נעמסטו זיך איבער? האָסט דאָך מיך דערנידעריקט אין די אויגן פון דײַנע כעווריע...

אין קיך האָט זיך באַוויזן די קליינע שוסטערקע:

— וואָס זײַנט איר אַוועק פונעם טיש? מײַן מאַמע איז אויך געוועזן ניט פון די גרויסע נעגידעסטעס, איז וואָס?! קומט, קומט צום טיש!

מע האָט זי איבערגערעדט און זי איז ווידער געזעסן לעבן איר זון.

אומגעריכט האָט זיך אין שטוב אַרײַנגעשטעלט, פאַרקוטעט אין א וואַרעמער פאַטשיילע און אין א פּאָלישׂשוקער סוויטקע, די באָבע אוליאַנע:

— איך זע, אַז בײַ אײַך איז א יאָמטעוו! איז ווי קאָן עס פאַרקומען אָן מיר? — די אַלטע האָט אַרויסבאַקומען פון א טאָרבע געטריקנטע עפּלעך און מעכאַבעד געווען די געסט.

— וואָס זשע הערט זיך דאָרט בײַ אונדז, אין ליסאָווע, דערציילט, באָבעניו!

— ווילסט אוודע עפּעס נײַעס? נאָר וואָס פאַר א נײַעס קאָן בײַ אונדז זײַן? סײַדן דאָס, וואָס עליע דער קרעמער האָט זיך פּאַיאָוועט אין דאָרף.

— אַן עמעס?!

— שטעלט אײַך פאָר! געקומען און ניט אליין — מיט זײַן קאָסאָקער מאַניטשקע. וועט איר דאָך פרעגן: וואָס איז ער פּלוצעם געקומען? מע זאָל אים אומקערן זײַן מויער און זײַן קלייט. ער וועט, זאָגט ער, צוזאַמען מיט זײַן איידעם, ס'הייסט, מאַניטשקעס אַלטן שקראַב, ווידער עפענען א קלייט, ס'איז איצט, זאָגט ער, א נײַע פּאָליטיקע, מע עפנט ווידער די אַלטע קלייטן, ווײַל אין דער קאָאָפּעראַציע איז ניטאָ מיט וואָס צו האַנדלען, און בײַ אים, הייסט עס, בײַ עליען, וועט אַלץ זײַן איבערגענוג. נו, נו, האָבן מיר זיך גוט אָנגעלאַכט. מאָטרע האָט אים געזאָגט: בוד לאַסקאַ! עפּן דיר כאָטש צען קלייטן, נאָר דעם אַלטן מויער וועלן מיר דיר ניט אומקערן, מיר האָבן אין אים געעפנט א שול, זאָלן, זאָגט זי, אונדזערע קינדער פּאָלישׂשוקלער אויך ווערן געלערנט. זיי זײַנען ניט ערגער פון דײַנע קינדער!

און נאָך א נײַעס האָט זי דערציילט, די אַלטע אוליאַנע: גאַווריִלע אַנטאָנאָוויטש — איר קערט אים אוודע געדענקען? — האָט כאַסענע געהאַט! ניסים, ניסים קומען פאָר אויף דער

וועלט! גאוורילע אנטאָנאָוויטש, האַ? גאוורילע אנטאָנאָוויטש האָט כאַסנע געהאַט! מיט וועמען? אָט דאָס איז דאָך די מעשׂה! מיט דער גאַלעכטע... זי האָט אוועקגעוואָרפן דעם אלטן, ווײַל זי האָט שוין פון אים מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט זיך אויסגעלערנט טרינקען סאַמאָהאָנקע און ס'איז א וויסטער ביזאַיען געוועזן צו הערן, ווי ער פּראַוועט אין קלויסטער. ס'איז אַפילו געווען א פאל, ווען ער איז א טויט שיכּורער אומגעפאלן בעשאַס דעם מאַליעבען.

— און וואָס טוט ער אַצינד?

— גאוורילע אנטאָנאָוויטש? אהאַ! גאוורילע אנטאָנאָוויטש איז איצט א גאַנצער יאַטאָבידאַם! מאַטרעס רעכטע האַנט! לאָזט זיך אויס, אַז ער איז א גאַנץ געניטער באַלעבאָס. דער אַרטעל איז בא אונדז איינער פון די בעסטע אין ראַיאָן. און ווער פירט די באַלעבאַטישקייט? — גאוורילע! כאַטש א געוועזענער דיאַק און דאָך!..

ווען די געסט זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען און די באַבקע אוליאנע איז געבליבן מיט לייען אין קיך, קעדיי איבערוואַשן דאָס געפעס, האָט זי דערציילט לייען אלץ נײַע און נײַע געשיכטעס וועגן עליען און זײַן טאַכטער פאַניע, וואָס איז געוואָרן א דינסט בא איינעם א באַלעגוף, קלוימערשט א דערציִערן פון זײַנע צוויי קינדער.

יענעם טאָג האָט הערשל זיך אופגעכאַפּט פריִער ווי געוויינלעך, זיך צוגעזעצט לעבן דער אַלטער באָבע און געגומען זי אויספרעגן וועגן די דאָרפישע כעוורע, מיט וועלכע ער האָט צוזאמען געפּאַשעט פי אינעם ליסאָוועער וואלד.

— האַסטו, הייסט עס, ניט פארגעסן אונדזערע כלאַפּצעס? ביסטו דאָך טאַקע אַן עמעסער פּאַלישטשוק!

— פאַרוואָס זאָל איך אין זיי פארגעסן, עפּעס זײַנען מיר דאָך, ווי איר זאָגט, פּאַלישטשוקעס. פון איין און דער זעלבער קרענעצע וואסער געטרונקען, אונטער איין הימל געבוירן געוואָרן.

— וואָס זשע כאַפּסטו זיך ניט אראָפּ צו אונדז, סינאָק? א היים טאָר מען ניט פארגעסן! לייע איז ארויסגעגאנגען אָף דער קיך.

— א גוטמאָרגן אײַך, מומעניו אוליאנע.

— א גוט יאָר אָף דיר, טאָכטער, א גוט לעבן! גוט, וואָס מע זעט זיך, און איצט איז שוין צײַט זיך קלײַבן אין וועג.

— אַזוי גיך? פארבלײַבט א ביסל בא אונדז. איר קאָנט, אויב איר ווילט, בלײַבן בא מיר אָף שטענדיק.

— און ער? וואָס וועט ער זאָגן, דײַן באַלעבאָס?

— צו ביסלעך, מומעניו אוליאנע, ווערט ער אויס באַלעבאָס איבער מיר. אוועק שוין די צײַט! איצט האָב איך, קיין אײַנהאַרע ניט, זין, וועלכע לאָזן מיך ניט באַקריוודען, און איך אליין בין איצט שוין אויך א סאָך קליגער געוואָרן!

— אוי, נאַוורויאַד, נאַוורויאַד, לייעטשקע! וואָס זשע, איך בין בלינד, כאַלילע, איך זע ניט?..

— וואָס זעט איר?

— אַזוי ווי דו ביסט אין אים געווען פארליאַפּעט, אַזוי ביסטו געבליבן. ס'הייסט, עפּשער איז דאָס גראַדע גוט, ווײַל וואָס זײַנען מיר, ווײַבער, ווערט אָן ליבע? אָן ליבע זײַנען מיר, ווײַבער, ווי א שאָלעכץ פון א פּאַסאָליע, ווי א צווײַגעלע אָן צוויט.

געזעגענענדיק זיך מיט לייען, האָט איר אוליאנע אײַנגערוימט אין אויער.

— האָב קיין יעסורים ניט, איך וועל דיר ניט ענג מאַכן אין שטוב, און ווי קאָן איך דען פארלאָזן דאָס דאָרף, ווו יעדער איינער איז דורך מײַנע הענט געקומען אָף דער וועלט און איז מיר ווי אַן אייגן קינד. איין זאַך קאָן איך דיר צוזאָגן, טאָכטער, אַז כ'וועל זיך נאָכאַמאָל ארויסרײַסן אָף א טאָג אין שטאָט, וועל איך דיר ברענגען א בינטל גראָז, וואָס נאָר איך ווייס, ווו דאָס אויסרײַסן. באַלד, ווי דער פרילינג הייבט זיך אָן, וועסטו דאָס גראָז פארפארען און אים געבן טרינקען, דײַן בערקען, אָנשטאָט טיי, און דו וועסט א סימען האָבן, אַז ער וועט ווערן גאָר אַן אנדער מענטש. אָט וועסטו זען! איך האָב שוין ניט איין פּאַלישטשוקער מיטגעהאָלפן מיט מײַן גראָז. פארבלײַב געזונט און זאָל דיר גיין דורך טיר און דורך טויערן.

## 22. א גרוס פון אמעריקע

ניט זאט און ניט הונגעריק, — איין מאָל אין וואָך א שטיקל פלייש און אמיינסטן אָנגעשטאָפּט די קישקע מיט קאַרטאָפליעס און זויערקרויט, אָדער מיט א סופּ פון פערלגרויפּן, צוגעשמאַלצן מיט א ביסל איבערגעפּרעגלטער טוקן־שמאַלץ, זײַנען בא לייען אויסגעוואַקסן, קיין אײַנהאָרע ניט, אירע קינדער, און קיינער האָט ניט געקרענקט, און קיינער האָט זיך ניט באַקלאָגט אפֿן אַפּעטיט. וועק זיי אויף פון שלאָף, וועלן זיי זיך טייקעף זעצן צום טיש און מיט פאַרגעניגן אָפּטאָן זייערס. אז עסן איז גאָר בא זיי א מיצווע־זאַך. און לייע איז גליקלעך געווען, ווען אלע אירע כּעוורעלײַט באַזעצן זיך צוזאַמען באַם טיש און ס'איז לעבעדיק, און פריילעך, און מע זעט ניט קיין פאַרקרימטע פּאָנעם.

באַזונדערס האָט לייע ליב געהאַט, ווען אירע ברויטגעבער — נאַפּטאָלע, הערשל און דאָס פּערטע באָכערל, יאַנקעלע, וואָס איז שוין אויך געוואָרן א פּאַרדינער, א בעקער־יונג, — פּלעגן באַם טיש זיך איבערנעמען איינער פאַרן אַנדערן, וועמענס אַרבעט איז וויכטיקער, און ווער עס פאַרדינט מער.

— נאַרעלע! — פלעגט דער בעקער זאָגן דעם עלטערן, דעם מעטאַליסט. — וואָס פאַרגלײַכסטו דײַן אַרבעט מיט מײַנער?! פּאַרקעסט זיך דאָרט אינעם גיסער־צעך, בא דער ערד, און איך גיב אַרויס ברויט און בולקעס. און וואָס איז א מענטש אָן ברויט? גאָרניט!

— און וואָס איז זיסער פון א צוקערקע אָדער פון אונדזערער א פּאַמאַדקע? מע לעקט דאָך די פינגער פון אונדזער פּראָדוקציע, — האָט זיך פאַר זיי אויסגעפּײַנט דער קאָנדיטער, דער צוקערניק. און די מאַמע קלײַבט נאַכעס. נאָר בערל פלעגט זיך זיצן בא זײַן פּושקע טאַבעק מיט דער מייע גילזעס און זיך צוהערן, ווי זײַנע יאָרשים באַרימען זיך מיט זייער אַרבעט. מעגלעך, אז ער איז זיי מעקאַנע געווען, נאָר טאָן לייען א טויווע און נעמען אָנטייל אינעם געשפּרעך פון די זין — דאָס ניט! דאָס וועט ער איר ניט צוליב טאָן.

און נאָך האָט לייע געהאַט האַנאָע, ווען דער צוקערניק פלעגט פּלוצעם נעמען זײַן גרינעם העפט, וואָס דאַפקע דער טאַטע אליין האָט פּונזײַנעטוועגן ערגעץ געקויפט, און בעטן, עס זאָל ווערן שטיל — ער וועט עפּעס לייענען. געלייענט האָט ער גראַדע ניט זײַנע אייגענע שירים, נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס ער האָט איבערגעשריבן פון ביכלעך, וועלכע עס פלעגט אים געבן א געלערנטער מענטש, וואָס האָט זיך פאַרליבט אינעם געלן באָכערל.

איינמאָל איז דער מענטש — א הויכער, אין ברילן, מיט א סוקוואַטן שטעקן אין דער האַנט — אליין געקומען צו די לאַזעבניקעס אין שטוב.

— מע רופט מיך דאַוויד, — האָט ער אויסגעשטרעקט לייען זײַן ווייכע ווײַסע האַנט. — דאַוויד רופט מען מיך. און אײַך — לייע.

— פונוואַנעט ווייסט איר?

— ס'הייסט, פונוואַנעט! וועגן דעם האָט שוין אײַער זון דערציילט דער גאַנצער וועלט.

— וואָס הייסט דערציילט? און וואָס גייט עס אָן דער וועלט ווי איך, א פּאַשעטע יידענע, הייס?

דער אומגעריכטער גאַסט האָט ליב א שמייכל געטאָן און האָט פונעם בוזעם־טאַש אַרויסגענומען א צײַטונג. ער האָט זי פּאַנאַנדערגעוויקלט און באַוויזן מיט א פינגער.

— אָט, קוקט אהער, אָט! לייענט, לייענט, וועט איר זען, פונוואַנעט איך ווייס אײַער נאָמען.

זאָגן, אז זי קאָן ניט לייענען, האָט לייע זיך געשעמט, און וויסן, וואָס אין בלאַט ווערט געשריבן, האָט זיך איר געגלוסט, ווי קיינמאָל ניט אין איר לעבן. און פּונקט ווי דאַוויד האָט עס מיטאמאָל דערפילט, איז ער איר געקומען צוהילף. ער האָט אליין גענומען איר זונס ליד, וואָס מע האָט צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט.

מאַמעניו, מײַן טײַערע, דיר ווידמע איך מײַן ליד,
דו ביסט מײַן העלער שטערן,
דו ביסט מײַן קאַרשן־צווײַט,
דו ביסט מײַן קוואַל, מײַן לויטערער,
דו ביסט מײַן זונען־שײַן,
איך וויל, עס זאָל דײַן ערלעכקײַט
צו מיר אין ליד אַרײַן.
דײַן נאָמען לייע קלינגען זאָל,
ווי ס'קלינגט א צאַרטע פּלייט,
מאַמעניו, מײַן טײַערע, ביסט מײַן גרעסטע פרייד.

דער אומדערוואַרטער גאַסט האָט איר אָפּגעגעבן די צײַטונג און זי האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט איר צו טאָן.

— איר וועט זי מיר שענקען? — האָט זי ניט זיכער געפֿרעגט.

— מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן! איך האָב זי ספּעציעל געבראַכט. אײַער זון קער נאָך מיר־סטאַמע ניט וויסן, אַז מע האָט הײַנט די ליד אָפּגעדרוקט. דאָס האָב איך אַליין זי אָפּגע־שיקט אין רעדאַקציע. ס׳הייסט, אָפּגעשיקט האָב איך אַ גאַנץ פּעקל זײַנע לידער, נאָר אויס־געקליבן האָט מען גראָדע אָט די — וועגן דער מאַמען.

— מיר פֿאַר זײַנע ביינער, — האָט לייע געכליפּעט.

— באַ אים איז פֿאַראַן אויך אַ פּאָעמע וועגן אײַך.

— איך ווייס, איך ווייס פֿון מײַן אומגליק.

— וואָס הייסט — אומגליק?! אַ גאַנץ ווילע זאַך, נאָר מע דאַרף נאָך איבער איר אַרבעטן. ער איז באַ אײַך אַ פֿײַקער, אים פֿעלט אָבער בילדונג. טאַלאַנט אַליין איז ווייניק, מע דאַרף דערצו נאָך אַ סאַך לערנען, איר פֿאַרשטייט?

— איך פֿאַרשטיי, נאָר ווי קומט עס צום לערנען, אַז מע דאַרף פֿאַרדינען אָף אַ לעבל ברויט. מיר זײַנען דאָך, קיין אײַנהאָרע ניט, אַ היפּש געזינדל. איינס איז קלענער פֿונעם צווייטן. און דער טאַטע זײַנער...

— דאָס ווייס איך אויך, טײַערע לייע, איך ווייס. ער האָט אויך וועגן אים געשריבן.

— אַן עמעס?! אַלץ, ווי דאָס איז? אַ ווייטעק איז מיר. וואָס טויג עס אים? — האָט זי שוין, אַן אופגעבראַכטע, ניט געקאָנט זיך באַרויקן, — מער פֿעלט מיר ניט, די וועלט זאָל זיך דערוויסן וועגן אונדזער שלימאַזל. איך בעט אײַך, רעדט אים איבער, ער זאָל דאָס קיינעם ניט באַוויזן. נאָר דאָס פֿעלט מיר...

די ליד וועגן טאַטן איז דאַפּקע דאָווידן זייער געפֿעלן געווען. הערשל האָט אין דער ליד ניט באַליידיקט דעם טאַטן, ניט כויזעק געמאַכט פֿון אים, פֿאַרקערט, אַרויסגעוויזן טיפֿן מיט־לײַד, וואָס ער קאָן ניט, ווי אַנדערע, באַזאָרגן זײַן פֿרוי און די קינדער. די ליד וועגן טאַטן איז געווען פֿול מיט האָפֿענונג, אַז עס וועט נאָך קומען די צײַט און דער טאַטע וועט צו־זאַמען מיט זײַנע זין זעצן זיך באַם טיש און באַרימען זיך, אַז ער איז אויך געוואָרן אַ מענטש צווישן מענטשן...

לייע האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס צו באַדאַנקען דעם גאַסט. זי וואָלט אים מעכאַבעד געווען מיט אַ גלאָז צימעס, האָט זי אָבער מוירע געהאַט, צי אַזאַ געלערנטער און איידעלער מענטש וועט אַ באַלן זײַן פֿאַרזוכן דאָס אָרעמע מײַכל פֿון אוליאַנעס געטריקנטע עפּעלעך און באַ־רעלעך. ווען דאָוויד האָט זיך אופגעהויבן און געגומען געזעגענען זיך מיט לייען, האָט זי אים געזאָגט:

— לאַנג לעבן זאָלט איר, איר זאָלט האָבן נאַכעס פֿון אײַערע קינדער.

— אָף צו האָבן נאַכעס, דאַרף מען זיי האָבן, די קינדער. איך באַגוגן זיך מיט דעם, וואָס איך קלײַב נאַכעס פֿון פֿרעמדע קינדער.

דער גאַסט האָט געקוקט אָף דער פֿאַשעטער פֿרוי און האָט געטראַכט: אָט ווו עס ווערן געבוירן און עס וואַקסן אויס די נײַע מענטשן. אַ וואָרעם פֿײַערל האָט געלויכטן אין זײַנע עטוואָס צוגעלאָשענע אויגן.

הערשל האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט דער צײַטונג. זעט אויס, ניט יעדן איז באַקאַנט דער געפֿיל פֿון דער ערשטער באַגעגעניש מיטן אייגענעם נאָמען, וואָס איז אָפּגעדרוקט שוואַרץ אָף ווײַס. קיידעמקאָל האָט ער געוואָלט די צײַטונג באַווײַזן דעם טאַטן. זאָל ער זען, זאָל ער וויסן, אַז ניט אומזיסט האָט ער געפּאַטערט אַזוי פֿיל צײַט, באַנאַכט, באַ דער שײַן פֿונעם צוגעדרייטן לעמפּל, געשריבן, „געדראַקעט”, ווי בערל פֿלעג אָנרופֿן זײַן שרײַבעכץ.

ניט דערוואַרטנדיק זיך, ביז דער טאַטע וועט זיך אומקערן פֿון זײַנע אומזיסטע זוכע־נישן — אומעטום האָט מען אים צוגעזאָגט אַן אַרבעט, און אומעטום פֿלעגט זיך אויסלאָזן אַ בוידעם — האָט הערשל געכאַפּט די צײַטונג און איז אַוועק צו דער שוואַרצכיינעוודיקער טאַ־מאַרע, וועלכע האָט זיך אים ניט איין מאָל געכאָלעמט און וועלכע איז בעפּיירעש ווערט געווען, מע זאָל איר ווידמענען די שענסטע לידער.

אינעם גרינעם העפֿט איז באַ הערשלען שוין געווען פֿאַרשריבן טעלעכע נײַע פֿערזן וועגן טאַמאַרען, נאָר ער האָט זיי קיינעם ניט געלייענט, צי ווײַל ער האָט זיך געשעמט אויסזאָגן דעם סאָד, צי ווײַל ער האָט געהאַלטן, אַז טאַמאַרע איז ווערט שענערע לידער.

טאַמאַרע האָט געוווּסט, אַז ער שרײַבט לידער, געוווּסט, אַז ער באַזוכט דעם ליטעראַרישן קרײַז, נאָר אַז מע האָט אָפּגעדרוקט זײַנע אַ ליד, דאָס ווייסט זי ניט, פּונקט ווי ער אַליין האָט דאָס פֿריִער מיט אַ פּאָר שאָ ניט געוווּסט.

טאמארע. וווינט מיט איר מאַמען אין אַן ענגן שטיבל, ניט ווײַט פֿונעם מאַרק. זי נעמט אויך א פּוד־אַנדערהאַלבן קאַנפֿעטן אַף צו פֿאַרוויקלען זיי און פֿאַרדינען עטלעכע רובל, וואָס קומען איר זייער צונוץ אין דער אָרעמער באַלעבאַטישקײַט. זי האָט פֿײַנט, ווען מע זאָגט וועגן איר — א יעסוימעלע, זי האָט פֿײַנט, ווען מע האָט אַף איר ראַכמאָנעס. וואָס איז, זי איז, כאַלילע, בלינד, צי זי האָט ניט קיין הענט, וואָס קאָנען פֿאַרדינען? אײַ די מאַמע האַלט אין איין וויינען און הערט ניט אויף צו דערמאָנען דעם טאַטן, וועלכער איז אומגעקומען אַפֿן פֿערעקאָפּ!

מיט דער יונגער וויקלערן האָט זיך הערשל באַקאַנט טאַקע דאָ, אין דער צוקערניע. ביז די צוקערקעס פֿלעגן אויסגעאַרבעט ווערן און זיך אויסקילן אַף אַזויפֿיל, אַז מע האָט זיי געקאָנט נעמען אינעם קויש און אָפּטראָגן אַהיים, פֿלעגט טאַמאַרע שטיין אין קיך און שמועסן מיטן יונגן געהילף־מײַסטער, וועלכער האָט אַכטונג געגעבן, דער קעסל מיטן זודיקן צוקער זאָל ניט צוגעברענט ווערן.

— זי שטערט דיר ניט? — האָט אים אַנומלטן געפֿרעגט דער באַלעבאָס.

— און אײַך וואָלט זי געשטערט? צי עפּשער אויך געהאָלפֿן.

— מיט א קרעכץ, — האָט זיך דער באַלעבאָס געכאָכמעט.

— און מיר דאַפֿקע מיט א שמייכל. אָדער מיט א זיפֿץ.

— איז שוין באַ אײַך, זעט אויס, ווײַט פֿאַרגאַנגען, אויב מיט א זיפֿץ.

וועגן זײַן באַציִונג צו דעם שוואַרצכיינעוודיקן מיידל האָט הערשל זיך מיסוואָדע געווען נאָר אין זײַנע לידער. הײַנט האָט ער טאַמאַרען ניט געטראָפֿן אין דער היים. ער האָט גע־פֿרעגט, ווען דאַרף זי קומען, און איר מאַמע האָט אים דערויף געענטפֿערט מיט א פֿראַגע:

— דו דאַרפֿסט זי עקסטרע?

— געוויס! אַניט וואָלט איך דאָך ניט געקומען צו לויפֿן.

צום גליק איז טאַמאַרע גיך געקומען אַהיים, און הערשל האָט איר גלײַך באַוויזן די צײַ־טונג מיט דער אָפּגעדרוקטער ליד.

— נו? וואָס וועסטו זאָגן?

— ערשטנס, וועל איך דיך באַגריסן. און צווייטנס... וואָלט איך א באַלן געווען הערן נאָך עפּעס — ס'איז דאָך באַ דיר ניט די איינציקע ליד.

מע איז אַרויסגעגאַנגען זיך א ביסל דורכשפּאַצירן. דער דרויסן איז ווי אומיסטן געווען א מעכײַעדיקער. א לײַכט שנייעלע האָט באַשאָטן דעם אַספֿאַלט פֿון די טראָטואַרן. זייערע טריט האָבן זיך אָפּגעשטעמפּלט אינעם שניי. מע איז געגאַנגען לאַנגזאַם. דאָס ערשטע מאָל האָט א מיידלשע האַנט גענומען הערשלען אונטערן אָרעם. זיי זײַנען געגאַנגען און ער האָט געלייענט פֿאַר איר א ליד נאָך א ליד. באַזונדערס האָט באַ איר אויסגענומען די שורעס:

...עס וועט צעגיין דער לעצטער שניי
און ס'וועט דער פֿראָסט פֿאַריבער.
און אויך מײַן האַרץ דערפֿילן וועט
דעם טאַם פֿון ערשטער ליבע.

— וואָרטסטו, הייסט עס, אַפֿן פֿרילינג?

— פֿאַרשטייט זיך! פֿרילינג, זאָגט מען, איז פּונקט די צײַט, ווען עס צעבליִען זיך די קווייטן און עס צעעפֿענען זיך די הערצער באַ די פֿאַרליבטע.

הערשל האָט באַהאַלטן דעם העפֿט און מיט אַן אומגעריכטער דרייסטקײַט גענומען טאַ־מאַרען אונטער דער האַנט. ביידע זײַנען זיי אין דער מינוט געווען פֿאַרשיקערט, און אַלץ אַרום — שיין און בליִענדיק, אַפֿילע דער שניי...

— און וועגן מיר האָסטו נאָך גאָרניט אָנגעשריבן?

— ווי שטעלסטו זיך פֿאָר?

— איך ווייס, עפּשער שעמסטו זיך...

ער האָט א ווײַלע זיך געשלאָגן מיט דער דייע, צי זאָל ער לייענען, צי ניט, נאָר דאָך באַשלאָסן איבערלייענען די ליד, וואָס ער האָט אַרײַנגעשריבן אין זײַן העפֿט פֿונעם ביכל, וואָס דער כאַווער דאַוויד האָט אים געגעבן אַף א פּאָר טעג.

Ты рождена воспламенять
Воображение поэтов...

די ליד הייסט „גרעטשאַנקאַ". זי, די גריכן, האָט הערשעלע באַשלאָסן, איז געוויס ענלעך געווען אַף טאַמאַרען...

לייע האָט איצט ניט געהאַט דאָס רעכט צו באַקלאָגן זיך. די קינדער זײַנען, קיין אײַנ־הארע, אויסגעוואַקסן און זײַנען געוואָרן, ניט צו פאַרזינדיקן, פֿײַנע מענטשן. און פֿון הערש־לען, זאָגט דער לערער דאַוויד, קאָן אויסוואַקסן אַ באַוווּסטער מענטש, — אַ שרײַבער ווערט גיך באַוווּסט אין דער וועלט.

— אַפֿילו אין אַמעריקע? — האָט אים לייע געפֿרעגט.

— לאָמיר האָפֿן! אַבֿרהם רייזען איז אויך געווען אַן אַרבעטער... ער לעבט איצט אין אַמעריקע, נאָר ער איז אַן אונדזעריקער.

— קאָן טרעפֿן, אַז שנייער זאָל נעמען הערשלס ביכעלע דאָרט, אין אַמעריקע, און זיך באַרימען מיט זײַן פּלעמעניק.

נאָר איידער עס איז געקומען די צײַט צונויפֿשטעלן הערשלס אַ ביכעלע, איז פֿון אַמע־ריקע אָנגעקומען אַ לאַנגע בריוו פֿון שנייערן.

פֿון דער בריוו איז קלאָר געוואָרן, אַז שנייער איז איצט גוט אַף צאָרעס — פֿון זײַנע געשעפֿטן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, פּונקט ווי פֿון זײַן כאַסענע מיט דער אַלמאָנע מיט די גאָלדענע ציין.

„...מיר האָבן זיך באַגעגנט, — האָט שנייער געשריבן, — פּאַרליובעט, ווי צוויי נאַרישע קעלבלעך, געשטעלט אַ כופּע, צונויפֿגעלייגט אונדזערע קאַפּיטאַלן, אײַנגעקויפֿט אַ היפּשע צאָל אַקציעס... אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָבן מיר גאָר מיִעס אָפּגעשניטן מיט די אַקציעס און פֿון אונדזער „אָ־קיי!" האָט זיך אויסגעלאָזט אַ שוואַרצער „ווינד־און־וויי!" האָט מען זיך געגעגט..."

„איך בין ווידער געבליבן איינער אַליין, ווי מע פֿלעגט בײַ אײַך דאָרט, אין פּאַלעסיע, זאָגן: „האַל יאַק סאָקאָל" — ס'הייסט נאַקעט, הויל, און מע מוז אָנהייבן אַלץ באַנײַס אַ קאָן".

און געענדיקט האָט שנייער דעם בריוו מיט די ווערטער: „עפּשער וואָלט טאַקע קעדײַ געווען, איך זאָל זיך אומקערן אַהיים. מע טײַנעט דאָ בײַ אונדז אין אַמעריקע, אַז איצט קערן זיך שוין אום אַ סאַך פֿון די, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבלענדט און זײַנען אַנטלאָפֿן זוכן זיך אַ בעסערע היים. שרײַבט מיר אָן. איך נעם אײַך אַרום און קוש אײַך יעדן באַזונדער. אײַער ברודער און אָנקל שנייער".

לויט לייעס באַקאָשע האָט מען דעם בריוו דאָס צווייטע מאָל איבערגעלייענט. לייע האָט געלאָזט אַ טרער — פֿאָרט אַ ברודער! לייעס גוטסקײַט האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז מע דאַרף, מע מוז אים ענטפֿערן מיט אַ טרייסטנדיקן בריוו. אַוודאי האָט ער געטאָן אַ דאָפּלטע נאַ־רישקײַט, וואָס ער איז געוואָרן אַן אַמעריקאַנער און האָט זיך געלאָזט אַף דער עלטער פֿאַרשליירערן מיטן קאַפּיטאַל און מיטן פֿולן מויל גאָלדענע ציין.

נאָר וואָס שרײַבט מען אים? עפּשער זיך פֿונדעסטוועגן האַלטן אַן אייצע מיט בענציען.

— עפּשער איבערשיקן דעם בריוו קיין קאָזשומיאַקי? — האָט לייע געפֿרעגט בײַ איר מאַן.

— מיש מיך ניט אַרײַן, — האָט בערל אומצופֿרידן געענטפֿערט, — טו, ווי דו פֿאַרשטייסט, אָדער האַלט זיך אַן אייצע מיט דײַנע זין, זיי ווייסן דאָך אַלץ בעסער פֿון מיר!

און לייע האָט זיך טאַקע געהאַלטן אַן אייצע מיט נאַפֿטאַלען, וועלכער איז שוין אַ פּאַר־טיי־מאַן און מוז וויסן, ווי מע פֿירט זיך אין אַזאַ פֿאַל. נאַפֿטאָלע האָט געזאָגט, אַז קיין צוויי מיינונגען קאָנען דאָ ניט זײַן. דער אַמעריקאַנער אָנקל, וועלכער פֿאַרגעסט ניט אַף יעדן שריט און טריט אונטערשטרײַכן, אַז ער איז אַ דאָרטיקער — „בײַ אונדז אין אַמעריקע, בײַ אונדז אין אַמעריקע!", זאָל ניט מיינען, אַז מיר זײַנען מיט אים אײַנגעשפּאַנט אין איין וואָגן. אָט אַזוי דאַרף מען אים ענטפֿערן.

— ווי דו פֿאַרשטייסט, אָבער באַליידיקן אים דאַרף מען ניט, — האָט לייע געענטפֿערט.

„מײַן טײַערער ברודער, — האָט הערשל בוילעט אָנגעהויבן דעם בריוו. — מיר האָבן באַ־קומען דײַן „לעטער", — האָט ער אומיסטן אַרײַנגעפּלאָכטן דעם אַמעריקאַנער אָנקלס באַליבט וואָרט, — און האָבן, פֿאַרשטייט זיך, דערפֿילט, ווי דיר איז דאָרט אין דײַן אַמעריקע ביטער. ווײַל ווערדליק דו ביסט בײַ זיך גרויס געווען, וואָלסטו דאָך ניט געפֿיוועלט זיך באַקלאָגן אַף דײַן מאַזל, ווען דיר וואָלט כאָטש אַף אַ האָר בעסער געווען. נאָר וואָס קאָן מען טאָן? איך האַלט פֿון שטענדיק אָן, אַז אַ מענטש דאַרף זיך האַלטן הארט בײַ דער ערד און ניט זוכן קיין גרינג ברויט".

הערשל האָט איבערגעלייענט דעם אָנהייב. ער האָט פֿאַרשפּאַרט ווארטן פֿון לייען עפּעס אַנדערש. ווײַל אָט די ווערטער האָט לייע ניט איין מאָל אַרויסגעזאָגט איר זון.

— נו, דיקטעווע, מאַמע, וואָס ווײַטער?

— ווײַטער? זאָל איך אַזוי וויסן פֿון צאָרעס, וואָס ווײַטער! שרײַב אים, אַז איך בין אים

ניט מעקאנע געווען, דעם אופגעקומענעם נאגיד, און האָב ניט קיין איבעריקן ראכמאָנעס, וואָס ער איז אָפּגעבערענט געוואָרן מיט זײַנע פאפירלעך...

— מיט די אקציעס, מאמע.

— און וואָס איז שײַעך דײַן פראגע, צי זאָלסטו זיך אומקערן צוריק אהיים, קיין פּאַלעסיע, איז האָבן מיר זיך דאָ געהאלטן אן אײַצע און זײַנען געקומען צו איין געדאנק: א קראנקן איז שלעכט, ווו מע זאָל אים ניט לייגן, און ביזוואנען דו וועסט זיך ניט ארויסשלאָגן פון קאָפּ די פוסטע גײַווע, ביז דו וועסט ניט אָנהייבן פארשטיין, אז דאָ, בא אונדז, איז דײַן עמעסע היים, — האָסטו ניט וואָס צו פאָרן און פאטערן וועג-הויצאָעס.

— שרײַב נאָך צו, זינו, — האָט לייע געבעטן, — אז אויב ער איז ניט פויל, זאָל ער פונדעסטוועגן ווענדן זיך צו בענטשיקן, עפשער וועט ער אים צונעמען צוריק אפן זאוואָד, איצט פאַרדינט מען דאָרט גאנץ נישקאָשעדיק, ס'וועט אים קלעקן אפן לעבן. און אויב, כאָלילע, ניט, וועלן מיר אים קומען צוהילף, עפּעס איז ער דאָך אונדזערער... א ברודער. שרײַב, שרײַב! ער וועט אונדז סײַווײַסײַ ניט פאַלגן.

## 23. אין א גוטער שאָ

אין פּאַלעסיע זאָגט מען, אז ווען א מענטש זאָל וויסן, ווו ער וועט פאלן, וואָלט ער זיך אונטערגעשפרייט אן אָבערעמעק שטרוי. ווייסט ער אָבער ניט! אזוי איז אויך געווען מיט לייען. זי געדענקט גאָר ניט, ווען זי איז קראנק געווען. א לעבן אָפּגעלעבט און, דאכט זיך, אפילע ניט געפאַקט און ניט געמאָזלט, ניט געוווּסט פון קיין פארקילעכץ, פון קיין קאטער, פון קיין הוסט. זי האָט געקאָנט א באָרוועסע ארויסלויפן אפן שניי, דורכלויפן עטלעכע וויאָרסט אונטער א יאָמקיפּערדיקן רעגן און גאָרניט, געזונט — אן אײַזן! די מומע כיניע פלעגט איר אפילע מעקאנע זײַן — דער רועך נעמט זי ניט, די רוטע! עפשער דערפאר טאקע זײַנען לייעס קינדער אויך געווען ענלעך צו די פּאַלישטשוקעס — געזונט א פארגעניגן! לייע האָט אפילע געטראכט, אז גאָט ווייסט וועמען אָפּהיטן. א קאָפּצן מוז זײַן געזונט, אניט ווו וועט ער קאָנען בײַקומען די צאָרעס און די קרענק, וואָס מאטערן אים אויס דעם גוף און די נעשאָמע?

בערל האָט זיך אויך ניט געקאָנט באקלאָגן אפן געזונט. א נעם טאָן א זעקל צוקער אף די אקסל אָדער איבערקערן א וואָגן מיט קאָרטאָפליעס איז בא אים געווען א שפּילכל. אזעלכע זײַנען געווען אויך לייזערקע און נאַפטאָלע.

נאָר פּלוצעם האָט זיך צו די לאזעבניקעס פארגאַדעט א קרענק. קיינער ווייסט ניט, פונוואַנען זי האָט זיך גענומען. נאָר אנומלטן האָט נאסטיע, וואָס איז א פּאָר כאָדאָשים ניט געווען בא לייען, געזאָגט איר כאַוועריטע:

— וואָס האָט געטראָפן, לייעטשקע? וואָס ביסטו אזוי אויסגעצערט און בלייך געוואָרן.

— זאָל איך אזוי וויסן פון צאָרעס, נאסטינקע. איך האָב שוין אליין אויך באמערקט — דאָס קליידל האלט זיך-ניט אף מיר.

— און ווי האלט עס בא דיר מיטן אפעטיט?

— איך עס און עס עסט מיך! הײַנט דאָס טרינקען! איך הער ניט אוף צו טרינקען, נאַסטינקע.

— איז עפשער וועל איך דיך אָפּפירן צו א דאָקטער, לייעטשקע?

מע האָט לייען אָפּגעפירט צו א דאָקטער, מע האָט איר געמאכט אנאליזן און מע האָט פעסטגעשטעלט, אז לייע איז פארשלאָפט געוואָרן אף דער צוקער-קראַנקײַט. דער דאָרשט האָט זי אויסגעמאטערט און דער שלאָף איז פון איר אָפּגעטראָטן. זי איז געלעגן אין איר אלטער בעט, געקוקט אף דער סטעליע, און זיך צוגעהערט, ווי עס שלאָפט איר בערל, ווי ער כראָפּעט געשמאַק, און האָט זיך ניט דערוועגט אים א טאָרע טאָן, אים בעטן זיך אויסקערעווען אף דער צווייטער זײַט.

ס'הייסט, פריער האָט ער ניט ווייניקער געכראָפּעט, נאָר זי האָט עס ניט געהערט. אז מע האָרעוועט אָפּ א טאָג, ווי לייע האָט געהאָרעוועט, ווערט מען אנשלאָפן און מע באמערקט ניט, ווי די נאכט פליט אדורך. און איצט איז די נאכט געווען פאר איר מעשונעדיק לאנג און שווער, ווי מע וואָלט זי ארײַנגעוואָרפן אין געגעם. און ניט קיין כאלוימעס, נאָר שוידערלעכע זעונגען פלעגן זיך בײַטן — איינע שרעקלעכער פון דער אנדערער, און אופשווימען פלעגן אירע לאנגע און שווערע יאָרן.

אף די לעצטע עטלעכע יאָר האָט זי זיך ניט באקלאָגט, די קינדער האָבן ארײַנגעבראכט אין שטוב זייער פארדינסט. בערל איז שוין אויך, דאנקען גאָט, געוואָרן א פארדינער, און

כוץ דעם, האָט לייעס ליבסטער זון אָנגעהויבן באַקומען א כוידעשלעכע סטיפּענדיע — ניט גאָר קיין גרויסע, נאָר פונדעסטוועגן קימאַט אַזוי פיל, וויפל ער פלעגט באַקומען אין דער צוקערניע. דערצו נאָך האָט מען אַרויסגעגעבן זײַנס א ביכעלע לידער און דער פּאָטשטאַליאָן האָט אין איינעם א שיינעם טאָג אַרײַנגעטראָגן אין שטוב קימאַט א טויזנטער...

— וואָס איז דאָס פאַר א געלט, זינו? ווײ איז מיר, וואָס איז דאָס פאַר א געלט און נאָך אַזא פּויטעקע?

— דאָס הייסט, מאַמע, האָנאָראַר פאַר מײַנע לידער...

— אַזוי פילן! ס'איז קאָשער געלט, זינו, צי עפּשער, כאַלילע, כ'וויס...

— קאָשער, קאָשער! האָב קיין יעסורים ניט, מאַמע! נעם דאָס, מאַמע, און קויף זיך דאָס בעסטע, וואָס דיר פעלט אין דער באַלעבאַטישקײַט!

לייע איז גליקלעך געווען. זי האָט געהאַט גענוג דײַגעס און אַן איבעריקע קאָפּעקע האָט איר קיינמאָל ניט געשטערט. נאָר די פרייד פונעם פאַרדינסט, וואָס איז ווי פונעם הימל אַראָפּ־געפאַלן, האָט דאָך ניט געקאָנט לינדערן דעם ווייטעק, וואָס קיין שום דאָקטער איז ניט אים־שטאַנד געווען אויסהיילן. די שכיינים פונעם גאַנץ גרויסן מויער האָבן ראַכמאָנעס געהאַט אָף לייען, איר מיטגעפילט, און געייצעט איר פאַרשטאַרקן דאָס געזונט מיט צוקער. כאַכאָמים זאָגן, אַז צוקער גיט צו געזונט. מע דאַרף אָנהייבן פון א לעפל און דערגיין ביז זעכצן לעפל א טאָג. א פונט צוקער גיט צו א פונט געזונט. און לייע האָט געפאָלגט די אייצעס. נאָר וואָס מער זי האָט זיך געהיילט מיטן צוקער, אַלץ ערגער איז איר געוואָרן. אײנעם מויל האָט איר געהאַלטן אין איין טרוקענען. די הענט, וואָס האָבן אָפּן לעבן איבערגעטאָן אַזוי פיל אַרבעט, אויסגעקנאָטן טויזנטער דייזשעס ברויט, איבערגעפּליקט א באַרג מיט פעדערן, זײַנען פלוצעם געוואָרן דאַר און טרוקן. בייסן וואָשן זיי פלעגט זי פרעגן בא זיך: ווו זײַנט איר אומגע־קומען, הענט מײַנע? און וואָס בין איך ווערט אָן אײַך?

די קינדער האָבן געמאַכט אָן אָנשטעל, אַז ס'איז גאָרניט געשען. דאָס איז א צײַטווײַליקע זאַך! די אַמאָליקע יונגקײַט וועט זיך, פאַרשטייט זיך, ניט אומקערן, נאָר מע וועט נאָך לעבן און האָבן נאַכעס פון קינדער און קינדס־קינדער.

אַפּטער פון אַלע פלעגט לייען באַזוכן איר כאַווערטע נאַסטיע. זי האָט אויך געסטאַרעט זיך פריילעכער מאַכן לייען מיט א וויץ, מיט עפּעס א נײַס. אַזוי, צום בײַשפּיל, פלעגט זי אַלע מאָל דערציילן וועגן דעם אַלטן מאַנאַפּאָלשטשיקס גענג. עס לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט זיך געפונען א געוועזענע גראַפיניע — פון די פּאַטאָצקיס ווײַטע קרויוועס. זי איז אין זײַנע יאָרן. זי פאַרנעמט זיך מיט אויסהאָדעווען הינט. אַזא פּאַרנאָסע! ניקיטע קאָכט פונ־זייערטוועגן ספּעציעלע מײַכאָלים, פּירט זיי אַלע גאַנצפרי און אַלע אָוונט אַרויס שפּאַצירן. קלײַבט צו פאַר זייערטוועגן די שענסטע נעמען, און אַז זיי וואַקסן אונטער — פאַרקויפט מען זיי. עס איז, לאָזט זיך אויס, פאַראַנען א ספּעציעלער מאַרק, ווו מע האַנדלט מיט קעץ, הינט און מיט פאַרשיידענע פייגל און ווײַסע מײַז. נאַסטיעס מײַסעס פלעגן א ביסל אויפמינטערן די קראַנקע לייע.

אָפּטער פון אַלע פלעגט בא־איר געלעגער זיצן הערשל. ער האָט איר געלייענט שאָלעם־אַלייכעמס ביכלעך. און נאָך האָט זי ליב געהאַט הערן די ווערק פון יענעם אַלטן צעשויבערטן ביכל, וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין איר זיקאָרן נאָך אַמאָל, אין ליסאָווע, ווען איר זון האָט זיי געלייענט ניט נאָר פאַר איר, נאָר אויך פאַר אירע כאַווערטעס, די סאָלדאַטקעס. דאָס ביכל האָט געהייסן „קאָבזאַר". אַמיינסטן האָט בא איר אויסגענומען די זאַך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אייצע:

Кохайтеся, чорнобриві, тай не з москалями...

לייע פלעגט אײַנדערשטיל לאָזן א טרער, אַפּסנײַ איבערלעבן דאָס שווערע גוירל פון דער באַליידיקטער און געקריוודעטער קאַטערינע, ווי דאָס וואָלט געווען איר אייגענע שוועסטער. עס פלעגט טרעפן, אַז לייע האָט מיט איר אויסגעטריקנטער האַנט פאַרמאַכט דעם צעשוי־בערטן בוך און, אַרײַנקוקנדיק איר זון אין די אויגן, אים פלוצעם א פרעג טאָן:

— נו, און בא דיר, זינו?

— וואָס בא מיר, מאַמע?

— וואָס הערט זיך בא דיר? דו באַגעגנסט זיך מיט אירן?..

— ניט אַזוי אָפּט, ווי פריִער.

— וואָס זשע — אויס קאַלע, ווידער א מוידן?

— קיין קאַלע איז זי מיר קיינמאָל ניט געווען, מאַמע... ניט יעדער מיידל איז אומבאַדינגט א קאַלע.

— פונדעסטוועגן ביסטו דאָך געווען די קאַפּאַרע נאָך איר.

הערשל האָט זיך געשלאָגן מיט דער דייע: דערציילן דעם עמעס, צי עפּשער ניט פאַר־שאַפן איר קיין איבעריקע שמערצן. די זאַך איז באַשטאַנען אָט אין וואָס:

צוריק מיט א פּאָר וואָכן, ווען מע האָט זיך אומגעקערט פון א פאַרשטעלונג, האָט טאַ־מאַרע אים פאַרגעלייגט נאָך א ביסל שפּאַצירן.

— וועסט מיר אנטשולדיקן, נאָר דאָס מאָל קאָן איך ניט.

— און מיר גלוסט זיך נאָך זײַן מיט דיר אינצווייען...

— דאָס פרייט מיך זייער, נאָר די מאַמע וועט דאָרט האָבן יעסורים.

— ווידעראַמאָל די מאַמע! וואָס האָט זי אזוי מוירע — מע וועט דיך אויסכאַפּן?!

— מײַן מאַמע איז זייער קראַנק.

— עלטערע מענטשן זײַנען אַפּט קראַנק... איז וואָס? דאַרפן די יונגע זיך קירצן די יאָר.

— ווען די יונגע האָבן ליב די עלטערן, — האָט הערשל איר געענטפערט, — דאַרפן זיי, מיט וואָס נאָר זיי קאָנען, פאַרגרינגערן זיי דאָס לעבן.

— איז בא דיר, הייסט עס, די מאַמע ליבער פון מיר?

ער האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט וועגן דעם. אין זײַן הארצן איז פאַראַן גענוג פּלאַץ פאַר זיי ביידן. און ווי קאָן מען עס גאָר פאַרגלײַכן זי און די מאַמע?! ער האָט א קוק געטאָן אויף טאַמאַרען און האָט זי דערזען גאָר אן אנדערע. ס'א סוואַרע, אז זי האָט זיך אינגאַנצן גע־ענדערט אין זײַנע אויגן. פריִער האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז קיין בעסערע פון טאַמאַרען איז גאָר ניט פאַראַנען. אירע שמייכלען, אירע ביסטרע און הייסע בליקן האָבן זיך אים גע־דאַכט די סאַמע ליבסטע און קליגסטע. אים איז צום הארצן געווען איר מאַמע, וועלכע האָט אויף קיין רעגעלע ניט פאַרגעסן דעם טאַטן, דעם בודיאָנאָוועץ, און הערשל האָט זיך פאַר־געשטעלט, אז אויך טאַמאַרע וועט אַמאָל זײַן געטרײַ און איבערגעגעבן איר מאַן, ס'הייסט — אים, ווי זשע דערוועגט זי זיך פאַרהאַלטן אים, ווען ער אײַלט זיך צו דער קראַנקער מאַמע?

— פאַרשטיי דיר, ווי דו ווילסט, טאַמאַרע, נאָר איך מוז גיין.

— נו, גוט, וועסט כאַראָטעט האָבן! — האָט זי זיך אויסגעקערעוועט און א באַליידיקטע אוועק.

עפּעס האָט זי אים, דאכט זיך, נאָך געזאָגט, נאָר ער האָט עס שוין ניט געהערט. א דערשיטערטער, איז הערשל געלאָפן אהיים. די מאַמע האָט געוואַרט אויף אים און האָט גלײַך דערקענט, אז עפּעס איז ער הײַנט ניט אזא, ווי געוויינלעך.

זיי האָבן זיך נאָך א פּאָר מאָל גאַנץ צופעליק באַגעגנט, אָבער מער שוין ניט אָפּגעשטעלט קיין טאָג, קיין שאָ און קיין אָרט, ווו מען וועט זיך מאָרגן טרעפן. מע קאָן ניט זאָגן, אז טאַמאַרע איז אים מינעסער געוואָרן אין די אויגן. פאַרקערט, עפּשער נאָך שענער, אָבער איינצײַטיק אויך ווײַטער. ער האָט איר ניט געקאָנט מויכל זײַן איר גאַדלעס, איר באַציִונג צו זײַן מאַמע ביפראַט.

ווען לייע האָט ווידער גענומען זיך דערפרעגן, פאַרוואָס זיצט ער איצט גאַנצע אָפּדער־נעכט אין דער היים און פאַרוואָס קומט ניט אַרײַן טאַמאַרע, ווי דאָס איז געווען ערשט ניט לאַנג, האָט ער באַשטימט איר דערציילן דעם ריינעם עמעס.

— הייסט עס, זי אָדער איך? און דו האָסט געמאַכט דעם אויסוואַל, זינו?

— איך האָב פאַרשפּאָרט אויסצוקלײַבן, מאַמע. טײַערער פון דיר איז בא מיר קיינער ניטאָ.

לייע האָט זיך צעוויינט ניט ווײַל דער זון איז איר אזוי געטרײַ, נאָר ווײַל עס זײַנען נאָך פאַראַנען אזוינע, ווי טאַמאַרע.

אינגיכן האָט מען זיך דערוווּסט, אז טאַמאַרע האָט כאַסענע געהאַט מיט א יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך געדרייט אויפן מאַרק.

ס'איז דורך א זומער און א ווינטער. הערשל האָט זיך פלײַסיקער געלערנט. לייע האָט ניט אויפגעהערט קלײַבן נאכעס פון איר זון. ליגנדיק אין איר שכיינעסדיקן צימער, האָט זי זיך צוגעהערט, ווי ער דרייט זיך איבערן צימער, ווי עס טוט פון מאָל־צו־מאָל א סקריפּע דאָס בענקל און זי האָט געוואָרט, ער זאָל צו איר ארײַנגיין און פרעגן: עפּשער ווילסטו הערן א נײַע ליד, מאַמע?

— דו פרעגסט נאָך?

און ער האָט געלייענט:

ווי נעמט זיך גאָר אַזוי פֿיל פּערל,
וואָס יעדן זומער אין באַגין
אויף גראָז און בלעטער, ווי די טרערן,
זיי ליגן בלענדיק בלווילעך־גרין?

ווי נעמט זיך אַזאַ צאָל בריליאַנטן,
וואָס פֿאַר אַ האַנט צעשיט זיי ברייט?
זיי זײַנען אַלעמענס און קיינעמס
און פֿילן אָן דאָס האַרץ מיט פֿרייד.

ווען כ׳וואָלט געקאָנט, כ׳וואָלט אויפֿגעקליבן
זיי אין אַ קויש, און זיי געשענקט
ווי שענסטע צירונג פֿאַר מײַן ליבער,
נאָך וועלכער מײַן נעשאָמע בענקט...

און לייע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דעם זונס האַרץ האָט איצט געפֿאַנגען אַן אַנדערע...

אין עטלעכע טעג אַרום איז זי טאַקע געקומען צו הערשלען נאָך עפּעס אַ לערנביכל. אַ דינינקע, אַ שלאַנקע, אויך אַ שוואַרצכיינעוודיקע מיט גוטע גרינע אויגן. וועגן אָט די אויגן האָט ער טאַקע געשריבן אין אַ צווייטער ליד. דאָרט זײַנען געווען אַזעלכע ווערטער: „גוטע, גרויסע, גרינע אויגן קוקן אויף מיר מילד...״ ער איז אַוודאי גערעכט, איר זון — אויגן קאָנען טאַקע זײַן גוטע און בייזע...

אויפֿן קאָפּ בײַ איר איז געווען אַ טונקל פּאַטשיילכל אויסגעבונדן, ווי בײַ די פּאָלי־שטשוקער מיידלעך. אַ באַשיידענע, אַ שעמעוודיקע, איז זי אַרײַנגעקומען אין שטוב.

לייע האָט זיך געפֿילט אַ ביסל בעסער און האָט זיך געסטאַרעט קאָכן און באַקן, טאָן אַלץ, וואָס מע דאַרף. אויפֿן טיש איז געשטאַנען אַ גרויסער קאַווען. לעבן אים — אַ ברייטער און אַ טיפֿער טעלער מיט פֿאַרברוינטע קנישעקלעך, וואָס האָבן געשמעקט און געהאַט דעם זי־בעטן טאַם. לייע האָט ליב געהאַט, אַז אין שטוב זאָל שמעקן מיט זעט, און נאָך מער האָט זי ליב געהאַט מעכאַבעד זײַן אַלעמען, ווער עס טרעט איבער איר שוועל, און ניט, כאָלילע, צוליב באַרימערײַ, מע זאָל זען, סאַראַ באַלעבאָסטע זי איז, ניין, בלויז צוליב דעם, אַז דער גאַסט זאָל האַנאָע האָבן, זיך מעכײַע זײַן מיט לייעס געבעקס. אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען אַ דינסט בײַ רעב מענדלען און מע האָט אויף שאַבעס און אויף יאָמטעוו פֿאַרגרייט פֿון הערן און קלערן, האָט זי זיך אײַנדערשטיל געווונטשן, אַז ווען זי וועט זײַן בײַ זיך אַליין אַ באַ־לעבאָסטע, זאָל אויך אין איר שטוב אַזוי שמעקן מיט אַזעלכע גוטע רייכעס.

לייע האָט שוין געוווּסט, אַז מילע — אַזוי האָט מען גערופֿן דאָס מיידל, וואָס איז געקו־מען צו איר זון נאָך אַ ביכל, — אַז מילע איז פֿון אַ ווײַט פּאָדאָליער שטעטל און, זעט אויס, פֿון אַ ניט גאָר רײַכער מישפּאָכע. לייע באַדאַרף ניט קיין סאַך, קעדיי דערקענען, פֿון וואָס פֿאַר אַ שטאַנד דער מענטש איז. זי האָט אויף אַ טעלערל דערלאַנגט קנישעקלעך און אַ גלאָז געדיכטן קאָמפּאָט, וואָס אַמאָל האָט עס געהייסן צימעס.

— פֿאַרבײַס, פֿאַרבײַס, טאָכטער! — האָט זי גוטמוטיק אײַנגעלאַדן מילען.

— אַ דאַנק אײַך, מיר האָבן נאָרוואָס געגעסן וואַרעמעס.

— און אַוודאי פֿאַרביסן מיט אַזעלכע פּירעשקעס. וואָס זשע, אַליין פֿאַרשטיי איך ניט?

מילע האָט איר געענטפֿערט מיט אַ ליבן שמייכל:

— איר ווילט מיך פֿאַקן בײַ אַ ליגן? פֿאַר אַ סטודענטישער גאָרקיך. וואָלט דאָס געווען צו אַ גרויסער ווילטיק. נאָר נישקאָשע, מע איז ניט הונגעריק. מע נעמט אַן איבעריקן ווינעגרעט און אַ פּאָר גלעזער קאָפֿע און מע קומט יאַקאָס איבער ביז דער וועטשערע.

הערשל האָט אויף טשיקאַווע אַנומלטן געפּרוּווט אָפּעסן אַ וואַרעמעס אין דער סטודענטי־שער גאָרקיך. ניין, דער מאַמעס געוויינלעכער קוליש און אַ פּאָר קאַרטאָפּליאַניקעס זײַנען טויזנט מאָל געשמאַקער און זעטיקער. און אַלע מאָל, זיצנדיק בײַ דער מאַמעס טיש, האָט ער געטראַכט וועגן איר, דעם קלײנשטעטלדיקן מיידל, וואָס שעמט זיך גאָר דערציילן, אַז זי איז ניט שטענדיק זאַט. די עלטערן אירע קאָנען זי ניט אונטערהאַלטן, און די סטיפּענדיע קלעקט ניט.

— נו, איז נעם אַ מעסער, זינו, — האָט לייע באַפֿוילן, — און שנײַד אויף דעם קאַווען! עפּעס האָבן מיר דאָך אַ גאַסט!

— ניין, ניין, מע דארף ניט, — האָט מיליע דערווידערט, — אזא שיינעם קאווען, אזא גוואר דארף מען אופשניידן, ווען אלע זיצן באם טיש!

— ביסט א נאר, טאַכטער, זאָלסט אף מיר ניט האָבן קיין פאריבל. פארגעניגן האָט מען ניט פון זײַן שיינקײַט, נאָר פון דעם, וואָס מע איז מעכאבעד א גוטנפרײַנט. שנײַד, זינו, און לאָמיר אלע האנאָע האָבן!

זיצנדיק באם טיש, האָט לייע א פרווו געטאָן זיך קלאָר מאכן, ווער דאָס מיידל איז און פונוואנען זי שטאמט, און צי איר איז גוט בא דער שוועסטער, און וואָס מאכט עפעס איר מאמע, דאָרט אינעם שטעטל. זי קאָן, זיכער, ניט שלאָפן דורך די נעכט און טראכטן, ווי עס לעבט זיך איר טאָכטער. און די טעכטער פארגעסן אפילע אָנשרײַבן א קארטל דער בידנער מאמען...

— מיינסט, פארוואָס זאָג איך דאָס? — האָט לייע א זיפץ געטאָן.

— טאַקע! פארוואָס זאָלט איר טראכטן, אז איך שרײַב ניט דער מאמען?

— איך בין אליין א מאמע, און איך האָב קינדער. נעם מײַן עלטערן. ביז איך דערלעבט פון אים א קארטל, צי א בריווּ. דאלי אָטשי — דאלי סערדצע... אָט וועסטו אליין ווערן א מאמע, וועסטו ערשט דעמלט דערפילן, ווי מע בענקט און ווי מע וואַרט. עס, טאַכטער, עס, און שעם זיך ניט... ווען איך מעג, וואָלט איך זיך אויך דערלויבט א ריפּטעלע, בין איך אָבער געשטראָפט... מיילע, זאָלן כאָטש מײַנע קינדער האנאָע האָבן.

מיליע האָט זיך געלערנט אפן צוגרייטונגס־קורס און איר איז ווידעראמאָל אויסגעקומען זיך ווענדן צו הערשלען, ער זאָל איר אנטלײַען א לערנביכל, וואָס איז אים שוין בעמיילע ניט נייטיק געווען — ער איז דאָך מיט א קורס העכער פון איר.

— איך וועל עס דיר מיט פארגעניגן שענקען, אָבער מיט איין טנאַי.

— צום בײַשפּיל...

— זאָלסט אליין קומען נאָכן ביכל, צו אונדז, הייסט עס.

— אזוי שווער איז דיר מיטנעמען דאָס ביכל מיט זיך?

— פארשטייסט, די מאמע וויל דיך זען...

— אזוי בין איך איר געפעלן געוואָרן?

— ס'איז בא אונדז א שוטפעסדיקער געשמאק.

מיליע האָט ניט זייער געוואָלט דאָס צווייטע מאָל באזוכן די לאזעבניקעס — מע וועט זי דאָך אומבאַדינגט באזעצן באם טיש, און זי האָט עס פײַנט, נאָר אן אנדער ברירע האָט זי געהאט?

און געקומען איז זי צו הערשלען אין אָוונט, ווען דאָס גאנצע הויזגעזינד איז געזעסן ארום דעם גרויסן טיש. ס'איז שוין לאַנג אוועק די צײַט, ווען לייען פלעגט אויסדאַרן דער קאָפּ, ווי אויסקומען מיט דעם פונט פלייש אף צווי טעג. איצט האָבן די קאצאָווים באזאָרגט בערלען מיט א גוטן כיילעק פלייש. די שטוב איז געווען זאט און לייע האָט געהאט האנאָע, ווען זי האָט עמעצן מעכאבעד געווען.

מע האָט באגעגנט מיליען, ווי א כאָשעווון גאַסט.

— זע נאָר, מיליע!

— קומט ארײַן, קומט ארײַן!

— וואָס אזוי שפּעט?

— טו זיך א רוק! — האָט לייע געזאָגט דעם קלענערן, — אָט אָ־דאָ זעץ זיך, טאָכטער, אָט אָ־דאָ.

באם טיש, בא די לאזעבניקעס, איז געווען אופגעלעבט. אויבנאָן איז געזעסן דער טאַטע. די וואָנצעס, דער גלײַכער שרונט און די עטוואָס רויטלעכע ברייטע נאָז האָבן געמאכט זײַן פּאָנעם סאָליד און פײַערלעך. א טאַטע פון אכט קינדער, וואָס האָט שוין פארמאָגט צווי אייניקלעך, האָט ער באטראכט די ארײַנגעקומענע סטודענטקע פון קאָפּ ביז די פיס. לייע האָט איבערגעכאַפּט זײַן בליק און גלײַך פארשטאנען, אז דאָס קינד געפעלט אים. ווען ער שעמט זיך ניט, וואָלט ער זי באזעצט לעבן זיך. וואָס איז דאָ צו ריידן, אים זײַנען שטענדיק געפעלן געווען שיינע און ביפראט נאָך יונגע פרויען!

כאָטש מיליעס קומען איז געווען ווי א יאָמטעוו, — מע האָט גאַרניט געוווסט, ווו זי צו באזעצן און מיט וואָס זי מעכאבעד זײַן — האָט זי זיך ניט זייער אָפּט דערלויבט צו קומען אהער. מיליען האָט זיך געדאכט, אז מע קוקט אף איר, און מע רעדט שוין מיט איר, ווי מיט הערשלס קאלע. און זי האָט נאָך געלעבט מיט די זיסע דערינערונגען וועגן איר פאָדאָליער שטעטל. דאָרט זײַנען בא איר פארבליבן גענוג כאווערטעס און ווילע כעווירע, וועלכע זײַנען

געווען צו איר ניט גלײַכגילטיק. עפּשער האָבן זיי אויך געטרוימט וועגן איר און געוואָרט, זי זאָל קומען כאָטש אויף אַ פּאָר טעג צו איר מאַמען.

מיליע? ווער האָט עס געוואָוסט, אַז זי הייסט מיליע? אַזאַ נאָמען איז אין איר שטעטל קיין מאָל ניט געווען! איר עמעסער נאָמען איז לייע. פונוואַנען זשע קומט דער נאָמען — מיליע? הערשל האָט אים צוגעטראַכט — פונעם וואָרט „מילאַיאַ", ס'הייסט — ווױלע, ליבע...

איין שידעך איז שוין אין דער מישפּאָכע לאַזעבניק שיר ניט צעשטערט געוואָרן. דער עלטערער זון האָט זיך אויך געהאַט פאַרליבט אין אַ מיידל, וואָס איר נאָמען איז ליילע. אַז די מאַמע האָט זי אָנגעקוקט, איז זי איר דאַפּקע געפעלן געוואָרן. נאָר דער נאָמען, וואָס טוט מען מיטן נאָמען? לייע האָט אָפּגערופן דעם זון אין אַ זײַט און אים שטיל געפרעגט:

— שוין זשע ווייסטו ניט, זינו, אַז אַ לעבעדיקע מאַמע און אַ שנור טאָרן ניט הייסן מיט איין נאָמען. באַ אונדז, יידן, פירט זיך ניט אַזוי.

און דער עלטערער זון איז געפאַלן אָפּן סייכל — ער האָט איר געביטן דעם נאָמען אויף ליובע. און איצט איז ווידער די זעלבע געשיכטע. ניין, ניט אַנדערש, ווי דאָס איז אַ באַשערטע זאַך! די מאַמע וועט ניט אײַנגיין דערויף! האָט הערשל באַצײַטנס פאַרביטן איר דעם נאָמען — מיליע. וואָס איז שלעכט מיליע?

נאָר די מאַמע האָט אַלץ געוואָוסט...

ס'איז געווען אַ געוויינלעכער מיטוואָך, אַ טאָג, ווי אַ סאַך אַנדערע טעג פון אַ גאַנצער וואָך. הערשל האָט זיך אופגעכאַפּט פריִער ווי געוויינלעך, געהאָלפן דער מאַמע אויסוואַשן דעם דיל, אויסדרייען עטלעכע פּאָרלעך גרעט, וואָס לייע פלעגט אַלע מאָל אַליין וואַשן, קעדיי ניט צונויפזאַמלען קיין סאַך גרעט. לעצטנס איז איר זייער שווער געווען צו אויסדרייען דאָס וועש מיט די אויסגעדאַרטע הענט — די צוקער־קראַנקײַט האָט זי אַלץ מער און מער געמאַטערט און שוואַכער געמאַכט.

אויסווישנדיק די הענט, האָט דער זון אַ זאָג געטאָן:

— מעגסט מיך באַגריסן, מאַמע...

— וואָס זשע, זינו?

— איך האָב באַ איר געפּויעלט. הײַנט גייען מיר אין טעאַטער, און פונעם טעאַטער וועט זי קומען צו אונדז... אויף שטענדיק.

— און דו ביסט גליקלעך?

— און ווי שטעלסטו זיך פאָר, מאַמע?

— טאָ זאָל זײַן אין אַ גוטער שאָ!

מער פון אַלץ האָט ער גראַדע מוירע געהאַט פאַר אָט דער שאָ, פאַר אָט דער מינוט. ווי וועט די מאַמע אופנעמען די יעדיִע, נאָר לייע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי טאָר זיך ניט שטעלן אָפּן וועג פון זײַן גליק. אין אָוונט, ווען דאָס קליינוואַרג איז שוין געשלאָפן און אויך דער טאַטע האָט געכאַפּט אַ דרעמל, האָט זיך דאָס יונגע פּאָרל אומגעקערט פונעם טעאַטער. לייע האָט זיי באַגעגנט אינעם פאָדערצימער אַזוי, ווי זי האָט נאָך קיינעם קיינמאָל ניט באַגעגנט — מיט צוויי בעכערלעך ווישניק און האָניק־לעקעך, וואָס זי האָט ספּעציִעל אָפּגעבאַקן פאַר כאָסן־קאַלע. אוודאי האָט זי געוואָלט, אַז עס זאָל זײַן, ווי באַ לײַטן — מיט אַ כופּע, מיט אַ פולער שטוב געסט, נאָר זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער מין סימכע. מע וועט נאָך באַוויַזן פּראַוועון סימכעס, אויב דאָס האַרץ וועט זײַן דערבײַ און לייע וועט זיך באַפרײַען פון דער קרענק. לאָמיר האָפן! און דערווײַל מאַזלטאָוו! אין אַ גוטער שאָ!

## 24. געזעגענונג

ניט אומזיסט זאָגט די וועלט: אַז עס קומט צום לעבן, סטײַעט ניט קיין יאָרן. לייען איז שוין דאַנקען גאָט געוואָרן אַזוי גוט, אַז ווען נאַסטיע איז געקומען זי מעוואַקער כוילע זײַן, האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אָפּן רעכטן עלנבויגן און אַ ליבן שמייכל געטאָן:

— ניט צו פאַרזינדיקן, נאַסטינקע, ניט צו פאַרזינדיקן!

און טאַקע, די קינדער זײַנען אונטערגעוואַקסן. פון לייזערקען קומען אָפּטע בריוו — ער איז דאָרט אָפּן ווײַטן מיזרעך אַ גאַנצער מאַכער! וואָלט זיך עמעצער געקאָנט ריכטן, אַז באַ בערל לאַזעבניק וועט זיך אויסוואַלגערן אַ קאַפּיטאַן פון אַ שיף! אַז ער איז דאָך אָפּן לעבן ניט געווען קיין שווימער — אַ פּאָר מאָל זיך געהאַט געטרונקען אינעם פּאָלעסיער טײַכל, איז אָט האָסטו דיר — אַ קאַפּיטאַן!

לייע האָט אַרויסגענומען אַ פּעקל פאָטאָגראַפיעס, וואָס זי האָט שטענדיק געהאַלטן אונ־טער דער קישן. בלײַבנדיק אַליין אין שטוב, פלעגט זי זיי צעלייגן אויף דער קאָלדרע און זיך שפּיגלען אין זיי. אַ מישפּאָכע, קיין אײַנהאָרע ניט. אָט איז לייזערקע אינעם קיטעל מיט אַ גרויסער קאָקאַרדע אויפֿן היטל. און דאָ איז ער מיט זײַן ווײַב און מיטן אייניקל; דאָס איי־ניקל באַזונדער מיט אירע שפּילכלעך. און אָט איז נאַפּטאַלע — אַן ערנסטער מיט אַ פּאָר טיפע קנייטשן אויפֿן שטערן. און אָט זײַנען זיי ביידע, און אָט — ווידער אינדרויסן, מיטן צווייטן אייניקל. אויף אַ גרויסער קאַרטע שטייט איר מעטאַליסט. מיט אַן ערן־צייכן אויף דער לאַץ פונעם פּידזשאַקל און מיט אַ צעווייטער פאָן אין דער רעכטער האַנט.

צוזאַמען מיט די פאָטאָגראַפיעס האַלט זי אונטערן צוקאָפּנס אויך די צווי ביכלעך, וואָס איר דריטער, הערשעלע, האָט אַליין אָנגעשריבן. אויף יעדן ביכל שטייט זײַן נאָמען. ניט יעדער מאַמע האָט די זכיה דערלעבן אַזאַ קאָוועד! לייע האָט זיך שוין ניט איינמאָל באַרימט פֿאַר נאַסטיען מיט די ביכלעך, כאָטש זי אַליין איז געשטראָפט און קאָן זיי ניט איבערליי־נען. אָט שטייט זײַן נאָמען אויך אויף רוסיש, מיט גרויסע אויסיעס — דאָס קאָן נאַסטיע איבער־לייענען. ווען זי קאָן נאָך לייענען אויף יידיש, וואָלט זי געוויס האַנאָע געהאַט פֿון זײַנע שרײַ־בעכצן. דאָרט זײַנען דאָך פאַראַנען אַ סאַך שיינע ווערטער אויך וועגן איר, לייען. דער אַל־טער מויכערספּאַרימניק פלעגט אין אַ שפּאַס זאָגן: „קאָלזמאַן עס רירט זיך כאָטש איין איי־ווער, קלערט מען ניט וועגן קאַלטן קייוער”. לייעס אייוורים רירן זיך, אָבער אַזוי שוואַך, אַז איר איז אפילו שווער צו האַלטן אַ גלאָז טיי אין דער האַנט.

נאַסטיע האָט שוין אפילו אופגעהערט צו טרייסטן איר כאַווערטע.

— נו, און ער — כ׳מיין דײַן בערל, ווי באַציט ער זיך צו דיר?

— האָסט אוודאי געהערט אַזאַ גלײַכווערטל: „אַ הויקער קאָן אויסגלײַכן נאָר דער קיי־ווער”. אַזאַ, ווי ער איז געוועזן, אַזאַ איז ער פאַרבליבן.

— ניט ערגער, כאַלילע?

— כ׳האָב מוירע, אַז ערגער. פונקט ווי איך בין שולדיק, וואָס איך בין קראַנק, וואָס איך קאָן זיך פֿאַר אים ניט אויסציִען אין דער לענג און אין דער ברייט, ניט וואַשן אים די פיס. ווי אַמאָל, ניט פאַרלויפֿן אים דעם וועג, ער זאָל זיך, כאַסוועשאָלעם, ניט איבערהאָרעווען. אוי, נאַסטיע, נאַסטיע, איך האָב זיך גאָר ניט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס לעבן איז די גרעסטע מע־ציִע — מע קריגט עס אומזיסט, נאָר פאַטער ווערן פֿון דעם איז גאָר ניט אַזוי גרינג. אַפּטמאָל ליג איך מיר און האַלט אין איין טראַכטן: גוואַלד, ווי דערלעבט מען שוין די מינוט, ווען כ׳וועל פאַרמאַכן די אויגן. איך האָב דאָך קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן.

— פאַרקערט, לייטשקע, פאַרקערט!

— און ער, ס׳הייסט זײַן פאַרטרעט, הענגט קעגן מיר אויף דער וואַנט, ווי ער וואָלט מיר האַלטן אין איין זאָגן מוסער, לעמײַ איך וואַלגער זיך אין אָט דעם קאַלטן געלעגער.

לייע האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און זיך געלייגט אויף דער פּלייצע, מיטן שפּיץ פונעם לײַ־לעך זיך אויסגעווישט די אויגן און אָנגענומען נאַסטיען בײַ דער האַנט:

— טו מיר אַ טויווע, נאַסטינקע...

— וואָס, אַשטייגער? וואָס זאָל איך דיר טאָן, זאָג!

— שטעל זיך, נאַסטינקע, אויפֿן בענקל און נעם אים אַראָפּ פון דער וואַנט. נעם אים אַראָפּ, טײַערע.

נאַסטיע האָט ניט געקאָנט אָפּזאָגן איר כאַווערטע און האָט אַראָפּגענומען פון דער קעגני־בערדיקער וואַנט דאָס בילד, אויף וועלכן דער שיינער בערל לאַזעבניק האָט אַזוי פיל יאָרן אַ צופרידענער פון זיך אַראָפּגעקוקט. צי ווײַל נאַסטיע איז שוין אויך געוועזן אין די יאָרן, צי ווײַל די הענט אירע האָבן פון מיטלײַד צו לייען געציטערט, נאָר די פאַרגלאָזטע ראַם האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אירע פינגער און איז אַראָפּגעפאַלן. דאָס גלאָז איז צעבראָכן גע־וואָרן אויף שטיקלעך.

— אַ ווייטעק איז מיר! — האָט נאַסטיע אַ בראָך געטאָן די פינגער, — אַזאַ העזעק!

— נישקאָשע, נישקאָשע! — האָט זי לייע באַרויִקט. — ס׳איז אַ גוטער סימען, נאַסטינקע, ס׳איז שוין אַ גוטער סימען!

— וואָס פלוידערסטו? וועלכער סימען?!

— מײַן מאַמע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן, פלעגט זאָגן, אַז דער שרעק פֿאַרן טויט איז ערגער פונעם טויט אַליין. און מיך שרעקט ער ניט! אַז מע וואַרט אויף אים, איז ער ווי אַ געגאַרטער גאַסט.

ניט לאנג איז לייען אויסגעקומען ווארטן אפן טאָג, ווען זי האָט זיך אַף שטענדיק גע־זעגנט מיט איר שטוב, מיט אירע קינדער, מיט איר ניט גאָר פריילעך לעבן. דער דאָקטער, וועלכן מיליע האָט געבראַכט, ער זאָל ווי א גוטער פריַינט אירער באַטראַכטן די שוויגער, האָט פאַרשפאָרט צו פיל דערפרעגן זיך באַ לייען, ווי זי פילט זיך. לייע האָט פון אים גאָר־ניט אויסגעבאַהאַלטן.

דער דאָקטער האָט זי באַטראַכט, זיך דערפרעגט, וויפל קינדער זי האָט געהאַט און צי האָט זי איבערגעטראָגן עפּעס א קרענק.

— ניין! — האָט לייע אויסגעשטרעקט איר אויסגעטריקנטע האַנט. — לעמיַ זאָל איך זיַנ־דיקן — פון קיין שום קרענק אין מיַין לעבן האָב איך ניט געוווּסט, אַכוץ אָט דער סוכאָטע... איצט וואָלט איך שוין דאַפקע געקאָנט לעבן א גוטן טאָג, כ'האָב זייער טיַיערע קינדער, דאָק־טער, נאָר אַז עס קומט צום לעבן, סטיַיעט ניט קיין יאָרן. אַזוי פלעגט זאָגן מיַין מאַמע...

— איר זיַינט גערעכט! — האָט דער דאָקטער איר א גלעט געטאָן די האַנט. — איך מיין, אַז איר זיַינט אַלע מאָל גערעכט געווען, און טאַקע ווײַל איר זיַינט גערעכט געווען, האָבן איַיך אַציַנד אַרומגערינגלט אַזוי פיל קינדער, אַזוי פיל געטריַיע יאַרשים.

נעבן דער מאַמעס בעט איז ניט געווען בלויז דער עלטערער — דער קאַפּיטאַן. זיַין טע־לעגראַם, אין וועלכער ער האָט געפרעגט, וואָס מאַכט עפּעס די מאַמע און צי קאָן ער איר ניט מיט עפּעס העלפן, האָט פאַרשפּעטיקט בלויז אַף דריַי שעה.

א רעגנדיקער אָסיען איז געשטאַנען דאָס יאָר — א כמורנער און אַן עסערדיקער. נאָר דער טאָג, וואָס איז געווען פאַר לייען דער לעצטער, האָט זיך פּלוצעם אויסגעפּיקט א שיינער און א זוניקער. אַפילע דער הימל איז געווען פון איין שטיק בלויקייט. נאַסטיע האָט שטיל גע־זאָגט: אין אַזאַ טאָג שטאַרבן היילִיקע.



אווראָם גאָנטאַר

# דער וועג צו זיך

## קאַשטאַנען־צווייט

דער ווינט האָט אָפּגעהוליעט און — פאַרשוווּנדן,
און איז אוועק, ווער ווייסט וווּהין.
און ליכט אַף די קאַשטאַנען אָנגעצונדן,
באַפּוצט, באַזוימט זיי מיט בורשטין.

און אַף די דלאָניעס מיט צעשפּרייטע פינגער
זיי אופגעהויבן צו דעם פלאַם פון זון.
און פון דערפון איז אַלץ געוואָרן ייִנגער
אין ארום.

וואָס איז געשען, וואָס האָט אזוינס געטראָפן?
כ׳בין ניט פון זינען, גאָט באַהיט!
די גאַנצע וועלט וועט היינט געוויס ניט שלאָפן —
ס׳איז דער קאַשטאַן אין צוויט.

## ווי דער וואַלד

דער שאָטן פון דער שטילקייט זיך באַהאַלט
אין דלאָניע פון דער בלאַט און אַף די צווייַגן.
פאַרבאָרגן דרעמלט דער געררויש פון וואַלד,
וואָס קאָן קיין אוולעס ניט פאַרלייַדן.

זאָל דורכשוועבן א ווינטעלע א מינדס —
די בלעטער נעמען גלייַך זיך מינען,
צי זאָל פון נעסט א פייגעלע א בלינדס
ארויספאַלן באַגינען,

ווי ס׳ווערט א סוידעניש, א שעפּטשערייַ,
די ביימער נעמען קרעכצן, שאַלן:
—א שאָדן־ווינט איז דורך פאַרבייַ!
— א שפּערל איז פון נעסט ארויסגעפאַלן!

דער שאָטן פון דער שטילקייַט אין דייַן בליק,
איז ווי דער וואַלד אין כשאַד אין שטענדיקן,
און צאַפּלט, אַז דאָס אויסגעבענקטע גליק
זאָל זיך, כאַלילע, ניט פאַרענדיקן.

# לאַשנהאָרע

די קרוינגען פון די ליפּעס רוישן,
די בלעטער פלאַפּלען מיטן ווינט,
מיט סוידעס זיך די גראָזן טוישן,
און אַלץ נאָר וועגן פרעמדע זינד.

דעם קליאָן פאַרדראָסן האָט די האָזע,
וואָס מיטן דעמב, די גאַנצע נאַכט,
האָט זאַרגלאָז די צעפּאַטלטע בעריאָזע
געקושט זיך הילכיק און פאַרבראַכט.

דאָס באַבעלע מיט פלעקן ברוינע
איז ברוגעז אָף דער בין דערפאַר,
ווײַל זי, אַזעלכע און אַזוינע,
פון אַלע בלומען נאַשט זי דעם נעקטאַר,

און זויגט און זויגט מיט פאַרגעניגן
די רויז, דאָס גלעקעלע און וועמען נאָר איר ווילט.
און פּרוּווט איר זאָגן, זשומעט זי: — ס'אַ ליגן!
און בײַסן אַלעמען זי וואַרפט זיך ווילד.

נאָר בלויז אין הייך עס שווײַגן שטיל די שטערן,
ס'איז לאַשנהאָרע דאָרט די גרעסט זינד.
און וואָלטן זיי דערציילן, וואָס זיי זעען און הערן,
אָף אייביק וואָלטן זיי געוואָרן בלינד.

# נעכטיקע טעג

וואָס כמורעסטו די ברעמען, זאָג,
ס'הײַנט דאָך ליכטנדיק דער טאָג.
זיי זײַנען שוין פון לאַנג אַוועק
די נעכטיקע, די בייזע טעג.

דו זעסט, ס'האָט אָנגעטאָן דער בוים
אַ נײַע פרילינגדיקע קרוין,
און האָט פאַרגעסן זײַן פאַרמעג
פון נעכטיקע, פון בייזע טעג.

דער טײַך האָט אין אַ שלאַנגען־שלייף
די ערד, דאָס גראָז אַרומגערייפט.
דער הימל אין זײַן טיף עס העלט,
עס שפּיגלט זיך אין אים די וועלט,
און ער געדענקט שוין ניט אַצינד

דעם פראָסט, דעם גליווערדיקן ווינט,
וואָס האָט גענומען אים אין קלעם,
און דו, דו כמורעסט אַלץ די ברעם.

וואָס פאַרגעסטו, ווייסט דען ניט אַליין?
דערפאַר, וואָס ס'איז דער הימל ריין,
דערפאַר, ווײַל לויטער איז דער טײַך,
און ווײַל דער בוים געקליידט איז רײַך,
און ווײַל דאָס גראָז איז זאַפטיק־ווייך
און ס'זינגט די לערכע אין דער הייך
דער מויעך, דער זיקאָרן מאָנט —
דערמאָנט, דערמאָנט, דערמאָנט, דערמאָנט —
די נעכטיקע, די בייזע טעג,
וואָס שטייען שטענדיק דיר אין וועג.

* * *

די ווערבע האָט זיך אײַנגעוואָשן
און ס'האָט אַ וואָגלענדיקער ווינט,
אָף אַלעמען צו איבעראַשן
פאַרקעמט זי קונציק מיט אַ שרינט.

פון דעמלט שטייט זי אײַנגעבויגן
און קוקט צום שמאָלן טײַך אַראָפּ.
פאַרליבט זי קוקט זיך אין די אויגן
און הייבט ניט אויף דעם שיינעם קאָפּ.

## מײַן כיסאָרן

ווּ כ׳זאָל ניט שטיין און גיין,
און וועמען כ׳זאָל ניט ליבן,
נאָר דיר, מײַן אַלטע היים,
כ׳בין שטענדיק טרײַ געבליבן.

איך האָב נאָך דיר געבענקט,
נאָך דײַנע ענגע שטיבער.
דו ווייסט דאָך, נאָך אַ קרענק
איז אַלץ אַרום נאָך ליבער.

אַראָפּ צום גנילאָפּיאַט
עס לויפן אַלץ די איוועס,
אַף אָנטרינקען זיך זאַט
זײַ בייגן אָן די גריוועס.

אין וואַסער, בײַ דער מיל,
פון ווערבעס דאָס געזינדל,
עס שטייט, ווי קינדווײַז, שטיל
אַף דעם פאַרטראַכטן אינדזל.

און אַף די „קרעפּאָסט״־ווענט,
אַף זײַנע אַלטע שטיינער,
עס שטייען האַלב־פאַרברענט,
אַקשאָנעסדיק צוויי ביימער.

די וואָרצלען האָבן שטאַרק
אין שטיין זיך אײַנגעביסן —
פאַרטשעפּעט זיך אין קאַרק
פון שטיין. די נעט צעריסן.

זיי האָבן אַלץ געזען,
די אויסגעקרימטע ביימער,
פון דעם, וואָס איז געווען,
פאַרטרויען זיי מיר איינעם.

זיי ווייסן: ס׳איז דאָס וואָרט
פון דיכטער פעסט און זיכער.
פונדעסטוועגן, נאָר פאָרט,
מישט איבער מײַנע ביכער.

איך האָב זיי דאָרט פון לאַנג
ניט איינמאָל שוין באַשריבן,
נאָר ס׳איז פאַר מײַן געזאַנג
אַ סאַך, אַ סאַך פאַרבליבן.

פון פרייד, פון צאַר, פון לייד
איך בין אַליין אָן איידעס.
דער ווינט האָט שוין צעזייט
די וואָר פון מײַנע זיידעס,

און אויב ניט איך, איז ווער
וועט פאַר דער וועלט דערטראָגן,
ווי ליב, ווי טרײַ, ווי שווער
דעם אַל זיי פלעגן טראָגן.

איך שטיי איצט בײַ דער בריק,
באַטראַכט די אַלטע „קרעפּאָסט״,
אין האַלדז אַ טרער עס שטיקט,
און טרויעריק איז עפּעס.

איך בין ניט אַלט, ווי ער,
נאָר כ׳צייל שוין אויך די יאָרן.
ס׳איז אַלט זײַן טרויעריק־שווער —
און דאָס איז מײַן כיסאָרן.

ווּ כ׳זאָל ניט שטיין און גיין,
איך וועל מעגילגל ווערן
אין מײַן געליבטער היים,
ווּ ס׳לײַכט מײַן מאָרגנשטערן.

## רויטע בלומען

אַוועק דער צוג, און דער פּעראָן
איז פּוסט און שטיל געבליבן.
אָן אַלטע פרוי אין זיך פאַרטאָן,
וואָס האָט באַגלייט דעם זון דעם ליבן,
געשטאַנען איז צעמישט, פאַרכושט,
און ניט פאַרשטאַנען, ניט געוווּסט,
וווּהין זיך קערן,
און בלויז געפילט דעם קאַלטן קוש,
זײַן קאַלטן קוש אַף הייסן שטערן.

אַוועק דער צוג. ס׳האָט ערשט געראַשט,
געווימלט האָט אַ בונטער אוילעם,
און אָט־אָ שטייט זי איינע בלויז,
ווי ס׳וואָלט געווען דאָ אַ בעסוילעם.
די רויטע בלומען צו דער ברוסט
זי האָט געדריקט, און ניט געוווּסט,

ווו האָט זי זיי גענומען.
אַ ציטער האָט באַדעקט איר הויט,
און מיט בעסוילעם און מיט טויט
פאַרשמעקט האָבן די בלומען.

עס יאָגט דער צוג, עס אײַלט דער צוג
און לאָזט דעם וועג אַהינטער,
און ריטמיש, זינגענדיק און קלוג
אַ ליבע־מײַסע שפּינט ער:

ער ווייסט, דער זון, אַפן פּעראָן
אין קלייד אין שענסטן אָנגעטאָן
זײַן ליבע איז געקומען.
אַ ציטער האָט זײַן הויט באַדעקט
מיט דופט פון לעבן האָט פאַרשמעקט
מיט רויטע בלומען.

## א טרער

וועז ס'וויינט דאָס האַרץ,
וועז ס'ציטערט די נעשאָמע,
ניט זען וועסטו אין מײַן אויג קיין טרער.
אין זיך אליין איך נעם נעקאָמע,
וועז ס'שטיקט די ביטערניש
פאַראַקשנט־שווער.

א טרער קאָנסט דעמלט זען
אף מײַנע ווי:עס,
וועז ס'שפּאַרט דאָס גליק,
וועז ס'שפּילט די פרייד,
וועז וועגן שעפּע זאָגט נעווי:עס
דער הילך פון דונער שטומערהייט.

## פאָלקס־מאָטיוון

### 1. די אקשנטע

וועסטו מיך ניט נעמען,
וואַרף איך זיך פון בריק.
כ'וועל דיך פונעם גענעם
ברענגען אף צוריק.

איך פון דעם גאנײדן
קומען וועסט צו מיר,
ס'וועט אונדז ניט צעשיידן
קיין פאַרמאַכטע טיר.

ס'מעג דײַן מאמע טײַנען,
שרײַען אף א קאָל,
דו וועסט בלײַבן מײַנער,
כ'זאָג דיר טויזנט מאָל.

קענסט דאָך מײַן אקשאָנעס,
דאַרפסטו דאָס פאַרשטיין —
כ'בעט ניט קיין ראַכמאָנעס,
קומען וועסט אליין...

### 2. פאָרסט אוועק

פאָרסט אוועק און לאָזט מיך איבער,
און פאַרגעסן ווילסט אין אלץ.
אָט דערפאַר טאַקע, דעריבער
שטיקט מיך עפּעס אינעם האַלדז.

האָסט א טאָעס, וועסט געדענקען,
יעדער שטעג און יעדער שפּאַן.
ס'קאָן ניט זײַן, דו זאָלסט ניט בענקען —
ס'איז נאָך גאָרנישט ניט פאַרגאַן.

ס'וועט מײַן ליבע דיך דעריאָגן,
דיך פאַרפאָלגן טאָג־ווי־נאַכט,
אין די נעכט, אין די פאַרטאָגן
אלץ דערמאָנען אײַנגעשפּאַרט.

פאָרסט אוועק, איז זײַ מאַצלי:עך,
ס'טוט מיר וויי, נאָר כ'ווינטש דיר גליק.
טו א ווונק נאָר, לויף איך, פלי איך
ברענגען דיך אַהיים צוריק.

כ'רייד צו זיך אזוי קעסיידער,
רוף דײַן נאָמען שטיל און צאַרט.
כאָטש געגעבן כ'האָב אָן איידער —
אויסצורײַסן דיך פון האַרץ.

### 3. די לאַכערקע

האָסט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט,
נאָר געלאַכט, געלאַכט,
און דאָס גראָז איז אויסגעבעט,
און ס'איז שפּעט באַנאַכט.

וואַרט נאָר צו א ווײַלינקע,
וואַרט נאָר א מינוט,
מיט די ציין די אײַליקע
כ'בײַס די ליפּ ביז בלוט.

הער שוין אוף צו מאַטערן,
זאָג שוין „יאָ" צי „ניין".

הערסט דאָס האַרץ נעמט פלאַטערן —
ס'איז דאָך ניט פון שטיין.

בלײַבט זי א דערשראָקענע:
כ'האָב דאָך ניט געוווּסט...
און די ווייכע לאָקנדלעך
פאַלן אף מײַן ברוסט.

— אוי, עס קלאַפּט! וואָס שרעקסטו מיך,
ס'טיאָכקעט אָט אָ־דאָ,
כ'זאָג דאָך „יאָ", וואָס פרעגסטו מיך?
כ'זאָג דאָך דיר, אַז „יאָ"!

■ ■ ■

# בנימין שוואַרצער — 85 יאָר

**ב נ י א ָ מ י ן  ש ו ו א ַ ר צ ע ר**
פֿאַרדינסטפֿולער אַרטיסט פֿון רספֿסר

## נעמט אַ בײַשפּיל פֿון שאָלעם-אַלייכעמען,
## טײַערע מײַנע פֿרײַנט
## סאָוועטישע ייִדישע שריפֿטשטעלער



אין אַפּרעל 1905 האָט די רוסישע צײַטונג „טעאַטראַלנאַיאַ ראָסיאַ" אָנגעדרוקט אַ מיטײַלונג, וועלכע האָט געמאַכט אַ גרויסן רוישעם. אָט וואָס דאָרט איז געווען אָנגעשריבן:

„דער ייִדישער שרײַבער שאָלעם-אַלייכעם האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פֿון ספּיוואַקאָווסקיס טרופּע, וואָס שפּילט איצט אין וואַרשע. די ווערט פֿון דער סצעניש טעטיקײַט פֿון ייִדישע אַרטיסטן איז ביז הײַנטיקן טאָג אינגאַנצן אָפּגעלייקנט געוואָרן דורך דער גאַנצער ייִדישער פּרעסע און דעם מער אָדער ווייניקער אַנטוויקלטן פּובליקום. ווײַטער פֿון פֿאַרגרעבטע פּאַרסן און בילִיקע מעלאָדראַמען זײַנען די ייִדישע פּיעסנמאַכער ביז אַהער ניט געגאַנגען.

ניט געקוקט דערויף, פֿלעגן צווישן די אַרטיסטן פֿון צײַט צו צײַט זיך באַווײַזן טאַלאַנטן, וועלכע זײַנען אָבער אומגעקומען אומבאַמערקטערהייט: סײַ מאַכמעס דער באַזונדערער לאַגע פֿונעם ייִדישן טעאַטער, סײַ דערפֿאַר, ווײַל עס האָט געפֿעלט רעפּערטואַר. איצט אָבער, ווען צווישן די ייִדישע דראַמאַטורגן האָט זיך באַוויזן אַזאַ גרויסער טאַלאַנט ווי שאָלעם-אַלייכעם, טרעט דער ייִדישער טעאַטער אַרײַן אין אַ נײַעם עטאַפּ, וועלכן מע קאָן בלויז באַגריסן. שאָלעם-אַלייכעם וועט אַכטונג געבן אויף רעפּערטואַר און וועט אַליין אויך שרײַבן פּיעסן.

צום נײַעם סעזאָן קלײַבט זיך ספּיוואַקאָווסקיס טרופּע אוועקפֿאָרן צוריק קיין אָדעס".

פֿול מיט גלויבן אין דער צוקונפֿט פֿונעם ייִדישן טעאַטער איז געווען ניט נאָר דער מעכאַבער פֿון דער דאָזיקער נאָטיץ (אין וועלכער, נאַטירלעך, ניט אַלע אַקצענטן זײַנען אוועקגעשטעלט ריכטיק). אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פֿונעם טעאַטער, איז געוואָרן קלאָר און פֿאַרשטענדלעך סײַ די ייִדישע שוישפּילער, סײַ דעם צושויער. אַליין שאָלעם-אַלייכעם האָט אויך צו יענער צײַט געגלייבט, אַז דער אויפֿבלי פֿונעם ייִדישן טעאַטער איז אַ וואָרהאַפֿטיקע זאַך.

אין אַ בריוו צו זײַן טאָכטער שרײַבט שאָלעם-אַלייכעם:

„איך האָב שוין זיך צוזאַמענגערעדט מיט דער דירעקציע פֿון ספּיוואַקאָווסקי און אַדלער, וועלכע האָבן געדונגען דעם גרויסן טעאַטער אין אָדעס פֿאַרן ווינטערדיקן סעזאָן. איך האָב גענומען אויף זיך: ערשטנס, אַ פֿאַרפּליכטונג — איבערגעבן אין אויסשליסלעכן רעשוס פֿון דער דירעקציע אויף אַ גאַנץ יאָר מײַנע פּיעסן, וועלכע זײַנען שוין אָנגעשריבן און דאַרפֿן נאָך אָנגעשריבן ווערן פֿון מיר; צווייטנס, רעדאַגירן אויך פּיעסן, וועלכע זײַנען שוין אָנגעשריבן

פון אַנדערע דראַמאַטורגן. איך האָב זיך פאַרפליכטעט אויך בײַזײַן אַף די רעפּעטיציעס און אַף די פּרעמיערעס פון מײַנע פּיעסן. האַקלאַל, די דירעקציע האָט זיך גענומען מיט מײַן הילף אָנמערקן דעם וועג פונעם ייִדישן טעאַטער — בויען אַ מין ייִדישן ליטעראַרישן קונסט־טעאַטער".

די געדאַנקען וועגן דעם, אַף וועמען דער דאָזיקער ליטעראַרישער קונסט־טעאַטער דאַרף זיך אָריענטירן, פאַרטרויט שאָלעם־אַליכעם זײַנע קאָלעגן אין אַנדערע פּילצאָליקע בריוו. קלאָר און דײַטלעך ווענדט ער זיך צו די כאַווײרים־שריפטשטעלער:

„ס'איז געווען אַ צײַט, ווען צוליב פּאַרנאָסע האָט יאַנקל איבערגעקערט דעם פעלץ אַף דער לינקער זײַט און האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ טיגר. אַלע האָבן געוווּסט, אַז יאַנקל איז יאַנקל, ניט קיין טיגר, נאָר מע האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק און קלוימערשט געלעקט די פינגער: האַ! וואָס זאָגט איר אַף דעם טיגר? וואָס פאַר אַ מוירעדיקע כײַע דאָס איז! ס'איז געווען אַ צײַט, וואָס צוליב פּאַרנאָסע האָבן בערדיטשעווער ייִדן איבערגעקערט דעם פעלץ אַף דער לינקער זײַט און האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר „דײַטשן", אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס זײַנען „אונדזערע", ניט קיין „דײַטשן", נאָר מע האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. נו, וואָס זאָגט איר אַף די דײַטשן? ווי טיף זיי האַקן דײַטש!

איך רעד וועגן אונדזערע ייִדישע אַקטיאָרן, וועלכע זײַנען געווען געשטראָפט פון גאָט צו פּראָווען גאָלעס אונטערן נאָמען ייִדיש־דײַטשישע טרופּע. זיי וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט און באַווײַזן קונצן, וויִאַזוי שמענדריק, שאַפּסעגוילעם, אָדער קונילעמל און אוכדוימע אַזעלכע פאַרשוינען רעדן מיט דעם „פּאַסעך", שמועסן זיך אויס אַף דײַטש. די אַקטיאָרן האָבן געמאַכט אָנשטעלעניש, דער עוילעם האָט געלאַכט און די גאַלערייע האָט געפּליעסקעט „בראַוואָ!". אַלע האָבן געוווּסט, אַז יאַנקל איז יאַנקל, אַלע האָבן געוווּסט, ווער די דײַטשן זײַנען, נאָר מע האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. ס'איז געווען אַ מין גזיירע, וועלכע מע קאָן אַ נאָמען געבן „גזיירעס־דײַטש"."

וועגן דעם עצעם טאָך פונעם ייִדישן טעאַטער האָט מיט שאָלעם־אַלייכעמס מויל גערעדט דער ייִדישער צושויער: „ער וויל הערן קענטלעכע דיבורים, זען באַקאַנטע פּאַרשוינען, פּענעמער, סצענעס און טיפּן אַזעלכע, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס אַלטעגלעכע לעבן — נאָר אַ פּײַג ווער ער זען, אַ קלאָג וועט ער הערן. ער וועט זען „קאָלדוניע" מיט אַ גרויסער צוגעקלעפּטער נאָז, וואָס מאַכט קישעף און ברענט אַף פײַער, קאַצאָווים וועט ער זען אַרומגיין אָפּן מאַרק און זינגען „לעבעדיקע פּיסעלעך", ער וועט זען, ווי פון איין שאָס מיט אַ קאַרטאָפּליע פאַלן דרײַ ייִדן מיטאַמאָל און קאָנען קיין טכיִאָס־האַמייסים ניט אופשטיין, ער וועט זען מיידלעך אַרומגיין אין גאַס און זינגען „איך וויל, איך וויל..." זען און הערן וועט ער אַזעלכס, וואָס דאָס אויער האָט ניט געהערט אָפּן באַרג סינײַ, ווילדע געדאַנקען, אומגעלומפּערטע מאַנאָלאָגן, פלאַכלעכע ווערטלעך, פאַרשימלטע כאָכמעס, געמיינע קופּלעטן און ניבלפּע אַ סאַך מער, ווי אינעם ערגסטן באַלאַגאַן. אָט וואָס ער וועט הערן!

ווער זשע וועט זײַן שולדיק אין דעם?

מיר, מיר, ייִדישע שרײַבער, פאָלקס־שריפטשטעלער!

אויב ס'איז עמעס, אַז מיר זײַנען פאָלקס־שריפטשטעלער, איז פון אונדזער זײַט אַ גרויסע אַוולע, וואָס מיר שטייען פונדערווײַטנס, וואָס מיר הערן, זעען און שווײַגן. אַ גרויסע אַוולע איז פון אונדז, וואָס מעווינים אַף טעאַטער זײַנען מיר, די אַקטיאָרן קריטיקירן מיר, פון די פּיעסן לאַכן מיר און טאָן טוען מיר גאָרניט.

אָנשטאָט שאַרפן די צינגלעך, שרײַבן לאַנגע קריטיקעס און רעפעראַטן איבער „קונסט", וואָלטן מיר בעסער גענומען זיך צו דער אַרבעט — שרײַבן פּיעסן! שאַפן אַ רעפּערטואַר... לאָמיר עפּעס געבן אונדזער פאָלקס־טעאַטער! זאָלן די אַקטיאָרן ניט האָבן קיין טײַנעס, ניט פאַרענטפערן זיך, ווי די ייִדן אין מיצראַיִם: „קיין מאַטעריאַל גיט מען אונדז ניט און קיין ציגל, און מע זאָגט אונדז — מאַכט". איך האָב געהערט די דאָזיקע טײַנעס פון אַ סאַך אַקטיאָרן: „גיט אונדז גוטע פּיעסן, וועלן מיר זיי שפּילן".

זיי זײַנען גערעכט, גערעכט, גערעכטע קאָלעגן, אונדזערע אַרטיסטן זײַנען גערעכט. קיין לעבנס־פּיעסן שרײַבן מיר זיי ניט און שפּילן ווילן מיר זיי זאָלן פונעם לעבן!

זייער נאַיִוו זײַנען יענע קריטיקער, וועלכע טײַנען, אַז ווײַבאַלד מיר האָבן ניט קיין רעפּערטואַר, קיין פּיעסן, דאַרפן מיר קיין טעאַטער ניט און אַקטיאָרן דאַרפן מיר אויך ניט...

טאַלאַנטפולע אַקטיאָרן זײַנען פאַראַן אין אונדזער פאָלק אַ סאַך מער, ווי טאַלאַנטפולע קריטיקער. אַדעראַבע, זאָלן טעאַטערן וואַקסן, זאָלן אַרטיסטן זיך פּרוכפּערן און מערן, ווי די שטערן אין הימל, נאָר לאָמיר זיי געבן פּיעסן! מיט לעבנס־פּיעסן, מיט רעכטע פּיעסן וועלן מיר אויסרויכערן דאָס גאַנצע דראַמאַטישע „שמוץ", ווי מיר האָבן עס געטאָן מיט ליטעראַטור. לאָמיר ניט זײַן קיין נאַראָנים, ווי יענץ מיידל, וועלכע האָט אין כאָלעם געזען אַ ייַכעלע, איז אָבער קיין לעפל צו זופּן ניט געווען, האָט זי צו דער אַנדערער נאַכט אָנגעגרייט אַ לעפל, איז קיין ייַכעלע ניט געווען"...

איך האָב בעקיצער געבראַכט אַזאַ לאַנגע אַרויסזאָגונג שאָלעם־אַלייכעמס, ווײַל עס דאַכט זיך אויס, אַז דאָס רעדט ער וועגן אונדז אַליין, — אַזוי הײַנטצײַטיק, איצטצײַטיק זײַנען זײַנע אָפענע רייד!

דער פאָלקס־שרײַבער האָט ניט בלויז גערעדט וועגן אַ רעפּערטואַר פאַרן ייִדישן פאָלקס־טעאַטער, ער האָט ניט נאָר געפּריידיקט דעם געדאַנק וועגן פאַרפאַסן לעבנס־פּיעסן פאַר

די ייִדישע שוישפּילער — ער האָט אַ סאַך געטאָן אין דעם פּראַט.

זײַן ערשטן איינאַקטער „אַ דאָקטער" האָט שאָלעם־אַלייכעם אָנגעשריבן נאָך אין 1887, אין דעם זעלבן יאָר אָפּגעדרוקט. אָט די סצענקע אין איין אַקט האָט ער אָנגערופן אַ שפּאַס, אָבער די פּיעסע איז ניט נאָר אַ שפּאַס — אין איר איז פאַרקערפּערט אַ שטיק שטייגער פונעם שוין איצט פאַרגאַנגענעם לעבן. אין אָט דער ערשטער פּיעסע זײַנער איז שאָלעם־אַלייכעם אַרויסגעטראָטן סײַ ווי אַ הומאָריסט, סײַ ווי אַ שטייגער־שרײַבער, און אַזאַ וועט ער זײַן אין די ווײַטערדיקע דראַמאַטישע ווערק. פאַרשטייט זיך, אַז זײַן מײַסטערשאַפט וועט וואַקסן, ווערן פאַרטיפט, עס וועט פאַרברייטערט ווערן דער סאָציאַלער פּלאַצדאַרם פון זײַנע שאַפונגען, אָבער דאָס וויכטיקסטע וועט דאָרטן, אין אַלע קומענדיקע דראַמעס, פאָרט בלײַבן — דער הומאָר און דער ייִדישער לעבנסשטייגער.

נאָכן איינאַקטער „אַ דאָקטער", אין אַ יאָר אַרום, האָט שאָלעם־אַלייכעם אָפּגעדרוקט דעם איינאַקטער „דער געט", און דאָ גלײַך שרײַבט ער דעם איינאַקטער „די אַסיפֿע". אין די ווײַטערדיקע יאָרן פאַרפאַסט ער אַזעלכע פּיעסן, ווי „אינצווייען אַ זעקס און זעכציק", „יאַקנעהאָז", „מאַזלטאָוו", „צעזייט און צעשפּרייט".

אָנהייבנדיק פונעם 1905, האָט די דראַמאַטורגישע טעטיקײַט שאָלעם־אַלייכעמס געמאַכט גיגאַנטישע טריט. אין מײַ 1905 פאַרעפנטלעכט ער זײַן איינאַקטער „אַגענטן", אין דעם זעלבן יאָרן דראַמאַטיזירט ער זײַן ראָמאַן „סטעמפּעניו".

אין 1907 האָט שאָלעם־אַלייכעם אָנגעשריבן די קאָמעדיע „דער אויצער", אין אַ יאָר אַרום — דעם איינאַקטער „מענטשן".

די געשעענישן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, די פּאָגראָמען האָבן אָף אַ באַשטימטן אויפן געווירקט אָף שאָלעם־אַלייכעמען. דאָס אַלץ האָט באַקומען אָן אָפּקלאַנג אין זײַן דראַמאַטישער שאַפונג („שווער צו זײַן אַ ייִד" אאַ.).

שפּעטער באַאַרבעט ער זײַן „טעוויע דער מילכיקער" (די דראַמאַטיזאַציע רופט ער אָן „טעוויעס טעכטער").

אויב צו דער איבערגערעכנטער ניט פולער רעשימע פון שאָלעם־אַלייכעמס דראַמאַטישע ווערק נאָך צוגעבן די דראַמאַטיזאַציעס, וועלכע זײַנען געמאַכט געוואָרן לויט זײַנע פּראָזאַישע שאַפונגען, וועט זיך באַקומען אַ גאַנץ גרויסער רעפּערטואַר, אָן עכט שאָלעם־אַלייכעמדיקער רעפּערטואַר. גענוג צו זאָגן, אַז עס זײַנען דראַמאַטיזירט געוואָרן אַזעלכע ציקלען, ווי „קאַסרילעווקע", „מענאַכעם־מענדל", „בלאָנדזשנדע שטערן", „דאָס פאַרקישעפּט שנײַדערל", „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס", „סענדער בלאַנק", „יאָסעלע סאָלאָוויי", „הײַנטיקע קינדער" אאַ.

איך בין שוין אַ זאָקן, אָן אַלטער אַרטיסט, לײַכט צו זאָגן — אַ מיטצײַטלער פונעם גרויסן שאָלעם־אַלייכעם. עפּשער דעריבער געדענק איך בעסער פון אַנדערע דעם אָנזאָג — אַ מין צוואָע — פונעם געניִאַלן קלאַסיקער: מע דאַרף קומען צוהילף דעם ייִדישן טעאַטער מיט פּיעסן, וועלכע שפּיגלען אָפּ דעם הײַנט!

ווײַל איך בין שוין מער ווי אַ שאָק מיט יאָרן אָף דער ייִדישער בינע, כ'בין געווען אָן איידעס פון אירע שוואַרצע טעג און פון איר אויפֿבלי, בין איך איבערצײַגט, איך האָף און איך גלייב, אַז הײַנטצײַטיקע דראַמאַטישע ווערק, עכטע לעבנס־פּיעסן, נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרם, סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט, וועלן מיר דאַרפן האָבן נאָך זייער פיל.

הײַנט־צו־טאָג שפּילן ייִדישע פּיעסן ניט נאָר דער מאָסקווער דראַמאַטישער אַנסאַמבל. פאָלקס־טעאַטערן, וועלכע פירן אויף ייִדישע ספּעקטאַקלען, זײַנען טעטיק אין בירָאָבידזשאַן, אין ווילנע, קלענערע קאָלעקטיוון האָבן מיר אין אַנדערע שטעט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

איך בין זיכער, אַז דער ייִדישער טעאַטער אין אונדזער לאַנד וועט זיך פאַרפולקומען. פּיעסן אָבער, הײַנטצײַטיקע לעבנס־פּיעסן, וועלכע שילדערן אונדזער סאָציאַליסטישע וואָר, אַזעלכע פּיעסן דאַרפן ערשט קומען.

דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט פיל געטאָן אינעם היגזיכט פון פּראָפּאַגאַנדירן די ייִדישע דראַמאַטורגיע. פאַר פופצן יאָר פון זײַן עקזיסטענץ האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ היפּשע צאָל דראַמאַטישע ווערק, מיט אַ ברייטער האַנט זיי געדרוקט. אין די זעכציקער יאָרן האָט ער אָף זײַנע שפּאַלטן פאַרעפנטלעכט פּיעסן פון נ. אויסלענדער, מ. אַלטמאַן, ד. בערגעלסאָן, מ. גערשענזאָן, א. הובערמאַן, נ. זאַבאַרע, נויעך לוריע, כ. סלאָוועס, ע. פינינבערג, אי. פעפער, מ. קולבאַק. דער זשורנאַל האָט אונדז אויך געגעבן אַזעלכע דראַמאַטישע ווערק, ווי „דעם באַלשעמס געסל" (ש. גאָרדאָנס), „פּונעם הימל פאַלט גאָרניט אַראָפּ" (ב. מילערס), „צום ווידערזען אין פריידן", „אַ כאָלעם באַ די קוראַנטן" און „אַ טאָעס געהאַט אין כעזשבן" (א. ווערגעליסעס), „וועלוועלע גאַוורי׳עלס" (מ. קאָבריאַנסקיס), „וועגן־אומוועגן" (ש. פּערסאָווס), „די בראָדער זינגער" (א. קאַהאַנס). „סאָוועטיש היימלאַנד" זעצט פאָר פּובליקירן דראַמאַטישע ווערק (אין די לעצטע נומערן), און דאָס דאַרף בעפּיירעש באַגריסט ווערן.

פונדעסטוועגן...

פונדעסטוועגן איז דער רעפּערטואַר פון אונדזער ייִדישן טעאַטער — דער הײַנטיקער און מאָרגנדיקער — ביז גאָר אַ באַגרענעצטער. קיין באַדײַטנדיקע הײַנטצײַטיקע לעבנס־פּיעסן האָבן מיר ניט. און דאָס איז טאַקע אַ שאָד, ווײַל ווער עס זאָל זיי פאַרפאַסן, איז באַ אונדז פאַראַן. נעמט אַ בײַשפּיל פון שאָלעם־אַלייכעמען, טײַערע מײַנע פרײַנט סאָוועטישע ייִדישע שריפטשטעלער.

איך מיין, אַז בעסער, ווי דער גרויסער פאָלקס־שרײַבער האָט געזאָגט און געטאָן, דאַרף מען ניט. צו זײַנע רייד און צו זײַנע טאַטן

איז ניטאָ וואָס צוצוגעבן. איך כאַזער איבער, אַז זײַן אופרוף־בריוו צו זײַנערצײַטיקע יִדישע אוטאָרן האָט נאָך ביז איצט ניט פאַרלאָרן די אַקטועלקײַט. און זאָלן די שרײַבער, וועלכע מיִען זיך הײַנט אין דער יִדישער ליטעראַטור, געבן אַ זאַכלעכן ענטפער דעם גרויסן פּאָרגייער זייערן.

מיר וואַרטן.

איך האָף, אַז אינטערעסאַנטע, ווערטפולע הויך־קינסטלערישע פּיעסן וועלן געשריבן ווערן און באַקומען זייער סצענישע פאַרקערפּערונג אינעם סאָוועטישן יִדישן טעאַטער.

פאַרקאַטשעט די אַרבל, ברידער שריפטשטעלער, נעמט די פען אין האַנט און שרײַבט גוטע דראַמעס, קאָמעדיעס, וואָדעווילן, טראַגעדיעס פאַרן יִדישן טעאַטער!

# פונעם שוישפּילערס שעפערישן וועג

(מאַטעריאַלן פון דער פּעריאָדישער פּרעסע)

## דער אומדערמידלעכער בּיניאָמין שוואַרצער

בּיניאָמין שוואַרצער האָט פאַר זײַן לעבן באַשאַפן זייער אַ סאַך געשטאַלטן. מע זאָל זיי אַלע צונויפנעמען, איז עס אַ באַטאַליאָן אַ גאַנצער. אַ באַטאַליאָן ניט פון יעוואָנים, וואָס אַלע האָבן איין פּאָנעם, נאָר יעדערער מיט זײַן באַזונדער אויסדרוק, מיט זײַן הוילעך און אַרט רעדן. אַלע — באַקאַנטע און ליבע געשטאַלטן פון דער יִדישער, רוסישער, מײַרעוו־אייראָפּעיִשער קלאַסיק, פון דער יִדישער און רוסישער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע.

סיפּלי פון ווישנעווסקיס „אָפּטימיסטישער טראַגעדיע" איז געווען שוואַרצערס ערשט געשטאַלט, מיט וועלכן ער האָט זיך קוינע שעם געווען אין אָדעסער יִדישן מעלוכע־טעאַטער. אין דער אינטאָנאַציע פון יעדן וואָרט, אין דער הייזעריקלעכער שטים, אין ציטערן שמייכעלע און אין לאָקנדיקן גענגעלע האָט שוואַרצער אַנטבלויזט סיפּלין, און מיר האָבן אים דערזען אַזאַ, ווי ער איז.

מיט זײַן גאַנצער אינערלעכער וואַרעמקײַט און ליבע באַהויכט שוואַרצער די טעוויע־געשטאַלט און מיט דער טיפסטער סאַטירישער אָנלאָדונג רײַסט ער אויף די באַלעגופישע נעשאָמע פון סענדער בלאַנק.

צוויי האָצמאַכס, גאָלדפאַדנס האָצמאַך („קישעפמאַכערן") און שאָלעם־אַלייכעמס האָצמאַך („בלאָנדזשנדע שטערן"), אָסטראָווסקיס שמאַגע („אָן שולד שולדיקע"). דרײַ פאַרשיידענע געשטאַלטן, און שוואַרצער האָט דורך זײַן עכטער אַקטיאָרישקײַט באַוויזן זייער באַזונדערקײַט. מיר פילן דאָ די באָהעמישקײַט און די לײַדנשאַפטלעכע טײַווע צו דער בינע, צו שפּילן און פאַרשפּילן זיך.

פאַר בּיניאָמין שוואַרצערן זײַנען ניטאָ קיין גרענעצן צווישן דער קלאַסיק און דער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע, צווישן דער יִדישער דראַמאַטורגיע און דער רוסישער, צווישן דער רוסישער און דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער. פּונקט אַזוי זײַנען בײַ אים ניטאָ קיין גרענעצן צווישן דעם קאָמישן און טראַגישן, צווישן ליריק און סאַטירע, צווישן דער פּאָזיטיווער און נעגאַטיווער געשטאַלט.

אינעם אָדעסער פּעריאָד (1933—1941) זעען מיר שוואַרצערן אין די ראָלן פון סעניעטשקע פּערטשאַטקין („דאָס פרעמדע קינד"), טריסטאַן („דער הונט אפן היי"), זײַוול אָוואַדיס („מישפּאָכע אָוואַדיס"), בויטרע („בויטרע"), ביטשאָק („די שפּין און די פליג"), וועדל („דער קאַמף דויערט"), שאַרל באָוואַרי („מאַדאַם באָוואַרי"), אַנדריי נאַכאָדקאַ („מורטער"), קאַפּיטאַן בערסעניעוו („ראַזלאָם"), אַרטיסט מעדוועדיעוו („סלאַוואַ") און אַנדערע. אין די אַלע ראָלן אַנטפּלעקט זיך שוואַרצער אַלס אַן אַקטיאָר אַ פּאָשעטן, אָן קונצן, אָן אויסערלעכע עפעקטן. אין אויסערלעכע עפעקטן נייטיקן זיך בלויז די אַקטיאָרן, וועלכע גלייבן ניט אין זיך אַליין. בּיניאָמין שוואַרצער גלייבט אין זיך, ער גלייבט זײַנע געשטאַלטן, און דעריבער גלייבן מיר שטענדיק אים, דעם אַקטיאָר, און מיר גלייבן זיי, די געשטאַלטן, וועלכע ער באַשאַפט.

פאַרגלייבטע וואָגן! שוואַרצער וואָגט, און דער ערשטער צווישן די יִדישע אַקטיאָרן, דער ערשטער אין דער געשיכטע פונעם יִדישן טעאַטער, שאַפט ער די ראָל פון לענינען אין דער פּיעסע „יאַקאָוו סווערדלאָוו".

שוואַרצערס לענין איז אַ באַלויכטענער, אַ דערהויבענער, אַ טיף־מענטשלעכער אין זײַן פּאַשטעס, אין זײַן האַרציקײַט, אין זײַן לײַדנשאַפטלעכן קאַמף, אין זײַן אומרו פון באַקעמפן דאָס אַלטע, פון ענדערן און שאַפן דאָס נײַע.

א י ר מ ע  ד ר ו ק ע ר.

„פאָלקס־שטימע", 24 מײַ 1967

## זײַן טעוויע

בּיניאָמין שוואַרצער, דער וועטעראַן פונעם יִדישן טעאַטער, האָט זיך באַנוצט מיט דער דערפאַרונג פון אַזאַ פאָרגייער זײַנעם אין דער ראָל פון טעוויע דעם מילכיקן, ווי ש. מיכאָעלס, קעדיי זיך ניט איבערכאַזערן, ניט זײַן קיין עפּיגאָן. און ער האָט אונדז טאַקע באַוויזן אַ באַגײַסטערטן, אייגנאַרטיקן טעוויען.

טעוויע בײַ שוואַרצערן שטעלט מיט זיך פאָר אַלדאָס פײַנסטע, מיט וואָס עס איז רײַך דאָס פאָלק. טעוויעס גוירל איז אַ שווערער. יעדע איינע פון זײַנע ניסיוינעס באַזונדער וואָלט געקאָנט אײַנברעכן אַ באַליביקן מענטשן, אָבער טעוויען פאַרהאַרטעווען זיי.



ניגול אינעם ספעקטאקל „צווי לאגערן״



ביניאַמין שווארצער אין דער ראָל פון שימען־עלי אינעם „פאַרקישעפטן שנײַדער״

די וואָרצלען פון אזא מין אומבײַגבארער קראַפט דאַרף מען זוכן אינעם טיפן אָפּטימיזם, אינעם גלויבן אין דער צוקונפט.

אפן ערשטן קוק קאָן זיך דוכטן, אז טעוויע איז א מענטש פונעם אוואר, וועלכער האָט קיין כײַשעק ניט זיך געזעגענען מיט די אלטע פאַרשטעלונגען. אינדערעמעסן אָבער איז ער א זון פון דער נײַער עפּאָכע, ער פאַרשטייט גוט, וווהין עס שפּרײַזט דאָס לעבן און מיט וועלכן קלאסן־קויעך ער דאַרף זיך באהעפטן. ב. שווארצערס טעוויע — איינשטימיק מיט שאָלעם־אלײכעמס — איז א פילאָסאָף. ער איז בעדייע צו אלץ דערגיין מיט זײַן אייגענעם סייכל.

ב. שווארצער שאַפט אן אומפאַרגעסלעך געשטאלט פון א פאָלקס־מענטש, וועלכער איז ניט גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס עס קומט פאָר ארום אים.

כ א ַי ם ב ײ ד ע ר.

„ביראָבידזשאנסקאיא זוועזדא״, 8 דעקאבער 1971.

## אן אקטיאָר פון דער מיכאָעלס־שול

אף דער בינע פונעם גרויסן זאל פון דער ארמעני־שער פילארמאָניע האָט דער פאַרדינסטפולער ארטיסט פון רספסר ביניאָמין שווארצער באוויזן שאָלעם־אלײכעמס „טעוויע דער מילכיקער״. ב. שווארצער אי אלס רעזשיסער, אי אלס ארטיסט, דער אויספֿי־לער פון דער הויפּט־ראָל, שאַפט אן אינטערעסאנטע אינסצענירונג פון „טעוויע דעם מילכיקן״, דערנעענ־טערנדיק די דעקאָראציע צו דער עסטראַדע.

ב. שווארצער איז אן אקטיאָר פון דער מיכאָעלס־שול, א דענקענדיקער, ער קומט ניט אָן צו אויסער־לעכע מאנירן, באלויכט דאָס געשטאלט פון אינ־ווייניק, לייגט ארײַן אין דעם פיל נעשאָמע־וואַרעמ־קײַט און ניט געקינצלטן הומאָר.

ביניאָמין שווארצער פאַרקישעפט דעם צושויער.

וו. ש א כ נ א ז א ר י א ן.

„קאָמוניסט״, יערעוואַן, 13 אווגוסט 1964.

## ביניאָמין שווארצער אין דער ראָל פון לענינען

מיר זײַנען געזעסן אין רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד״, אין מאָסקווע, און מײַן מיטשמועסער, בי־ניאָמין שווארצער, האָט דערציילט וועגן זײַן לאנגן אינטערעסאנטן לעבן אין יידישן טעאטער און אין דער יידישער קולטור.

ביניאָמין שווארצער איז געבוירן געוואָרן אין אָדעס אין 1892. ביז 13 יאָר האָט ער געלערנט אין גימ־נאזיע. אין 1905 האָט זײַן פאַמיליע עמיגרירט קיין אמעריקע. דאָ האָט ער אָנגעהויבן ארבעטן אין א פאבריק.

אין 1907 קערט ער זיך אום קיין רוסלאנד. ווען אין אָדעס האָט זיך געגרינדעט דער טעאטער פון פערעץ הירשביין, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער טרופּע, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן זײַן ארטיסטישע ביִאָגראַפיע. אין 1910 שפּילט ער שוין אין יידישן פאָלקס־טעאטער.

אין ערשטן וועלט־קריג איז שווארצער געווען אפן פראָנט, שפּעטער ארײַנגעפאלן אין עסטרײַכישער גע־פאנגענשאַפט. אין לאַגער פון די געפאנגענע האָט

ער געגרינדעט א יידישע טרופּע. די טעקסטן פלעגט ער באקומען פון יידן אין ווין. די פאַרשטעלונגען זיינען געגאַנגען ניט נאָר אין די לאַגערן, נאָר אויך אין דער עסטרייכישער הויפּטשטאָט.

נאָך דער באַפרייונג, אין 1918, האָט שוואַרצער צוזאַמען מיט זיינע כאַווערים געגרינדעט דעם טעאַטער „אונדזער ווינקל" און אין 1923 — א פאָלקס־טרופּע, וועלכע האָט געשפּילט אונטער זיין אָנפירונג אין אַלע עקן לאַנד. צוגלייך מיט קלאַסישע פאַרשטעלונגען האָט די טרופּע אופגעפירט נייע סאָוועטישע פּיעסן.

אין 1933 איז שוואַרצער געוואָרן איינער פון די הויפּט־אַרטיסטן פונעם אַדעסער מעלוכישן יידישן טעאַטער אונטער דער קינסטלערישער אָנפירונג פון עפראַיִם לויטער. שוואַרצער האָט אויסגעפּילט א סאַך ראָלן. אין דער פאַרשטעלונג „יאַקאָוו סווערדלאָוו" האָט ער געשפּילט לענינען. דערמיט איז ער געוואָרן דער ערשטער אַרטיסט, וועלכער איז אופגעטראָטן אין דער ראָל פון לענינען אף יידיש.

אין 1941 ווערט ב. שוואַרצער איינגעלאַדן אין מאָסקווער יידישן מעלוכע־טעאַטער, וווּ ער איז געבליבן ביזן 1950. אין די קומענדיקע 10 יאָר איז ער אופגעטראָטן אינעם מעלוכישן קינדער־טעאַטער אין מאָסקווע.

אין 1960 איז שוואַרצער אוועק אף פּענסיע, אָבער זיין גייסט איז ניט מיד געוואָרן. אין 1962 האָט ער געגרינדעט די מאָסקווער יידישע טעאַטראַלע טרופּע, וועלכע זעצט פאָר איר טעטיקייט ביז איצט.

**האַנס לעבערעכט.**

„דער וועג", יִשׂראל, סעפּטעמבער, 1970.

## פון די פאָלקס־קוואַלן

די ראָלן פון טעוויע דעם מילכיקער אף דער יידישער בינע האָבן געשפּילט א סאַך גלענצנדיקע אַרטיסטן. צווישן אַנדערע דאַרף מען אָנרופן ב. שוואַרצערן.

מיט גרויס איבערצייגעוודיקייט און וווּנדערלעכער וואַרעמקייט גיט ער איבער דעם יִקישעף פון זיין העלד, די טמימעס און די איידלקייט פונעם פּיללייַדנדיקן טעוויען, וועלכער קאָן קעסיידער, אַלע מאָל געפינען אין זיך קויכעס צו איבערטראָגן פאַרשיידענע ניסיוינעס און אויספּרוּוון, וועלכע עס טראָגט אים אונטער דער גורל פון א פּאַשעטן דאָרפישן האָרעפּאַשניק.

אין העכער 200 פּיעסן האָט בינאַמין שוואַרצער געשפּילט. ער האָט געשאַפן פילפאַניקע געשטאַלטן אין דראַמעס, טראַגעדיעס און קאָמעדיעס, געווען אויך דער רעזשיסער פון צענדליקער ספּעקטאַקלען. ב. שוואַרצער איז פול מיט ענערגיע, מיט נייע שעפערישע פּלענער.

**י. א. זאַריץ.**

„סאָוועטסקאַיאַ קולטורא", 29 יוני 1972.

## אף דער בינע — „די קישעפמאַכערן"

ענטפערנדיק אף די באַגריסונגען פון זיינע קאָלעגן, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אינעם צענטראַלן הויז פון קונסט־טוער, קעדיי אָפּמערקן זיין 75־טן געבוירטסטאָג, האָט דער באַליוויול בינאַמין שוואַרצער געזאָגט:

— קאָלזמאַן די קויכעס דערלויבן, וועל איך דינען דער קונסט, וועלכער איך האָב געווידמעט מיין גאַנץ לעבן.

אין א שטיקל צייט אַרום האָט בינאַמין שוואַרצער מיטגעטיילט, אַז דער מאָסקווער דראַמאַטישער אַנסאַמבל גרייט אוורהאָם גאָלדפאַדנס „די קישעפמאַכערן". דעם ספּעקטאַקל שטעלט ער, שוואַרצער, אַליין. ער שפּילט די ראָל פון דער באָבע יאַכנע. די מוזיק־באַאַרבעטונג האָט צוגעגרייט דער פאָלקס־אַרטיסט לייב פּולווער. „מיר ווילן, — האָט געזאָגט בינאַמין שוואַרצער, — אַז דער נייער ספּעקטאַקל זאָל זיין עכט מוזיקאַליש, ער זאָל פרייען די צושויער".

**ש. ראַבינאָוויטש.**

„פאָלקס־שטימע", 1 נאָיאַבער 1967.



אין דער ראָל פון דער באָבע יאַכנע אינעם ספּעקטאַקל „די קישעפמאַכערן"

## יויסעף בורג

# אונטערוועגנס

### א

האַרבסט האָט ביסלעכווײַז אויסגעלאָשן דעם זומער.

עס זײַנען געשטאַנען די ערשטע טעג פון סענטיאַבער, מיט ביימער, אָנגעטאָנענע אין געדיכטן גרינס. די לופט איז נאָך פול געווען מיט סאָף־זומערדיקע קלאַנגען, און נאָר דער ווינט האָט מיט קויעך געפליקט די בלעטער פון די צווײַגן, גלײַך ער וואָלט געפרווט אופרײַסן דעם פּוץ און די שיינקײַט פון די זוניקע גאַסן.

די טעג האָבן גענומען קירצער ווערן, און אין די גיך צוגעפאַלענע פאַרנאַכטן האָבן געפלאַקערט רויטע שקיעס, און ס'האָבן אין א פײַערדיקער שפּיל זיך געביטן מיט די ערטער ליכט און שאָטן.

אין איינעם אַזאַ פאַרנאַכט איז פון צאָפן אָף דאָרעם, ווי אָף א פאַרקערטן וועג — פון האַרבסט אין זומער ארײַן, אָפּגעפאָרן דער שנעלצוג „מאָסקווא — נאַלטשיק". אים האָט באַגלייט א פאַרביקער ביינהאַשמאָשעס. לאַנגזאַם זיך געלאָשן. און פאַרן לויפנדיקן וואַגאָן־פענצטער האָט, ווי אין א קאַליידאָסקאָפּ, זיך געדרייט די וועלט, זיך געדרייט איינײנעם מיט נאַקעטע, אָפּגעקאָסטע פעלדער, מיט שטעט און דערפער.

דער באַן האָט אין אײַלעניש געשניטן דעם וועג צו דער קאַבאַרדינישער הויפּטשטאָט, צו יענער צאָפן־קאַווקאַזער שטאָט, וווּ מיט א יאָר דרײַסיק צוריק האָט זיך אָפּגעשטעלט מײַן וויסטער טויט־געלויף איבער דראָענדיקע מילכאָמע־וועגן, און וווּ אין א לינדער פרילינגנאַכט האָט מיך אופגעוועקט די יובלדיקע פרייד פון ניצאָכן...

אין קופּע איז אַכוץ מיר קיינער ניט געווען. און וויגנדיק זיך אין א לײַכטן דרעמל, האָבן געדאַנקען, ווי פאַרבײַלויפנדיקע באַן־סטאַנציעס, אופגעטויכט אין דער טיפקײַט פון מײַן זיקאָרן.

...נאַלטשיק.

א קנופּ פון גאַסן און געסלעך, באַגאָסענע מיט זון, באַם סאַמע ברעג שטאָט. א כאָפּטע פריילעכע קינדער קוקן נאָך פאַרגאַפט יעדן פרעמדן פאַרבײַגייער. מיידלעך קלאַפּן אויס אָף טאַצן מיט די שפּיץ־פינגער דעם דריבנעם וויכער פון לעזגינקעס, דעם טאַנץ פון בענקשאַפט און ליבע, און יונגען, ווי דזשיגיטן, שוועבן איבער דער ערד מיט אַזאַ לײַכטקײַט, גלײַך זיי וואָלטן געווען אָן וואָג.

— אס־א־א־א!

גאַסן און געסלעך — „יעווריייסקאַיאַ קאָלאָנקאַ", מיט נידעריקע ווײַס־געקאַלכטע הײַזלעך פון ליים און פון שטיין. בא יעדן הײַזל א ברייטער טויער. און בא יעדן טויער א הילצערנע באַנק. און אָף די בענק זיצן צומאָל פרויען, פירן שטילע פאַרנאַכטיקע שמועסן, אָדער שרײַען צו די מענער, וואָס גאַרבן לעדער אין די אַרטעלן, אָדער וועבן געבלימטע טעפּיכער. די פרויען און מענער טיילן זיך מיט גאַרניט אויס פון דעם קאַבאַרדינישן ארום, בא ווענען זיי האָבן גענומען דעם שניט פאַר זייער קליידונג און דעם ניגן פאַר זייערע טענץ. עפּשער נאָר מיט דער שפּראַך, וואָס האָט זיך פאַרהיט דורך הונדערטער יאָרן און שפּילט מיט דעם ריטם און קלאַנג פון פּערסיע און באָוול.

און עפּשער אויך מיט די גאָר אַלטע זקיינים אין ווײַסע טיורבאַנען, אָדער פאַרביק אויסגענייטע יאַרמלקעס אָף די גרויע אָפּגעגאָלטע קעפּ, וואָס זײַנען מיספּאַלעל, זיצנדיק אָף דער הוילער שול־ערד, די פיס אונטער זיך, ווי אוואָלים.

די זקיינים, נידעריקע, ווי זיי וואָלטן געוואַקסן אָף צוריק, האָבן שוין פאַרגעסן זייער עלטער. די קערפּערס, ארומגעגאַרטלט מיט שמאָלע זילבער־באַצירטע פּאַסן, זײַנען אויסגעטריקנט. די פּנעמער לענגלעך־אָפּגעצערט, איבערגעצויגן ניט מער ווי מיט א דין־גע־

ניישטער, טונקל־פאַרביקער הויט, און די פאַר־
שפּיצט־אונטערגעשווירענע גרויע בערד מאַכן די
פּנעמער נאָך לענגער. ווי אוראַלטע פּאַסטע־
כער, גייען זיי ארום, אָנגעשפּאַרט אָף לאַנגע
סוקוואַטע שטעקנס.

## ב

דירעסלאַנג האָבן טאַטן געלעבט אין אָרעמ־
קייט, רעכטלאָזיקייט, פאַרקנעכט געווען בא
היימישע און פרעמדע פירשטן. ניט איין מאָל
האָט דער גורל זיי געטריבן צו אָפּגרונטן, נאָר
זיי האָבן אויסגעהאַלטן, ווי א טיף פאַרוואָרצל־
טער בוים, וואָס קיין שום הוראַגאַנען זײַנען ניט
בעקויעך אים ארויסצורײַסן. קאָן זײַן דערפאַר,
וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט א לאַנגע און טרויערי־
קע געשיכטע, א ירושה פון פּײַן און גערנגל.
פאַרמאָגט א שפּראַך, ניט נאָר א מינדלעכע, ווי
בא א צאָל אַנדערע קליינע פעלקער פון קאַוו־
קאַז, נאָר אויך א שריפטלעכע. א מין אַלט־
פּערסישן לאָשן, וואָס האָט זיך געשריבן מיט
יידישע אויסיעס פון רעכטס אָף לינקס, ווי די
הייליקע ספאָרים, אין וועלכע זיי האָבן מיספּאַ־
לעל געווען...

דער אַלטער נאור שאולאָוו האָט נאָך צומאָל
אַרײַנגעקוקט אין אַזא סייפער, אָבער זײַן
אייניקל אוויגאַדול, וואָס איז אין נאַלטשיק גע־
קומען אָף דער וועלט באַלד נאָכן בירגערקריג
און אויסגעוואַקסן אין דער שכײנישער רוסי־
שער שטאָט פּיאַטיגאָרסק, האָט פון אַזעלכע
ספאָרים שוין גאָרניט געוווסט.

ער האָט געפילט א לײַבלעכע נאָענטקייט צו
דער רוסישער שטאָט, ווו באַם ראַנד פונעם
באַרג מאַשוק איז אין איינעם א ווײַטן פאַר־
נאַכט, „ווי א ליכט, אויסגעגאַנגען דער וווּנ־
דערלעכער געני", דער נאָבעלער רוסישער דיכ־
טער מיכאַיל לערמאָנטאָוו, און ווו ס'דאַכט זיך,
אַז דער ווינט טראָגט נאָך אַלץ ארום דעם ווי־
דערקאָל פונעם שאָס, וואָס האָט אָפּגעשטעלט
זײַן יונג, איידל האַרץ.

אוויגאַדול האָט ליב געהאַט די רוסישע שול,
אין וועלכער ער האָט געלערנט, ליב געהאַט
דעם לערער פון רוסיש, דעם געוועזענעם פּאָ־
ליט־קאַטאָרזשניק פון איוואַנאָווא־וואָזנעסענסק,
וואָס האָט פאַרשטאַנען צו פלאַנצן אין די נע־
שאָמעס פון זײַנע שילער אָפּשײַ און ליבע צו
די אויצרעס פון דער רוסישער קלאַסיק. נאָר
מער פון אַלץ האָט אוויגאַדול ליב געהאַט זײַן
מיטשילערן זאַרא אַלכאַסאָווא, א ליבע, א טיף־
פאַרבאָרגענע, וועלכע האָט געלעבט נאָר אין
די אויגן.

איינמאָל, גייענדיק פון דער שול, האָבן זיי
ביידע פאַרבלאָנדזשעט צו די לערמאָנטאָוו־ער־
טער. די זון האָט געהאַלטן אין פאַרגיין. שטילע
ווינטעלעך האָבן זיך שטיפעריש אַראָפּגעלאָזט
פון די בערג, און יעדער שטעג, יעדער קוסט
האָט דערמאָנט אינעם לעבן פון דעם גרויסן
רוסישן דיכטער. און אוויגאַדול האָט שטיל, ווי
פאַר זיך אַליין, דעקלאַמירט:

Тебе, Кавказ, суровый царь земли,
Я посвящаю снова стих небрежный.

מיטאַמאָל האָט זאַרא זיך אָפּגעשטעלט, גלײַך
זי וואָלט אין עפּעס זיך דערמאָנט.

— אוויגאַדול, פאַרוואָס רופט מען אונדז
באַרג־יידן?

אוויגאַדול האָט דערזען אין אירע אויגן א
פײַערל. ער האָט ביז איצט זיך ניט פאַרטראַכט,
פאַרוואָס די טאַטן ווערן אויך אָנגערופן באַרג־
יידן. און ווי האָט ער, א זיבעצניאַריקער, גע־
קאָנט פלוצעם נעמען און פאַנאַנדערפלאָנטערן
דעם פלאָנטער פון טויזנטיאַריקע נעגישעס.

— איך מיין, אַז מיר, טאַטן, זײַנען א קאַוו־
קאַזער פאָלק.

וואָס איז פינף יאָר אין א מענטשנס לעבן?
אָבער פאַר יונגע, הייסע הערצער איז פינף יאָר
אַן אייביקייט.

זאַרא האָט געהאַלטן באַם ענדיקן דעם היי־
מישן פּעדינסטיטוט, זיך געגרייט ווערן א לע־
רערן, און אוויגאַדול, וואָס האָט שטודירט אין
לענינגראַדער אינסטיטוט פאַר מיזרעך־שפּראַכן,
האָט געזאָלט בלײַבן אין דער אַספּיראַנטור.

— סאַליאַם, אוויגאַדול, — איז געפלויגן א
טעלעגראַמע פון דאַרעם קיין צאָפן, — איך פריי
זיך מיט דײַן דערפאָלג. בענק נאָך דיר. דײַן
זאַרא...

האָט אָבער איינער א פאַרטאָג איבערגעריסן
איר טרוים. א ווילדער געוווי פון סירענעס האָט
געוועקט פון שלאָף.

מילכאָמע!

און אָף גאַנצע טויזנט טעג האָט זי אוויגאַ־
דולן פאַרשטעלט דעם וועג אהיים.

און ווען ער האָט זיך אומגעקערט מיט וווּנדן
אָפן לײַב, האָט ער קיינעם ניט געטראָפן, ווײַל
אָף דער וועלט זײַנען צעשטערט געוואָרן היי־
מען, אָן א שיר היימען. און אוויגאַדולס היים
אויך.

און כאָטש אוויגאַדול איז דורכגעגאַנגען דעם
וועג פון בלוט און פײַער, פון טויט און פאַר־
ניכטונג, באַגעגנט אונטערוועגנס קרעמאַטאָריעס,
וואָס האָבן נאָך געטליִעט, האָבן דאָך זײַנע פינ־
גער זיך פאַרבײַלט אין פויסטן. טרערן האָבן
פאַרנעפּלט די אויגן, און ס'האָט פון אײַנגעהאַל־
טענעם געוויין געקלאַפּט א צאָן אין א צאָן.
פאַרשניטענע היימען!

אפילו דער ווײַנגאָרטן, וועלכן ער האָט מיט אזא ליבשאפט אויסגעצאַוועט, איז אויך אוועק מיטן רויך. און פון דער ערד האָבן ארויסגעשטארצט פארקוילטע פּניאַקעס און דערמאָנט א פארשוועכטן בעסוילעם.

אוויגאדול איז א פאריאָסעמטער געשטאנען בא די קוואָרים פון זײַן כאָרעווער היים. געשטאנען, ווי א פארוואָגלטער יורעד.

מיטאמאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז די ערד וויגט זיך. און א ציטעריק קאָל פרעגט:

— אוויגאדול, פארוואָס רופט מען אונדז בארג־יידן?

אין קאָפּ האָט גערוישט. ער איז צוגעפאלן מיטן פּאָנעם צו דער רויער ערד, זיך אָנגעלייגט אף איר מיט צעשפּרייטע הענט, ווי ער וואָלט געפּרוּווט זי ארומנעמען. אים האָט זיך געדאכט, אז צווישן די בערגלעך ליים האָט מען אויך צו קוורע געבראכט זײַן טרוים, זײַן ליבע.

און פונוויַיטן האָט דער אייביקער זאָקן, דער עלברוס, געפינקלט מיט זײַנע אייביקע פארשנייטע קרוינען און געשוויגן.

נאלטשיק...

דרײַ כאדאָשים האָט דער טויט ארומגעבלאָנדזשעט אין דײַטשישע מונדירן. אויסגעווען אין יעדער שטוב, אין יעדער ווינקעלע. געהאנגען איבער דעם טאטישן ראיאָן, ווי איבער א טשערעדע צונויפגעטריבענע שאָף. און זקיינים אין פוטערנע היטלען, מיט שטעקנס, ווי בא פּאסטעכער, האָבן זיך געשלײַכט פון הויז צו הויז. און מיט א באהאלטענער פארזאָרגטקײַט געטראָגן טרייסט.

ארום און ארום האָט מען שוין געוווּסט וועגן די שכיטעס אין מאָזדאָק איבער דער גאנצער יידע טאטן, געוווּסט וועגן בלוט־מאבל אין פּיאטיגאָרסק, ווו פיל טאטן האָבן צעטיילט דעם גוירל פון די היגע ייִדן. און, אײַנשטעלנדיק דאָס אייגענע לעבן, גענומען זיך ראנגלען פארן לעבן פון זייערע אלטע שכיינים — די טאטן. געבראכט אלץ נײַע און נײַע באווײַזן, אז דאָס איז א זייער אלטער קאווקאזישער שייוועט.

דערווײַל איז די צײַט געגאנגען. געגאנגען מיט שווערע, בלוטיקע טריט, און ווען קיין שום באווײַזן האָבן מער ניט געהאָלפן און ס'האָט זיך געגרייט דער טאָג פון שפּיכאס־דאָם, איז מער ניט געווען, ווער ס'זאָל אויספירן דעם בלוטיקן גזאר... רויטארמייִישע טיילן האָבן צו דער צײַט מיט פּײַער פארטריבן דעם טויט. און נאָך פּעגירים אין שווארצע מונדירן מיט האקנקרייצן האָבן זיך געוואלגערט אין די בארג־שפּאלטן און איידעס געזאָגט וועגן פארביטערטע שלאכטן אין די צאָפן־קאווקאזער בערג.

ווי א לעגענדע, איז דערנאָך אין יעדער טאטישער שטוב פארבליבן די געטרײַשאפט פון די שכיינים, ווי א ליד, וואָס קיינער האָט נאָך ניט אויסגעזונגען ביזן סאָף.

ג

גאסן און געסלעך מיט א צעבליטן פרילינג בא די וועגן.

דאָס לעבן האָט זיך אומגעקערט אין די טאטישע שטיבער. זיך אומגעקערט אויך אין דער פּירשטאָקיקער מיטלשול, וואָס האָט מיט אירע צענדליקער פענצטער אראָפּגעקוקט צו די אלטע שטיבלעך, וועלכע האָבן, ווי פארשעמטע, זיך באהאלטן אין איר שאָטן. א שול, ווו אוויגאדול איז געוואָרן לערער און ווו ס'האָט באדארפט זיך צעוויקלען דער קוויל פון זײַן ווײַטערדיקן לעבן.

ער איז געווען נאָך יונג, כאָטש פון די אויגן, וואָס האָבן געשטראלט מיט עפּעס א סוידעספּולליכט, האָט אָפט געטריפט אן אומעט. אין דער שווארצקײַט פון זײַנע האָר האָבן זיך ארײַנגעפלאָכטן זילבערנע פעדעם. און אָפן שטערן האָבן אין דער ברייט זיך געפּאלדעוועט קארבן, ווי נאָך א מעסער, וואָס האָט איבערגעלאָזט זײַנע שניטן.

אוויגאדול האָט ליב געהאט דעם פרילינג, ליב געהאט די טרוימען, וואָס האָבן, ווי שטארקער ווײַן, פארשיקערט, נאָר איצט האָט עמעצער זײַן פרילינג צוגעגאנוועט און אים איבערגעפארבט אין מוטנע קאָלירן.

אין די נעכט האָבן גערעדט צו אים בערגלעך ערד. ס'האָבן געכליפּעט פון שלאָף זײַנע זיבן און צוואנציק יאָר, און אין קאָפּ האָבן אָן אויפהער זיך געקײַטלט געדאנקען, זיך געמישט אף צוריק, ווי געדיכט באשריבענע זײַטלעך.

אין אָט דער טאטישער שול האָבן מיר זיך ביידע באגעגנט. צוויי פארוואָגלטע פון צוויי כאָרעוו געוואָרענע היימען. איינע א ייִדישע אין די ווײַטע קארפּאטן און די צווייטע א טאטישע באם ראנד פון בארג מאשוק.

ער האָט באלד נאָך אונדזער ערשטער באגעגעניש מיך אָנגענומען פארן אָרעם, לאנג און צודרינגלעך געקוקט אף מיר.

— מיר ביידע קערן צו איין פאָלק, כאָטש אונדזערע מינהאָגים און אונדזערע שפּראכן זײַנען פארשיידן...

ער האָט די ווערטער ארויסגעזאָגט מיט אזא ציטער, גלײַך ער וואָלט פון א טיפקײַט זיי ארויסגעצויגן. שווערע, וואָגיקע ווערטער. עפּשער זײַנען זיי אין אָט דער רעגע אויך געווען אן ענטפער, א פארשפּעטיקטער ענטפער, דעם טאטישן מיידל — זארא אלכאסאָווא.

## ד

דער שנעל־צוג „מאָסקווע—גאַלטשיק" האָט געיִילט צו דאָרעם און זיך געוויגט אין אַ לײַכטן ריטמישן קלאַפּערײַ.

אויף יענער זײַט פֿענצטער האָט די שקיע זיך אויסגעלאָשן און נאָר אַ בלוטיק־גאָלדענער אָפּשײַן האָט נאָך אַלץ געצונדן די פֿאַנטאַסטיש אָנגעבערגלטע וואָלקנס, ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן דעם פֿאַרנאַכט, וואָס האָט שוין באַוויזן אָנטאָן דעם דרויסן אין צאַרטע, טרויעריקע שאָטנס. און אויף דעם גאַנצן אַרום אַרופֿגעלייגט דעם כּויסעם פֿון אַ זיסער בענקשאַפֿט.

איך האָב נאָכגעקוקט דעם פֿאַרנאַכט און אין געקלימפּער פֿון שטאָל און אײַזן לאַנגזאַם אײַנגעשלאָפֿן.

נאָר וויפֿל בין איך עס געשלאָפֿן? אַ שאָ, צוויי, אַ מעסלעס?

מיר האָבן זיך געכאַלעמט קרומע געסלעך מיט נידעריקע שטיבלעך, צוגעפּלעטשטע צו דער ערד. איבער די אַלטע פֿאַרפֿוילטע שינדלדעכער האָבן סרייפֿעס, ווי שיידים, געטאַנצט מיט אַ בייז געלעכטער. און אויף אַ שוועל איז געזעסן אַ יונגע מוטער און אײַנגעוויגט איר קינד. זי איז אויך געווען אײַנגעהילט אין פֿורפֿור־רויטע פֿלאַמען. געברענט און ניט פֿאַרברענט געוואָרן... כ'האָב ניט געזען איר פּנים, נאָר די שטים אירע האָב איך דערקענט. דערקענט דעם ניגון. זי האָט געזונגען:

בא דײַן וויגל זיצט דײַן מאַמע,

זינגט אַ ליד און וויינט...

איר געזאַנג האָט זיך געגאָסן טרויעריק און צעצויגן. און ס'האָט זיך גערדאַכט, אַז ס'וויינט די שטוב, די גאַס — אַלע גאַסן וויינען.

— מאַ־מע! — האָב איך אויסגערופֿן, און זי האָט אויסגעשטרעקט צו מיר אירע הענט. זיי זײַנען שוואַרץ, ווי פֿאַרקוילט. די הענט, וואָס האָבן מיך געצערטלט און אָפּט אָפּגעווישט אַ טרער פֿון מײַן פּנים...

איך האָב געוואָלט בא איר פֿרעגן, וועמען זי וויגט. שוין אַזויפֿיל יאָרן פֿאַרבײַ, זינט איר געביין איז פֿאַרסאַרפֿעט אין אַ שרעקלעכער סרייפֿע.

האָט אָבער דער כאַלעם פּלוצעם זיך איבערגעריסן.

אין קופּע האָט עמעצער אין דער שטיל געזונגען.

איך האָב אָבער דײַטלעך געהערט אַ וויגליד:

באַיו־באַי, באַיו־באַיו...

און די שטים האָט געקלונגען מיט אַ מין לויטערער, מיידלשער, אַפֿילו קינדערישער רײַנקײַט.

דער שלאָף האָט באַלד זיך אָפּגעטאָן פֿון מיר, און איך האָב דערזען אויף דער פּאָלקע קעגנײַבער אַ יונגע פֿרוי. דערזען איר ווײַס־געבלימלט קלייד. זי איז געווען אויף אַזוי יונג, אַז ווען ניט דאָס קינד, וואָס זי האָט אײַנגעוויגט און באַוויזן דערבײַ אַ קוואַל פֿון מוטערלעכער צאַרטקײַט, וואָלט זי אַליין געקאָנט אָנגיין פֿאַר אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר פֿופֿצן.

זי איז געווען זייער איידל, מיט אַ קאָפּ קוילשוואַרצע האָר, פֿאַרשאַרטע אונטער די אויערן, וואָס האָבן אופֿגעדעקט אַ טונקל פּאָנעם מיט עטוואָס פֿאַרזשמורעטע אויגן, באַשאָטנטע מיט לאַנגע ווינעס, וואָס האָבן געהאַט די פֿאַרב פֿון שטאַרק פֿאַרקאָכטער טיי. אַ דין פֿאַרשפּיצט נעזל האָט צוגעגעבן איר פּאָנעם אַ באַזונדערן מין כיין.

זי האָט געזונגען מיט אַ ליכטיקן שמייכל אויף די וואַרעמע ליפּן. און געווען, זעט אויס, אין אַזאַ שטימונג, ווען אַלץ זעט אויס אײנפֿאַך און שיין, ווען קיין שום זאָרג פֿאַרנעפּלט ניט דאָס לעבן.

— באַלד וועט זײַן נײַ־יאָר... דער פּאַפּאַ וועט ענדיקן... ער וועט זיך מער ניט צעשיידן מיט נאָרן... ער וועט ברענגען שפּילכלעך... אַ סאַך שפּילכלעך... אַ באַן, וואָס וועט יאָגן איבער אײַזערנע רעלסן... הו־הו...

זי האָט גערעדט צום קינד אויף רוסיש, וואָס האָט אויסגעגעבן איר קאַווקאַזער אַקצענט, און דאָס איז ענלעך געווען אויף אַ מין וואָרקען פֿון אַ פֿאַרליבטער. דערבײַ האָבן אירע פֿינגער געמאַכט קונציקע באַוועגונגען, גלײַך זי וואָלט פֿונעם ליידיקן רוים אַרויסבאַקומען אַלץ נײַע און נײַע קלאַנגען.

איך האָב פֿאַרזיכטיק, פֿון אַ זײַט, צוגעקוקט די שפּיל פֿון מוטער און קינד, זיך דערמאָנט אינעם איבערגעריסענעם כאַלעם און ניט ווילנדיק פֿאַרלוירן אַ טיפֿן זיפֿץ.

אין דעם אויגנבליק האָט דאָס געזאַנג, ווי דער כאַלעם, מיטאַמאָל זיך איבערגעריסן. אַפֿילע דאָס קינד האָט אופֿגעהערט שטאַמלען.

אומזיסט האָב איך אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם, געמאַכט זיך שלאָפֿנדיק. דער ניגון איז פֿאַרשוווּנדן. דאָס געזאַנג האָט זיך מער ניט אומגעקערט.

— איך שטער אײַך עפּשער?

זי האָט פֿון מײַן אומגעריכטער פֿראַגע אוועקגעדרייט דאָס פּאָנעם, ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך פֿאַרשעמט.

— ניין, ניין!

איך האָב געוואָלט בא איר עפּעס פֿרעגן, נאָר ניט געפֿונען די פּאַסיקע ווערטער. און קעדיי ניט צו ברענגען זי אין פֿאַרלעגנהײַט, האָב איך אַרויסגענומען פֿון מײַן רײַזע־טאַש אַ ייִדישן זשורנאַל און פֿאַרטיפֿט זיך אין לייענען.

פלוצעם האָבן אירע בליקן זיך אַנגעשלאָגן אין די טעוועלעך מיט דער פאַרביק געטאַקטער אופשריפט, א ווײַלע געבליבן ווי פאַרגליווערט און דערנאָך מיט עפּעס א נאַיווער פרייד אויס־גערופן:

— פּראָסטיטיע, עטאָ פּאַ יעווריסקי?

אַף מיר האָבן געקוקט א פּאָר ברייט צעעפנטע אויגן, וואָס האָבן געהאַט די פאַרב פון שטאַרק פאַרקאָכטער טיי. געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג און צוטרוי.

— דאַ! — האָב איך קורץ געענטפערט.

ס'האָט זיך אָבער אין א ווײַלע ארום ארויסגעוויזן, אז מיט דעם וואָרט „יעווריסקי" מיינען מיר צוויי פאַרשידענע שפּראַכן. איך מיין מאַמעלאָשן און זי — די שפּראַך, אַף וועלכער עס ריידן מיט איר טאַטע־מאַמע, שכיינים.

— באַ אונדז האָט מען אויך ביז אין די דרײַסיקער יאָרן גענוצט דעם דאָזיקן שריפט... מײַן פּאַפּאַ קען לייענען!

איבער איר פּנים האָט זיך אויסגעלייגט א לײַכטער שמייכל, און מיר האָט זיך געדאַכט, אז דעם זעלבן אויסדרוק אין די אויגן, דאָס זעלבע האַלב געעפנטע מויל מיט די פּײַכטע וואַרעמע ציין האָט אין איר עלטער פאַרמאָגט יענע יידישע מאַמע, וועלכע איך האָב אָקאָרשט אין כאָלעם געזען...

— ווער איז אײַער פּאַטער?

זי האָט א קוק געטאָן אַף מיר מיט א ווײַטן פאַרטראַגענעם בליק.

— פּראָפעסאָר שאולאָוו... געהערט, ניין?

איך האָב דערפילט, ווי מיר פאַרפעלט מיט־אַמאָל אָטעם.

— אוויגאַדול?

זי האָט ווידער געעפנט ברייט אירע אויגן:

— איר קענט מײַן פּאַטער?

— יאָ! און אײַך ווי רופט מען?

— זאַראַ!

איך האָב דערפילט, ווי עפּעס האָט זיך געשטעלט אין האַלדז. פאַרלאָפענע שטיקער לעבן האָבן, ווי א קנויל, זיך גענומען פאַנאַנדערוויקלען. איך האָב געוואָלט איר דערציילן וועגן א זייער ווײַטער און זייער טרויעריקער באַגעגעניש... פון א יונג טאַטיש מיידל, וואָס האָט אויך געהייסן זאַראַ. און וואָס איז אוועק פון דער וועלט מיט א ניט אויסגעליבטער ליבע... נאָר זיך אײַנגעהאַלטן, ניט געהאַט דעם מוט צו צעשטערן דעם פריידיקן שמייכל אַף איר פּנים און דערפאַר נאָכאַמאָל צוגעגעבן:

— יאָ, אַמאָל געווען באַקענט מיט אײַער פּאַטער!

— און די עלטערן פון מײַן כאַנאַנען קענט איר אויך?

זי האָט מיט עפּעס א פאַרבאָרגענעם שטאָלץ מיר גענומען דערציילן וועגן איר כאַנאַן, וואָס וועט אַף געוויס זײַן א באַרימטער געלערנטער — א פיזיקער. דערווײַל איז ער נאָך אַן אַספּיראַנט. דערציילט וועגן איר כאַנאַנס פאָטער, וואָס איז דער אוטאָר פון א סאַך טאַטישע נעגינעס. זי אַליין איז א מוזיק־לערערן און שפּילט מיט פאַרגעניגן זײַנע שאַפונגען.

איך האָב געהערט איר פריידיק פּלוידערן. און מיטאַמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, ווי איך זע זי באַם קלאַוויר. זי וויגט איר יונגן קערפּער. אונטער די קלאַנגען פון דער מוזיק, גלײַך זי וואָלט זיצנדיק געטאַנצט. די אַקאָרדן זײַנען אָט שטילע, כליפּענדיקע, אָט ווערן זיי קרעפטיק און גרויזאַם, גלײַך א שווערער האַמער צעדרויבלט אַלץ, וואָס שטעלט זיך אין וועג. דערנאָך ווידער שטיל, איינזאַם און געבראָכן. זי שפּינט א פאַרביק געוועב פון טויזנטיאָריקן עלטער.

— און דער דריטער דאָר, וואָס וועט זײַן, נאָור כאַנאַנאָוויטש? — האָב איך א פרעג געטאָן, אַנווײַזנדיק אַפן שלאָפנדיקן קינד.

אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. זיך אָנגעשטויסן, ווי אין ענגשאַפט. זי האָט מיר צוגעטראָגן נאָענט צום אויער א וואַרעמען הויך פון איר אָטעם, און אָנשטאָט אן ענטפער פּאַשעט געזאָגט:

— ער וועט זײַן נאָור בען כאַנאַן!

דערבײַ האָט איר פּנים אויפגעלויכטן. די אויגן האָבן זיך פאַרזשמורעט, ווי די שוואַרצאַפּלען וואָלטן זיי פאַרלאָזט. און נאָר אַף די ווײַסע ציין האָט געשפּילט א וואַרעמער, אָפּענער און גליקלעכער שמייכל.

## ה

דער צוג האָט געײַלט דעם אוונט אנטקעגן. אינעם הימל איז געהאַנגען א שטערן, וואָס האָט זיך אַנגעגאָסן מיט א בלוי־ציטערנדיקער ליכט. געהאַנגען, ווי נעכטן, ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק. אַרײַנגעקוקט אין לויפנדיקן וואַגאָן־פענצטער און געפינקלט. פון ערגעץ ווײַט זײַנען אנטקעגנגעקומען פײַערלעך, אופגעפלאַמט, ווי בליצן אין דער נאַכט. א ווײַלע נאָכגעקוקט דעם לויפנדיקן צוג און פאַרשוווּנדן. און נאָר דער ווינט האָט לאַנג און אומרויִק געהוילט, פּונקט ווי א מענטש וואָלט נאָכגעלאָפן דעם צוג מיט א קלאַגנדיקן געוויין. און די גרויסע שטיינערנע בערג מיט די געטאַקטע פאַרשנייטע באַרג־שפּיצן זײַנען געשטאַנען אין לײַכטע נעפּלען אײַנגעהילט, ווי פאַרגליווערטע הויקערס פון קעמלען.

פאַרשטיינערטע קאַראַוואַנען!

זיי האָבן זיך געכמורעט, ווי באַאוולטע ריזן. נאָכגעקוקט דעם מענטשלעכן געלויף און געזאָגט... טעמט מיט אייביקן קויעך, מיט אייביקן לעבן...

# שפּליטערס

פֿאַר דער לעצטער צײַט טראַכט איך אַלץ אָפֿטער וועגן מײַן קינדהײט, גלײַך אַ ווינט וואָלט געבלאָזן פֿון יענע ווײַטע יאָרן, וועלכע זײַנען שוין לאַנג און אויף אייביק פֿאַרבײַ. אויב אָבער איך ריר זיך צו צו די הינטערגעסלעך פֿון מײַן שטעטעלע, ווו פֿרייד און טרויער האָבן באַגלייט מײַנע ערשטע טריט, באַגײ איך דעם זעלבן פֿעלער, וועלכן עס זײַנען פֿאַר מיר באַגאַנגען און וועלן נאָך מיר באַגײן שרײַבער, דערמאָנענדיק דעם ווײַטן אומפֿאַרגעסלעכן קישעף. ווײַל די קינדהײט פֿאַרפֿאָלגט מיט איר ריינקײַט און טרוים, ווײַל געגנוואַרט מוז אויך ווערן פֿאַרגאַנגענהײט.

מײַן קינדהײט — איז זומער.

ווײַל זומער רײַפֿן די עפּל באַם גאַלעך אין גאָרטן, און ווײַטער אַ ביסל פֿונעם צווינטער וואַקסן העפּקער פֿלוימען. זומער בליִען די בלומען און די סאָסנעס רוישן. און אַ גרויסער, טיפֿער סאָד איז פֿאַרבאָרגן אין אָט דעם זעלטענעם שטראָם פֿון קלאַנגען. די בערג זײַנען אײַנגעהילט אין גרינעם זײַד, רופֿן צו זיך, און דער רוף איז צאַרט און פֿאַרפֿירעריש, ווי אַ מיידלש געזאַנג.

מײַן קינדהײט איז אָבער אויך ווינטער.

אַ קנויל הונגעריקע טעג און אַ ווײַסע אומעטיקע קעלט, וואָס קרעכצט, ווי אַ פֿאַרשטיקט געוויין.

מײַן קינדהײט — איז וויזשניץ, אַ שטעטעלע, צעוואָרפֿן אין טאָל, באַם סאַמע אַרײַנפֿאַר אין די בוקאָווינער קאַרפּאַטן, ווו ייִדן האָבן געלעבט פֿון דויר־דוירעס.

וויזשניץ!

ס'איז גענוג צו צעטיילן דײַן נאָמען אויף זילבן. אַרויסברענגען יעדן טראָף עטוואָס צעצויגן, און ס'דאַכט זיך, אַז ווינטן פֿײַפֿן אין די בערג און ס'קײַקלט דער באַרג־טײַך זײַנע וואַסערן, אויף וועלכע מײַן טאַטע האָט אַ לעבן־לאַנג ספּלאָוועס געטריבן.

אויך מײַנע זיידעס און עלטערזיידעס זײַנען געווען פּליטנטרײַבער! דער גורל האָט אָפּן שפּיץ מעסער געשענקט זיי פֿרייד. דערפֿאַר אָבער איז אין זייער לעבן געווען אָן איבערפֿלוס פֿון עלנט און טרויער. אַלע האָבן אָפּגעלעבט זייער צײַט אין שווערער האָרעוואַניע און צומאָל אַוועק פֿון דער וועלט אין פֿרעמדע טאַכריכים.

איך נעם די פֿען אין דער האַנט, אַ בלעטל ווײַס פּאַפּיר. מיר קומט צוהילף די שטילקײַט, וואָס קלײַבט זיך צונויף אין מײַן צימער און ציט אַרויס פֿון דעם זיקאָרן שפּליטערס פֿון אַ ווײַט־פֿאַרגאַנגענער צײַט. שפּליטערס, וועלכע איך פּרוּוו אויסלייגן אין דעם זעלבן סיידער, ווי זיי וואַכן אויף אין זיקאָרן.

## 1. מײַן פֿעטער בערקע

איך פֿאַרמאַך די אויגן, און אָפּן טײַך שווימען פּליטנטרײַבער, שווימען, ווי שאָטנס, באַרג־אַראָפּ. די כוואַליעס בונטעווען, שפּײַען מיט ווײַסן שוים, שלאָגן איבער די הענט, איבערן פּנים, און דער ווינט צעטראָגט איבער די ברעגעס די אָפּקלאַנגען פֿון פּאַשעטע ייִדישע רייד:

— בערקע... עטלעכע קלעצער האָבן זיך אָפּגעריסן און גייען מיט דער ברייט!

און בערקע שפּרינגט אַראָפּ אין די זידנדיקע וואַסערן, ראַנגלט זיך לאַנג און אָקשאָנעסדיק.

מײַן פֿעטער בערקע!

ער האָט געהאַט אַ געשטופּלט פּנים, אַ רויטלעך שיטער בערדל, געווען נידעריק מיט ברייטע שפּיציקע אַקסל, וואָס האָבן שטענדיק זיך אומרויִק געדרייט, ווי ס'וואָלט אים עפּעס געביסן. און מענטשן האָבן פֿאַרגעסן זײַן פֿאַמיליע, אים גערופֿן פּאַשעט — בערקע טשוכאָן. און צומאָל אַפֿילו נאָר — טשוכאָן.

עפּעס פֿון אייביקער גוורע איז געווען אין זײַן פֿעסטער, געטעסעטער פֿיגור. ער איז געווען באַוועגלעך, געשיקט, גלײַך ווי ער וואָלט באַשטאַנען פֿון הוילע פּרוזשינעס. און ווען אַ סאַקאָנע האָט געלויערט, האָט ער אַרומגעטאַנצט אויף די ספּלאָוועס מיט אַזאַ לײַכטקײַט, גלײַך ער וואָלט געשפּילט זיך מיטן טײַך. ניט אומזיסט פֿלעגט מען זאָגן:

— פֿאַר בערקע טשוכאָן האָט אַפֿילו דער טויט מוירע!

הענגט איבערן טײַך אַ נאַקעטער פֿעלדז. ער וואַקסט אַרויס פֿונעם סאַמע אָפּגרונט און איז ווי צונויפֿגעלייגט פֿון גרויסע שטיינערנע פּלאַסטן. אין זײַנע שפּאַלטן בויען פֿייגל זייערע נעסטן, און צופֿוסנס קאָכט און ברויזט דאָס וואַסער, דראָענדיק מיט אומקום פֿאַר יעדן, וואָס פּרוּווט זיך דערנענטערן.

מ'דערציילט, אַז אין גאָר ווײַטע צײַטן האָט מען געפֿאַנגענע הײַדוקן, וואָס האָבן געצינדן פּריצישע הויפֿן, געשמיסן ביז טויט און דערנאָך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון אָט דעם פֿעלדז.

שטייט דער שטיינערנער באַרג, ווי אַ שטורמער איידעס פֿון בלוטיקע עקזעקוציעס.

און עטלעכע שפּאַן ווײַטער בינדן פּליטנטרײַבער אויס זייערע ספּלאָוועס. די אַרבעט איז א שווערע, האַרטע פּויסטן דרייען שטריק און ווערבע־צווײַגן, עגבערן לעכער אין די געהילצן. שוויים קומט אַרויס אַפן שטערן, באַגיסט די לײַבער. צאַרט און דופּטיק שמעקן די פרישע גרינע ווערבע־זאַפּטן און מישן זיך אויס מיטן האַרבן רייעך פון שווייסיקער זויערקײַט. א סאַך פּלייצעס זײַנען באַגאָסן מיט שווייס, און די זון פּאַליעט, די לופט איז טרוקן.

רוט אָפּ א ווײַלע, כאַפּט איבער דעם אָטעם! נאָר ניין! נאָך נידעריקער בייגן זיך רוקנס, נאָך גיכער, פלינקער אַרבעטן צענדליקער הענט.

אַפן פעלדז האָט זיך באַוויזן באַראָן פאָן שטיפט. ער האָט אָפּגעקויפט זייער צײַט, זייערע קויכעס. ער צאָלט גראָשנס פאַרן שווייס פון זייערע לײַבער.

— גיכער, גיכער, דער טאָג שטייט ניט!

אַרבעט מען פון קאַיאָר ביז זון־פאַרגאַנג. מע שלאָפט אַף שטיינערנע ברעגעס און מע וואַרעמט די רוקנס בא צעלייגטע פײַערן.

ער איז שטרענג, באַראָן פאָן שטיפט, ניט גרויזאַם, ווי זײַנע אורעלטערן, נאָר מאָדערן דעספּאָטיש. צומאָל פאַרביסן צוריקגעהאַלטן, און צומאָל אומבאַגרענעצט אָפּריכטיק:

— מענטשן פון נידעריקן שטאַנד דאַרף מען האַלטן אין צוים, אַניט ווערט די געזעלשאַפט פאַרוואַנדלט אין א נעסט פון שלענג, וועלכע קאָנען יעדן אויגנבליק אַרויסלאָזן דעם גיפט.

און מענטשן האָבן מיט א נאַיווע גלויבן פאַרגעבן אים זײַן סינע, און ברעכנדיק זיך אײַנדרײַען, אים אָפּגעגעבן קאָוועד.

אײַנמאָל האָט דער ווינט אַראָפּגעריסן פונעם באַראָנס קאָפּ זײַן גרינעם טיראָלער הוט און אים פאַרטראָגן ביז אין סאַמע מיטן טײַך. בערקע, וועלכער איז געשטאַנען ניט ווײַט, האָט זיך א לאָז געטאָן נאָך אים. מ'האָט געזען, ווי אָנגעשטרענגט ער ראַנגלט זיך מיט די כוואַליעס. א פּאָר מאָל איז ער פאַרשוווּנדן אונטערן וואַסער און ווידער זיך באַוויזן. און ווען ער האָט זיך אומגעקערט א פאַרבלוטיקטער מיטן הוט אין דער האַנט, האָט דער באַראָן אים גוטברודעריש א קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע:

— דאַנקע, מײַן פרוינד!

און דערלאַנגט בערקען א זילבערנעם גולדן. נאָר אין דער זעלבער רעגע אים אַראָפּגעלאָזט א שאַרפן שמיץ איבערן פּאָנעם, ווײַל דער הוט איז געווען באַפלעקט מיט בלוט.

בערקע האָט זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן. פאַמעלעך אָפּגעווישט מיטן נאָסן אַרבל די בלוי־אָנגעלאָפענע באַק, גענומען דעם גולדן צווישן די ציין, ווי ער וואָלט געפּרוּווט אים אײַנבײַסן. דאָס רעכטע מוילווינקל האָט זיך פאַרצויגן אין א זײַט, דאָס בלוט האָט פאַרגאָסן זײַנע שמאָלע מאַנדל־אויגן, און מיט דער גאַנצער קראַפט פון זײַן באַליידיקטער נעשאָמע האָט ער א שלײַדער געטאָן דעם גולדן אין באַראָנס גלאַט־ראַזירטן פאַרצעף. דערנאָך נידעריק זיך פאַרנייגט:

— ניטאָ פאַר וואָס צו דאַנקען, מײַן האַר!

און שטיל, ווי צו זיך אַליין, צוגעגעבן:

— א ביטערער בוים גיט ביטערע פרוכטן...

און זײַנע פאַרקרימטע ליפּן האָבן גיפטיק געשמייכלט.

אין אַנדערע צײַטן וואָלט בערקע עפּשער געלעגן א געבונדענער אַפן דעק פונעם טײַך. איצט אָבער איז ער געשטאַנען פאַרן באַראָן אין א שטאָלצער, ענערגישער פּאָזע, מיט פונקען אין די אויגן. ער איז געשטאַנען באַוועגלאָז, ווי א מאָנומענט. און ווײַל די זון האָט צעוואָרפן איבער דער ערד אירע לעצטע שטראַלן, האָט בערקע אויסגעזען, ווי א טייל פון אָט דעם צאַנקענדיקן זומער־טאָג.

ווער דערמאָנט דען הײַנט דעם יידישן פּליטנטרײַבער? ווער געדענקט עס מײַן פעטער בערקע — בערקע טשוכאָן?

נאָר אָפּט, אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן, דאַכט זיך, ווי אינמיטן טײַך שווימט א גרינער טיראָלער הוט, און טראָפּנס בלוט, ווי רויטע גלײַענדיקע שטערן, שווימען אים נאָך.

## 2. מוידל דער שנײַדער

א קליין שטיבל הינטערן וואַלד מיט א שוואַרצן געלאַטעטן שינדל־דאַך, קויטיקע, אָפּגעשיילטע ווענט און א גלעזערנע טיר פונפאַרנט, וואָס דינט פאַר א פענצטער. שטענדיק, ווען פונעם באַרג יאָגט אָן א ווינטל, דאַכט זיך, אַז אַפן פּוסטן בוידעם ליגט עמעצער באַהאַלטן און וויינט אינדערשטיל.

אין שטיבל הערשט א גרויע טונקלקײַט. די זון דערגייט ניט ווײַטער, ווי ביז צו דער טיר, בא וועלכער ס'זיצט טאָג און נאַכט מוידל דער שנײַדער, און אין דער לויערנדיקער גרויקײַט דרייט זיך אַרום זײַן דאַר אײַנגעשרומפּן ווײַבל, ווי א דרײַצניאָריק קינד, און טראָגט אַלעמאָל אים אונטער א וואַרעם טעפּעלע מילך.

— נאַ, טרינק... און זאָל דיר זײַן צו גוטן!

דאָס גאַנצע געסל ווייסט, אַז בא מוידלען זײַנען די יאָרן געצײַלטע, אַז אָפּט, פאַרנאַכטצו, ברענט א פאַרדעכטיק־ברוינער פלאַם אַף זײַן בלייך, אָפּגעצויגן פּאָנעם, און אין די ליכטיקע, אָפּענע אויגן גליט א הייסער שימער...

אין לאנגע זומערדיקע טעג האָב איך ליב געהאַט שטיין פאַר מוידלס אָפענער טיר און צוקוקן, ווי ער נייט. זײַנע איידעלע פינגער האָבן געפירט די נאָדל מיט אַן אויסגעמאָסטע־נעם ריטם, און אַ זעלטענע געשיקטקייט האָט געשפּילט אין זײַנע באַוועגונגען. ער איז געזעסן בײַ דער אַלטער אָפּגעקראַכענער „זינגער"־מאַשין, געשטעפּט די טײַערע שטאָפן, און עפּעס אַ גרויסער אומעט איז געשטאַנען הינטער זײַן שמאָלער, געבויגענער פּלייצע און אַרויסגעקוקט פון דעם קליינעם, אָרעמען שטיבל.

ער האָט געניייט מיט אַזאַ באַגײַסטערונג, גלײַך ער וואָלט געשאַפן קונסט־ווערק. און ווען אַ שטיקל אַרבעט איז פאַרטיק געוואָרן, ווען ער האָט עס אויסגעפּרעסט, אָנגעניייט קנעפּ, האָט ער געמאַכט אַ שפּאַן אַף צוריק און עס באַטראַכט, ווי אַ קינסטלער באַטראַכט זײַן בילד. דערבײַ האָט דאָס בלייכע פּנים אויפגעלויכטן, און די פאַרטריקנטע ליפּן האָט באַרירט אַ דינער שמייכל.

נאָר וואָס האָב איך דעמלט פאַרשטאַנען אין קונסט? ניט געוווסט אַפילו, אַז זײַנע מאַלבושים טראָגן פּריצים, רײַכע וואַלד־סאָכרים. זיי זײַנען אַנציקט פון דער אַרבעט, און קיינער ווייסט ניט, אַז דער עמעסער באַשעפער איז מוידל דער שנײַדער, אַ היים־אַרבעטער בײַ יענעם, מיט אַ הייסן ברען אין די ליכטיקע אויגן און מיט אַ פאַרדעכטיקן, ברוינעם פלאָם אויפן פּנים...

מיך האָט געצויגן צו אים, ווי אַ הונגעריקן צו ברויט. איך בין אַלץ אָפטער געקומען צו זײַן אָפענער טיר, שאָענווײַז אָפּגעשטאַנען, אַליין ניט ווויסנדיק צוליב וואָס, און ביסלעכווײַז געוואָרן אַ שוטעף צו זײַנע קלוגע און רײַרעוודיקע הענט, צו אַלץ, וואָס זיי האָבן באַשאַפן.

— יינגעלע, ווילסט עפּשער ווערן אַ שנײַדער?

איך האָב פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און ער האָט געקוקט אַף מיר, צוברומענדיק אַ שטיפעריש, פריילעך ניגנדל:

אַ שנײַדער נייט אַ גאַנצע וואָך,
פאַרדינט אַ ראַניש מיט אַ לאָך.

קאָן זײַן, אַז גראַד מוידל דער שנײַדער האָט גוירעם געווען דערצו, אַז איך זאָל אין אַ פּאָר יאָר אַרום אויך זיצן בײַ דער נײַ־מאַשין, און אַפן גאַנצן לעבן אָפּהיטן ליבשאַפט צו שנײַדערײַ.

בײַ דער אַרבעט האָט מוידל שטענדיק געזונגען, גלײַך ער וואָלט אַרײַנגעוועבט אין געניי די צאַרטקייט פון זײַן ווייכער, סאַמעטענער שטים. זײַן געזאַנג — אַ געמיש פון דאַוױנעס מיט פרומער כאַזאָנישער נעגינע, איז געפלאָסן לײַכט איבער דעם נידעריקן שטיבל.

צומאָל האָב איך געהערט בײַ אים לידער, וועלכע איך האָב נאָך דעמלט ניט פאַרשטאַנען, כאָטש מע האָט זיי געזונגען קימאַט אין אַלע וואַרשטאַטן.

אָ, גוטע פרײַנט, ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מײַן קייווער אונדזער פאָן...

אין די יאָמים־נוירואָים האָט ער געדאַוונט מוסעף אין שנײַדערישן שולכל. זײַן לירישער טענאָר איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַרן אָמעד. ס'האָבן זיך געגאָסן רירנדיקע טפילעס, פול מיט ביטאָכן, בענקשאַפט און אײַנגעהאַלטענע טרערן. און ס'איז ניט געווען קיין גלײַכן צו זײַן נעגינע.

ער האָט פאַרמאָגט אַ פול האַרץ מיט געזאַנג!

איינמאָל ערעוו יאָמקיפּער איז פלוצעם ניט געווען, ווער עס זאָל דאַווענען אין שנײַדערישן שולכל. מוידל איז קראַנק געוואָרן. ייִדן אין פאַרגעלטע אָפּגענוצטע טאַלייסים זײַנען געשטאַנען ווי פאַריאָסעמט, און אַף די פּנעמער איז געווען אויסגעקריצט טיפע זאָרג. מיטאַמאָל האָט די טיר זיך אופגעריסן און אין דער מענערישער שול איז אַרײַן מיט אַ יעלאָלע מוידלס ווײַב. זי איז, ווי אַ פאַרכאַלעשטע, צוגעפאַלן צום אָרנקוידעש:

— ייִדן, בעט ראַכמים... מוידל גויסעט!..

זי האָט פאַרשטעלט מיט די הענט די אויגן, ווי בײַ ליכט־בענטשן, און געוויינט אָן טרערן, מיט אַ טרוקענעם גויאָמער.

די גאַנצע שול האָט זיך אַ וויג געטאָן. ייִדן האָבן דערפילט אַ געפענטעטע מאַכטלאָזיקייט, פאַרלוירן און מיט ראַכמאָנעס געקוקט אַפן אײַנגעשרומפּענעם ווײַבל, וואָס איז נאָך קלענער געוואָרן, און נאַקעטע קוילעס פון קרעכצן האָבן זיך איבערגערופן מיט עפּעס אַ יאָמקיפּערדיקן קלאָג־ניגן.

פלוצעם האָט פון דער מיזרעך־וואַנט זיך אָפּגעריסן אַן אַלט כריפּענדיק קאָל:

— ייִדענע, מ'טאָר ניט, ס'איז יאָם־האַקאָדעש!

יאָסל דער קאַלדרעמאַכער, אַ פרומער, עלנטער זאָקן, וואָס האָט אַמאָל אַליין זיך מעפּאַרנעס געווען, און איצט געלעבט פון „טעג", טאַנייסים און מישנײַעס, אַ הויכער ייִד אין אַ ווײַסן קיטל און אין אַ שווערן טאַלעס איבערן קאָפּ, האָט זיך אַרויסגערוקט פון אונטערן שטענדער און געמאַכט אַ שפּאַן פאָרויס. זײַן אויסגעצוואָגענע, פאַרגעלטע באָרד האָט געציטערט, און אין די טריבע אויגן האָבן געפינקלט פאַרטרערטע בליקן. ווער ווייסט, צי

פון אלטקייַט, צי עפּשער. האָט ער געוויינט אַזוי.

צוויי גרויסע ליכט האָבן געברענט פון רעכטס און לינקס. צוויי זייַנע שאָטנס זייַנען אָט לענגער געוואָרן, געטאנצט אָף די ווענט, אָט זיך געקירצט, זיך אַראָפּגעלאָזט צווישן די שטענדערס, גלייַך זיי וואָלטן אין שרעק זיך באהאלטן. ער האָט זיך איינגעהילט אינעם אלטן טאלעס. מיט ביידע טרוקענע הענט זיך אָנגענומען פאר דער אטאָרע, און ניט זייער הויך, נאָר דייַטלעך אויסגערופן:

— ייִדן, זייַט אײדעס. איך, יויסעף בען אוורראָהאָם, גיב אָפּ דעם רעשט פון מייַנע יאָרן...

און אראָפּלאָזנדיק דעם טאלעס איבער די אויגן, גלייַך ער וואָלט מיט דעם זשעסט אָנגעדייַט, אז ער האָט אלץ אָף דער וועלט אָפּגעטאָן, האָט ער ווי צוגעטראָגן צום אָמעד זייַן דארן, הויכן קערפּער, ווי ווייַסע פליגל אויסגעשפּרייט איבערן פּאָרויכעס זייַנע לאנגע דארע הענט, און מיט א געבראָכן קאָל גענומען אויסזינגען דעם דווירעסדיק־אלטן, פייַערלעכן ניגון:

— כל נדרי...

אפן אנדערן טאָג, פונקט צו נילע, איז מוידל דער שנייַדער אויסגעגאנגען. אוועק פון דער וועלט און גאָרנישט ניט איבערגעלאָזט, אחוץ אן אלטע נייי־מאשין, א דאר אייַנגעשרומפּן ווייַבל, וואָס האָט אויסגעזען, ווי א קינד, און הארציקע ניגונים, וועלכע מע האָט נאָך לאנג דערמאָנט סייַ אין שנייַדערישן בעסמעדרעש, סייַ אין די באלמעלאָכישע ווארשטאטן.

ארום האָט זיך פארקליבן א טונקעלער, אומעטיקער אָוונט, גלייַך די גאנצע וועלט וואָלט זיך אָנגעטאָן אין אוולדיקע זעק. טיף אין די סאָסנעס האָט שטיל גערוישט דער ווינט, און מיר האָט זיך געדאכט, ווי ס'פּלאָנטערן זיך אין אים מוידלס צארטע, לירישע טענער:

פייגל פליִען אוועק — נעסטן בלייַבן,
מענטשן שטארבן — לידער בלייַבן...

אפן דאָרעמדיקן הימל האָבן אופגעבליצט עטלעכע שטערן און קאלט געפינקלט...

# א דאָינע

...ניעוואַ!

טרוימעריש רויִק, ווי א דרעמלענדיקע שיינהייַט, טראָגט זי אירע וואסערן, מורמלט אָף איר אייביקער שפּראך, גלייַך זי וואָלט פון שלאָף דערציילט א מייַסעלע פון ווייַטע, ווייַטע צייַטן. און ס'לעשט אין איר טיפקייַט די הארבסטיקע זון, אירע לעצטע בלייכע שטראלן.

אין שכיינעס שטייט דער זומער־פּארק פארטראכט, ווי נאָרוואָס באשאפן. א הארבסטיק ווינטל שטיפט מיטן גאָלד פון די ביימער. פארלעשט די אָנגעגליטע טורעמס פון די סאָבאָרן. און נאָר דער יונגער קליאָן פלאמט נאָך אלץ מיט א העל־רויטן פלאקער.

פון דער טיף פון פּארק דערטראָגן זיך יונגע שטימען, וועלכע ווערן באגלייט מיט די טענער פון א גיטארע.

בא אונדז זייַנען וועלדער, ווי דער הימל בלוי,
און פעלדער אויסגעוועבט פון זייַד...

איך זע ניט, ווער עס זינגט. צוגעשפּארט די פּלייצע צום ווענטל פון דער באנק, ווער איך אינגאנצן פארוואנדלט אין געהער. מיר ווערט ווארעם, גלייַך איך וואָלט דערהערט א פארגעסענעם ניגן, וואָס דרינגט אין מיר סוידעספול אריַין.

ווו קומט זי אהער, די אלטע, זיסע, אומעטיקע ליד? ווער האָט די דאָינע פארטראָגן פון די ווייַטע קארפּאטן צו די ברעגן פון דער ניעוואַ?

איך הער זיך אייַן אין דעם צויבערפולן געזאנג און דערזע דעם קליינשטעטלדיקן מארק מיט אָנגעפּאָרענע פויערישע וועגענער און א קליין, פארויכערט שענקל בא דער זייַט, מיט קויטיקע פאָרהענגלעך, וואָס פלאטערן. און א ביסעלע ווייַטער, בא אן אָפענעם לאָדן, זיצט א שנייַדער־געזעל און זינגט מיט ייִנגלשער שעמעוודיקייַט אויס דעם הייליקסטן סאָד פון ליבע:

ווי א פרעסטל, ווי א פייַער,
האָסט דאָס הארץ מיר אָפּגעבריט...

און פארזונקען אין אייגענע געפילן, קוקט ער צו יענעם שיינעם צווייגאָרנדיקן מויער מיט פאריגלטע טירן און גרויסע, פעסטע פענצטער, וואָס שטייט אנטקעגן.

און אין יענעם מויער, אין די ליכטיקע צימערן, דרייט זיך ארום, ווי א געפאנגענע, די כיינעוודיקע אכצניאָריקע גימנאזיסטקע, וואָס איז געוואקסן אין פריייד, ייִכעס און ווילטיק. נאָר מיטאמאָל האָט א שאלנדיקער רוף, ווי א הייסער ווינט, זיך אריַינגעריסן דורך די פא־

ריגלטע טירן, צעטרייסלט דעם פילדויערעסדיקן יִדישן לעבנסשטייגער... און זי איז אוועק צו די הינטערגעסלעך, צו דער יִדישער אָרעמקייט, דערזען לעבעדיקע מענטשן מיט ווארעמע, קלאַפנדיקע הערצער, וואָס פאר א ווינטן ס'האָבן זי ניט געבראַכט, האָט זי ניט אופגעהערט טראָגן צו באַלמעלאָכעס און פליטנטרײַבער דעם סאָד פון א נײַעם גלויבן...

זינגט דער שנײַדער־געזעל א ליד פון ליבע און בענקשאַפט:

אײביק וועלן מיר גדענקען
דײַן געשטאַלט...

ער איז ניט געווען קיין דיכטער, קיין לידער ניט פאַרפאַסט. ער איז אַראָפגעקומען פון די בערג און מיטגעבראַכט מיט זיך דעם רויש פון פרנעם ווינט און דאָס געזאַנג פון די וועלדער.

נאָר אין די זונטיקן, ווען א פאַרוואָגלטער בעטלער האָט אין שענקל אויסגעזונגען זײַנע דאַינעס און שיקערע פויערים האָבן זיך באַגאָסן מיט טרערן, איז ער געשטאַנען אין א ווינקל, דעם קאָפ פאַרגראָבן אין די אַקסלען אינעם אופגעשטעלטן קעלנערל פון זײַן דאָרפיש אָפגעריבן רעקל, און זיך צוגעהערט צו דעם בעטלערס געזאַנג.

דער בעטלער האָט פאַרצויגן א טרויעריקן ניגן, א שטילן, ווי א זיפץ:

בא אונדז זײַנען וועלדער, ווי דער
הימל, בלוי,
און פעלדער אויסגעוועבט פון זײַד.

די אָפגעקראָכענע קאַטערינקע האָט אונטערגעהאַלטן מיט א יאָמערלעכן ניגן דאָס געזאַנג, און שיקערע קוילעס האָבן זיך געבעטן:

— פאַי, באַטקאָ, פאַי!

האָט דער בעטלער, ווי צעקנעפלט זײַן נעשאָמע. זײַן הייזעריקלעכע שטים האָט לײַכט געציטערט, גלײַך עמעצער אַנדערש האָט פון אים אַרויסגעזונגען.

און אין יעדער שטוב לידער א יאָם,
און אין יעדן ליד צאַר און לייד...

און געווען איז אין זײַן זינגען עפעס אַזוינס, וואָס האָט געכאַפט פאַרן האַרצן, פאַרפלייצט די נעשאָמע מיט בענקשאַפט.

זײַן שטים האָט וויברירט מיט א טרויעריקן ציטער. דער גרויער צעשויבערטער קאָפ איז, ווי פאַרכאַלעשט, אַראָפגעהאַנגען אָף זײַן נאַקעטער, האָריקער ברוסט. און אָף זײַן שטעכיקן, באַוואַקסן פּאָנעם איז געלעגן אויסגעגאָסן א יאָמערדיקער אומעט.

א גלײַענדיקער פונק האָט געבריט דאָס האַרץ פונעם שנײַדער־יִינגל, און ער האָט זשעדנע געהערט מיט א פאַרכאַפטן אָטעם.

דער בעטלער האָט אָפגעזונגען דעם לעצטן קופלעט און מיט זײַן ברייטער בײַנערדיקער האַנט פאַרדעקט די סטרונעס, גלײַך ער וואָלט מיטאַמאָל דערשטיקט די קלאַנגען.

שפעט באַנאַכט, ווען אַרום איז אַלץ געווען פאַרזונקען אין שלאָף און אַפילע די בערג האָבן אין שטילקײַט געדרעמלט, איז דאָס שנײַדער־יִינגל געזעסן בא זיך אין אַלקערל, אַרײַבערגעבויגן איבער א העפטל, און פאַרשריבן אַלץ, וואָס ער האָט פאַרן טאָג געהערט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז עס זינגט נאָך אַלץ דער בעטלער די טרויעריקע דאַינעס. זינגט פאַר אים אַליין.

און ווערטער, ווי ווײַסע שטעך, האָבן שורעסווײַז זיך אויסגעלייגט אָפן דינעם פליספאַפיר.

אַזוי האָט ער געשריבן, ביז דאָס ליכטל האָט אויסגעברענט. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום אײַנציקן קליינעם פענצטערל, דורך א שפעלטל געזען א טייל פון דעם געסל, איבער וועלכן ס'זײַנען געלעגן באַוועגלאָזע, געהויקערטע שאָטנס. און נאָך האָט ער געזען, ווי א שוואַרצער שאָטן שטייט פונווײַטן דער גרויסער שײַנער מויער. ער האָט געזוכט א באַלויכטענעם פענצטער, פון וועלכן ס'האָט צומאָל זיך געזיפט א גרינלעך־מאַטע שײַן, און אים האָט מיטאַמאָל זיך אויסגעוויזן, ווי ער קוקט אַרײַן אין עפעס א ליכטיק־ווײַטער אומענדלעכקײַט.

אין די לעצטע שאָען פון דער נאַכט איז ער צוגעפאַלן א מידער צום האַרטן געלעגער און באַלד אײַנגעשלאָפן מיט א פעסטן, יונגן שלאָף.

ווײגט א ליד זיך איבערן זומער־פאַרק. קלינגט פרײַ און ליכטיק, און די קלאַנגען זײַנען העל און הייס, ווי די שטראַלן פון דער דאָרעם־זון.

איך הער זיך אײַן אין דעם זינגען, און מיר דאַכט זיך, ווי די דאַינע פילט אָן דעם גאַנצן פאַרק מיט יונגן פרילינג, מיטן רויש פון ווינטן און מיטן געזאַנג פון וועלדער.

און ס'טראָגט די ניעווע פאַרבײַ אירע וואַסערן, גלײַך זי וואָלט זיך אויך אײַנגעהערט אין דעם ניגן פון די ווײַטע קאַרפאַטן, וואָס בעטלער האָבן אויסגעזונגען אומעטיק און טרויעריק, און א שנײַדער־יִינגל האָט אין די נעכט דעם טרויער פאַרשריבן.





ריווקע רובין

# דאָס פערד און די שטיוול

דעם טאַטנס קאָפּ האָט געגרייכט ביז דער מיט פונעם אָפענעם פענצטער. מײַן קאָפּ האָט געגרייכט קוים ביזן דרויסנדיקן בלעכענעם בײַשטידל, פון וועלכן ס׳האָבן פויל אַראָפּגעקאַפּעט זעלטענע רעגן־טראָפּנס. מיר זײַנעןביידע געשטאַנען אין הויף, בײַ דער וואַנט פון אונדזער שטוב און געוואַרט. אויף וואָס? איך האָב געוווּסט, אויף וואָס עס וואַרט דער טאַטע: אויף א נעס. מײַן טאַטע האָט קעסיידער געוואַרט אויף ניסים.

אין דרויסן איז א מעכײַעדיקער וועטער. די אָנהייב־האַרבסטיקע זון האָט פאַרגעסן, אויף וועלכער וועלט זי איז. פּונקט, ווי מיר וואָלטן געהאַלטן אין רעכטן זומער, האָט זי זיך דורכגעלייגט א וועג צווישן די וואָלקנס און מיט דער זעלבסטזיכערקײַט פון א בלוט־יוגנט, וואָס שפּיגלט זיך אין דער אייגענער שיינקײַט, באַזעצט זיך אויפן הימל. איך שטיי מיטן טאַטן בײַ דער וואַנט פון אונדזער שטוב, די זון שײַנט, און מיר וואַרטן. דער טאַטע וואַרט, און איך אויך. אויף א נעס וואַרטן מיר. וואַקסט פּלוצלינג אויס אַנטקעגן אונדז א פערד. א לעבעדיק פערד. עס שטרעקט אויס צום טאַטן א לאַנגן דאַרן האַלדז פון צווישן צוויי לאַנגע פלעקערער און קוקט אים אָן מיט א גרויס שוואַרץ אויג.

ניט איך, ניט דער טאַטע האָבן ניט באַמערקט, ווי־אַזוי דאָס פערד איז אַרײַן אינעם אָפענעם טויער און, שלעפּנדיק דעם פּוסטן וואָגן איבער דער נאַסער, פונעם רעגן צוגעפּלעטש־

טער ערד, געבליבן שטיין אנטקעגן אונדז. מיר האָבן שוויַיגנדיק געקוקט אַפֿן פֿערד, דאָס פֿערד האָט שטיל געקוקט אַף אונדז.

— באַלעבאָ־עס, ס׳איז אַ פֿערד — אַ גאַלד. קויפֿטס עס בא מיר.

אַ פּאַרשוין מיט לאַנגע הענט, לאַנגע פֿיס, מיט אַ לאַנגער צורע האָט אַף אַ מעשונעדיק לאַשן, קיַיענדיק די ווערטער, געפּילדערט, אַז נאָר אַ „כוסעדייע״ וועט ניט איַינגיין אַף זיַין מעקער, אַז ער גיט אָפּ דאָס פֿערד קימאַט בעכינעם, „פּאַ גונישט״, וויַיל ער האָט ניט „קאַ העמד אַפּן לאַב״. דער פּאַרשוין האָט אונטערגעהויבן און גליַיך אַראָפּגעלאָזט אַ פֿאַלע פֿון זיַין מאָדנע הוילעך — אַ שינעל, ניט קיין שינעל — מיט אַזאַ האַסט, אַז מיר האָבן קיין זאַך ניט באַוויזן צו דערזען. דערפֿאַר אָבער די מוירעדיק גרויסע שיך מיט די צעטראַסקעטע טעמפּע נעזער, אַף וועלכע ער האָט געטיַיט מיט אַ פֿינגער, אַ לאַנגן, ווי אַ דראָנג („אַ נאַקעטער, אַ בורוועסער״), האָבן מיר יאָ דערזען. בעקיצער, דער פּאַרשוין האָט געגוואַלדעוועט אַזוי לאַנג, ביז דער טאַטע האָט אים אָפּגעגעבן אַ פּאָר ניַיִנקע כראָמעווע שטיול, צוויי שוואַרצע קוי־מענס איינס אין איינס, הויכע און ברייטע. אַזוי האָט דער טאַטע זיך צעשיידט מיטן לעצטן זייכער פֿון זיַין אַמאָליקער פֿרידלעכער מעלאָכע. דער פּאַרשוין איז באַלד שטיל געוואָרן. מיט צוויי עקן פֿון אַ שטריק האָט ער אַרומגעכאַפּט די כאַליעוועס פֿון די שטיול, ווי אַ קאַ־ראָמיסלע אַריבערגעוואָרפֿן די שטריק איבערן רעכטן אַקסל, אַ שפּריַיז געטאָן מיט די לאַנגע פֿיס און... ניטאָ. דאַכט זיך, אַזאַ קענטלעכער פּאַרשוין, און גאָרניט. באַלד אויסגעדעמפּט געוואָרן פֿון זיקאָרן. ווי ער וואָלט אַליין אין ערגעץ אָפּגעטראָגן זיַינע לאַנגע הענט און פֿיס, זיַין לאַנגע צורע אַף מער קיינמאָל זיי ניט צו וויַיזן אונדז. אויסער די שפּורן, וואָס זיַינע שיך מיט די צעטראַסקעטע נעזער האָבן אָפּגעשטעמפּלט אַפּן נאַסן זאַמד, איז פֿון אים גאָרנישט ניט פֿאַרבליבן, ווי ניט געוועז.

גיי וויס...

דער טאַטע האָט אויסגעשפּאַנט דאָס פֿערד און אויסגעשאָטן פֿאַר דעם אַף דער ערד אַ בערגל טרוכליאַווע שטרוי פֿון אַ סעניק, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַלגערט בא אונדז אַפֿן בוידעם. דאָס פֿערד איז געווען אַ ווילס, ניט קיין איבערקליַיבער. עס האָט אַ שמעק געטאָן דאָס איבערביַיסן, פֿאַרהויבן צום טאַטן די כיינעוודיקע לאַנגע מאָרדע און אַ וויַילע טרויעריק אים אָנגעקוקט, ווי געפֿרעגט: „קיין בעסערס האָסטו ניט?״ ניט דערוואַרטנדיק זיך אַף אַן ענטפֿער, האָט עס אַראָפּגעלאָזט דעם אויסגעדאַרטן האַלדז, ווי אַ הענטל פֿון אַ פּלומפּ, צו דער נידער און גענומען פֿאַנאַנדערשליַידערן דאָס ביסל שטרוי. וויַיזט אויס, געפּרוווט זיך אַליין דערקוני־דיקן, צי איז ניט פֿאַרבאַהאַלטן אין דער מאַסע מיט פֿון דער קופּע מיסט דאָס באַטאַמטע היַי־פּעלע היי, נאָך וועלכן עס האָט געלעכצט זיַין נעשאָמע. אָן אָפּגעגאַרטס אין זיַינע האָפֿענונגען, האָט עס קיין שום אומצופֿרידנקיַיט ניט אַרויסגעוויזן. עס האָט באַדאַכט גענומען פֿירן מיט דער מאָרדע איבער דער ערד, איַינגעשלונגען וווּ נאָר אַ שטרויעלע, ווי מיט אַ גוטן בעזעם אויסגעקערט אונטערן פֿענצטער.

דער טאַטע האָט האָפֿערדיק אַ גלעט געטאָן דאָס פֿערד איבערן רוקן:

— מאַרגן, גוטערברודער, לאָזן מיר זיך אין דאָרף אַריַין נאָך בולבעס. דאָרטן וועסטו אויך איבערכאַפּן דאָס האַרץ.

באַלד מיר האָבן אַן אייגן פֿערד, פֿאַלט איַין מיַין מאַמען, מיר זאָלן זיך קוידעמקאָל אַריַינ־כאַפּן אין איר געבורטס־שטעטל. ראַקאָוו איז דאָך נאָענט צו דער גרענעץ, און מע טריַיבט פֿון דאָרטן די ייִדן, דאַרף מען קומען צוהילף הינדע דער קלוגער. וואָס טויג איר די כאַכמע, אַז זי איז, נעבעך, אַ וויסטע אַגונע מיט צוויי קינדער אַף די הענט. אין דאָרף, זאָגט די מאַמע, וועלן זיי פֿאַרפֿאָרן צוריקוועגס, זי האָפֿט, אַז עס וועט איר געראָטן אויסביַיטן עפּעס פֿון די שטוב־זאַכן אַף אַ זעקל מעל. דעם טאַטן האָט זי אַזאַ איניען אַלציינס ניט געקאָנט פֿאַרטרויען. אַ פֿערד האָט ער טאַקע איַינגעהאַנדלט ניט שלעכט, אָבער דאָרטן, אין דאָרף, וועלן די סאָל־דאַטקעס אים „באַלד פֿירן אין באָד אַריַין״. דער טאַטע איז מאַסקים, נאָר דאָס קינד, זאָגט ער (דאָס מיינט ער מיך), וועט ער אין אַזאַ ציַיט אין שטאָט ניט איבערלאָזן. בליַיבט, אַז מיר לאָזן זיך אין וועג זאַלבעדריט.

דער פֿרימאָרגן איז אַ לויטערער. איין ראַנד פֿון הימל אין דער וויַיט נעמט זיך רויטלען. דאָס שפּילט מיט אונדז אין באַהעלטעניש די זון. ניט רעכט אויסגעשלאָפֿן, וויג איך זיך אַפֿן וואָגן, הער זיך צו צום שטילן סקריפּען פֿון די רעדער און קוק אַפֿן טאַטנס פּליִיצע, ווי זיכער ער האַלט עס די לייצעס אין די הענט, פּונקט ווי ער וואָלט גאָר פֿון קיין אַנדער מעלאָכע ניט געוווּסט, פֿון דאָר דוירעס אַ באַלעגאָלע.

איך בין פּונקט דער הייפֿעך צו מיַין מאַמען. זי גליַיבט וויַיניק־וואָס אין מיַין טאַטנס אויפֿטוען. כאָטש גערעכט איז דאָסראָוו די מאַמע, בין איך אין האַרצן אַלציינס אַפֿן טאַטנס

צאַד. הײַנט אָבער איז גאָר א באַזונדערער טאָג. מיר זיצן זאַלבעדריט אפן אייגענעם וואָגן און עס פירט אונדז דאָס אייגענע פערדל. און ניט סטאַם אַזוי פאָרן מיר, נאָך בולבעס. ניין, מיר פאָרן, קעדיי צו באַהילפיק זײַן מײַן מאַמעס כאַוורטע הינדע דער קלוגער מיט אירע צוויי טעכטערלעך. דער מאַמען וועט הײַנט ניט אײַנפאַלן מיט ביטל א מאַך צו טאָן מיט דער האַנט: „אפן הימל א יאַריד". הײַנט איז א טאָג פון האַצלאָכע. איך בין אין דעם זיכער פונקט אַזוי, ווי איך בין זיכער, אַז פון דער ווײַטער רויטקײַט אפן הימל וועט סאַפּקאַלסאָף זיך אויספּיקן א גאָלדן אייעלע.

מיר פאָרן דורך איין גאַס, א צווייטע. בא אונדזער פערד, וואָס אין הויף האָט עס זיך געפּירט אַזוי באַדאַכט און סטאַטעטשנע, באַווײַזן זיך אומגעריכט פּאַסטעמקעס פון א נאַראַ־וויסט פּריציש פערדל. דער טאַטע וויל, עס זאָל גיין אינמיטן דער גאַס. מאַכט עס זיך ניט ווויסנדיק און ציט אפּצולאָכעס דעם וואָגן נאָר אף לינקס. דאָס מאַכט אָבער ניט אויס. אבי מיר פאָרן.

דער וועג פון דער שטאָט ארויס ציט זיך עפּעס מאָדנע לאַנג. מיר פאָרן, די רעדער סקריפּען, נאָר דער שטעטך, וועלכן מיר נעמען אײַן, איז ווי א פּרוזשינע. אָט, דאַכט זיך, ציט איר זי פאַנאַנדער, מיטאַמאָל גיט איין עק אירער א שפּרונג ארויס פון אײַערע פאַנאַנ־דערגענומענע הענט, און זי ווערט ווידער א פּיצל, ווי געווען.

און דאָך האָבן מיר זיך דערקליבן צום עק פון דער שטאָט. צו אונדז האָט זיך דערטראָגן א ראַש. פון אָנהייב א ווײַטער און ניט דײַטלעכער, נאָר מיט יעדער רעגע איז ער אַלץ מער אָנגעוואַקסן. מיטאַמאָל האָבן אף אונדז א לאָז געטאָן זיך פערד. פערדישע קעפּ, פערדי־שע מאָרדעס, פערדישע העלדזער... ווי די גאַנצע ערד וואָלט באַווינט געווען בלויז פון פערד. און קיין איינס פון זיי שפּאַנט ניט באַנאַנד מיט אונדזערן. זיי גייען גלײַך אף אונדז, שפּאַרן אנטקעגן מיט אָנגעצילטע שטעקענער — האָלאָבליעס, גרייטע אונדז דורכצוּ זײַן. און א הירזשערײַ, א טראַסקערײַ פון רעדער, און עפּעס א קרעכצעניש, א געוויין... איך זע זיך ארום, אַז מענטשן פעלן אויך ניט אפן וועג — סײַ אף וועגענער זיצנדיקע, סײַ רײַטנדיקע, סײַ פוסגייער. נאָר אויך די מענטשן טראָגן זיך אנטקעגן. ניט באַנאַנד מיט אונדז, נאָר אף אונדז.

דעם טאַטן, ווײַזט אויס, ווילט זיך ניט שיידן מיטן נעס, וואָס איז מיט אים געשען מיט א קנאַפּן מעסלעס צוריק. אף טעלעכע רעגעס נאָר בלײַבט ער זיצן אָפּהענטיק אפן וואָגן. דערנאָך כאַפּט ער זיך ווידער פאַר די לייצעס, באַמיט זיך צו פירן דאָס פערד בא דער רעכ־טער זײַט פונעם וואָגן, נאָר יענץ רײַסט זיך אַלץ אף לינקס, אין דער סאַמע געדיכטעניש.

— רעבּ ייִד, וואָס קריכט איר פּאָפּערעק מיט אײַער בלינד פערדל? מע וועט דאָ אײַך באַלד אויסוועלגערן מיט די רעדער, ווי א בלאַט לאָקשן. וואַרפט אַוועק די נעווילע.

אין דער בעהאָלע האָבן מיר אפילע ניט דערזען דעם מענטשן, וואָס האָט אונדז געצייצעט שיידן זיך מיטן פערד.

— ווו־עס? — האָט זיך אָנגערופן אן אנדער קאָל. — בלינד? עס זעט פאַר א מײַל מיט איין אויג אויך.

פונקט ווי ער וואָלט זיי געפּירט נאָך זיך, מיט א קאָפּ העכער פון אַלעמען, האָט פון דער מאַכנע בעזשענצעס אָפּגעטיילט זיך יענער, מיט די לאַנגע הענט, מיט די לאַנגע פיס, מיט דער לאַנגער צורע, וואָס האָט נעכטן אויסגעביטן באַם טאַטן זײַן פערד אף א פּאָר שטיוול. ער כאַפּט אָן דאָס פערד באַם צוים. אָט, זאָגט ער, קערעוועט ער אויס דעם דישל אף צוריק און מיר „פורן אין שטוט אראָן, ווי די פריצים".

דאָס פערד האָט זיך אים אײַנגעגעבן אויסצוקערעווען צוריק צום אַרײַנפאָר אין שטאָט, דער וואָגן אָבער האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אן אנדער וואָגן. וואָס איז געווען מיט יענעם וואָגן, ווייס איך ניט, ווײַל אין דער זעלבער רעגע האָט עס אונדז אַלעמען זאַלבעדריט ארײַנ־געשלײַדערט אין א ריוו בא דער רעכטער זײַט פונעם וועג. אונדז האָט גאָרנישט ניט געשאַט. דער ריוו איז געווען ניט קיין טיפער. גוטע מענטשן האָבן צוגעהאָלפן, און מיר זײַנען בעשאָ־לעם פון אים ארויסגעקראָכן. דאָ ערשט האָבן מיר זיך ארומגעזען, אַז אפן דעק פון ריוו ליגט גאָר דער געוועזענער באַלעבאָס פון אונדזער פערד. אף א זײַט ליגט ער, און זײַן לאַנגע צורע איז צוגעדריקט צום פערדס אויסגעדאַרטן האַלדז. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך אפן פערד מער ראַכמאָנעס געהאַט, ווי אפן מענטשן. דער מענטש איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, און ס'האָט אויסגעזען, ווי ער שלאָפט. דאָס גרויסע שוואַרצע אויג פונעם פערד האָט געוואַכט און שטום עפּעס געמאָנט. איך האָב זיך געפילט אנטקעגן דעם שולדיק.

דער לאַנגער פאַרשוין האָט פּלוצעם און מיטאַמאָל זיך אויסגעשוכעט, געבליבן זיצן אף דער ערד. א שמאָל ריטשקעלע בלוט האָט אראָפּגערונען פון זײַן קאָפּ איבערן שטערן און, ווי ניט בעקויעך בײַצוקומען אַזא לאַנגע שטרעקע, ווי זײַן צורע, פאַרלאָרן נאָך עטלעכע

טראָפּנס און פאַרהאַלטן זיך אף דער שפּיץ נאָז. מאָדנע, האַגאַם ס׳האָט אויסגעזען, אַז ער נייטיקט זיך אין הילף מער פון אונדז אַלעמען, האָט אים קיין איינער פון די מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען דערבײַ, ניט אויסגעצויגן אַ האַנט. עמעס, ער אַליין האָט אין זייער זײַט ניט געקוקט. פון די באַהעלטענישן פון זײַן מעשונעדיקן הוילעך האָט ער אַרויסגעצויגן אַ פּעקל מאַרליע און אַרומגעוויקלט דעם קאָפּ אף דעם מאַניר פון אַ טערקישער הויב. פּונקט אַזאַ הויב האָב איך געזען אָנגעמאָלט באַ מײַנער אַ כאַווערטע אין אַ מײַסע־ביכל און באַקרוינט האָט זי דעם קאָפּ פון אַזאַ איינעם, וואָס מע האָט אים גערופן „פּאַשאַ״.

— איך בין אַ גראַניעטער סאָלדאַט, — האָט דער פאַרשוין אַרויסגעזאָגט מיט אַן אומדער־וואַרט שלאַבעריק קאָל. — עס שפּאַלט זיך מיר דער מויעך. קימטס אין שטוט אַראָן.

מײַן טאַטע האָט אים ווי ניט געהערט. ער איז ניט אָפּגעטראָטן פון עם ריוו. עטלעכע פּאָר הענט האָבן אים געהאָלפן צו באַפרײַען דאָס פערד פון עם שפּאַן. ווען מע האָט אָבער גע־פּרווט, שוין אַן אויסגעשפּאַנטס, אַרויסשלעפּן עס פון עם ריוו, האָט עס צעצויגן, מיט אַ קלאָג זיך צעהירזשעט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס קען זיך ניט שטעלן אף די פאָדערשטע פּיס. זיי זײַנען געווען איבערגעבראָכן. דאַן האָבן מיר זיך געלאָזט גיין, און דאָס פערד האָט אונדז טרויעריק נאָכגעקוקט מיטן גרויסן שוואַרצן אויג.

דער ערשטער האָט געשפּאַנט מיט זײַנע לאַנגע פּיס דער „גראַניעטער סאָלדאַט״ אין דער טערקישער הויב אפן קאָפּ. מיר זײַנען אים שווײַגנדיק נאָכגעגאַנגען, ביז ער האָט אונדז צוגעפירט צו אונדזער שטוב. ער איז אַרײַן אין איר דער ערשטער. מיט איין שפּאַן איז ער אַדורך דאָס פּירהויז, מיט אַ זיכערער האַנט, ווי ער וואָלט דאָ אַ לעבן אָפּגעלעבט, אָנגעדריקט אף דער קליאַמקע פון דער קיך־טיר, מײַסע באַלעבאָס אַריבערגעטראָטן די שוועל און דאָ ערשט אָן קויעך צוגעשפּאַרט זיך מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט. די מאַמע און מײַן שוועסטער ריסל האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים מיסטאַמע אונטערצוהאַלטן, ער זאָל ניט פאַלן. מיר האָט זיך אָבער אויסגעוויזן, אַז ניט זיי האַלטן אונטער אים, נאָר פאַר־קערט, ווי צוויי פּעק, האָט ער זיי ביידן אַרונטערגענומען אונטער זײַנע אָרעמס און אַוועקגע־שלעפּט אין דער שוועסטערס אַלקערל. און דאָ, די פּעק אַרויסגעלאָזט פון אונטער די אָרעמס, אַוועקגעוואַלגערט זיך אף ריסלס בעט. די גאַנצע צײַט, וואָס ער האָט באַ אונדז פאַרבראַכט, אַ היפּשע צײַט, איז די שוועסטער געשלאָפן מיט מיר אף מײַן געלעגער.

ווי ס׳וואָלט געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך, האָט די זאָרג פאַרן „גראַניעטן סאָלדאַט״ פון דער ערשטער רעגע גענומען אף זיך ריסל. דאָקטוירים האָט זי צו אים ניט אַראָפּגעבראַכט, קיין רע־פּועס ניט אײַנגעגעבן. ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעצויגן אפן געלעגער, צעשפּאַרנדיק מיטן ווײַסן טערקישן הויב דעם צוקאָפּנס, אַזוי, אַז די ווייכע קישן איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּלעצל, און מיט די פּיס — דאָס ווענטל פון עם צופוסנס, האָט ריסל אַרײַנגעלייגט אין קעשענע אַ שערל, אַ שטיקל וואַטע, אַ פלעשעלע יאָד. מיטן דאָזיקן קלאָפּערגעצײַג און אַ שיסל וואַ־סער אין די הענט איז זי אַרײַן צו דעם כוילע, אין איר אייגענעם אַלקערל, וואָס איז שוין געווען ניט אירס, נאָר זײַנס. ווען זי איז מיט דער שיסל אַרויס צוריק, האָבן זיך אף דער אויבערפלאַך פון עם וואַסער געוויגט קלעפּיקע ברוינע קנײַלעכלעך, אין וועלכע ס׳איז שווער געווען צו דערקענען דעם כוילעס האָר, ווײַל געווען זײַנען זיי באַ אים פעך־שוואַרצע.

עטלעכע טעג איז ער געלעגן שטיל, בלויז טיילמאָל געבעטן אַ טרונק. מיר אַלע, אונטער ריסלס האַשגאָכע, האָבן אים געהיילט מיטן איינציקן מיטל, וואָס איז געווען אין אונדזער רעשוס — מיר האָבן אָפּגעהיט זײַן רו, געזעסן באַ זײַן בעט טאָג און נאַכט, ער זאָל, כאָלילע, ניט אַ ריר טאָן מיט קיין אייווער. „אַ מענטש האָט זיך עס אָנגעזען אף דער מילכאָמע, — האָט אים באַדויערט ריסל, — באַ אים זײַנען צעטרייסלט געוואָרן די געהירן״.

אַלפּי־סייכל האָט ריסל געזאָלט זײַן דער איינציקער מענטש, וואָס האָט געגלייבט, אַז דער כוילע איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אף דער מילכאָמע. זי האָט דאָך אים צום ערשטן מאָל דערזען שוין אין דער טערקישער הויב אפן קאָפּ. בייסן נעס אינעם אָנבליק פון אַ פערד, אף וועלכן עס האָט זיך דערוואַרט דער טאַטע, איז זי אין דער היים ניט געווען. אף מאָרגן, ווען אין שטוב איז אַרײַן אַ מענטש מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, עטלעכע טעג געלעגן אָן לאָשן און דערנאָך ערשט אין פיבער גענומען טײַנען, אַז ניט קיין היגער איז ער, פון קאַליש איז ער, און ער וויל ניט, מע זאָל אים טרײַבן אף מילכאָמע, ווײַל ער איז אַ „גראַניעטער סאָלדאַט״, האָט מען דעם מענטשן געמוזט גלייבן. די גאַנצע צײַט פון זײַן קרענק איז אין שטוב קיין איין מאָל ניט דערמאָנט געוואָרן יענץ פערד, וועלכן ס׳איז געוויס באַשערט געווען צו שיידן זיך מיטן לעבן אפן דעק פון אַ ריוו באַם וועג. ס׳איז אויך ניט דערמאָנט געוואָרן דער ריוו גופע, אין וועלכן דער געוועזענער באַלעבאָס פון עם פערד, צי איז דער לאַנגער אײַנדערעמעסן געווען דער באַלעבאָס, איז שווער צו זאָגן, האָט באַקומען דעם קלאַפּ מיט אַ

האָלאָבליע איבערן קאָפּ. פארקערט, ביסלעכווײַז, מיר האָבן זיך ניט ארומגעזען וויאזוי, האָבן מיר אלע גענומען גלייבן, אז ער איז א פארוווּנדעטער סאָלדאט.

זײַן געזונט האָט זיך גענומען פארבעסערן. ער האָט אָנגעהויבן ריידן. דאפקע א סאך און אלץ אינדערשטיל. און אלץ מיט ריסלען. מיר האָט זיך זייער געוואָלט וויסן, צוליב וואָס זיצט מיט אים ריסל שאָענלאנג אין איר געוועזענעם אלקערל. די געהירן זײַנען דאָך שוין בא אים ניט געווען „צעטרייסלט", און וועגן וואָס ריידן זיי עס אזויפיל, נאָר צו מיר איז קיינמאָל קיין וואָרט ניט דערגאנגען. דערגאנגען איז צו מיר, אז די מאמע וואָלט דאפקע גערן פּאָטער געוואָרן פונעם „געראניעטן סולדאט".

איך האָב אליין געהערט, ווי די מאמע האָט געזאָגט דעם טאטן:

— א נײַע אָנשיקעניש, אזש פון קאליש, האָסט ווען געהערט וועגן אזא שטאָט? ער האָט דאָרטן מיסטאמע איבערגעלאָזט א ווײַב מיט קינדער, אין זײַן קאליש. ער איז דאָך ניט קיין ייִנגעלע.

— נו, איז וואָס? — האָט געענטפערט דער טאטע. — אז ער איז פון קאליש, און אז ער האָט א ווײַב מיט קינדער, איז אָף אים ניט קיין ראכמאָנעס?

— נעם די אויגן אין די הענט. ביסט פונקט, ווי דײַן בלינד פערד, קריכסט אין גרוב ארײַן.

— הער אוף, — האָט גאָרניט ווי זײַן שטייגער איז אָנגעבייזערט זיך דער טאטע. — ריסל איז א באָרדאס.

מאָדנע רייד. איך האָב דערפילט עפּעס בייזס אין דער לופט. ווען מײַן טאטע העכערט די שטים, ווייס איך, אז אין עפּעס איז ער ניט זיכער. איך קען ניט פארשטיין, איבער וועמען האָבן זיך צעקריגט מײַן טאטע מיט דער מאמען. איבער דעם „געראניעטן סולדאט", וועלכן איך האָב פײַנט פונקט אזוי, ווי די מאמע, פארוואָס האָב איך אליין ניט געוווּסט. צי איבער ריסלען? וואָס איז דאָ שײַעך ריסל?

ריסל איז געווען דער איינציקער נעס, אָף וועלכן מײַן טאטע האָט אין זײַן לעבן זיך בעעמעס דערוואָרט. ווען איך בין אלט געווען אכט יאָר, איז ריסל, מער ווי אין צוויי מאָל עלטער פון מיר, קיין האָר ניט געווען גרעסער פון מיר אין וווּקס. די מאמע האָט זיך אויסגעגעסן דאָס הארץ, וואָס דאפקע די ייִנגלעך זײַנען ענלעך אָף איר, אָף דער מאמען, ציִען זיך אין דער הייך, אז ס'איז א מעכײַע צו קוקן. און ריסל, אזא שיין קינד, א פּאָנעם, ווי בא א ליאלקע, וויל ניט וואקסן. די מאמע פלעגט אָפּשפּאָרן ווו א גראָשן און אלץ פירן ריסלען צום דאָקטער פּאָזניאק, געבעטן בא אים ראכמים, ער זאָל איר אויסהעלפן אין איר נויט.
דער דאָקטער פּאָזניאק איז געווען זייער א גוטער דאָקטער און א גאָלדענער מענטש. נאָר דאָ האָט ער גאָרנישט ניט געקאָנט אופּטאָן. אומזיסט איז געווען דער מאמעס שפּאָרן געלט, ער האָט עס בא איר ניט גענומען. זאָל דאָס קינד טרינקען פיש־טראָן — דאָס איז געווען זײַן איינציקע אייצע. איז די מאמע איינמאָל ארויס מיט אן אָנצוהערעניש, אז אן אָרעמאן וויל קיינער ניט העלפן. האָט איר דער דאָקטער געענטפערט אָן קיין שום אָנצוהערענישן, אז ווען דאָס קינד זאָל זײַן ראָטשילדס, וואָלט ער עס געשיקט אין די ווארעם־בעדער, און צו אים האָט זי ניט מער וואָס צו גיין. ער איז ניט קיין זנאכער. אויב אזוי, איז בא דער מאמען געבליבן, געוויינלעך, בישטיקע פון דעם טאטן, טאקע אוועקפירן ריסלען צו א זנאכערקע. בא אונדז אין שטאָט איז געווען איינע אזא, סטעפאנידע, וועגן וועלכער מע האָט גערעדט, ווי, לעהאַוודל, וועגן א רעבן — א באל־מויפעס. סטעפאנידע האָט געגעבן ריסלען א ברוין וואסערל צום טרינקען. ריסל, שוין א דערוואקסן מיידל, נאָר ניט קיין אויסגעוואקסן, האָט געהאלטן דאָס וואסערל צווישן דעם וועש אינעם אונטערשטן שופלאָד פון קאָמאָד, וווּהין דער טאטע האָט קיינמאָל ניט ארײַנגעקוקט. נאָכן אראָפּשלינגען עטלעכע טראָפּנס פונעם וואסערל, פלעגט ריסל אָף א ווײַלע בלײַבן שטיין מיטן פלעשל און מיט דעם טיי־לעפעלע אין די הענט, ווי זי זאָל ווארטן, אז אָט באלד נעמט זי וואקסן. דער טאם פונעם וואסערל איז מיר געווען באקאנט. איך האָב זיך איינמאָל ניט אײַנגעהאלטן און פארזוכט עס. ס'איז געווען געשמאַק. ווי שאבעסדיקע זיסע ציקאָריע. ריסל האָט אזוי לאנג געטרונקען דאָס וואַסערל, ביז דער טאטע האָט אין איינעם א פרימאָרגן זי געכאפּט בא דער האנט. דאָס פלעשל מיטן וואסערל האָט געפונען זײַן אייביקע רו אָפן סמיטניק אין הויף. און פלוצעם, אן ערעך אין א יאָר ארום נאָך דער מײַסע מיטן וואסערל, האָבן אלע אין שטוב און אין גאס זיך ארומגעזען, אז ריסל וואַקסט. פריִער פון אלעמען האָט זי מיך אריבערגעוואקסן, דערנאָך גענומען דעריאָגן מײַנע ברידער: דעם ייִנגערן האָט זי גאָר גיך אריבערגעוואקסן, נאָר ווען זי האָט זיך דערקליבן אויך צו דעם עלטערן, איז שוין ניט געווען מיט וועמען צו מעסטן זיך. ביידע מײַנע ברידער זײַנען אוועק אָף דער מילכאָמע. דעם דאָקטער פּאָזניאקס פיש־טראָן איז פונקט, ווי דער זנאכערקעס ברוין וואסערל, קיינעם ניט געלעגן אין קאָפּ. ווו נאָר א



צאַרע האָבן דער טאַטע מיט דער מאַמען שוין איצט פאַרלאָזן זיך נאָר אויף דער שטאַלטנער און פלינקער ריסל, וואָס קיין סייכל האָט איר אויך ניט געפעלט. און דאָ זע איך, אַז די מאַמע איז מיט איר ניט צופרידן, און דער טאַטע מאַכט נאָר דעם אָנשטעל, אַז אַלץ גייט קעשורע. אינדערעמעסן איז ער צערודערט ניט ווייניקער פון דער מאַמען.

אין שטוב בא אונדז איז, ביטער. דער טאַטע זיצט אָן אַרבעט. „ניטאָ קיין לעדער", האַלט ער אין איין פאַרענטפערן זיך, צעפּירנדיק די הענט, פונקט ווי ער וואָלט דאָ געווען אין עפּעס שולדיק. פון די ברידערלעך האָבן אופגעהערט אָנצוקומען יעדיעס. וווהין האָט עס זיי פאַרטראָגן, צי זײַנען זיי כאָטש געזונט, — מיר ווייסן גאָרניט. אויך אין דרויסן טוט זיך כווישעך. אומזיסט איז געווען אַזוי טאַקיף בא זיך די אָנהייב־האַרבסטיקע זון. א שנײַדנדיקער ווינט האָט איינס און צוויי אַראָפּגעבלאָזן זי פונעם הימל און פאַרצויגן איבער דער שטאָט אַ כמאַרע, אָן אָנגעלאָגלטע מיט וואַסערן. עס האָט פון איר געכליופּעט און געכליופּעט. אָט דאַן האָבן עס אָנגעהויבן אין די פרימאָרגנס צונויפזאַמלען זיך שכיינים פון עטלעכע הויפן מיט אײַזערנע רידלען אויף די אַקסלען. זיי פלעגן זיך לאָזן אויסער דער שטאָט און מיט דער־פראָרענע אומגעשיקטע הענט איבערגראָבן די ערד אין די אַרומיקע פעלדער, עפּשער האָט זיך ווו פאַרוואַלגערט אַ בולבע, אַ בוריעק, אַ מער.

גיין טאָג נאָך טאָג אין פעלד האָט בא קיינעם קיין קויעך ניט געסטײַעט. פלעגן איין טאָג זיך לאָזן אין וועג דער טאַטע מיט דער מאַמען און אַ צווייטן טאָג — ריסל. זי פלעגט געווייינלעך אַרײַנברענגען אין שטוב קימאַט אין צוויי מאָל מער, ווי זיי ביידע, ווײַל געווען איז זי יונג און געזונט, געאַרבעט גיך, מיט פלײַס, און פון איר שאַרף אויג האָט קיין איין בולבע זיך ניט געקענט אויסבאַהאַלטן אין דער עטלעכע מאָל איבערגעגראָבענער ערד. אומ־קערן פלעגט זי זיך פון פעלד אַ פאַרוויטלטע און מיט אַ פאַרבאָרגענער פרייד אין אַלע גלידער. אָן אַ סימען פון מידקײַט פלעגט זי אונטערלייגן עטלעכע שפּענדלעך אונטערן דרײַפוס, צעבלאָזן אַ פײַער און אוועקשטעלן קאָכן איר געפאַנג. דאָס פאַרטיקע עסן פלעגט זי צעגיסן

אין די טעלער דאָ אפן אָרט, אין קיך, און דערלאַנגען צום טיש דעם טאַטן, דער מאַמען און מיר. דערנאָך פלעגט זי צווײ היפּשע קאַלכעפּל אַרײַנגיסן אין א לײמען שיסעלע, אַרופוואַרפן אף די אַקסלען איר גרויע וואָלענע פּאַטשײלע, ווי אף צו אַײַנהילן און פאַרבאַהאַלטן פון אונדזערע הונגעריקע בליקן דאָס שיסעלע, און דורכשמוגלען זיך מיט דעם אין אַלקערל צום „גערעניעטן סאָלדאַט". באַלד אַרויסגײן, אָנגיסן זיך דאָס רעשט פונעם געקעכטס אין א טעלער און ערשט דאַן צוזעצן זיך צו אונדז באַם טיש.

אין אײנעם אָן אָוונט האָט די מאַמע געזאָגט, אַז ס'איז ניטאָ מער צוליב וואָס צו שלעפּן זיך אין פעלד. מאָרגן אינדערפרי וועלן מיר נאָך צוגײן און א סאָף. איך האָב זיך אַײַנגע־בעטן, מע זאָל אויך מיך מיטנעמען. איך בין שוין א גרויסע. איך קען אויך באַהילפיק זײַן דער שטוב.

— ס'וואָלט געווען גלײַכער „דער סאָלדאַט" זאָל אַמאָל נעמען די לאָפּעטע אין האַנט, — זאָגט אינדערשטיל די מאַמע.

— מעשוגע מײַנע סאָנים, — ענטפערט דער טאַטע, — עס פעלט נאָר, די גאַנצע שטאָט זאָל זיך וועגן אים דערוויסן.

— און אַז דו האַלטסט אין שטוב אַזאַ צאַצע?.. וואַרט נאָר, ער וועט אונדז אַלעמען אַרונ־טערפירן אונטער דער טליִע. אַלץ קעדײַ...

— און דיר גײט אין לעבן, ער זאָל זיך שלאָגן פאַר ניקאָלקען. יענער האָט עס באַ אים קאָשער פאַרדינט. זײַן טאַטן מיט דער מאַמען מיסטאָמע פאַריאָגט ערגעץ אין אויסרײַסעניש.

— זײַן טאַטן מיט דער מאַמען... זאָג בעסער, זײַן ווײַב מיט די קינדער, און ער וויל פון זײ ניט הערן, ניט געדענקען. צי א טאַטע מיט א מאַמען, צי א ווײַב מיט קינדער, ער האָט געפּרוווט זײ זוכן? אַבי די אײגענע פעל ראַטעווען.

— מאַך זיך ניט קײן שוווער האַרץ. אָט באַלד פירט מען דיך אונטער דער טליִע... — זאָגט אַרויס דער טאַטע מיט כויזעק. ער דערפילט אָבער אַלײן, אַז קײן כויזעק האָט זיך ניט באַקומען, פאַרבײַסט ער די אונטערשטע ליפּ און ווערט אַנשוויגן.

— וואַרט, וואַרט, ער וועט נאָך אונדז באַצאָלן, ווי מיר האָבן פאַרדינט. א מענטש זאָל זיך ניט שעמען באַ א קינד דעם לעצטן ביסן פון מויל אַרויסצורײַסן, אַלײן וועט ער א האַנט אין קאַלט וואַסער ניט אַרײַנטאָן אף אויסצוהעלפן יענעם, זאָלסט וויסן זײַן, א נעמער איז ניט קײן געבער. ריסל, — האָט די מאַמע אויסגערופן אף א קאָל, — די גאַנצע גײט אויס. ס'וועט ניט סטײַען אף אינדערפרי. — און צו מיר: — מאַרש אין בעט אַרײַן!

ריסל קומט אַרויס פון דעם „סאָלדאַטס" אַלקערל און גיט א בלאָז אף דער שײַן. זי טוט זיך שנעל אויס אין דער פינצטער און לײגט זיך באַנאַנד מיט מיר אף מײַן שמאָל אײַזערן בעטל.

איך ליג פאַרטײַעט, מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. ווידער פיל איך עפּעס בײזס אין דער לופט... איך פיל, איך ווײס, אַז גערעדט האָבן דער טאַטע מיט דער מאַמען ניט וועגן דעם, וועגן וואָס זײ האָבן גערעדט. מאָדנע פאַרשטעלט... דאָס איז צוליב מיר, איך זאָל ניט פאַר־שטײן... די דערוואַקסענע טוען קעסײדער אַזוי, ווען זײ ווילן עפּעס אויסבאַהאַלטן פון די קינדער. נאָר דאָ, ווײ מיר דוכט, באַהאַלטן זײ אויס אײנער פונעם אַנדערן עפּעס אַזוינס, וואָס עס ווילט זיך ניט אַרויסזאָגן אף א קאָל. עפּעס פאַרשטעלן זײ פון זיך אַלײן. און דאָס פאַרשטעלטע האָט א שײַכעס צו ריסלען...

מײַנע ווערטער, אַז איך בין שוין א גרויסע און איך קען אויך באַהילפיק זײַן דער מיש־פּאָכע, האָבן, ווײַזט אויס, אויסגעזען באַ דער מאַמען גאָר ניט אַזוי קרום, ס'איז דאָך נאָר אײן מאָל, דאָס לעצטע מאָל... ווען זי האָט מיך אופגעוועקט, האָב איך געמײנט, ס'איז נאָך נאַכט. איך האָב זיך אָבער שנעל געמאַכט גרײט אין וועג אַרײַן.

דער טאַטע האָט קוים מיט צאָרעס געעפנט די טיר, אף וועלכער ס'האָט פון דרויסן זיך אַרופגעוואַלגערט דער ווינט. מיר לאָזן זיך גײן אינעם פאַרטאָגיקן כוישעך.

— נישקאָשע פון א ווינט, — זאָגט די מאַמע, — קײנמאָל ניט געקרענקט!

— אַבי ניט קײן רעגן! — דערמונטערט זי דער טאַטע.

אַלס ענטפער אפן טאַטנס מונטערקײַט גיט מיטאַמאָל א פליוכע פון אויבן. אײן רעגע איז גענוג, מיר זאָלן דורכגעווײקט ווערן פון קאָפּ ביז די פיס. און ווײַטער גאָרניט. קײן רעגן גײט ניט... עס גײט בלויז א שפּיל צווישן דעם ווינט און דעם פאַרוואָלקנטן הימל. דער ווינט רײַסט פון אים שטיקער, איז דער וואָלקן זיך נויקעם און גיט יעדעס מאָל א גאָס אף אונד־זערע קעפּ א פולן עמער וואַסער. די שפּיל גײט אָן מיט קלײנע האַפּסאָקעס דעם גאַנצן וועג, ביז אויסער דער שטאָט.

די מאַמע הײסט מיר גײן פונהינטן. זי באַמיט זיך שיצן מיך פון דער קעלט. ס'איז אָבער אַזוי פינצטער, און די טריט זײַנען באַ מיר דריבנע... האָב איך מוירע אָפּצושטײן. מיר

איז דאָ גאָרניט לאַנג געוואָרן צען יאָר, איך האָב זיך מיט דעם געגרייסט, נאָר איצט פאַרשטיי איך, אַז איך בין נאָך גאָר א קליינע. איך האָב זייער מוירע אָפּצושטיין כאָטש אויף א טראָט פון דעם טאַטן און דער מאַמען. אָט, ווען איך וועל אויסוואַקסן אַזאַ, ווי ריסל, וועל איך פאַר גאָרנישט ניט מוירע האָבן. איך נעם צונויף די לעצטע קויכעס און לויף נאָך די צוויי, אין די קריזשעס איבערגעבראָכענע, שאָטנס, וועלכע שטויסן אַקשאָנעסדיק מיט די אָנגעבויגענע קעפּ דעם ווינט.

ניטאָ מער קיין הײַזער באַ ביידע זײַטן פון דער גאַס. מיר זײַנען אַרויס אין פרײַען פעלד. דער ווינט, ווי דערפרייט פון אונדזער שוצלאָזיקייט, וואַרפט זיך אויף אונדז מיט א ווילדער רעציכצע. די מאַמע שטעלט זיך אָפּ און גיט מיך א דריי אויס מיטן פּאָנעם צו דער שטאָט.

— לויף אַהיים! — זאָגט זי אַרויס מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם.

אַהיים... אין דער היים איז גוט, אין דער היים איז וואַרעם. און דאָ, אין פעלד, איך קען ניט זאָגן, אַז ס'איז מיר קאַלט... איך בין דאָך דעם גאַנצן וועג געלאָפן. רינען באַ מיר איבערן רוקן, אונטערן אָנטאָן, אַזוי פיל איך, ריטשקעלעך שוויס. נאָר פון די אַקסלען ביז צו די עלנבויגנס נעמט מיך דורך א מוירעדיקע קעלט. אין די שפּיץ פינגער, אונטער די נעגל שטעכט, ווי מיט נאָדלען. און דער ווינט... ער פּאַטשט מיך איבערן פּאָנעם, איך זאָל זיך ניט דערוועגן א טראָט צו שטעלן, אַהיים זאָל איך גיין, אַהיים. די מאַמע איז מיט אים פּאַריינס, זי טרײַבט מיך אויך אַהיים.

— און איר? — פרעג איך, כאָטש איך ווייס פּאָרויס, אַז מײַן פרעגן איז אומזיסט. דער טאַטע מיט דער מאַמען וועלן ווײַטער מיט איבערגעבראָכענע קריזשעס גיין אַנטקעגן דעם ווינט, אַקשאָנעסדיק אָפּשטויסנדיק אים פון זיך מיט די אײַנגעבויגענע קעפּ. — מאַמע, קומט אַלע אַהיים!

— גיי, זאָג איך דיר, — האָט אָנגעשריִען אויף מיר די מאַמע. — צוריק וועסטו דערלויפן גיך. דער ווינט וועט דיר בלאָזן אין פּלייצע.

איך בין דערלאָפן גיך. דער ווינט האָט ניט נאָר געבלאָזן אין פּלייצע, נאָר געשטורכעט מיך, געיאָגט זיך נאָך מיר און איך האָב זיך געפּלײַסט פון אים צו אַנטלויפן.

אַן אָטעם בין איך אַרײַנגעפלויגן אין פירהויז, מיט האַסט אַן עפן געטאָן די טיר פון קיך. באַ דעם פּיצל שײַן פונעם נאַפט-לעמפּל איז פאַר מײַנע אויגן אופגעקומען א נאַקעט לײַב, א לאַנגס און א ביינערדיקס. און מאָדנע גראָד איז עס געווען, אַן קליבעס, ווי עמעצער וואָלט עס מיט א הובל אַרומגעטעסעט. דער נאַקעטער איז געשטאַנען איבער א שיסל, פון וועלכער ס'האָט געשלאָגן א פּאַרע, און מיט אַזאַ האַנאָע געזייפט זיך אונטער די פּאַכוועס, אַז ער האָט ניט געהערט, ווי איך בין אַרײַן אין קיך. און איך, א דערשיטערטע, ווי כ'וואָלט דערזען פאַר זיך א רוצח, האָב שטיל פאַרמאַכט די טיר, צוריק אַרויס אין פירהויז. איך האָב אויסגעטאָן די נאַסע שיך און געבליבן שטיין אויף עפּעס א שמאַטע, וואָס איך האָב דערטאַפּט אינדערפינצטער. קאַלטע טראָפּנס האָבן אַראָפּגערונען פון מײַנע אויסגעווייקטע בגאָדים אויף די נאַקעטע פיס.

א היפּשע ווײַלע איז אַדורך, ביז איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און ווידער שטיל געעפנט די קיך-טיר, א קליין שפּאַרונקעלע. מיט דער פּלייצע צו מיר איז געשטאַנען מײַן שוועסטער אינעם געראַמען גראַנאַטענעם קלייד, ווי אום שאַבעס. אויף די אַקסלען איז באַ איר געווען אַרופגעוואָרפן איר גרויסע פּאַטשיילע, ווי דאַן, ווען זי פלעגט, פאַרשעמט פון אונדזערע הונגעריקע בליקן, פאַרהילן מיט זײַנע עקן דאָס שיסעלע געקעכטס פאַרן סאָלדאַט. דער סאָלדאַט אַליין, אָנגעטאָן אין זײַן מעשונעדיקן הוילעך, איצט שוין א זויבערן און אויסגעפּרעסטן, איז געשטאַנען איבער איר אײַנגעבויגן און געקוקט מיט זײַן מויל אירע ליפּן. די שוועסטער האָט מיט ביידע הענט אונטערגעהאַלטן די פּאַטשיילע באַם האַלדז, ווי זי וואָלט אין איר געזוכט א שוץ פאַר זיך. די הענט פונעם סאָלדאַט זײַנען געווען אונטער דער פּאַטשיילע. איך האָב בוילעט געזען זייער שאַרן זיך איבער דער שוועסטערס פּלייצע.

ריסל האָט באַלד דערפילט, אַז אין קיך איז דאָ נאָך עמעצער, אויסער זיי צווייען, זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון דעם סאָלדאַטס אָרעמס און, א צעשויבערטע, מיט אופגעלאָפּענע ליפּן, א וואָרף געטאָן זיך צו מיר. איר פּאָנעם, וואָס האָט פאַרלאָרן אַלע שטריכן, א דורכויסיקער רויטער פלעק, ווי רוי פלייש, האָט מיר איצט אויסגעזען מאָדנע מיִעס. איך האָב עס ניט געוואָלט אָנקוקן. איך בין געשטאַנען אַנטקעגן מײַן עלטערער שוועסטער א באָרוועסע, אין נאַסע בגאָדים, א דערפּראָרענע, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

די שוועסטער האָט צעמישט עפּעס גערעדט:

— זעסט... דער פעטער איז שוין געזונט... דאָס האָבן מיר זיך געפרייט... ס'איז גאָרניט, לייעלע...

— גונישט, גונישט, — האָט באַשטעטיקט דער סאָלדאַט.

מיר זײַנען געבליבן מיט ריסלען אַליין אין קיך. אין אַ ווײַלע אַרום בין איך געשטאַנען אין אַ שיסל וואַרעם וואַסער, און ריסלס ווייכע הענט האָבן מיך געלאַשטשעט, אַרומגעוואַשן פון קאָפּ ביז די פיס. דערנאָך האָט זי מיך אָנגעטאָן אין ריין טרוקן וועש, אַ ריין קליידל און ערשט אײַנגעקוטעט אין איר גרויער וואָלענער פאַטשיילע, די עקן פאַרנומען אױף אַהינטער און פאַרבונדן אױף דער פּלייצע.

איך בין אַ דערוואַרעמטע געזעסן אױף דער ברייטער הילצערנער באַנק אין קיך, די פיס אין דעם טאַטנס וואָלענע שקאַרפּעטקעס אַרונטערגענומען אונטער זיך. עס האָט מיך געשלעפערט. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן האָב איך נאָכגעקוקט ריסלען, וועלכע האָט מיט דער זייפיקער וואַסער געוואַשן דעם ניט געפאַרבטן דיל. אונטער אירע פלינקע הענט זײַנען די ברעטער געוואָרן ווײַס, פונקט ווי דער טיש, אױף וועלכן מיר האָבן געגעסן. מיר איז געווען גוט און וואַרעם, און איך האָב זייער ליב געהאַט מײַן עלטערע שוועסטער ריסל, וואָס אַלץ, צו וואָס זי נעמט זיך, קומט בײַ איר אַרויס אַזוי געראָטן און שיין. איך האָב געקוקט און געקוקט אױף איר מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ביז איך בין אײַנגעשלאָפן.

אופגעכאַפּט האָב איך זיך אױף דער זעלבער באַנק. איך בין נאָך אַלץ געווען אײַנגעקוטעט אין דער שוועסטערס פאַטשיילע, נאָר דער קאָפּ מײַנער איז געווען אונטערגעשפּאַרט מיט אַ קישן. ווי פון דער ווײַט האָט זיך צו מיר דערטראָגן דער מאַמעס קאָל. זי האָט מיט היספּײַלעס דערציילט, ווי־אַזוי איר מיטן טאַטן האָט הײַנט אָפּגעגליקט. בײַ אַ צוויי וויאָרסט סאַכאַקל פון דער שטאָט האָבן זיי אָנגעטראָפן אױף עפּעס אַ פאַרלאָזטן גאָרטן. אַ פולן זאַק מיט בולבעס אָנגעגראָבן. קוים דערשלעפּט. און ריסלס קאָל האָב איך דערהערט, אַ קאָל, פול מיט פרייד — מאָרגן פאַרטאָג וועט זי זיך לאָזן אױפן גאָרטן אויסגראָבן דאָס רעשט. זי וועט אויך ברענגען אַ פולן זאַק.

— אויסגעשלאָפן זיך, לייעלע? — ריסל האָט אַ שמייכל געטאָן צו מיר און דערלאַנגט אַ טעלער הייסע בולבעס אין פעלצלעך.

איך האָב שוין אויסגעצויגן די האַנט צו דעם טעלער, ווען צו מיר האָט זיך דערטראָגן נאָך אַ קאָל. אַ קאָל, וואָס איך האָב פײַנט געהאַט. איך האָב אופגעציטערט. כ'האָב ווידער דערזען פאַר זיך צוויי צונויפגעגאָסענע מײַלער און די מיִעס שאַרנדיקע האַנט הינטערן עק פון ריסלס פאַטשיילע.

— מאַמע, פאַרוואָס עסט הײַנט דער... פעטער מיט אונדז אין קיך? ער האָט דאָך זײַן אַלקערל... — אומגעריכט פאַר זיך האָב איך זיך פּלוצעם צעוויינט אױף אַ קאָל.

מײַן שוועסטערס פּאָנעם האָט זיך אָנגעצונדן מיט אַ העלישן פײַער. די מאַמע האָט גענומען טאַפּן מיך באַם שטערן:

— ניין, קיין היץ, דוכט זיך, ניטאָ.

און דער טאַטע:

— ניט באַדאַרפט שלעפּן זי מיט זיך.

און ווידער יענץ פרעמד קאָל, וואָס געהערט צו דעם נאַקעטן מענער־לײַב, דעם ביינער־דיקן, דעם גראָדן, מיט די אַרומגעטעסעטע קליבעס. דאָס קאָל שנײַדט מיך באַם האַרצן. אין דעם איז פאַרבאָרגן עפּעס געהיימס. און דאָס געהיימע האָט אַ שײַכעס צו ריסלען, צו מײַן עלטערער שוועסטער.

ווי ס'וואָלט דאָ ערשט באַם טיש גאָרניט געשען, האָט דער „גערוניעטער סולדאַט" ניט אופגעהערט מיט געשמאַק צו קײַען די בולבעס און ניט געשמאַק קײַען די ווערטער. שטיוול, האָט ער דערוויזן דעם טאַטן, זײַנען איצט מיט גאָלד גלײַך, איז פאַרוואָס זאָל ער אומזיסט עסן אונדזער ברויט? ער האָט מיט וואָס צו באַצאָלן. אַ קלייניקײַט, נײַ־נקע שטיוול, קיין איין מאָל ניט אָנגעטאָן. מע קען פאַר דעם אָנשיטן אַ פולע קאַמער מיט גרויפּן און מעל. „נעמטק מײַנע שטיוול און בײַט זיי אויס!"

אױף מאָרגן האָב איך זיך אופגעכאַפּט שפּעט. דאָס ערשטע, וואָס עס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן, ווען איך בין אַרײַן אין קיך, איז געווען די טיר פון ריסלס אַלקערל. זי איז געשטאַנען אָפן, און אין אַלקערל גופא, דאָס האָב איך גלײַך דערזען, איז קיינער ניט געווען. דער טאַטע מיט דער מאַמען,ביידע מיט מאָדנע פאַרשוואַרצטע פּנעמער, זײַנען אָן קיין שום טועכץ געזעסן אױף דער ברייטער הילצערנער באַנק און געשוויגן. אױף מיר האָבן זיי קיין אַכט ניט געלייגט. קיין אומרויִקע בליקן, צי האָב איך זיך, כאָלילע, נעכטן ניט צוגעקילט, האָב איך אױף זיך ניט דערפילט. די מאַמע האָט זיך ניט אופגעהויבן פון אָרט, ניט צוגעגאַנגען צום פּריפּעטשעק אָנוואַרעמען פאַר מיר אױפן דרײַפוס אַ גלעזל וואַרעמס, איך זאָל עס אויס־טרינקען, אַ פאַרזיסט מיט אַ גרײַפּעלע סאַכאַרין.

— א קויל זאָל אים טרעפן, און טאַקע אַף אַן עמעס, — האָט פּלוצלינג אויפגעפלאַצט די מאַמע, — א קלוגע קויל, זי זאָל האָבן סייכל צו טרעפן אים גלײַך אין קאָפּ אַרײַן, האַלעווײַ, ריבוינעשעלוילעם! פאַר אונדזער בלוט...

— ס'איז דאַפקע גוט אַזוי... נעם זיך ניט צום האַרצן, — האָט זי געטרייסט דער טאַטע. — פּאַטער געוואָרן פון א צאַרע... ווען באַם קייסער זאָלן אַלע סאָלדאַטן זײַן אַזעלכע...

— טשעפּע זיך אָפּ פון די קייסאָרים, — האָט אים איבערגעשלאָגן די מאַמע. — זיי וועלן שוין אַליין ווי־ניט־איז צווישן זיך אויסקומען. אָט, דו מיט מיר, זעסטו, מיר האָבן שוין די מילכאָמע אוואדע פאַרשפּילט...

ריסל האָט זיך אומגעקערט פון גאָרטן שפּעט אין אָוונט. א פאַרויטלטע, מיט שײַנענדיקע אויגן, האָט זי זיך ווייך א נייג געטאָן און אַראָפּגעלאָזט פון דער פּלייצע אַפן דיל דעם שווערן זאַק. און דאַן ערשט האָט זי באַמערקט די אָפענע טיר, פון וועלכער ס'האָט שוין געווייעט מיט פּוסטקײַט. זי האָט אָפּגעשטעלט דעם בליק אַפן טאַטנס פּאָנעם, דערנאָך אַרי־בערגעפירט אים אַף דער מאַמעס.

— דער סטראַזשניק געווען דאָ? — האָבן קימאַט אָן א קלאַנג אויסגעהויכט אירע ליפּן, — מע האָט אים צוגענומען?

— האַלעווײַ וואָלט מען אים שוין בעסער צוגענומען, — האָט ווידער אויפגעפלאַצט די מאַמע.

— ניין, טאָכטער, — האָט שטיל געזאָגט דער טאַטע, — ווען מיר זײַנען אויפגעשטאַנען, האָבן מיר אים שוין ניט געטראָפן. נעלעם געוואָרן... אויס...

ריסל איז שווײַגנדיק אַרײַן אין אַלקערל. אין א ווײַלע אַרום האָבן מיר זי דערזען מיט א פּאָר שווערע שיך מיט צעטראַסקעטע טעמפּע נעזער אין ביידע הענט... זי האָט מיט א ריס געעפנט די טיר פון קיך, דערנאָך פון פּירהויז און ווײַט אַוועקגעשלײַדערט די שיך, דאָס איינציקע, וואָס עס איז פאַרבליבן פון יענעם מיט די לאַנגע הענט, לאַנגע פיס, מיט דער לאַנגער צורע, בא וועלכן דער טאַטע האָט אַזוי געראָטן אויסגעביטן א פּאָר נײַנקע שטיוול אַף א בלינד פערד. ניט קיין אַרומגעוואַשענע, א הונגעריקע האָט ריסל פאַרשפּאַרט זיך אין אַלקערל. אַף יענער זײַט פון איר פאַרמאַכטער טיר האָט קוים־קוים צו דערהערן, יאָסעמדיק א קלונג געטאָן דאָס אַראָפּגעלאָזטע קייטעלע.

איך האָב א צי געטאָן דעם טאַטן פאַר אַן אַרבל:

— טאַטע, און וווּ זײַנען די שטיוול? ער האָט דאָך געזאָגט, זאָלסט אויסבײַטן, ס'איז דאָך אונדזערע...

די מאַמע האָט בייז אַף מיר א קוק געטאָן און צוגעלייגט א פינגער צו די ליפּן:

— ש־ש־ש... — און אַליין ניט אויסגעהאַלטן, א שעפּטשע געטאָן: — בא אים אַף די פיס, זאָלן זיי אים אָפּדאַרן, — א ווײַלע אָפּגעשוויגן און ווידער: — איבער די שטיוול טאַקע מיס־טאַמע אַנטלאָפן. ער ווייסט דאָך, אַז קיין הויפן מעל וועסטו שוין אַפן דעק פון א זאַק בא אונדז ניט אויסשקראַבען. נעכטן אַרויסגעכאַפּט זיך מיט א וואָרט, איז ער הײַנט אַוועק זוכן אַנדערע נאַראָנים...

— און עפּשער איז ער דאָרט, בא זיך, געווען א מענטש... — האָט פאַרטראַכט געזאָגט דער טאַטע.

די מאַמע האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. אויפגעשטאַנען, א בלאָז געטאָן אינעם גלעזל פונעם נאַפט־לעמפּל. נאָר שלאָפן זײַנען מיר אַלצייַנס ניט געגאַנגען. מיר זײַנען לאַנג געזעסן אינדערפינצטער, דער טאַטע, די מאַ־מע און איך. דער טאַטע האָט מיך אַרומגענומען מיט איין האַנט, און איך האָב זיך צוגעטוליעט צו זײַן אַקסל. מיר האָט זיך זייער געוואָלט, אַז אויך ריסל זאָל דאָ זיצן מיט אונדז צוזאַמען. נאָר פון ריסלס אַלקערל האָט זיך קיין מינדסטער שאָרך ניט דערטראָגן. זײַנען מיר געזעסן און דערטראָגן. זײַנען מיר געזעסן און גע־וואַרט. אַף וואָס? דער טאַטע האָט גע־וויס געוואַרט אַף א נעס, און איך בין שוין אויך גרייט געווען צו גלייבן, אַז דער נעס וועט געשען. אוואדע וועט ער געשען. אַזוי קען ניט זײַן...



# איציק בראַנפמאַן

## אַף אַלע וועגן

### דאָס גוטע וואָרט

אויב ס'האָט דעם פריינט געטראָפן לייד און ווי,
דו שענק אים א גוט וואָרט — די טײַערסטע רעפוע.
דאָס גוטע וואָרט דאַרף זיבער זײַן, ווי שניי,
און ערלעך קלינגען דאַרף עס, ווי א שוווע.

דאָס גוטע וואָרט דאַרף זײַן מיט טרייסט באַטאַמט,
ביז אָפּגרונט פונעם האַרצן דאַרף עס רעגן.
עס דאַרף א פלייץ טאָן, ווי די קוואַליע פונעם יאַם,
מיט מוט און האָפענונג פאַרגיסן אַלע ברעגן...

און אויב מיט גוטן וואָרט נאָך עמעץ פעלשט,
און אויב עס איז ניט עמעסדיק, ניט ציכטיק,
איז ער ניט ווערט דעם גרויסן נאָמען — מענטש,
אַף גוטן וואָרט ער זאָל זיך גאָרניט ריכטן.

### ראַמאַשקעס

פון באַמבע־אופרײַסן האָט זיך די ערד געוויגט,
אינעם פײַער זײַנען מענטשן אומגעקומען.
ס'האָט אויך אַף מיר שוין אָנגעצילט זײַן בליק —
דער טויט מיט אויגן קרומע.

און דאָ — ראַמאַשקעס... נעבן מײַן טראַנשיי.
באַ נאָמענלאָזער הויכקייט זײַנען זיי געוואַקסן,
ווי מיר, געליטן האָבן זיי פון גרויל און ווײ
און אויסגעשטאַנען אַלע פײַערדיקע שלאַקסן.

מיט לעכצנדיקע ליפעלעך געשעפּטשעט און געצאַנקט,
נאָר פון שטאַרבן ניט געוואָלט זיי האָבן וויסן.
און דאָ איז פּלוצלינג מיר געקומען א געדאַנק:
די ראַמאַשקעס, די ראַמאַשקעס דאַרף מען דאָך באַגיסן!

— לעם אײַך, יעסוימעלעך, אַליין דער קריג ווערט שטום,
ניין, אײַך פאַרטיליקן עס טאָר ניט קיינער וואגן...
איידן בלימעלע געגעבן כ'האָב א טרונק
א טראָפּן לעבן פון מײַן זעלנערישער פליאַגע.

עס איז שוין ווײַט אָט יענער גרויליק־שווערער טאָג,
נאָר מײַן זיקאָרן האָט פאַרהיט מיר די דערמאָנונג.
די פרוי מײַנע — וואָס האָט זי הײַנט מיר אָנגעזאָגט?
„באַגיסן זאָלסטו די וואַזאָנעס"!..

## אווטאָגראַפֿן

אף אלע וועגן פונעם פּראַנט, ווי שטערן אָן א צאָל,
געלויכטן האָבן די אווטאָגראַפֿן פון אונדזערע סאָלדאַטן
אף הײַזער פון באפרײַטע שטעט געשײַנט זיי האָבן שטאָלץ,
אף פּלויטן, אין זעמליאַנקעס, אף האַרמאַטן...

כ'האָב אויך, געדענק איך, אינעם פערציק פינפטן יאָר,
אין א פּראַגער סקווער געשטעלט מײַן כסימע.
מײַן אווטאָגראַף אויסגעקריצט כ'האָב דײַטלעך, קלאָר
אף א קאַשטאַנען־בוים א פרילינגדיקן, גרינעם.

זינט דאַן עס זײַנען שוין יאָרצענדליקער פאַרבײַ,
פון דעמלט אָן מיר שײַנט די זון פון פרידן
נאָר ס'טרעפט, אז מײַן אווטאָגראַף שרײַב איך סײַוויסײַ,
שוין ניט אףביימער, נאָר אין מײַנע לידער...

# מאקס ריזאַנט

## אינעם אופגאַנג פריִען

### א שניי אין די קאַרפּאַטן

פאַרקישעפט באַם צופּוסנס־באַרג איך שטיי
און קוק פאַרגאַפט, ווי לופטיק פאַלט א שניי
פון ערגעץ הויך, פון סאַמע אויבנאָן,
אף קרוינען פון די ביימער טוט ער אָן
א פינקלענדיקע פוכיק־ווײַסע הוט,
און ווייך ארום א צאַרטע שטילקײַט רוט,
פאַרציט אין דרעמל די קאַרפּאַטן־בערג...

און פּלוצעם, דוכט, א ניגן איך דערהער, —
וואָס זאָל עס זײַן? נו, גיי אזוינס פאַרשטיי:
ווו נעמט זיך גאָר א ניגן אין א שניי?

צי פאַר די שנייעלעך די הייך איז קאַרג
און מיט א קלאַנג זיי טאַנצן אָפּ פון באַרג,
צי עפּעס האָט דער וווּנדער־ניגן גייט
פון וואַלד, וואָס מיטן שניי האָט זיך דערפרייט,
צי מיך די בערג באַגריסן אף א קאָל,
ווײַל כ'בין בא זיי א גאַסט צום ערשטן מאָל...

פאַרקישעפט אין קאַרפּאַטן־קאַנט איך שטיי
און קוק פאַרגאַפט, ווי ס'פאַלט און ס'פאַלט דער שניי...

# אין דערוואַרטונג

איך פארשטיי אליין ניט —
כ׳ווארט אף עפעס שטארק:
דוכט זיך, כ׳האָב ניט ווייניק,
נאָר ס׳איז אלץ מיר קארג.

ווען די פרילינג־ווינטן
שיטן אַף דעם צוויט,
דוכט זיך, אז דער ווינטער
שטייט שוין אינדערמיט.

אינעם אופגאנג פריִען
גלעט די זון מיך צארט,
כ׳זע דעם טאָג אין בליִען —
כ׳האָב אף אים געווארט.

און איך וויל באגרײַפן
אונטער שנייען־שאָט,
ווי מיט זאפט עס רײַפן
פיירעס אינעם סאָד.

און ווען ער פארגייט נאָר
אין זײַן שקיִע־נעסט,
אף א טאָג א צווייטן
כ׳ווארט ווי אף א נעס.

און אזוי מיסטאמע
אָט דער נעס מיך רעגט,
ווײַל זיך צו פארזאמען
ציטער איך מיט שרעק.

# כ׳קען אלץ ניט באנעמען

כ׳קען אלץ ניט באנעמען,
קען אלץ ניט פארשטיין,
פונוואנען עס נעמט זיך
א קויעך באם שטיין.

עס קושן אים וועלן,
וואָס פילט ער אין זיי?
איינזאם און עלנט,
אזויוי א שטיין.

ער ליגט, ווי א שטומער,
און פילט ניט קיין ווי
אין היציקן זומער,
אין שטעכיקן שניי.

די גרינגקײַט געגארטסטע
דערפילט כ׳האָב הײַנט שטארק.
א שטיין פון מײַן הארצן
אראָפּ. ווי א בארג.



## מאָטשע אַלטמאַן

# זקיינישע נאָטיצן

### עס שאַט ניט, אַז מע קען

צוריק מיט עטלעכע צענדליק יאָר האָט איינער אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך געדרייט אין אונדזער קרײַז ייִדישע אינטעליגענציע, מיר איינמאָל אַרײַנגעזאָגט מיט אַ שטאָך־קאַוואַנע, אַז י.־ל. פּרעץ האַלט, אַז ס'איז ניט קיין כּיבֿוד צו וויסן, ווי־אַזוי שטיוול הייסן אויף פראַנצויזיש.

כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ פּליאָטקעלע פון פּראָווינציעלע כאַכמאַטשעס, צי ניט־פּאַרגינערײַ, וואָס איך, דער פּאַרזונקענער אין דאָרף און קליינשטעטל־לעבן, באַהערש פראַנצויזיש.

איך האַלט ניט פון ווערן אין כּעס, האָב איך קאַלטבלוטיק געענטפערט:

— עס שאַט ניט, אַז מע קען. פאַרשטייט זיך, ניט נאָר ווי־אַזוי שטיוול הייסן.

אין מײַן לעבן זיך איבערצײַגט, אַז דאָס געזאָגטע איז ריכטיק. און באַזונדערס פאַר אַ שרײַבער. אָט אַ מערקווירדיקער פאַל.

פּאַריזש. יאַנוואַר נײַנצן דרײַסיק. איך גיי אַרײַן אין אַ פריזעריע זיך ראַזירן. גאָר ווינציק קליִענטן. איינער אַ מײַסטער, אַ מיטליאָריקער מאַן, לאַדט מיך אײַן זיך אוועקזעצן און נעמט מיך ראַזירן. אינמיטנדרינען טוט ער מיך אַ פרעג (אויף פראַנצויזיש), צי איך בין אַ ייִד.

די פראַגע האָט מיך פאַרוווּנדערט און איך האָב געענטפערט מיט אַ פראַגע: פאַרוואָס אינטערעסירט עס אים? ענטפערט ער, אַז באַם ראַזירן דערקענט ער אַ ייִדן לויט דעם, ווי די באָרד לאָזט זיך ראַזירן. אַ ייִדישע באָרד גיט זיך שווער אונטער דעם מעסער, אַז מע ראַזירט אָפּ אַ ייִדן, מוז מען דערנאָך אָנשלײַפן די בריטוווע.

ווען ער האָט מיך אָפּגעגאָלט און געגומען וואַשן מיר דאָס פּאָנעם, זיך צוגעבויגן און געפרעגט (אַלץ אויף פראַנצויזיש), וואָס איז מײַן פאַך. איך האָב אים געענטפערט: אַ שרײַבער. אין ייִדישער שפּראַך.

טוט ער מיך פריש אַ פרעג, צי איך קען העברעיִש. דאָס האָט מיך נאָך מער פאַרוווּנדערט. איך ענטפער, אַז יאָ, איך קען. אָבער צו וואָס אינטערעסירט עס אים? ענטפערט ער מיט אַ פרישער פראַגע:

— איר קענט דעם אויסדרוק „אָם קשע אוירעף!?"

עס איז אַ העברעיִשע פראַזע, אין אָריגינאַל, אין חומש, שרײַבט זיך עס: „עם קשה עורף". דאָס איז טײַטש: אַ פאָלק מיט אַ האַרטן נאַקן, אַ האַרטנעקיק פאָלק. אַמאָליקע יאָרן, פאַרן גרויסן אומגליק, האָבן קימאַט אַלע ייִדן, באַזונדערס עלטערע מענטשן, געקענט די פראַזע. אין חומש ווערט די כאַראַקטעריסטיק גענוצט ווי אַ פאָרוווּרף, אָבער דאָס פאָלק האָט עס איבערגעניצעוועט און צוגעגעבן אַ גוטן זין.

דערהערט די פראַגע אויסן מויל פונעם פּאַריזשער פריזירער, בין איך געוואָרן פאַרינטערעסירט און געפרעגט, וואָס ער איז אויסן דערמיט. ענטפערט ער: ער איז אויסן אַ וואַריִאַנט. און אַלס שרײַבער פון ייִדישער שפּראַך מעג איך עס מיר פאַרצייכענען, עס קאָן צוניץ קומען. אַכוץ דעם „אָם קשע אוירעף" נאָך צוגעבן: „אָם קשע־באָרד"...

זאָל עס זײַן. עס שאַט ניט.

### איך ווער אַ פּאַרטיידיקער

אויפן פּאַרט־וואָקזאַל זיך באַקענט, צווישן איבעריקן, מיט אַ פּיל־געפאַרענעם ייִדן. אַליין פון אוקראַיִנע, נאָר אַ סך יאָרן צוריק אויסגעוואַנדערט און זיך אײַנגעפונדעוועט אין בוענאָס־אײַרעס. ער קען אַלע דאָרטיקע ייִדישע שרײַבער און זשורנאַליסטן. אויף זײַן אַקטיוו איז אויך, לויט זײַנע רייד, דער פאַקט, וואָס ער האָט נאָך די פּאָגראָמען, בעשאַסן בירגערקריג, געפירט אַ גרויסע גרופּע ייִדישע יעסומים קיין בוענאָס־אײַרעס, און זיי זײַנען אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין אַ יעסומים־הויז.

געפאָרן איז ער „מיטל־קלאַס". איך — צווייטער קלאַס. אָבער ער פלעגט אַרופקומען צו מיר און שמועסן. דעם דריטן אָדער פערטן טאָג קומט ער ניט אַליין, נאָר מיט נאָך צוויי פּאַסאַזשירן. ער שטעלט זיי מיך פאָר. איינער איז אַ סערב, דער צווייטער אַ בולגאַר. און ער בעט

מיך, איך זאָל זיי אויסהערן. זייער שפּראַך, סײַ די בולגאַרישע, סײַ די סערבישע, איז מיר פאַר־געקומען ווי א צעקאַליעטשעטע רוסיש, אָבער איך האָב זיי פאַרשטאַנען. וואָס האָט זיי גע־בראַכט צו מיר? זיי זײַנען א גרויסע גרופּע אַרבעטער, אַנגאַזשירט אַף אַרבעט קיין אַרגענ־טינע. מע האָט זיי אָבער אַזוי אײַנגעקוואַרטירט אַף דער שיף, אַז זיי ווערן דערוואָרגן, ניטאָ מיט וואָס צו עטעמען. בישכּיינעס שטייט א פרײַער גרויסער זאַל, נאָר פאַרשלאָסן, מע לאָזט זיי ניט אַרײַן אַהין. הײַנט דאָס עסן! שרעק־לעך! מײַן פּיל־דערפאַרענער מיט־פּאַסאַזשיר איז אומעטום פול. געווען אויך בא זיי, געזען וואָס עס טוט זיך מיט זיי, דערציילט, אַז פאַ־ראַן א רוס, א זשורנאַליסט, זיי זאָלן גיין צו אים (צו מיר...) און איך, קענענדיק פראַנצוי־זיש און אַלס זשורנאַליסט, וועל עפּעס קענען טאָן. ער, דער פּיל־דערפאַרענער, ווייסט אויך, צו וועמען מע באַדאַרף זיך ווענדן. צום קאָמיסאַר.

בא מיר איז דער באַגריף קאָמיסאַר געווען פאַרבונדן מיט סאָוועטנפאַרבאַנד, אָבער אַף א פראַנצויזישער שיף? ער באַרויִקט מיך. אַזוי הייסט דער באַאַמטער — קאָמיסאַר. ער ווייסט אַפילע, ווו זײַן קאַבינעט געפינט זיך.

איך בין אַוועק מיט די צוויי אַרבעטער צום קאָמיסאַר. ער האָט מיך זייער העפלעך אויסגע־הערט. געשמייכלט, ווען ער האָט געהערט מײַן טײַנע, ווי קומט עס, מע זאָל אַזוי באַהאַנדלען אַרבעטער־מענטשן אַף א פראַנצויזישער שיף? דעם זעלבן טאָג האָט מען געעפנט דעם צווייטן זאַל און איבערגעפירט א טייל אַרבעטער אַהין. מע האָט אויך באַדײַטנד פאַרבעסערט דאָס עסן.

## קעדײַ צו וויסן

פאַסירט האָט עס ניט מער, ווי איין מאָל. ניט אַלצדינג פאַרגעדענקט זיך, פאַראַן פאַלן, וועל־כע פאַרבלײַבן לענגער אין זיקאָרן. און דערײַ־בער מיסטאָם שווימען זיי אויף, ווען עס מאַכט זיך עפּעס ענלעכס.

און דאָך, קיין ענטפער אַף דער פראַגע וואָס איך אַליין פרעג זיך — פאַרוואָס האָבן זיך די מענטשן גראָד צו מיר געווענדט מיט זייערע צווייפלען, איך זאָל זיי פאַרענטפערן? אָט א בײַשפּיל. עס ווענדט זיך צו מיר א זייער סימ־פּאַטישער מענטש מיט א ביטע, פון מיר דער־וואַרט ער דעם ריכטיקן ענטפער אַף דער פראַ־גע וואָס פּלאָגט אים:

— איז עס עמעס, אַז ייִדן האָבן געהאַרגעט קריסטוסן?..

מיר איז געווען א ראַכמאָנעס אַף דעם סימ־פּאַטישן מענטשן. וואָס זאָל איך אים ענטפערן? כ'האָב אים געפרעגט, פונוואַנען ער ווייסט דאָס? האָט ער געענטפערט: דאָס ווערט איבער־געגעבן פון דאָר צו דאָר, פון זיידעס און באָ־בעס. האָב איך אים געראַטן, ער זאָל אופזוכן אין די ביבליאָטעקן די ווערק פונעם פראַנצוי־זישן סעמיטאָלאָג ערנסט רענאַן. דאָרט איז אויך פאַראַן א ווערק וועגן דעם אופקומען פונעם קריסטנטום און א טייל טראָגט דעם טיטל „יעזוסעס לעבן”.

וועט ער מיך פאָלגן? וועט ער די ווערק גע־פינען?

דער פאַל האָט מיר דערמאָנט א מער ערנסטן פאַל, וועגן וועלכן עס איז ווערט צו דערציילן. אָבער איך מוז פאַרויס זיך פאַרענטפערן פאַרן לייענער, ער — דער לייענער — קאָן מיך פרעגן, צי כ'האָב ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן אַנ־שטאָט אַנצוווײַזן, וואָס ער דאַרף לייענען, אים אָפּשיקן אַזש צו ערנסט רענאַן. יאָ, געוויס איז געווען וואָס צו ענטפערן, אָבער... איך בין זיך מודה, אַז כ'האָב ניט ליב צו פּריידיקן אַטעיִזם. איך האַלט, אַז צו אַטעיִזם דאַרף מען קומען אַליין דורך דענקען און לערנען. איך קום צו־ריק צו מײַן פּערזענלעכער דערפאַרונג, צו יע־נעם פאַל, וואָס איז אופגעקומען אין זיקאָרן.

עס איז געווען אין יאַנוואַר נײַנצן דרײַסיק, בעשאַס מײַן רײַזע קיין אַרגענטינע.

די שיף איז ניט אָנגעקומען באַצײַטנס צוליב עפּעס אַן אַוואַריע, האָבן מיר די קליינע צאָל פּאַסאַזשירן, וואָס איז געקומען אין פּאָרט צו דער צײַט, געמוזט אַקעגן א וואָך זיך אופהאַלטן אַפן פּאָרט־וואָקזאַל. און בעמיילע געמאַכט צווישן זיך באַקאַנטשאַפט. געווען א יונג ייִדיש פּאָרפאָלק פון בעלצי (בעסאַראַביע), וועלכע איז געפאָרן צו נאָענטע קרויווים, ניט אַלס געסט, פאַרשטייט זיך. זיי האָבן צוזאַמען גע־לייענט א בוך. איך האָב באַמערקט, אַז ס'איז א רוסישער בוך, טאָלסטאָיס „אַנע קאַרענינאַ”... אויך צוויי יונגע באָכערימלעך האָבן זיך פאַר־נומען מיט א בוך: „גראַמאַטיק פון ייִדישער שפּראַך”. נעענטער זיך באַקענט, ביידע זײַנען פון ווילנע, ביידע באַלמעלאָכעס... געכאַפּט מיט זיי א שמועס. ס'איז געווען זייער אָנגענעם.

איין פּאַרשוין האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט. ניט קיין ייִד, א יונג באָכערל, עפּשער גלײַ־כער זאָגן: א יונגערמאַן, אָבער זייער א יונ־גער. דער אויסזען? ווי אַן אַמאָליקער ייִדישער עקסטערניק, אָדער עפּשער אויך יעשיוועבאָ־כער. מיטלוווקסיק, מאָגער, סוטולעט זיך א ביסל. די אויגן גלאַנצן מיט א ספּעציִעלן גלאַנץ, ווי בא א צווייפלער, א זוכער, וואָס זוכט א גײַ־סטיקן אָנשפּאַר. זיך באַקענט. ער איז געווען אַזש פון באָליוויע (דאָרעם־אַמעריקע), פון דער הויפּטשטאָט לאַפּאַז. ער האָט שטודירט אין פראַנקרײַך אין א קאַטוילישער שול. זײַן מו־טער אַן אַלמאָנע, ער איז דער איינציקער זון.

זי, די מוטער, שטאמט פון פראנצויזן, נאר געבוירן, אויסגעוואקסן אין באליוויע, וווהין אירע עלטערן האבן אמאל עמיגרירט. זייער א רעליגיעזע, האט זי געוואלט, אז איר בעניאכיד זאל ווערן א גאלעך. האט זי פארקויפט דאס ביסל ערד, וואס איז געבליבן יערושע נאכן מאנס טויט, און געשיקט דעם זון קיין פראנקרײַך. דארט זאל ער מאכן זײַן שטודיום. ער האט שוין פארענדיקט, פארמאגט א גוטן דיפלאם, די מוטער שרײַבט אים, אז עס איז גרייט פאר אים דער פאסטן פון א גאלעך און אויך אלס לערער פון רעליגיע, אבער...

און דא הייבט זיך אן זײַן טראגעדיע. ער קאן זיך קיין אייצע ניט געבן. ווי מעג ער אנעמען די פאסטנס, ווען ער איז א צווייפלער... ער ווערט צעפרעסן פון אפיקארסישע געדאנקען. ער קאן ניט אנעמען אלצדינג, וואס עס דערציילט זיך אין די עוואנגעליעס... ער צווייפלט אין די טראדיציעס וועגן יעזוסעס געבוירן... וועגן זײַן לעבעדיק ווערן... און נאך און נאך...

ער דערציילט מיר, אז ער האט זיך געווענדט אין פאריזש צו אייניקע שרײַבער קאטויליקער. אבער זייערע ענטפערס זײַנען נאר כיטרע ארויסדרייען זיך און ניט קיין איבערצײַגעוודיקע. וואס זאל ער טאן? די מוטער, א הייסגלויביקע, קוקט ארויס אף אים... זי איז אוואדע זיכער, אז אדאנק דעם זון וועט דער הייליקער פעטרוס אליין עפענען פאר איר די טויערן פונעם גאניידן. און ער... ער צווייפלט אין די סאמע איקערס. ער שלאפט ניט, קאן ניט עסן. וואס זאל ער טאן? און פון מיר, דעם יידישן שרײַבער, ריכט ער זיך צו הערן אן עמעסדיקן ענטפער אף זײַנע צווייפלען.

די שיף איז ענדלעך אנגעקומען, מיר זײַנען אײַנגעשטיגן. איך פאר אין צווייטן קלאס, כאטש געקויפט אין בוקארעשט אין דער אפטיילונג פון דער שיף־געזעלשאפט א בילעט דריטן קלאס. אין פאריזש, אין דער דירעקציע פון דער געזעלשאפט, האט מען מיר אלס זשורנאליסט (כ׳האב געהאט א קארנעט פון א רומענישן זשורנאל אלס מיטארבעטער) געביטן אף צווייטן. דער באליוויאנער טרעט פון מיר ניט אפ. עס פלאגט אים, ער קאן זיך קיין אייצע ניט געבן.

מאכט זיך, אין א נאכט, איך פיל זיך זייער ניט גוט. איך — אף דער פאלובע אין א ליגעשטול, ער — אף א בענקל לעבן מיר און גיסט אויס זײַנע שווערע צווייפלען. איך ליג און הער. וואס קאן איך אים זאגן? איך טראכט פון זײַן מוטער. זי האט דאס ביסל פארמעגן, דאס שטיקל ערד, פארקויפט. זי גלייבט. זי לעבט מיט דער האפענונג, איר בעניאכיד וועט זי מיט גאניידן פארזארגן. אים מאכן פאר אן אטעיסט?.. ניין!

און דא דערזע איך: אפן פארענטש פון דער פאלובע ליגט א קאץ. ליגט זיך רויק. כאפט א דרעמל, אף א האר ארײַנצופאלן אין אקעאן. א קאץ און דער אקעאן... די קאץ איז אוואדע אף דער שיף געבוירן, אויסגעוואקסן. אבער... צי וואלט א מענטש פארמאגט אזא מוט?

איך ווײַז אים אף דער קאץ: קוק, ווי רויק זי ליגט אפן פארענטש. זי איז געוויס זיכער, אז עס וועט זיך ניט געפונען אזא בייזער פארשוין, וואס זאל זי ארײַנווארפן אין וואסער. און מיר, מענטשן, וואלטן געקאנט זײַן אזוי זיכער?..

ער הערט זיך צו זייער אופמערקזאם, קוקנדיק צו דער קאץ.

איך רעד ווײַטער:

— הערט מיך אויס. איך האב אויך דורכגעמאכט צווייפלען, און עס וועלן נאך זײַן... יעדע רעליגיע האט איר מיטאלאגיע... דאס פראסטע פאלק האט עס ליב, די פאנטאזיע פארלאנגט עפעס איבערנאטירלעכס. דאס קריסטנטום האט זיך באשאפן זײַן מיטאלאגיע. עס דארף אײַך ניט באומרויקן. אײַער זאך באדארף זײַן צו פלאנצן און אנטוויקלען דעם פארנונפט פון דער מאסע, צו וועלכער איר גייט, ווי א לערער. ניט די מיטאלאגיע דארף זײַן דער אביעקט פון אײַערע ווענדונגען און באלערונגען. נאך פאראן גענוג וואס צו לערנען די מענטשן, קעדיי זיי זאלן ווערט זײַן דעם נאמען מענטש. דאס דארף זײַן אײַער כויוו.

מיר זײַנען געווען נאר צוויי מענטשן אף דעם גרויסן דעק פון דער שיף. און די קאץ אפן פארענטש פון דעם דעק. און ארום איז דער אטלאנטישער אקעאן, און נאכט.

ער האט זיך פאמעלעך צוגעבויגן צו מיר און געזאגט:

— איך ווייס ניט, וואס עס האט אף מיר מער געווירקט: אײַער שמועס, צי די קאץ מיט איר שווײַגן. אדאנק אײַך ביידן.

ער האט מיך מער ניט באומרויקט. אין בוענאס־אײַרעס, איינמאל אף דער רוישנדיקער גאס, איז צוגעגאנגען צו מיר א מענטש און מיך ארומגעכאפט. דאס איז געווען ער. זיך געזעגנט מיט מיר. ער פארט הײַנט אהיים, צו דער מוטער.

## אזא גילגל

דארף איך פארטײַטשן דאס ווארט גילגל? ניין. איך גלייב, אז אונדזערע לייענער קענען נאך גענוג יידיש, און אזא פאפולער ווארט מוז זײַן באקאנט.

אזעלכע גילגולים זײַנען בא אונדז ניט זעלטן. נאר מערער פונקט פארקערטע, ווי דער, וועגן וועלכן איך גיי דערציילן.

עס איז געווען אף דער שיף, אפן וועג קיין ארגענטינע. עס איז צווישן די פאסאזשירן פון צווייטן קלאס געווען א גרויסע גרופע לאטײַן־אמעריקאנישע יונגעלײַט, וועלכע זײַנען אין גרעסטן טייל צוריקגעפאָרן פון פאריזש. זייער סימפאטישע יונגעלײַט. אייניקע האָבן זיך אינטערעסירט מיט מײַן ארבעט, ווײַל איך האָב פיל געשריבן. מע האָט מיך געבעטן, און איך האָב צוליב געטאָן, און איבערזעצט אף פראנצויזיש דאָס פון מיר געשריבענע.

צווישן דעם אוילעם האָט זיך געפונען איין איטאליענער, א דאָקטאָר־מעדיצין, א פאשיסט, ער איז געפאָרן אהיים קיין בוענאָס־אײַרעס פון רוים. ער איז געווען אן אגרעסיווער פאשיסט. די אנדערע האָבן אים פײַנט געהאט, אים גערופן „מאקאראָני”, עס איז דערגאנגען ביז פעטש. כעוורע האָט אים דורכגעפאטשט, און ער איז אנשוויגן געוואָרן.

צווישן די יונגעלײַט איז געווען איינער, וואָס האָט זיך געהאלטן אין א זײַט. ער איז געפאָרן פון בערלין אהיים, קיין ריאָ־דע־זשאניירא. אויך אויסערלעך געווען ניט ענלעך אף די אנדערע, די שארפע ברונעטן. איינמאָל האָט ער זיך צוגעזעצט צו מײַן טישל און פארפירט א שמועס אף דײַטש. די אנדערע פלעגן מיט מיר ריידן פראנצויזיש.

ער האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט. זײַן נאָמען: סילוויִא פעריירא.

אז איך האָב דערהערט דעם נאָמען פעריירא, איז אין מײַן זיקאָרן אופגעשווומען פון אמאָל געלייענטן... פעריירא... דער היסטאָרישער נאָמען פון ייִדן־מאראנען... און וועלנדיק זיך דערמאָנען, גענומען פאר זיך אין דער הויך איבערכאזערן:

— פעריירא?.. פעריירא?..

ער האָט א לאך געטאָן און געזאָגט:

— איך ווייס, וואָס עס איז מיט דיר.

און ער דערציילט מיר.

דער זיידע איז נאָך געשטאָרבן א ייִד. דער פאָטער האָט זיך געטויפט, געוואָרן א קאטויליקער. ער אליין איז שוין א געבוירענער קאטויליקער. דער זיידע האָט פארמאָגט נאָר דעם זון און געלעבט בא אים. מע פלעגט פאר אים קאָכן באזונדערע שפײַזן. אָבער אז עס פלעגן אָנקומען די טעג פון ייִדישן יאָמטעוו פייסעך, פלעגט דער אלטער אוועקגיין צו א באקאנטער ייִדישער מישפאָכע און דאָרט בלײַבן די אכט טעג פייסעך. ער, דער דערציילער, קאָן דײַטש, זײַן מוטער איז א דײַטשקע, א געבוירענע אין בראזיליע. אָבער איר דײַטשישע שפראך האָט זי פארהיט און אים דערצויגן אין דײַטש. האָט ער איצט געמאכט א רײַזע, געווען א פאָר כאדאָשים אין בערלין.

עס איז געווען נײַנצן דרײַסיק. די נאציסטישע באוועגונג אין דײַטשלאנד האָט אָנגענומען שאַרפע פאָרמען. איך האָב, נאטירלעך, געוווּסט דערפון, אָבער מיט אים וועגן דעם ניט געמאכט קיין שמועס.

אין ריאָ־דע־זשאניירא איז די שיף געשטאנען א סאך שאָען. איך האָב דאָרט געוואָלט זען עליִעזער שטיינבארגן, וועלכער איז צו יענער צײַט געווען אין ריאָ און אָנגעפירט מיט א ייִדישער שול. איך האָב, אגעוו, זיך באקענט מיט א פאָר דאָרטיקע קלאל־טוער. זיי דערציילט מײַן טרעפעניש. ווען זיי האָבן דערהערט דעם נאָמען סילוויִא פעריירא, האָט מען א געשריי געטאָן: איר ווייסט, ווער דאָס איז? לאָזט זיך אויס, אז דאָס אייניקל פון יענעם ייִדן, וועלכער פלעגט אוועקגיין פארברענגען די אכט פייסעכדיקע טעג אין א פרעמדער ייִדישער שטוב, איז רעדאקטאָר פון א פאשיסטישער צײַטונג, אליין א ביטערער פאשיסט, אן אויסוואָרף.

טרעפט זיך אזא גילגל. מיר ווייסן פון מער אָנגענעמע, פון ייִדישע קעמפער — רעוואָליוציאָנערן, אָפשטאמיקע פון רײַכע ייִדישע מישפאָכעס...

## גאלעך נומער דרײַ

אייגנטלעך, וואָלט איך באדארפט אָנהייבן די גאלאָכישע געשיכטע פון אים, ווײַל אין זיקאָרן איז פריִער ארופגעשווומען ער, און דורך דעם בין איך געקומען צו די אנדערע צוויי,[1] וועלכע זײַנען אין צײַט עלטער פון אים מיט עטלעכע צענדליק יאָרן. ווײַזט אויס, אז די אנדערע צוויי זײַנען מיר סימפאטישער, גײַסטיק נעענטער, און דערפאר האָט זיך געביטן די אָרדענונג.

און דאָס אלץ האָט צו טאָן מיטן פראָבלעם זיקאָרן. דער לייענער וועט זיכער לאכן, ווען ער וועט זיך דערוויסן, וויִאזוי און אדאנק וואָס די גאלאָכים זײַנען ארויס פון טהאָם פונעם זיקאָרן. מיילע, לאכן, — זאָגט אונדזער גרויסער שאָלעם־אליכעם, — איז געזונט. ווער שמועסט נאָך אזא לאכן, וואָס ברענגט קיינעם ניט קיין יעסורים.

דער זיקאָרן... איך בין ניט קיין געלערנטער פיזיִאָלאָג, אָבער דאָס טראכטן פון א לאנג און קאָמפליצירט ניט גרינג לעבן האָט מיך עפעס געלערנט וועגן דער אויסערגעוויינלעכער ראָליע אין לעבן, וואָס עס שפילט דער זיקאָרן. איך מאָל אויס, וויִאזוי עס ארבעט און פונקציאָנירט דער מעכאניזם פונעם געהירן אין פארבינדונג מיטן געדענקען. די מאשינעריע זאמלט

[1] זע „זקיינישע נאָטיצן” אין „סאָוועטיש היימלאנד” נומ. 4 און נומ. 10 1976.

צונויף אינפאָרמאַציעס און אָרדנט זיי אײַן אין
אַן אויצער. פונדאָרטן קומט דער ענטפער, ווען
מע באַדאַרף עפעס זיך דערמאָנען. עס גיט א
סיגנאַל פונעם איבערשטן טייל פונעם געהירן
צום געדענקונג־אויצער און פונדאָרטן קומט
צוריק דער ענטפער, די אַזויגערופענע צוריק־
אינפאָרמאַציע.

אָבער ווען דער גאַנצער אָרגאַניזם ווערט
צוליב עלטער אָדער איבער א קראַנקײַט אָפ־
געשוואַכט, דערגייט שוין דער סיגנאַל לאַנגזאַם
און אַזוי אויך דער ענטפער, די צוריק־אינפאָר־
מאַציע.

כ'האָב פאַרמאָגט פון נאַטור א פענאָמענאַלן
זיקאָרן. אין די נאָענטע קרײַזן פלעגן אומגיין
מאַמעש לעגענדעס וועגן מײַן זיקאָרן. איז גע־
קומען די צײַט און שווערע איבערלעבונגען,
און מײַן געדענק־אַפאַראַט האָט קאַטאַסטראָפיש
זיך פאַרערגערט, שרעקלעך אָפגעשוואַכט גע־
וואָרן, מע קאָן דאָ גאָרניט העלפן.

דער סקלעראָז האָט אָנגענומען בא מיר פכאַ־
דימדיקע פאָרמען. איך פאַרגעס קימאַט אַלצ־
דינג, וואָס כ'האָב אַמאָל געלערנט, געקענט.
איך פאַרגעס נעמען פון באַקאַנטע ווערק, פון
נאָענטע באַקאַנטע, ווערטער פון פשוטע
זאַכן, פון אַלטעגלעכן געברויך.

איך קעמף קעגן דער פאַרגעסעניש. עס איז
מיר א שווערער פאַרדראָס. קעמף איך מיט
דער הילף פון אַסאָציאַציעס. ניט שטענדיק גע־
לינגט עס מיר, ווי אַמאָל. אָט פאַרגעס איך
פלוצעם דעם נאָמען מאַטל גרוביאַן. עס איז מיר
א שווערער פאַרדראָס. ער איז אַזויפיל מאָל
געקומען אָפן וואָקזאַל מיך באַגעגענען און
פאַרנעמען צו זיך אַהיים. און כאַנעלע פלעג
אופשטיין, כאָטש ס'איז געווען גאַנצפרי, און
מאַכן טיי. און אָט פאַרגעס איך דעם נאָמען
שיקע דריז... און נאָר דאָס? נעמען פשוטע
אַלטעגלעכע, סטאַם ווערטער. איך גיי קויפן
גאָרטשיצע, קום אין מאַגאַזין און פאַרגעס דאָס
וואָרט. פרוּוו איך אַרויסרופן דורך אַסאָציאַ־
ציעס. וויאַזוי אָף דײַטש, אָף פראַנצויזיש, רו־
מעניש? איך געדענק. נאָר דאָס רוסיש־ייִדישע
„גאָרטשיצע" האָט זיך ערגעץ באַהאַלטן... איך
שעם זיך צו פרעגן, און עס איז מיר א פאַר־
דראָס. אין א פאָר טעג אַרום, איך טראַכט גאָר
וועגן איינשטיינס טעאָריע (כ'האָב דעמלט אָנ־
געהויבן באַנײַס לייענען, קעדיי צו פאַרפולן
דאָס פאַרגעסעניש), טוט פלוצעם אין געהירן
עמעצער א קוק, ווי אין א פענצטערל: „גאָר־
טשיצע"!

פאָלג מיך א גאַנג: רעלאַטיוויזם און גאָר־
טשיצע... דאָס האָט דער אויצער פון אינפאָר־
מאַציע מיר געשיקט אַן ענטפער אָף מײַן פראַ־
גע פון צוריק מיט צוויי טעג.

וואָס זשע איז מיטן גאַלעך? אָט באַלד, נאָר
איך בעט דיך, כאוועך לייענער, וואַרט צו א
ביסל מיטן לאַכן, דערליי'ען פריִער ביז צום
סאָף, דערנאָך לאַך געזונטערהייט. די געשיכטע
מיט אָט דעם גאַלעך הייבט זיך אָן און ענ־
דיקט זיך מיט א פשעט וואָרט: טשעסנאָק...

ווי איז עס מעגלעך? א פאַקט. כ'האָב פאַר־
געסן דאָס וואָרט. עס איז מיר א בושע פאַר זיך
אַליין. און א פאַרדראָס. אַזוי ווײַט האַלט עס
שוין מיט מיר?.. פרוּוו איך זיך דערמאָנען דורך
אַסאָציאַציעס. קנאָבל קומט פון דײַטש־פראַנ־
צויזיש? איך געדענק. איז מיר דער פאַרדראָס
נאָך גרעסער. שטיי! און ווי אָף רומעניש? גע־
דענק איך ניט. וואָס הייסט דאָס? האָסט צוויי
און צוואַנציק יאָר געערדעט, געשריבן אָף רו־
מעניש, געפרעסן רומענישן קנאָבל!

דערמאָן איך זיך. עפעס איז דאָס וואָרט בא
מיר אין זיקאָרן פאַרצייכנט אין א געשיכטע
מיט א רומענישן גאַלעך. א קאָמישע געשיכטע.
האָסט דערציילט דער פרוי די געשיכטע, האָט
זי געלאַכט. אַנו, דערמאָן איך זיך נאָר... זיך
דערמאָנט.

עס איז געווען ערגעץ אין דער מיט פון די
דרײַסיקער יאָרן. איך וויל בײַטן די דירע. גיי
איך איבער די גאַסן. פאַרשטייט זיך, ניט אין
צענטער, ס'איז ניט פאַר מײַן קעשענע, נאָר
אין ייִדישן פערטל דודעשט. גיי אין א גאַס,
דערזע איך אָפן טירל פונעם הויף א פלאַקאַטל
(אָף רומעניש, פאַרשטייט זיך), אַז עס פאַר־
דינגט זיך דאָרט עפעס. גיי איך צו נעענטער
צום שטאַכעטענעם פאַרקנדל, קוק אַריבער און
זע: צוויי איינשטאָקיקע שטיבער איינס קעגן
צווייטן. איין שטוב א גרעסערע, די צווייטע
א קלענערע. כ'עפן דאָס טירל, גיי אַרײַן אין
הויף, באַטראַכט, א גערטנדל מיט עטלעכע ביי־
מעלעך. אָף דער טיר פון דער קלענערער שטוב
אויך א פלאַקאַטל — עס פאַרדינגט זיך. פון
יענער זײַט דירעס ציט זיך א גרויסער גאָרטן,
אויך מיט ביימער. איך עפן די טיר פון דער
קליינער דירע. א קאָרידאָרל, אַן אַנטרע. צוויי
גאַנץ שיינע צימערן. א באָד, א קיך, א קלאַ־
דאָווקע. עס געפעלט מיר. מע באַדאַרף הערן די
פרײַז.

איך עפן די טיר, לאָז מיך אַרויסגיין, עפנט
זיך די קעגניבערדיקע טיר פון דער גרעסערער
שטוב און עס קומט אַרויס א גאַלעכל. איך
שרײַב איצט „א גאַלעכל", ווײַל אין פאַרגלײַך
מיטן רוסישן גאַלעך נומער צוויי, מוז איך
יענעם, דעם רומענישן, אָנרופן מיט א פאַרקלע־
נערונג. דער גאַלעך נומער צוויי וואָלט אים
געקאָנט באַהאַלטן אונטער א פאָלע. מיר באַ־
גריסן זיך. ער פרעגט מיך, צי עס געפעלט
מיר. איך זאָג, אַז יאָ. פרעגט ער מיך, ווי גרויס
איז מײַן מישפאָכע, ווײַל קיין גרויסער מיש־
פאָכע מיט קליינוואַרג וויל ער ניט פאַרדינגען,

ער וויל לעבן רויק און פאַרהיטן די ביימער.
איך זאָג אים דעם באַשטאַנד פון מײַן מישפּאָכע,
ער איז צופרידן. זאָגט מיר זײַן פּרײַז. גאַנץ
מעסיק, ניט באַרײַסעריש. אָבער איך וויל נאָך
קומען מיט מײַן פרוי, זי זאָל אָנקוקן די דירע.
ער באַשטייט, ער וועט דעם טאָג וואַרטן און
ניט פאַרדינגען.

פּלוצעם, פאַרן אַרויסגיין פון הויף, קער איך זיך אום און זאָג צו אים: „פּערינטע („באַטיוש־קאַ" — רומעניש), — איך געפין פאַר נייטיק אײַך צו אינפאָרמירן, אַז מיר זײַנען ייִדן"... — טוט דאָס קלוגע פּענעמל אַ שמייכל, און וואָזוי געענטפערט?.. איך האָב עס!.. איך האָב עס שוין סײַ אַף רומעניש, סײַ אַף רוסיש. ער האָט געענטפערט: „באַנו נו פּוטע אַ אָוסטוראַן". — „געלט שמעקט ניט (אָדער שטינקט ניט) נאָך קנאָבל".

אין דער היים דערציילט מײַן פרוי און איבערזעצט: «Деньги не пахнут чесноком».

אַזוי האָב איך אַדאַנק דעם דערמאָנען זיך אין דער קאָמישער געשיכטע מיטן גאָלעכל זיך דערמאָנט דאָס פאַרגעסענע וואָרט.

כאַוועער לייענער! האָב ניט קיין פאַריבל אַף מיר, ווען דו וועסט הערן, אַז די דערמאָנונג אין די גאָלאָכים האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ דערמאָנונג, וואָס איז, דאַכט זיך, גאָר פון לע־הייפעך: אין ראָוו...

אָבער מירן זיך אַ ביסל אָפּרוען.

און איידער איך וועל באַווײַזן אָנשרײַבן מײַן ראָוו (לאָמיר האָפן, אַז כ'וועל באַווײַזן), וועל איך דיר עפּעס אַן אייציע געבן.

עס קאָן זײַן, כאַוועער לייענער, אַז ווען דו וועסט, מיט אָדער אָן גאָטס הילף (אָט די ברײַרע לאָז איך דיר), קומען אין דעם עלטער, אין דעם, וואָס איך אַצינד, און וועסט עפּעשער זיך וועלן דערמאָנען מײַן נאָמען, ראַט איך דיר: טראַכט — טשעסנאָק.

## די פיר ייִנגלעך, וואָס רופן צו שאָלעם

פון מײַנע אַמאָליקע עסטראַדע־אַרבעטן

ערשטער.
איך רעד צו אײַך, הערט און שטוינט,
צו אַזעלכע זאַכן זײַנט איר ניט געוווינט,
אַז באָכערים קליינע, יאַטן פיר
זאָלן שרײַען צו דער וועלט: דאַ זדראַווסטוויעט מיר!
דער ערשטער פון דער כעווּרע — קאַמראַד גאַוראַש,
ער דער עלטסטער, איז ער בעראָש,
עס קומט אים דער קאָוועד שוין בלויז דערפאַר,
ווײַל ער — דער ערשטער קאָמונאַר!
כאָר.
הערט זשע אַלע, הערט!
הער, די גאַנצע ערד!
ווײַס, און שוואַרץ, און געל, און רויט,
מיר ווילן פאַר אַלע שאָלעם און ברויט!
צווייטער.
וואַנקאַ זשוקאָוו... געוויס אײַך באַקאַנט,
און האָט איר פאַרגעסן, זוכט גוט, זיך דערמאָנט.
ווינטער באַנאַכט, צום זיידן אַ בריוו,
און די בענקשאַפט אין קינד, ווי דער יאַם — אַזוי טיף!
אַך, וואַניאַ, מײַן ברודער, פאַראַל ד' האָגער!
ער איז דאָך שוין גאָר אַ וואַזשנער פּיאָנער,
גראַמאָטנע מער, ווי אַלע מיר,
שרײַבט טאַקע ער: דאַ זדראַווסטוויעט מיר!
כאָר.
הערט זשע אַלע, הערט...
דריטער.
דער דריטער פון דער כעווּרע, ווער זאָל זײַן? ווער?
אַך שטייט נאָר, שטייט, דאָס איז דאָך ער:
דער פאַרשאַרטער באָכער טאָם סאַיער!
ער טוט מיט דער באַרשט דעם גאַנגסטער אַ שמיר:
אַוועק, דו גאַזלען, דאַ זדראַווסטוויעט מיר!
כאָר.
הערט זשע אַלע, הערט...
פערטער.
דער פערטער פון דער כעווּרע, זײַט אַ בעריע און טרעפט,
ס'איז, כ'לעבן, קיין קונץ ניט, ס'אַ קליין געשעפט,
עס ליגט אַף דער האַנט, זוכט עס ניט ווײַט,
אַ היימישער באָכער פון אונדזערע לײַט!
ניט געטראָפן? אײַ, אײַ, אײַ! ס'אַ היימישער יאַט!
מאָטל דעם כאַזנס, ער מאָלט דעם פּלאַקאַט!
ער איז, נעבעך, אַ יאָסעם און דאָך איז אים גוט.
שרײַבט ער פאַרפּלאַמט: גענוג שוין מיט בלוט!
כאָר.
הערט זשע אַלע, הערט...
און איצטער, כעווּרע, זיך נעמט פאַר די הענט
און געגאַנגען אַ טאַנץ, זאָלן ציטערן ווענט!
זאָלן ציטערן ווענט פאַר נאַכעס און פרייד,
וואָס זיי הערן פון אונדז אַזעלכע רייד.
און ווער עס וויל, קען אַרײַן אין קאָן,
ווער אינמיטן, און ווער אויבנאָן,
און וועמען עס לוינט ניט, זאָל בלײַבן אין דער היים,
מיר וועלן זיך יאַקאָס אָן אים באַגיין.
הערט זשע אַלע, הערט...

# שיפרע כאַלאַדענקאָ

## פון דער דיכטערישער ירושה

### צו מײַן זון

פאַרגאַן איז דײַן קינדהײַט, פאַרגאַן איז דײַן יוגנט,
און איך האָב קימאַט ניט באַמערקט,
אין מוטערשער בלינדקײַט פאַרטיפט און פאַרטראָגן,
כ׳האָב ווייניק געקוקט אף מײַן ווערק.

איך האָב אף דער ליכטיקער וועלט דיך געבאָרן,
דורך מיר האָסט צום לעבן דערוואַכט,
דערוועקט כ׳האָב צום לעבן דײַן האַרץ —
געבאָרן אַ מענטש מיט זײַן בינטעלע יאָרן.

און ס׳טוט אַזוי וויי מיר דאָס האַרץ,
די פרייד פונעם לעבן איך קאָן, דאַכט זיך, שעפּן.
ווער קען עס דען בעסער פון מיר?
איך וויל דיך באַגלייטן ווי ווײַט דו וועסט לעבן,
זיך קיינמאָל ניט שיידן מיט דיר.

---

### צאַרטע פּאַשטעס

**א**ין אײן־און־זיבעציקסטן יאָר זײַנען מיר, מײַן מאַן, דער קינסטלער מענדל גאָרשמאַן, און איך, געווען אין שעפערישן הויז אין מאַלייעווקע. אײנמאָל באַ מיטיק זע איך אַ באַקאַנטן סילועט: ברייטע אַקסלען, אַ קורצער טאָרס, אַ ברייט פּאָנעם, שמייכלענדיקע גרוי־גרינגבלעכע אויגן.

— שיפרע, — האָב איך אַ רוף געטאָן.

און אָט זײַנען די גרוי־גרינגבלעכע אויגן אָנגעצילט אף מיר, אַזוינע ליבלעך־גרייטע צו פרײַנטשאַפט, אירע פולבלעכע ליפּן שמייכלען אויך. פון דאַן אָן האָבן מיר זיך געזען קימאַט אַלע טאָג.

מיר ווייסן ניט, וויפל טעג אונדז איז אָפּגעציילט אין לעבן. עפשער דערפאַר זײַנען מיר פאַרשווענדעריש צו אונדזערע נאָענטע. איצט קומט מיר אָפּט אײַן זינען: „פאַרוואָס האָב איך מיט שיפרען אַזוי ווייניק פאַרבראַכט? ס׳איז דאָך געווען אַ כּיעס צו קוקן אין איר פּאָנעם. פאַר אַן אומבאַהאַוונט אויג — אַ פּאָנעם פון אַ פויערטע. אָבער פאַר אַן אויסגעפרוווט אויג — אַן אָפן פּאָנעם. אָן אַן אָנשטעל. וועגן קאָקעטישקײַט איז ניטאָ וואָס צו ריידן. באַטירלעך, פּאָשעט, וואָס געטראַכט — דאָס געזאָגט.

איך מוז זיך מודיע זײַן, אַז איך בין ניט געווען אויסגעבונדן אין שיפרע כאַלאַדענקאָס דיכטונג. אָבער טאָמיד האָבן אירע לידער באַ מיר אַרויסגערופן האַנאָע. זיי האָבן געוועקט אין מיר אַ געפיל פון שטרעבונג צו פּאַשטעס און אומיטלבאַרקײַט. כ׳האָב אויך געהאַט אַן אײַנדרוק, אַז אײדער זי זעצט זיך „מאַכן דיכטונג", האָט זי זיך פאַר פאַרבאָטענע ווערטער, וועלכע זי נעמט אין האַנט ניט: גאָלדענע שטראַלן, מאַנדל־אויגן, בריליאַנטן, דימענטן, פּרעכטיק, גרויסאַרטיק, דערשיטערט, געפּלעפט, פאַרצויבערט און נאָך אַ סאַך ענלעכע ווערטער, וועלכע דאַרפן באַפליטערן דיכטער־סטראָפעס. אָט איז אַ ליד פונעם בוך „לעבן" (1937).

גערדענק איך אַ סאָסנע,
אַ ווייכע, אַ דינע
זי דעמפּט אויס איר סמאָלע
מיט געלבלעכע הענט,
איז מיר אינווייניק ליכטיק, —
מיט קווייטן מיט רויטע
בליט הײַנט מײַן העמד...

דאָס איז אָנגעשריבן מיט אַ סאַך יאָרן צוריק. אָבער עס איז פול מיט איבעראַשונג פאַרן פּלוצעמדיקן ווונדער פון ערעוו מוטערלעכקײַט. די שורעס זײַנען פריש, ווי עס איז פריש אַ מיידל, וואָס הייבט אָן רײַפן.

איך בין געווען ניט אַזוי פאַרוווּנדערט, וואָס שיפרע איז אַזאַ דיכטערן, ווי זי איז, מיך האָט אַלעמאָל געגעבערט אַ געפיל: וויאַזוי האָט איר געקלעקט מוט און געוואַגטקײַט צו זײַן אַ דיכטער, בײַס זי

**איך וויל ניט, מײַן קינד, אַז דו זאָלסט מיך באַוויינען,**
**פֿאַר דיר טוט דאָס האַרץ מיר שוין ווײ.**
**איך וויל אַף דער וועלט מיט דיר לעבן אינײנעם,**
**באַוואַכן איך וויל מײַן פּאַרזײ.**

**איך האָב ניט געשענקט דיר קיין ברידער און שוועסטער,**
**מײַן שולד איז פֿאַרגלעטן צו שפּעט,**
**און דו ביסט דער שענסטער און דו ביסט דער בעסטער,**
**איך גײ מיט דער וועלט אין געוועט.**

**איך וויל ניט, מײַן קינד, אַז דו זאָלסט מיך באַוויינען,**
**אָ, שווער איז מיר זען דײַן טרער,**
**איך וויל אַף דער וועלט מיט דיר לעבן אינײנעם,**
**ס׳זאָל הײמלעכער זײַן דיר די ערד.**

**איך וויל ניט, מײַן קינד, אַז דו זאָלסט נאָך מיר וויינען,**
**מיט מיטלײַד דאָס האַרץ טוט אַ ריס,**
**איך וויל אַף דער וועלט מיט דיר לעבן אינײנעם,**
**באַוואַכן די שריט און טריט.**

**איך וויל ניט, מײַן קינד, אַז דו זאָלסט מיך באַוויינען,**
**פֿאַר מיטלײַד דאָס האַרץ טוט אַ ריס,**
**איך וויל אַף דער וועלט מיט דיר לעבן אינײנעם,**
**און דו ווילסט עס אויך אַף געוויס.**

---

**האָט אַזאַ ברודער, ווי דאָוויד האָפּשטיין. איז זי טאַקע געווען זייער אַ געוואַגטער מענטש, און זי האָט געטראָגן דעם באַרוף פֿון אַ דיכטער צאַרט, זויבער, אופֿריכטיק. איצט איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן די יִדישע סאָוועטישע דיכטונג אָן שיפֿרע כאָלאָדענקאָ. אירע שורעס שמעקן מיט אָופֿגעאַקערטער ערד, מיט גרעזער, ביימער, וואַסער, שניי. ווו דער באַהאַוונטער לייענער זאָל ניט אַראָפּלאָזן זײַן פּראָבירקע אין שיפֿרעס לידער, וועט ער אומעטום דערנאָך אין דער פּראָבירקע זען קוועלנדיקע, פֿאַרטײַעטע טענער, ער וועט הערן קלאַנגען פֿון וואַלד, פֿון קוואַל, פֿון בלעטער־שאָרך.**

**עס ווילט זיך איבערשרײַבן גאַנצע לידער פֿון איר בוך, כאָטש עס איז דאָך איבעריק אויסצוטרינקען דעם גאַנצן יאַם, גענוג איין לעק, קעדיי צו דערפֿילן דעם טאַם פֿונעם יאַם־וואַסער.**

**פֿונדעסטוועגן:**

אין ס׳טרעפֿט מיט מיר,
און ס׳מאַכט זיך אָפּט —
איך וויל דערזען זיך,
בײַס איך שלאָף.

באַ מײַן געלעגער וויל איך שטיין
און קוקן גלײַך אַף זיך אַליין.

**דאָס איז פּרעכטיק. זי האָט נײַגער פֿאַר אַלצדינג. דאָס דאַרף דאָך טאַקע אַזוי זײַן. אויב מיר באַאַכטן די נאַטור, אונדזערע נאָענטע, פֿאַרוואָס זאָלן מיר ניט וועלן אַ קוק טאָן אַף זיך? און ניט נאָר, ווען מיר שלאָפֿן! האָבן אַ בליק פֿון דער זײַט אַף זיך, דאָס איז זייער אַ וויכטיקע מאָדרייגע.**

**שיפֿרע כאָלאָדענקאָ איז אָפּט אַזוי פּראָסטזעליק, איר גאַפּן איז קימאַט קינדעריש. אָבער דאָס איז ניט איבערצושאַצן. און דערפֿאַר דאַרף זי קײנמאָל ניט דעקלאַרירן, אַז זי איז יונג. אַלע זעען און פֿאַרשטייען, אַז זי איז ניט אַלט, אַז אירע אויגן זײַנען ברייט צעעפֿנט פֿאַר וווּנדער, איר נעשאָמע איז צעפֿראַלט פֿאַר אַלדאָס לעבעדיקע און איר גאַנצע ראַציע איז געווענדט ניט צו זיך. זי איז געשווומען אַף צאָפּן, דאָס איז געוויס געווען ניט גרינג פֿאַר איר. און דאָס זאָגט אונדז, אַז זי האָט ניט פֿאַרשווענדט קיין רירנדיקע עמאָציעס צו זיך גופֿע. ווײַל עס איז קלאָר, אַז נאָר פֿלאַכקעפּ, פֿיליסטיאָרן באַציִען זיך צו זיך רירנדיק־סענטימענטאַל — זיי זײַנען, אַפּאָנעם, זיכער, אַז גראָד זיי זײַנען די קרוין פֿון דער וועלט.**

**אַ צוויי־דרײַ מאָל בין איך מיט יאָרן צוריק געווען באַ שיפֿרע כאָלאָדענקאָ אין שטוב. זייער איינפֿאַכע אויסשטאַטונג, אַן אָנגעוואַלגער פֿון ביכער און פּאַפּיר, טיי האָבן מיר געטרונקען אין פּאָשעטע קרייגעלעך, געגעסן אין דורכשניטלעך געפּעס, דער דיוואַן איז געווען פֿאַרשפּרייט מיט אַ טונקעלן צודעק, טאַקע נאָר ווי דאָס „נעפּל־טישטעכל" אין דער ליד „באַם ברודער דאָוויד האָפּשטיין".**

**שיפֿרע כאָלאָדענקאָ האָט זיך בעעמעס ניט גענייטיקט אין קליינבירגערלעכע אינטעריערן. זי גופֿע האָט באַשײַנט דעם רוים פֿון איר דירע, וואָס איז געווען גאָר ניט אַזוי גערױם. זי האָט געהאַט איין דײַגע — אַרויסברענגען דאָס, וואָס עס ליגט אין איר גופֿע פֿאַרבאָרגן. מיסטאָמע דערפֿאַר האָבן זיך אַרויסגעגאָסן פֿון איר די שורעס:**

# א קעצל

אפן גראָז אונטער א בוים
זיצט א קעצעלע און טרוימט.
וועגן ווען און וועגן וואָס
טראַכט א קעצל אפן גראָז?
עפשער טרוימט עס וועגן מײַז,

עפשער זאָרגט עס וועגן שפּײַז.
ניין, מײַן קעצעלע איז זאַט,
אפן גראָז עס זיצט זיך גלאַט.
ס'איז אין דרויסן גרין און העל,
שעפּט עס נאַכעס פון דער וועלט.

* * *

דורך די קלאַדקעס דינינקע און שמאָלע
קומען אָן די טויטע מיר צו כאָלעם,
און מײַן הימל כ'הער ניט אויף אים לויבן:
ניט אינגאַנצן לאָזט ער זיך באַרויבן.

ווען די טויטע מיר צו כאָלעם קומען,
קומט דאָס וואָרט דאָס שענסטע אפן גומען,
פאַלט די טרער די ריינסטע פון די אויגן.
כ'הער ניט אויף צו האָפן און צו גלויבן.

* * *

עס גייט א שניי, עס גייט א שניי,
ער גייט, ער שיט, ער פאַלט,
און ווי איך גיי און ווי איך שטיי
איך פאַל דיר אפן האַלדז.

איך האָב דיך הײַנט באַזונדערס ליב,
און פרעג מיך ניט פאַרוואָס.

א פרישע שײַן זיך זיפּט און זיפּט,
איך הער, ווי ס'וואַקסט דאָס גראָז.

כאָטש אונדזער לעבן שוין פאַרגייט,
מיר זײַנען אַלט שוין הײַנט,
פאַרשאַרפטער פיל איך יענע פרייד,
וואָס האָט אמאָל געשײַנט.

---

אָ, גאָטעניו, גאָט, איך ווייס — ביסט ניִשטאָ,
איך בעט אף א ווײַלע זאָלסט ווערן,
ניט ענטפער מיר „ניין", ניט ענטפער מיר „יאָ",
נאָר פּרוּוו מײַנע טעג מיר פאַרמערן.

די ווײַטערדיקע שורעס פון דער ליד גיבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס שיפרע בעט, אז אירע טעג זאָלן פאַרמערט זײַן. זי וואָלט דאַן פאַרשפּאָרט א סאַך געוואג צוליב די, וואָס וועלן קומען נאָך איר. דאָס איז ביז גאָר רירנדיק, און ווידעראַמאָל איבערצײַגט עס, אז די דיכטערן טראַכט ניט נאָר וועגן זיך.

כוץ א סאַך אנדערע מײַלעס, איז מיר זייער צום הארצן, וואָס שיפרע כאָלאָדענקאָ פאַרבײַט ניט דעם מין. יעדע שורע איז ווײַבלעך, ווי ס'איז געזאָגט געוועןן, צאַרט. ס'איז בײַוועזנדיק אָן אקשאָנעסדיק געפעכט פון מוטערלעכקײַט, אָפּפערווייליקן אויסדויער. נאָר א פרוי האָט געקענט אויסדריקן אזוינע געפילן, אזא צושטאַנד:

ס'איז קלאָר מיר אצינד: פון ציללאָזער שפּיל
געוואָרן א ציל, געבאָרן א קינד.

דאָס איז אזוי אומשולדיק, אזוי רירנדיק־פּאָרטרויִלעך, צו דערוף — דער אנציקנדיק־פּאָשעטער און אזוי רעאַליסטיש אויסגעמאָלטער פּאָרטרעט:

מיט שיטערע האָר, די יאַסלעס אָן ציין,
און איינס איז מיר קלאָר —
ס'איז ווונדערלעך שיין.

דאָס איז טאַקע פאַרכאַפּנדיק־שיין!

שיפרע קאָן ניט באַזינגען קיין גאָלדענע האָר, אירע ווערטער גייען אויף פון הארצן, איר דיכטונג־שיף מײַדט אויס אַלע אונטערוואַסער־שטיינער און אין אַלע אירע שורעס פליסט דער האָלפּשטראָם, אומעטום איז דאָ דאָס כײַעסדיק־רעאַלע, אַלץ איז באַפליגלט מיט אזוי פּאָשעטע ווערטער און מיט צאַרטער ווײַבלעך־מוטערלעכקײַט. אין אונטערטעקסט ריזלט קוואַל־וואַסער. שיפרע איז ניט פון די יעניקע, וועלכע שטייען מיט דער ווענטקע באַם אקוואַריום, זי איז דער פישפאַנגער, וואָס נעמט זײַן גאָב פון די ברויזנדיקע וואַסערן.

און ווידער דאָס שעפערישע הויז אין מאַלייעווקע...

געהאַט אזא געלעגנהײַט אַלע טאָג צו זען שיפרע כאָלאָדענקאָ, הערן, ווי זי דערציילט וועגן אירע יאַם־רײַזעס, אײַנהערן זיך אין איר פילבאַדײַטנדיקן שווײַגן, זען, ווי אירע הענט רוען אזוי רעכטפול, ווי אירע געדיכטע האָר שלאָגן זיך ארויס פון דער איינפאַכער פּאַטשיילקע, ווי אומאָפּהענגיק־שטאָלץ זי גייט ארײַן אין עס־צימער פון מאַלייעווקע, ווי אומבאַצוווּנגען זי טראָגט איר טונקל, ברייט, פּאָשעט זומערדיק קלייד, ווי זי באַמערקט אפילו ניט די שעמערירנדיקע פּלודערן אף די אַלערליי דאַמען, וואָס טוען זיך איבער דרײַ מאָל א טאָג. שיפרע כאָלאָדענקאָ — זי איז אוועק אין אייביק־אייביקן אנטראַקט!

מיר זײַנען מעכוּיעוו צו געדענקען וועגן דעם, און בייס דעם דערמאָנען די אָפּגעשיידטע, זײַנען מיר מעכוּיעוו צו געדענקען, אז אַלץ איז פאַר די לעבעדיקע. די, וואָס זײַנען אוועק אף אייביק, הערן ניט, זען ניט און ווייסן גאָ־אָ־אָרניט!

שירע גאָרשמאַן

* * *

אַ ייִנגעלע הייסט נאַזאַרעט.
דאָס ייִנגל איז אַן אָרעמענער.
איך גיי מיט דער וועלט אין געוועט —
פון אים ניט פאַראַן איז קיין שענערס.

געבאָרן עס האָט אים אַ פאָלק,
וואָס האָט פון רעדיפעס געליטן.
ווי כּײַעס, מע האָט עס פאַרפאָלגט,
מע האָט עס געשאָכטן, געשניטן.

נאַזאַרעט איז פאַראַן אויך אַ שטאָט,
אַ נעס אין דער שטאָט איז פאַרלאָפן,
מע האָט דאָרט באַשאַפן אַ גאָט —
דעם גאָט פון נעכאָמע און האָפענונג.

און אויב ס'איז דער נעס ניט געשען,
און ס'איז דאָרט קיין גאָט ניט געוואַקסן,
אַ מענטש איז געוויס דאָך געווען,
געטראָגן די טרויב אַף די אַקסלען.

די טרויב פון נעכאָמע און פרייד,
פון מיטלײַד צו אַלעם פאַרשקלאַפטן,
און טאַקע אַזוי שטילערהייט
געוואָרן דער גאָט איז באַשאַפן.

נאַזאַרעט האָט אַ זעלטענע ווערט,
אַ ווערט פון די אײדלסטע טרוימען,
באַרימט איז די שטאָט אַף דער ערד
פיל מער פון ניו־יאָרקען און רוימען.

* * *

איך בין שוין פון לאַנג געבאָרן,
כ'האָב שוין אײניקלעך פון לאַנג,
כ'האָב פון לאַנג אַ קאָפּ אַ גראָוון,
נאָר מײַן לעבן איז אין גאַנג.

כ'האָב אַף קײנעם ניט פאַריבל,
ניט געשטעלט האָב איך קיין טנאַי,
אויב פאַרגאַן איז שוין מײַן לעבן,
איז די מײַסע גאָרניט נײַ.

נאָר אויב לעבן כ'וועל נאָך יאָרן,
בענטשן וועל איך מײַן געווינס,
ס'טרעפט דאָך... אונטער שנייען קלאָרן,
גרינט אַ גרעזעלע און גרינט.

* * *

אין לײדן אין שווערע און שאַרפע
ניט אײן מאָל אַלײן זיך איך זאָג:
איך האָב דען אַלײן זיך באַשאַפן?
ס'איז מײַנס דען אָט דאָס וואָס איך טראָג?

* * *

אין דער גאַלעריִע פון די דוירעס
בין איך אויך אַ שטיקל עקספּאָנאַט,
און פון טיפן האַרץ איך דאַנק דעם בוירע,
וואָס די זכיה לעבן כ'האָב געהאַט.



## ש. ווײַנפעלד

# הירש לעקערט

### צום 75־טן יאָרטאָג פון זײַן טויט

דעם 28 מײַ 1902 האָט מען הינטער ווילנע, אפֿן מיליטער־פֿעלד, אופגעהאַנגען דעם ייִדישן אַרבעטער הירש לעקערט.

די ידיעה וועגן לעקערטס טויט האָט אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן לאַנד. דער מאַרטירער איז געוואָרן אַ באַליבטער העלד פֿון די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן. עס זײַנען וועגן דעם געשאַפֿן געוואָרן פֿאָלקס־לידער. נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט דער באַוווּסטער סאָוועטישער דיכטער אַרן קושניראָוו אָנגעשריבן אַ פּיעסע אין פֿערזן אונטערן נאָמען „הירש לעקערט". אין מינסק האָט מען דעם יונגן פּראָלעטאַריער געשטעלט אַ דענקמאָל.

הירש לעקערט איז געקומען קיין ווילנע פֿון אַ קליין ליטוויש שטעטעלע אין קאָוונער גובערניע. אין ווילנע האָט ער געאַרבעט אין אַ שוסטער־וואַרשטאַט. אַ יונגער באָכער, אַ פֿלינקער, רירעוודיקער און ביז גאָר אַ קרעפֿטיקער, האָט ער זיך באַלד אויסגעטיילט מיט זײַן ערנסטקײַט און שאַרפֿן סייכל. ער האָט שטאַרק איבערגעלעבט פֿון דעם, וואָס ער האָט ניט געקענט ניט לייענען און ניט שרײַבן. דערבײַ איז ער געווען גוואַלדיק נײַגעריק צו נײַס, באַזונדערס צו פּאָליטישע נײַס. ווען עס איז אָנגעקומען אַ פֿרישע צײַטונג אָדער אַ ביכל, פֿלעגט ער מאַמעש פֿאָדערן בײַ זײַנע כאַווײרים, זיי זאָלן לייענען פֿאַר אים די אינטערעסאַנטע שטעלן. באַזונדערס איז געווען פֿאַרשאַרפֿט בײַ לעקערטן דער געפֿיל פֿון פּראָלעטאַרישער אַכדעס. ער פֿלעגט ווערן שטאַרק אויפֿגעבראַכט, דערוויסנדיק זיך וועגן שטרײַקברעכערײַ. ס'איז פּאַשעט געווען אומעגלעך צו באַנעמען: איינע שטרײַקן, קעדיי צו פֿאַרגרעסערן דעם געהאַלט און פֿאַרקלענערן דעם אַרבעטסטאָג, און אַנדערע גייען אוועק אָף זייער אָרט אַרבעטן. ווי אַזוי קאָן דאָס געמאָלט זײַן?

ווען מע האָט געדאַרפֿט אַראָפּנעמען אַ שטרײַקברעכער פֿון דער אַרבעט, פֿלעגט לעקערט אַרײַנגײַן אין וואַרשטאַט, און אויב קיין רייד האָבן ניט געהאָלפֿן, האָט ער מיט קויעך געצוווּנגען דעם שטרײַקברעכער זיך אונטערוואַרפֿן דער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַרישקײַט.



איינמאָל, דאָס איז געווען אין 1900, האָט מען הינטער דער שטאָט אַרעסטירט אַן עלטערן אַרבעטער מיט נאָך צוויי אַרבעטערנס פֿאַר פֿאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס. דער אַרעסטירטער האָט געאַרבעט אין איין וואַרשטאַט מיט לעקערטן און פֿלעגט אָפֿטער, איידער אַנדערע, לייענען אים צײַטונגען, ביכלעך. אַרעסטירט האָט מען די גרופּע שפּעט באַנאַכט, און די פּאָליציי האָט, קענטיק, באַשלאָסן אופֿהאַלטן די אַרעסטירטע ביז אינדערפֿרי באַם אוריאַדניק, קעדיי דערנאָך זיי אָפּפֿירן אין שטאָט, אין דער פּאָליציי־פֿאַרוואַלטונג.

צווישן די אַרבעטער פֿאַרשפּרייט זיך די ידיעה וועגן דעם אַרעסט. לעקערט באַשטימט, אַז מע דאַרף די כאַווײרים באַפֿרײַען. פֿאַרטאָג, ווען מע פֿירט אַרויס די אַרעסטירטע פֿונעם טויער, גיט לעקערט אַ סיגנאַל — פֿון אַלע געסלעך טוען זיך אַ וואָרף די אַרבעטער מיט פֿלעקער און שטיינער אָף די פּאָליציאַנטן און שלאָגן אָפּ בײַ זיי די אַגיטאַטאָרן.

לעקערטן האָט מען עטלעכע מאָל ארעסטירט, נאָר יעדעס מאָל אנטלויפט ער. סאָף־קאָלסאָף ווערט ער ארעסטירט און ארויסגעשיקט אין קאַטערינאָסלאַווער גובערניע (איצט דניעפּראָפּעטראָווסק). אויך פון דאָרט אנטלויפט ער און קומט אומלעגאַל צוריק קיין ווילנע.

אָט אזא איז געווען דער יונגער הירש לעקערט.

פאָן וואַלן האָט געשיקט קיין ווילנע די צאַרישע רעגירונג מיט א ספּעציעלער אופגאַבע צו דערשטיקן די וואַקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. ער האָט געהאַט א שעם פון א טשינאָווניק מיט א שטאַרקער האַנט.

די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער האָבן פאָן וואַלן באַגעגנט מיט א פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער עס איז געווען אָנגעוויזן, אז וואָס מער רעפּרעסיעס, אלץ שטאַרקער וועט זײַן דער קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט, אלץ גיכער וועט נעמען א סאָף צו דער זעלבסטהערשונג. און ווי אים אפצולאַכעס, האָבן זיך די אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס פאַרמערט. יעדע 3—4 טעג א נײַע פּראָקלאַמאַציע.

מע דערציילט, וויאַזוי פאָן וואַל האָט געשריִען אפן פּאָליצמייסטער:

— וואָס זײַנען זיי, מלאָכים אָדער שיידים! און וואָס איז דאָס פאַר א פּאָליציי, וואָס קאָן קיינעם ניט כאַפּן?!

דאָס זײַנען אָבער געווען געטרײַע רעוואָליוציאָנערן, וועלכע האָבן צעטיילט צווישן זיך די שטאָט אף קוואַרטאַלן און פאַרלעכווײַז, א באָכער מיט א מיידל, קעדיי עס זאָל קיין כשאַד ניט פאַלן, אין מעשעך פון 15־20 מינוט באַקלעפּט און באַשאָטן אלע גאַסן און הויפן מיט פּראָקלאַמאַציעס, ווי מיט א שניי.

קיין רויִקע מינוט האָט פאָן וואַל אין ווילנע ניט געהאַט, אָנהייבנדיק פונעם ערשטן טאָג פון זײַן זעצן זיך אפן גובערנאַטאָר־שטול. אין א כוידעש ארום ברעכט אויס אן אלגעמיינער גאַרבער־שטרײַק אין סמאָרגאָן און אשמענע. עס הייבן זיך אָן ארעסטן. די ווילנער טורמע ווערט פול געפּאַקט מיט שטרײַקנדיקע גאַרבער.

די שטרײַק־באַוועגונג האָט זיך אלץ ברייטער איבערגעוואָרפן אין די נאָענטסטע שטעט — מינסק, גראָדנע, סמאָלענסק, ביאַליסטאָק, אשמענע, סמאָרגאָן.

וואָס נעענטער צו מײַ, אלץ אָנגעשטרענגטער ווערט די שטימונג. אף אלע פאַרזאַמלונגען ווערן אָנגענומען באַשלוסן: דעם ערשטן מײַ — א גאַסן־דעמאָנסטראַציע. מע ווייסט, אז פאָן וואַל האָט געדראָעט די דעמאָנסטראַנטן מיט שמיץ, אָבער קיינער גלייבט ניט אין דעם. איינצײַטיק מיט דער דעמאָנסטראַציע אין גאַס איז באַשלאָסן געוואָרן דעם זעלבן אָוונט אין שטאָט־טעאַטער וואַרפן פּראָקלאַמאַציעס, געווידמעט דעם ערשטן מײַ.

ניט געקוקט אף אלע דראָונגען מיצאַד פאָן וואַלן און זײַנע מעשאָרסים, איז די דעמאָנסטראַציע פאָרגעקומען.

דעם 1 מײַ פונעם 1902, 7 אזייגער פאַרנאַכט האָבן אף דער צענטראַלער האַנדלס־גאַס, אף דער דײַטשישער, ווי זי האָט דעמלט געהייסן, אָנגעהויבן אָנקומען יאָמטעוודיק געקליידטע ארבעטער און ארבעטערנס. צום אָנהייב האָט מען שפּאַצירט אף די טראָטואַרן, באַגריסט איינער דעם צווייטן מיטן יאָמטעוו. עס איז געווען גלײַך צו באַמערקן, אז די שטאָט האָט באַקומען א ניט געוויינלעכן אויסזען: אלע טויערן זײַנען געשלאָסן, בא יעדן טויער שטייט א דוואָרניק. די גאַסן זײַנען פול מיט פּאָליציי... דאָך איז דער שפּאַצירנדיקער עולם געוואָרן אלץ גרעסער. אף די טראָטואַרן איז ענג, מע גייט שוין טיילווײַז איבער דער מיט פון דער גאַס. נאָר אָט איז דורכגעפאָרן אן עסקאַדראָן קאָזאַקן מיט שפּיזן אין די הענט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אפן טעאַטער־פּלאַץ. די דעמאָנסטראַנטן זײַנען אין קלעם. אָבער פון די געסלעך קומען צו אלץ מער דעמאָנסטראַנטן, מע גייט שוין קאָלאָנעסווײַז. דאָ און דאָרט הערט זיך א ליד.

איינער פון די דעמאָנסטראַנטן לויפט ארויס אין דער מיט גאַס און שרײַט אויס:

— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!

— זאָל לעבן די פרײַהײַט!

עס הייבן זיך אוף צוויי רויטע פאָנען און א הילכיקער הורא קלינגט איבער דער גאַס.

די פּאָליציי גיט זיך א וואָרף אף די דעמאָנסטראַנטן, כאַפּט ארויס איינציקווײַז עטלעכע מאַנצבלען און פרויען, שלאָגט זיי איבער די קעפּ, און פירט אָפּ א גרופּע אין אוטשאַסטאָק.

דאָ מישן זיך אַרײַן די קאָזאַקן. מיט די נאַהײַקעס שלאָגן זיי איבער די פּענעמער, איבער די רוקנס פון די דעמאָנסטראַנטן. דעם פאָנענטרעגער וועלוול דעם מאַליער, א שרעקלעך־צעבלוטיקטן, האָט מען ארופגעוואָלגערט אף א דראָזשקע, נאָר די פאָן האָט ער ניט אָפּגעגעבן, ביזוואַנען ער איז געפאַלן אָן באַוווּסטזײַן.

אפן צווייטן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שרעקלעכסטע און עקלהאַפטסטע. עס איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע. אָנגעפירט מיט איר האָט אליין דער גובערנאַטאָר פאָן וואַל. אינמיטן פון א ברייטן קאָרידאָר האָט מען אוועקגעשטעלט א באַנק. בא די זײַטן קופּעס ריטער, איבער דער גאַנצער לענג פונעם קאָרידאָר — קאָזאַקן מיט נאַהײַקעס אין די הענט. עס גייט אַרײַן פאָן וואַל אין דער באַגלייטונג פונעם פּאָליצמייסטער, מיט א צעטל אין האַנט. לויט דעם דאָזיקן צעטל רופט מען ארויס ארעסטירטע און עס הייבט זיך אָן...

פאָן וואַל באַפעלט:

— די פאָנענטרעגער צו 100 שמיץ, די איבעריקע — צו 50!

פאָן וואַל קאָמאַנדעוועט קאַלטבלוטיק:

— איינס, צוויי, דרײַ! זעלטענער, שטאַרקער!

דער דאָקטער פּרוּווט דעם פּולס פון די געפּײַניקטע און גיט איבער פאָן וואַלן:

— מע קען נאָך...
ניטאָ קיין גרענעץ צו דער שאנד, ניטאָ קיין סאָף צו די ליידן!

דער געדאנק צו שמײַסן איז, אייגנטלעך, ניט פאָן וואלס אן אייגענע דערפינדונג. אין ווילנע האָט זיך געפונען איינער א קליאַטשקאָ, א ייִד, און ער האָט עס געגעבן אן אייצע דעם גובערנאטאָר, וויאַזוי צו אָנלערנען די בונטאָווש־טשיקעס, וועלכע האָבן פארגעסן, וואָס אין דער טוירע שטייט, און זײַנען ווידערשפּעניק דעם קייסער. די אייצע איז: שמײַסן.

דאָס קליינבירגערטום פון ווילנע האָט גע־קוועלט פון נאכעס.

אלע געפּײַניקטע (26 ייִדישע און פּוילישע ארבעטער) האָט מען נאָך דער עקזעקוציע אָפּ־געלאָזט. זאָלן אלע זען און וויסן. די שטאָט האָט געקאָכט. אין די ארבעטער־קרײַזן איז בא אלעמען אף די ליפּן געווען איין וואָרט: נע־קאָמע.

ארום לעקערטן האָט זיך אָרגאניזירט א קאָנספּיראַטיווע גרופּע פון זעקס מאן — ייִדישע און פּוילישע ארבעטער. די גרופּע האָט גע־שטעלט פאר זיך דעם ציל צו פארניכטן פאָן וואלן. דאָס זײַנען געווען פּאָשעטע ארבעטער־רעוואָליוציאָנערן. זיי האָבן אלע גוט געוווּסט, אז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז קעגן טעראָר. טעראָר גיט ניט קיין מאַמאָשעסדיקע רעזול־טאַטן. מע הארגעט איין צארישן דינער, קומט אף זײַן אָרט א צווייטער. די גאנצע ענערגיע דארף מען אָנווענדן אף אָרגאניזירן די ברייטע ארבעטער־מאסן צום פּאָליטישן קאמף קעגן דער זעלבסטהערשונג ביכלאַל, פאר פּאָליטישער פרײַהײַט. אָבער דער געפיל פון באליידיקטער ווירדע איז געווען בא זיי אזוי שטארק, אז זיי האָבן ניט געקאָנט אָפּוואַרפן דעם געדאנק צו פארניכטן פאָן וואלן.

עס איז געווען נאָך א געהיימע גרופּע, וועל־כע האָט זיך געשטעלט דעם ציל נעקאָמע צו נעמען פונעם דאָקטער, וואָס האָט באדינט די עקזעקוציע. מע האָט אים געדארפט פארנארן קלוימערשט צו א כוילע, אוועקלייגן און אָפּ־שמײַסן. דערבײַ האָט איינער געדארפט אים האלטן באם פּולס און זאָגן, אז מע קאָן געבן נאָך. אין שטאָט האָט מען גערעדט, אז דעם דאָזיקן פּלאַן בענעגייע דעם דאָקטער האָט מען אויסגעפילט, אָבער גענוי ווען און ווו ווייסט מען ניט.

לעקערטס גרופּע האָט געקראָגן רעוואָל־ווערן. יעדן אָוונט פלעגט מען גיין אין וואלד זיך לערנען שיסן. קימאַט דרײַ וואָכן האָט די גרופּע נאָכגעשפּירט נאָך פאָן וואלן. יענער האָט זיך אָבער געהיט. די אָכראַנקע האָט געהאַט א גרונט צו וואַרטן אף אן אטענטאט. די גאנצע שטאָט האָט גערעדט, אז גלאַט אזוי וועט די זאך ניט דורכגיין.

ענדלעך, האָט מען באקומען א ידיִעה, אז דעם 5 מײַ (לויטן אלטן סטיל) וועט אין שטאָ־טישן צירק פאָרקומען א גרויסע פאָרשטעלונג, אף וועלכער עס וועט בײַזײַן דער גובערנאטאָר. דעם 6 מײַ וועט זײַן א מיליטערישער פּאראַד צוליב דעם געבורטסטאָג פונעם קייסער ניקאָ־לײַ. די גרופּע באשטימט: דעם 5 אָדער דעם 6 מײַ אומבאדינגט ענדיקן מיטן איניען.

דעם 5 מײַ האָט לויט דער ריי געדארפט שטיין באם ארײַנגאנג אין צירק ניט לעקערט, נאָר אן אנדער מיטגליד פון דער גרופּע. לע־קערט האָט אים אײַנגעבעטן צו בײַטן זיך מיט די ערטער. ער האָט זייער געוואָלט פּערזענלעך אויספילן דעם אורטייל איבער פאָן וואלן. דערבײַ איז באשלאָסן געוואָרן, אז די צוויי מיטגלידער פון דער גרופּע — די ארבעטער מיכאלאָווסקי און סענדעראַצקי — וועלן אין דער זעלבער צײַט זײַן לעם צירק מיט רעוואָלווערן אין די הענט, און אויב לעקערטן וועט זיך ניט אײַנגעבן צו שיסן פאָן וואלן באם ארויסגאנג פון צירק, וועלן זיי עס טאָן פון זייערע ערטער.

ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט און פאָן וואל איז ארויס פון צירק אין דער באגלייטונג פון זײַן סוויטע, האָט לעקערט צוויי מאָל אויסגעשאָסן אין אים.

כאָטש עס איז געווען שפּעט באנאכט, דאָך האָט זיך די ידיִעה וועגן דעם אטענטאט אף פאָן וואלן גלײַך פארשפּרייט איבער דער גאנצער שטאָט. א פרייד האָט ארומגעכאַפּט די ארבעטנ־דיקע באפעלקערונג פון ווילנע.

די אַטמאָספער פון דערשלאָגנקײַט נאָך דער עקזעקוציע איז פארשוווּנדן. אפילע דער קליינ־בירגער האָט געמוזט אנערקענען — מיט די ארבעטער דארף מען קיין קאַטאָוועס ניט טרײַבן!

אלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט, צי פאָן וואל וועט בלײַבן לעבן, צי ניט. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז לעקערט האָט אין אים גע־טראָפן איין מאָל אין האנט, דאָס צווייטע מאָל אין פוס. פאָן וואל איז געבליבן לעבן.

נאָכן אטענטאט איז לעקערט אנטלאָפן צום פינצטערן מארק־פּלאַץ, וואָס הינטערן צירק. אין וועג האָט ער געוואָרפן דאָס געווער און זיך אומגעקערט צוריק, קעדיי אויסצומישן זיך מיטן עולם, נאָר ער האָט באלד צוגעצויגן צו זיך די אופמערקזאַמקײַט פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט אים אָפּגעפירט אין טפיסע און ארײַנגעזעצט אין קארצער.

ווען מע האָט לעקערטן געקעפּט, האָט דער ווילנער פארייניקטער קאָמיטעט פון די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאניזאַציעס ארויסגע־לאָזט אן אופרוף אין ייִדיש, פּויליש און ליט־וויש.

אָפּגעבנדיק ערע דעם העלדישן טאַט פונעם פּראָסטן ייִדישן ארבעטער, מערקט ווײַטער אָפּ דער אופרוף:

„די נייטיקײַט פון פּאָליטישן קאמף אלס דאָס איינציקע מיטל צו דערשלאָגן זיך רעכט פון א פרײַען בירגער, ווערט אלץ קלאָרער פאר אלע אײַנוווינער פונעם גרויסן רוסלאנד. כאַווײרים, ברידער! אונדז וועלן דאָך ניט

אָפשרעקן די טליִעס און די שמיץ, ווי עס האָבן ביז איצט ניט געשראָקן די טפיסעס אין סיביר. מיר וועלן קעמפן, ביז עס וועט אונטערן דראנג פון אונדזערע אלגעמיינע און איינהייַטלעכע קרעפטן פאלן דער בינין פון אלרוסלענדישן דרוק, ווילקיר און גוואלדטאט — די צארישע זעלבסטהערשונג".

אין אייניקע רעוואָליוציִאָנערע אָרגאניזאציעס האָבן ווידער אופגעלעבט די טעראָר־שטימונגען. אָבער די איסקראָווצעס האָבן געפירט אן ענערגישן קאמף קעגן טעראָר. אין אן ארטיקל „דער רוסישער ארבעטער־קלאס און די פאָליציייִשע ריטער" האָט פלעכאנאָוו ווידער אָנגעוויזן, אז ניט מיט טעראָר וועט מען מאכן א סאָף צו די פאָליציייִשע ריטער. „דער העלד לעקערט, — האָט פלעכאנאָוו געשריבן, — איז געפאלן. אייביקער אָנדענק דעם העלד. אָבער דער העלד איז געפאלן, און דער יאָך פון צאריזם דריקט, ווי פריִער, די פארווונדעטע פלייצעס פונעם רוסלענדישן ארבעטער־קלאס און, ווי פריִער, דראָעט די געפאר פון דער שאנדע פון די ריטער דער גאנצער ארבעטנדיקער באפעלקערונג פון רוסלאנד פאר דער קלענסטער ארויסווייַזונג פון זעלבסטבאוווסטזיניקייַט און זעלבשטענדיקייַט".

און ווייַטער שרייַבט פלעכאנאָוו:

„אונדזער נאָענטסטע אופגאבע באשטייט ניט אין באשטראָפן איינציקע דינער פונעם קייסער — מיר וועלן סייַוויסייַ ניט זייַן אימשטאנד אלעמען באזונדער פון זיי צו באשטראָפן, — נאָר אין דעם, אז מע זאָל אין אלגעמיין אָפשלאָגן בא דער רעגירונג דעם כיישעק אף דעמאָנסטראציעס מיט ריטער. און דאָס קאָנען מיר דערגרייכן ניט מיט אָפפערדיקע מייַסים פון איינצלנע מענטשן — דאָס קאָן דערגרייכט ווערן מיט א שטארקן פאראקשנטן ווידערשטאנד פון די אלע, וועמען עס דראָעט לייַב־שטראָף".

אין 23־טן נומער פון דער צייַטונג „איסקרא" איז וועגן דער פראגע פון טעראָר ארויסגעטראָטן מיט אן ארטיקל אונטערן קעפל „רעוואָליוציִאָנערער אוואנטיוריזם" וולאדימיר איליטש לענין. ער שרייַבט דאָרט, אז די, וואָס זאָגן, אז מיט דעם טעראָר וועט מען פארניכטן דעם צאריזם, זייַנען רעוואָליוציִאָנערע אוואנטיוריסטן. און ווייַטער: „מע קאָן נאָך אָבער, כאווײרים, גאנץ לייַכט דאָס פאריכטן. דאָס פארלירן דעם גלויבן אין אונדזער זאך — איז בלויז א זעלטענער אויסנאם. דער טעראָר־לוסט איז ניט מער, ווי א גיך איבערגייענדיקע שטימונג. זאָלן זשע פעסטער געשלאָסן ווערן די רייען פון די סאָציִאל־דעמאָקראטן, און מיר וועלן צוזאמענשמידן די קאמף־אָרגאניזאציע פון רעוואָליוציִאָנערן מיט דעם מאסן־העראָיִזם פונעם רוסלענדישן פראָלעטאריִאט".

אופהייבן די ברייטסטע ארבעטער־מאסן צו א באוואָפנטן אופשטאנד קעגן דער זעלבסטהערשונג און ביכלאל קעגן דער קאפיטאליסטישער אָרדענונג — די דאָזיקע היסטאָרישע אופגאבע האָט אויסגעפילט די באָלשעוויסטישע פארטיי, בעראָש מיט לענינען, אין 1917 יאָר.

און דאָס איז דער בעסטער אָנדענק דעם געפאלענעם העלד הירש לעקערט.

## הירש לעקערט אין זייַנע לעצטע מינוטן

פונעם בוך „הירש לעקערט צום 20־טן יאָרטאָג פון זייַן קעפונג", מאָסקווע, 1922

די יעדיִעס, וועלכע ווערן דאָ געבראכט, זייַנען באקומען געוואָרן פון די ערשטע קוועלן.

נאָך דעם אטענטאט אף פאָן וואלן האָט מען לעקערטן געבראכט אין אנטאָקאָלער טפיסע. אריינגעזעצט אין א באזונדערן קארצער. די ארעסטאנטן, וועלכע האָבן אים גוט געקענט פון זייַן פאראיִאָריקן זיצן, האָבן געפונען א מעגלעכקייַט מיט אים זיך דורכריידן.

— דו ווייסט, אז דיר קאָן קומען דאָס שטריקל? — האָט אים אן ארעסטאנט געפרעגט.

— וועל איך זיי האָבן דעמלט אין דער ערד, — האָט ער קורץ און שארף געענטפערט.

נאָכן מישפעט איז ער געזעסן אין 14־טן נומער (ווילנער ציטאדעל). ווען מע איז אים געקומען נעמען, האָט מען אים געזאָגט, אז מע שיקט אים אף קאטאָרגע.

— איך ווייס, וווהין מע פירט מיך, און איך בין צוגעגרייט, — האָט ער געענטפערט.

דער טויט־אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אף אזא אויפן. אפן מיליטער־פעלד האָט מען אויסגעשטעלט סאָלדאטן אין א קארע מיט די פנעמער צו דער גאס, אזוי אז זיי האָבן ניט געקענט זען, וואָס אינווייניק טוט זיך. לעקערטן האָט מען צוגעפירט צום עשאפאָט, און דער פראָקוראָר האָט דורכגעלייענט דעם אורטייל. דאן האָט דער פראָקוראָר געפרעגט צי לעקערט פארלאנגט א ראָוו. לעקערט האָט געבעטן, מע זאָל אים ניט באומרויִקן לעפאָכעס די לעצטע מינוטן.

באם אויספירן דעם טויט־אורטייל האָט זיך געפונען דער ראבינער נעמזער. דער ראבינער האָט לעקערטן געזאָגט, אז אויב ער וועט ארויסגעבן זייַנע מיטהעלפער, וועט מען אים מויכל זייַן, און דער טויט־אורטייל וועט פארביטן ווערן אף קאטאָרגע. לעקערט האָט געבעטן דעם ראבינער אָפטרעטן פון אים. דער ראבינער האָט נאָכאמאָל איבערגעכאזערט זייַן פראגע.

— אויב איר ווילט ניט האָבן גראָב אָנגעזידלט צו ווערן פון מיר פאר מייַן טויט, איז גייט פון מיר גלייַך אוועק.

דאָס זייַנען געווען הירש לעקערטס לעצטע ווערטער.

## קינסטלער וויליאם גראָפּער (פּשא)

שארבלאט פונעם זשורנאל „דער האמער" (מײַ 1935)



לײַבלעכע ברידער — דער
סאָוועטישער ארבעטער און דער
סאָוועטישער פויער

צייכענונג צום אָקטיאבער־נומער
פונעם זשורנאל „דער האמער"
(1933)




ציוניסטישע טעטיקייט פאר די יידן אין גאָלעס




א קאריקאטור אין דער רעאקציאנערער צייטונג „טאָג"

# אנטיסעמיטיזם אין מײַרעוו=דײַטשלאַנד

גײענדיק אנטקעגן די באַקאַשעס פון די לײענער, האָט „סאָוועטיש הײמלאַנד״ פֿאַרעפֿנטלעכט מאַטעריאַלן װעגן דעם װוּקס פון אַנטיסעמיטיזם אין די פֿאַראײניקטע שטאַטן פון אַמעריקע (נומ. 6 פון 1976) און אין לאַטײַן־אַמעריקע (נומ. 2 פון 1977). אין הײַנטיקן נומער דרוקן מיר אַן איבערזיכט אַף אָט דער טעמע אין שײַכעס מיט מײַרעוו־דײַטשלאַנד. די ידיעות זײַנען גענומען פון דער פּרעסע.

## א פאַרשונג פונעם קעלנער סאָציאָלאָגישן אינסטיטוט

די צײַטונג „פראַנקפורטער רונדשאַו״ פון 12 יון 1976 טײלט מיט װעגן א פאַרשונג, װאָס איז דורכגעפירט געװאָרן אין קעלנער סאָציאָלאָגישן אינסטיטוט מיטן ציל פעסטצושטעלן די מאַסשטאַבן און די פאָרמען פון די אַנטיסעמיטישע פאָרורטײלן אין דער הײַנטיקער מײַרעוו־דײַטשישער געזעלשאַפט. די געלערנטע, װעלכע האָבן געפירט די פאַרשונג, זײַנען געקומען צום אויספיר, אז דער אַנטיסעמיטיזם אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד איז א װירקנדיקער פאַקטאָר, נאָר ער איז פאַרמאַסקירט אונטער פאַרשײדענע שלײערס. די פאָרמען פון דער דערשײַנונג זײַנען פאַרשײדן. פאַראַן אַנטיסעמיטיזם אין געביט פון דער קולטור, אין געביט פון פּאָליטיק, עקאָנאָמיק; פאַראַן א געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם און א ראַסן־אַנטיסעמיטיזם.

די אויספאַרשונג האָט מען געפירט מיט דער הילף פון אַנקעטעס, אף װעלכע עס זײַנען באַקומען געװאָרן ענטפערס פון 2084 מענטשן אין עלטער אָנגעהויבן פון 16 יאָר.

אף דער פראַגע װעגן דער צאָל ײדן, װעלכע װױנען איצט אין דער פעדעראַטיװער דײַטשישער רעפּובליק (ניט קײן בירגער פון ײִסראָעל), האָט די גרעסטע מערהײַט אָנגערופן פאַנטאַסטישע ציפער — ביז א מיליאָן און מער. די דורכשניטלעכע ציפער, װעלכע די פאַרשער האָבן באַקומען פון 83 פראָצ. בירגער, איז געװען 268.000 (לויט די סטאַטיסטישע אָנגאַבן איז די צאָל ײדן אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד א גאַנץ קלײנע — אַרום 27 טויזנט).

דער פאַקט, אז צװישן דער באַפעלקערונג פון מײַרעוו־דײַטשלאַנד זײַנען פאַרשפרײט אַנטיסעמיטישע פאָרורטײלן, איז איבערצײַגנדיק דערװיזן געװאָרן דורך דעם אַנאַליז פון די ענטפערס אף די פראַגן פון די פאַרשער. די פראַגן זײַנען פאָרמולירט אין דער פאָרם פון צװאַנציק אַרויסזאָגונגען, װעלכע דריקן אויס די פאַרשײדנסטע אַספּעקטן פון די אַנטיסעמיטישע אָנשויוּנגען. אין יעדער אַנקעטע האָט געדאַרפט געגעבן װערן אַן ענטפער (א מײנונג) װעגן די אַרויסזאָגונגען. מיר ברענגען דאָ אײניקע פון זײ אין דער פולער פאָרם, װי זײ האָבן פיגורירט אין די אַנקעטעס פון דער אויספאַרשונג:

— עס איז פּראַקטיש אוממעגלעך צו באַזײַטיקן די כעסרוינעס, װעלכע זײַנען אײגנטימלעך די ײדן. די דאָזיקע כעסרוינעס זײַנען אינעם בלוט פון אָט דער ראַסע. אַלע ײדן, מיט קלײנע אויסנאַמען, זײַנען אַלצײנע.

— שוין לויט די געזיכט־שטריכן קאָן מען דערקענען, צי איז דער מענטש א ײד, צי ניט.

— די ײדן האָבן געהאַט א שלעכטן אײַנפלוס אף דער קריסטלעכער קולטור און ציוויליזאַציע.

— די מערהײַט פּאָליטישע אַגיטאַטאָרן און קאָמוניסטן זײַנען געװען ײדן.

— די שטרעבונג צו איבערקערענישן און רעװאָליוציעס איז אַן אָפּשפּיגלונג פונעם פאַרניכטונגס־פּרינציפּ, װאָס איז אײגנטימלעך פאַרן כאַראַקטער פון די ײדן.

— קעדײ ניט דערלאָזן צו דער געפאַר פון פּראָװאָקאַציעס מיצאַד די לינקע, דאַרף מען באַזונדערס ניט אַראָפּנעמען קײן אויג פון די ײדן.

פון די סאַכאַקלען פון דער אויספאַרשונג איז צו זען, אז באַ 75 פּראָצ. פון דער באַפעלקערונג פון מײַרעוו־דײַטשלאַנד זײַנען פאַרבליבן רעשטן פון אַנטיסעמיטישע אָנשויוּנגען און בעערעך א דריטלכײלעק פון דער באַפעלקערונג איז מאַסקים מיט אַלע אָנגערופענע אַנטיסעמיטישע אַרויסזאָגונגען.

אין דער צײַטונג „דויטשעס אַלגעמײַנעס זאָנטאַגסבלאַט״ פון 6 יון 1976 שרײַבט װעגן דער דאָזיקער אויספאַרשונג אירינג פעטשער. ער שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אפן אַנאַליז פון די

אנטיסעמיטישע שטימונגען צווישן די פארשיידענע גרופעס פון דער באפעלקערונג. אין דעם פאל, שרײַבט ער, איז גילטיק דער קלאל: וואָס עלטער עס איז דער בירגער, אלץ שטארקער איז ער געניײגט צו אנטידעמאָקראטישע אָנשויונגען. צווישן די בירגער אין עלטער פון 25 — 39 יאָר זײַנען 21,9 פראָצ. געשטימט אנטיסעמיטיש, אין דער זעלבער צײַט איז צווישן די בירגער פון 55 יאָר און עלטער זײַנען די אָנשויונגען בא 40,7 פראָצ. אנטיסעמיטישע.

אירינג פעטשער קומט צום אויספיר, אז ווי ניט אָנגענעם דאָס זאָל ניט זײַן, מוז מען אנערקענען, אז אין דער פעדעראטיווער דײַטשישער רעפובליק זײַנען 15 — 20 פראָצ. פון דער באפעלקערונג אָפּן אָנגעשטעקט מיט אנטיסעמיטישע פאָרורטיילן און אמווייניקסטן 30 פראָצ. ווײַזן ארויס אין א געוויסער מאָס די טענדענץ צו ניט אויסבאהאלטן זייער סימפאטישע באציִונג צו אזעלכע אָנשויונגען.

## עס טיילט מיט דאָס אינערן־מיניסטעריִום

דאָס אינערן־מיניסטעריִום פון דער פעדעראטיווער דײַטשישער רעפובליק טיילט מיט, אז אין 1975 זײַנען געשענדט געוואָרן אף די ייִדישע בעסוילעמס פון דער רעפובליק 558 מאצייווס. אפן בעסוילעם אין פראנקפורט־באם־מײַן האָבן פאשיסטישע כוליגאנעס אויסגעגראָבן און צעבראָכן 66 מאצייוועס, 200 האָבן זיי פארשמירט מיט האקנקרייצן און מיט אנטיסעמיטישע אופשריפטן.

דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין די שטעט פון מײַרעוו־דײַטשלאנד האנען, בירקענפעלד, גראָסקראצענביין, בארטינג האוזען, האנאָווער און שוועטצינגען.

די דײַטשישע צײַטונגען שרײַבן, אז אָט די יעדיִעס זײַנען ווײַט ניט קיין פולע.

## אין דער אלט־ייִדישער שטאָט אפן טײַך ריין

**צאלעל בליץ שרײַבט אין בוענאָס־אײַרעסער צײַטונג „אונדזער פרײַנט":**

אין מײַנץ, דער אלט־בארימטער ייִדישער שטאָט אפן טײַך ריין, האָט א באנדע נעאָנאציסטן זיך ארײַנגעריסן אין א קליינער קאפע, וואָס געהערט דעם ייִדן קורט זומפ. די נאציסטן האָבן דאָרט צעבראָכן אלץ, וואָס איז זיי געקומען אונטער די הענט, און פאריינוועגס גוט אָנגעבראָכן די ביינער דעם „יודע" און זײַן פרוי. די פאָליציי האָט דערוף רעאגירט מיט א שמייכעלע. נאָך מער, קורט האָט געמוזט אויקער זײַן פון דער שטאָט, ווײַל די נעאָנאציסטן האָבן אים ארויסגעשטעלט אזא אולטימאטום: „אָדער דו טראָגסט זיך טייקעף אָפּ פונדאנען, אָדער מיר וועלן פון דיר מאכן ייִדן־ווורשט..." ער האָט זיך געווענדט צו די מאכט־אָרגאנען פון שטאָט, מע זאָל אים פארטיידיקן פון די פאָגראָמשטשיקעס, נאָר באקומען האָט ער אזא ענטפער: „מיר קאָנען אײַך מיט גאָרנישט ניט העלפן. פאר אײַך איז בעסער, איר זאָלט אוועקפאָרן פונדאנען".

אין דער אומגעגנט פון מײַנץ, לענגויס די שאָסייען, האָבן די נעאָנאציסטן אויסגעשטעלט ריזיקע האקנקרייצן, וועלכע האָבן געדארפט דינען אלס ווענצייכנס פאר די פארבײַפאָרנדיקע אווטאָמאָבילן. דעם ביכער־מאגאזין אפן נאָמען פון אנא זעגערס האָבן זיי פארשמירט מיט האקנקרייצן.

אין שטאָט אָרודעוועט א גרופע פאשיסטן, וועלכע רופט זיך „נאציִאָנאל־סאָציִאליסטישע קאמפּס־גרופּע". נאציסטישע ליטעראטור צום פארשפרייטן באקומט זי פון די פאריייניקטע שטאטן (לינקאָלן, שטאט נעבראסקא), ווו עס אָרודעוועט די זעלבע אָרגאניזאציע, איר „פיורער" איז הארי (גערהארד) לאָוק, א 23־יאָריקער באָכער מיט פרישטשעס אפן פּאָנעם, זײַנע זיידעס זײַנען געווען דײַטשן. ער זאָגט צו, אז ווען זײַניקע וועלן קומען צו דער מאכט, וועט ער די ייִדן אָפּשיקן אין די גאז־קאמערן. מיט א קורצער צײַט צוריק האָט לאָוק זיך באוויזן אפן מײַנצער וואָקזאל, ווו די פאָליציי האָט אים פארהאלטן, ווײַל עס זײַנען איר געוואָרן פארדעכטיק די געשוואָלענע פעק, וועלכע ער האָט געשלעפּט מיט זיך. אז מע האָט צעעפנט דעם „אויצער", האָט מען דאָרט געפונען 20 טויזנט פלאקאטן מיט האקנקרייצן און מיט אופשריפטן: „היטלער איז געווען גערעכט!", „לאָמיר פּאָטער ווערן פון די ייִדן!" אין שטאָט האָט מען געפונען א גרויסן ארסענאל פון פארשיידענע מינים געווער, באצייכנט מיט די טיפּישע סימבאָלן פון דער „היטלער־יוגנט".

א צענדליק נעאָנאציסטן האָט מען פארהאלטן, געפּרווּווט איבערגעבן זיי צום געריכט, אָבער זייערע פרײַנט האָבן ארײַנגעטראָגן פאר זיי א שפּאָט נישטיקע סומע קויצי־געלט און מע האָט זיי באפרײַט. דער מײַנצער הויפּט־פּראָקוראָר האָט זיך געפּרווּווט „פארענטפערן": „איך האָב גאָרנישט ניט געקאָנט דאָ טאָן, ווײַל א געריכט קעגן אזעלכע פארשוינען האָט אין איצטיקן מאָמענט אבסאָליוט קיין פערספעקטיוו ניט".

אָט די אופלעבונג פונעם נאציזם, פונעם פאשיסטישן „גײַסט", האָט דערגרייכט אפילע צו די קינדער־שולן. א ייִנגעלע פון ערשטן קלאס, וועלכער שטאמט פון א דעמאָקראטיש געזינד, האָט געזאָגט אף די לימודים אין שול, אז היטלער האָט געפירט „א שמוציקע מילכאָמע", האָט דער לערער אלפרעד ענדריקייט אים פּאָשעט אויסגעפּאטשט די באקן.

נאָך ערגער איז די לאגע אין דער דײַטשישער ארמיי — אין „בונדעסווער", וואָס איז דער אוואנגארד פונעם אגרעסיוון צאָפן־אטלאנטישן פאקט („נאטאָ"). ווי דער זשורנאל „שטערן" שרײַבט, שטארקט זיך אלץ מער אינעם מילי־

טער דער ס.ס.־„גײַסט". די סאָלדאטן, וועלכע קערן זיך אום פון דער דינסט, דערציילן, ווי אין דער ארמיי שרײַען די אָפיצערן אף די זעלנער: „היוקער זיך ניט, ווי א ייִדלי!", „פראווע ניט קיין ייִדישע שטיקו!", „זײַ ניט קיין ייִדישער שווײַן!" אאוו.

פון די צוויי נעאָנאציישע אויסגאבעס „דויטשע נאציאָנאלצײַטונג" און „דויטשע וואָכענצײַטונג" טראָגט פאר מײַלן דער אווער פון די היטלעריסטישע צײַטן. ווען עמעצער ווײַזט אָן אפן העפקערדיקן פאשיסטישן ניבלפע, אז מע דארף דאָס פארבאָטן, פאלט מען אף אים אָן מיט געשרייען, אז ער איז „קעגן דער פרײַהײַט פון וואָרט".

## „די שאָטנס פון שווארצע מאלאָכים"

דער סאָוועטישער זשורנאליסט מ. אָזעראָוו שרײַבט אין דער „ליטעראטורנאיא גאזעטא" וועגן דעם פילם פונעם מײַרעוו־דײַטשישן דראמאטורג רײַנער פאסבינדער „די שאָטנס פון מאלאָכים". „ניוסוויִק", „טײַם", „פראנקפורטער אלגעמײַנע" — די גרעסטע פרעסע־אָרגאנען אפן מײַרעוו — האָבן ניט לאנג צוריק רעקלאמירט אָט דעם קינאָ־פילם.

פאסבינדער איז ניט בלויז דער אווטאָר פונעם טעקסט, ער איז אויך דער רעזשיסער און דער אויספּילער פון דער ראָל פונעם סוטענער. די איבעריקע העלדן פונעם פילם זײַנען פארברעכער און פראָסטיטוטקעס, אָבער זיי אלע זעען אויס ווי אומשולדיקע אייפעלעך אין פארגלײַך מיטן הויפּט־העלד, וועלכער ספעקולירט מיט ערד און מיט אומבאוועגלעכע גיטער; זײַנע בולדאָזערס טראָגן אראָפּ בלי‌ִענדיקע שטעט, לאָזנדיק אָן א דאך איבערן קאָפּ טויזנטער מענטשן, און ער גרויסט זיך נאָך, זאָגנדיק ציניש: „וואָס גייט מיר אָן דאָס געוויין פון די קליינע קינדער, וועלכע וואלגערן זיך אפן ברוק, די ליידן פון זקיינים און קראנקע מענטשן? איך וויל פארדינען וואָס מער און, כוץ דעם, נעקאָמע נעמען פאר מײַן פאָלק". עס ווײַזט זיך ארויס, אז די שלעכטקײַט אין אים נעמט זיך פון דעם, וואָס ער איז א ייִד. ער, דער רײַכער העסלעכער ייִד, האָט זיך פארבונדן מיט א זוינע און זי דערמאָרדעט...

פיל שרײַבער, אקטיאָרן, זשורנאליסטן פון מײַרעוו־דײַטשלאנד האָבן פארורטיילט דעם אנטיסעמיטישן פילם. פאסבינדער אליין האָט, געבנדיק אָן אינטערוויו דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער צײַטונג „די צײַט", געפרוווט זיך פארענטפערן: מע האָט אים ניט ריכטיק אינטערפרעטירט, פאלש פארשטאנען... נאָר ווי קאָן מען אנדערש אינטערפרעטירן, לאָמיר זאָגן, אזא פראזע: „ער צאפּט אונדזער בלוט, ער פירט אונדז אראָפּ פונעם ריכטיקן וועג, ווײַל ער איז א ייִד".

די געזעלשאפטלעכקײַט פון מײַרעוו־דײַטשלאנד און פון אנדערע לענדער קוקט מיט אומרו, ווי אף די ברעגן פונעם ריין ווערט אלץ שטארקער דער אנטיסעמיטיזם. נאָך ביז איצט פארגעסט מען ניט דעם סקאנדאל, וואָס איז אויסגעבראָכן אין צוזאמענהאנג מיטן אָפּזאָגן פון דער ארבעט די לערערן סילוויִע גינגאָלד, ווײַל זי איז „א ייִדישקע און א קאָמוניסטקע". די ענגלישע צײַטונג „גארדיִאן" האָט געשריבן: „די ייִדן אין מײַרעוו־דײַטשלאנד פילן זיך פאקטיש ווי פרעמדע, זיי לעבן דאָ אין זייער אָפּגעזונדערט וועלטל. זיי געדענקען נאָך גוט דאָס געפיל פון שרעק. עס מאטערט זיי די שרעק צו ווערן אומזיסט און אומגעשטראָפט באליידיקט, און ניט בלויז מיט ווערטער".

## דעם „פיורערס" יאָרשים

אין דער האמבורגער צײַטונג „שטערן" שרײַבט קלאוס לוטערבעק: „די אָטריאדן פון היטלערס יאָרשים אין דער פעדעראטיווער רעפובליק האָבן נאָך קיינמאָל ניט געוואגט צו ריידן וועגן זיך אזוי אָפן און מיט אזא כוצפע, ווי אין די לעצטע צוויי יאָר. הײַנט־צו־טאָג עקזיסטירן לעגאַל אין מײַרעוו־דײַטשלאנד 148 נעאָנאציישע אָרגאניזאציעס. דער אווטאָר ברענגט אייניקע כאראקטעריסטישע ארויסזאָגונגען.

דער 46־יאָריקער אדוואָקאט מאנפרעד רעדער פון שווארצענבאָרן (אויבער־העסען) זאָגט: „פון די יעלאָלעס וועגן די אומגעקומענע ייִדן קערט מיר שוין די גאל, דעריבער האָב איך אזוי פײַנט די ליגנס וועגן אָשווענטשים. די נאציסטישע טויט־לאגערן זײַנען געווען געוויינלעכע ארבעטס־לאגערן, וווּ מע איז מיט די ארעסטירטע זיך באגאנגען איידל און פײַן, מע האָט זיי דערלויבט א סאך זינגען" (וואָס איז שײַעך אָט דער פראגע, האָט דער רעדאקטאָר פונעם פראנקפורטער „זורקאמף"־פארלאג זיגפריד אונזעלד ציטירט דעם מײַרעוו־דײַטשישן פילאָסאָף טעאָדאָר וו. אדאָרנאָ, וועלכער האָט געזאָגט: „נאָך אָשווענטשים איז אומעגלעך צו שרײַבן פּאָעזיע". אונזעלד פארענדיקט זײַן דערקלערונג מיט אזעלכע ווערטער: „מיר, שרײַבער, פארלעגער און לייענער פון ביכער, ווילן ניט אנטוישט ווערן אין אונדזער לעבנסהאָפענונג, אז נאָך אָשווענטשים וועט שוין קיינמאָל מער ניט זײַן קיין אָשווענטשים".

טיס קריסטאָפערסען, א פויער פון א דערפל אין שלעזוויג־האָלשטיין, וועלכער האָט געארבעט אלס גערטנער אין אָשווענטשימער טויט־לאגער, זאָגט, אז אין די מילכאָמע־יאָרן האָט ער גאָרנישט ניט געזען, גאָרנישט ניט געהערט און ניט באמערקט קיין שום זאך, וואָס זאָל ארויסרופן א כשאד. דעריבער סאָפּעקט ער איצט אין דער ריכטיקײַט פון די רייד וועגן מאסן־מאָרדן.

אף אלע באגעגענישן פון די „ברוינע" קאָן מען טרעפן דעם 70־יאָריקן עבערהארד טאו-

בערט, א געוועזענער שטורמפירער. ער האט געארבעט אין געבעלסעס פראפאגאנדע־מיניסטעריום און איז געווען פאראנטווארטלעך פאר ארגאניזירן די יידן־העצע, אדער, ווי מע האט עס דעמלט גערופן, — פאראנטווארטלעך פאר דער „אקטיווער אנטי־יידישער פראפאגאנדע". ניט לאנג צוריק איז אין זאלטאו פארגעקומען א פראצעס איבער איינעם — ווילי וועגנער, וועלכער האט געדינט אין בונדעסווער. אין אפרעל 1974 האט מען אים ארעסטירט פאר פארשווכן יידישע קווארים, פאר באשמירן זיי מיט האקנקרייצן. ער איז געווען שולדיק אין נאך פארברעכנס (געווארפן א צינד־באמבע אין לאקאל פון א ביכער־מאגאזין אין געטינגען — דער אייגנטימער פונעם מאגאזין איז געווען באקאנט אלס א לינקער; געגאנוועט אכט אווטאמאטן אין טאמאזשנע; צוזאמען מיט צוויי יונגען פון זיין באנדע געשאפן א פארברעכערישע ארגאניזאציע). וועגנער האט אין אלץ זיך מודה געווען, נאר אין 17 טעג ארום איז ער ארויסגעלאזט געווארן אף דער פריי.

וויזט אויס, אז די גאנצע געפאר דארף מען זוכן אין די גרויזאמסטע באדינגונגען, אין וועלכע היטלער לעבט אויך נאך זיין טויט".

## זיי קומען ארויס אין עפיר

די פאריזער „נייע פרעסע" טיילט מיט, אז לויט די ידיעות פון דער יידישער טעלעגראפן־אגענטור (ייטא) גרייטן זיך די נעאנאציסטישע קרייזן פון מייערוו־דייטשלאנד, צוזאמען מיט די נעאנאציסטן פון ענגלאנד, בעלגיע, פראנקרייך, האלאנד און אירלאנד, צו אויסשטאטן א נייע ראדיאסטאנציע אף צו פארשפרייטן זייער פראפאגאנדע. די ראדיאסטאנציע וועט איינגעשטעלט ווערן אף א שיף אינעם צאפן־יאם.

אין טשיקאגא (פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע) האבן די נעאנאציסטן שוין געעפנט אזא ראדיאסטאנציע.

## א וועלט־קאנגרעס פון נעאנאציסטן

דער אויסדרוק „וועלט־קאנגרעס" איז דא לאכלוטן ניט קיין גוזמע. גענוג צו זאגן, אז אין אים האבן אנטיילגענומען 309 דעלעגאטן פון 42 נאציאנאל־סאציאליסטישע פארטייען און אריער־באוועגונגען.

דער שיידים־קאנגרעס איז פארגעקומען אין אמעריקע, אין דער שטאט ניו־ארלעאן, צווישן דעם 8 און 12 סעפטעמבער פאריקן יאר. פארזיצער פונעם קאנגרעס איז געווען איינער א דאקטאר קאנראד ווארנער, וועלכער האט איצט פארעפנטלעכט די צען רעזאלוציעס פון דעם קאנגרעס.

אין איינער פון אט די רעזאלוציעס ווערט געזאגט פאלגנדעס: „מיר פארפליכטן זיך צו אונטערשטיצן די ווייסע ראסע אין דער גאנצער וועלט. מיר פארפליכטן זיך צו זיין ניט בלויז אנטי־יידיש, נאר פאר אלעם — קעגן די יידן".

אין א צווייטער רעזאלוציע לייענען מיר: „אונדזער צווישנפעלקערלעכע ארגאניזאציע וועט קאאפערירן מיט יעדן איינעם, וואס באקעמפט די יידן אין א באליביקן פונקט פון דער וועלט".

## העצע פון די נאציס אין מייערוו־בערלין קעגן דער יידישער קעהילע

די טעלעגראפן־אגענטור ייטא טיילט מיט: די נאציס אין מייערוו־בערלין פירן א פארביסענע אגיטאציע, מע זאל פארמאכן די יידישע קעהילע, פארבאטן אירע אינסטיטוציעס, פארפאלגן אירע אנפירער.

די דאזיקע קאמפאניע האט אנגעהויבן די אזויגערופענע „נאציאנאלע דייטשישע ארבעטער־פארטיי", וואס איז פאקטיש א באנדע פון היטלער־יונגען.

דער פארזיצער פון דער מייערוו־בערלינער יידישער קעהילע היינץ גאלינסקי האט געפאדערט בא די מייערוו־בערלינער מאכט־ארגאנען, זיי זאלן אנעמען מיטלען קעגן די נאציס און מאכן א סאף צו זייער גיפטיקער פראפאגאנדע. גאלינסקי האט געווארנט, אז א לייכטזיניקע באציונג צו אזעלכע נאציסטן און אנטיסעמיטן וועט צו קיין גוטס ניט ברענגען. „מע טאר ניט פארגעסן די לעקציעס פון דער פארגאנגענהייט!"

די היטלעריסטן ווערן אבער אלץ כוצפעדיקער, זיי זאגן אפן: „מיר ווייסן, וואס מיר קאנען טאן, און מיר מוזן עס טאן".

## די נעאנאציסטן פון אמעריקע און מייערוו־דייטשלאנד קושן זיך

מיר דערוויסן זיך פון דער טעל־אוויווער צייטונג „מאאריוו": די טעלעוויזיע פון מייערוו־דייטשלאנד האט די לעצטע צייט באוויזן אפן עקראן, ווי עס וואקסט די פריינטשאפט און מיטארבעט צווישן די נעאנאציסטן פון די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע און מייערוו־דייטשלאנד. אכט נעאנאציסטישע דייטשישע יוגנט־ארגאניזאציעס, וועלכע באקומען פעטע סובסידיעס פון זייערע אמעריקאנער „ברידער", האבן איצט געשאפן א צענטראליזירטע ארגאניזאציע. אפן עקראן פון דער טעלעוויזיע זעט מען, ווי יונגע נעאנאציסטן פארברענען פאנען פון די פאראייניקטע שטאטן און ענגלאנד, פון די עקראנען הילכט דאס געזאנג „דויטשלאנד איבער אלעס".



# ביראָבידזשאנער דינאסטיעס

אין די פארגאנגענע יאָרצענדליקער פלעגט מען אין דער קינסטלערישער ליטעראטור, ווי אין לעבן, טרעפן ביראָבידזשאנער טוישווים, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דעם ערשטן דאָר איבערוואנדערער, האגאם זיי האָבן שוין געלאָזט וואָרצלען אין דער ווײַטמיזרעכדיקער ערד און דעריבער רופן זיי זיך מיט שטאָלץ ביראָבידזשאנער טוישווים.

איצט זײַנען טיפיש ביראָבידזשאנער דינאסטיעס — ברייט־צעצווײַגטע מישפאָכעס, אין וועלכע עטלעכע דורעס זײַנען שוין אויסגעוואקסן אף דער פרוכטבארער ווײַטמיזרעכדיקער ערד. אין דער קינסטלערישער ליטעראטור, וועלכע מיר רופן ביראָבידזשאנער, דרינגט ארײַן דער דאָזיקער טיפאזש אלץ מערער און דרייסטער.

אין די עטלעכע קורצע פארצייכענונגען, וועלכע מיר דרוקן דאָ, זײַנען געשילדערט ניט קיין אויסשליסלעכע פאקטן פון דער ביראָבידזשאן־ווירקלעכקײַט, נאָר אזעלכע, וואָס טרעפן זיך אָן אין יעדער שטאָט, אין יעדן יִישעוו פון דער יִידישער אווטאָנאָמער געגנט.

## פון דאָר צו דאָר

די געמיטלעכע דירע, ווו עס לעבט דאָס פארפאָלק גערשון, איז פארגאָסן מיט העלער זונען־שײַן. אין די גערעמע צימערן איז שיין אופגעראמט, און טײַבל, די באלעבאָסטע פון דער דירע, פאָרעט זיך אין קיך, פונוואנען עס טראָגט זיך א געשמאקער גערוך.

— עס גייט צו יאָמטעוו, — זאָגט זי, — און אין אזא צײַט, פארשטייט איר דאָך, איז בא א באלעבאָסטע פאראן באזונדערס א סאך ארבעט.

— יאָ, א גרויסן יאָמטעוו גרייטן מיר זיך באגעגענען, — זאָגט טײַבלס מאן געדאליע.

ער נעמט איינע פון די צײַטונגען, וואָס עס האָט אָקאָרשט געבראכט דער פאָטשטאליאָן:

— אָפטמאָל, ווען איך לייען וועגן דעם, וואָס עס ווערט אופגעטאָן בא אונדז אין לאנד, דער־מאָן איך זיך, פון וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן דאָ, אף דער ביראָבידזשאנער ערד.

געקומען זײַנען אהער די גערשונס מיט קיי־מאט דרײַסיק יאָר צוריק פון אוקראַיִנע. דאן, אין די ערשטע נאָכמילכאָמע־יאָרן, האָט זיך דאָ פאנאנדערגעוויקלט די בויונג פון געמויערטע הײַזער, פראָדוציר־געבײַדעס, קולטור־שטייגער־אנשטאלטן. מע האָט געדארפט האָבן א סאך ארבעטס־הענט, און געדאליע, לויטן פאך א טעסלער, איז גלײַך אוועק אף די נײַ־בויונגען. דערנאָך איז ער געוואָרן אויך א מוליער און א בעטאָנירער. שווער איז אצינד איבערעכע־נען, אף וועלכע אָביעקטן האָט געארבעט דער בויער־וועטעראן. ניטאָ, דאכט זיך, קיין איין הויז אף דער שאָלעם־אלייכעם־גאס און אף אנ־דערע גאסן פון דער שטאָט, ווו ער האָט ניט צוגעלייגט זײַנע הענט. אָדער נעמען די פראָ־דוציר־קאָרפוסן פונעם „דאלסעלמאש" און פו־נעם זאוואָד פון קראפט־טראנספאָרמאטאָרס, פון דער זאָקן־טריקאָטאזש־פאבריק און פון דער שוך־פאבריק. אומעטום איז פאראן זײַן כיילעק.

דעם קאָמוניסט געדאליע גערשון האָט מען אין דער בוי־פארוואלטונג נומ. 256 פונעם טרעסט „ביראָבידזשאנבוי" אָנפארטרויט צו זײַן בריגאדיר פון א קאָמפלעקס־בריגאדע. צוויי מאָל איז אים ארויסגעוויזן געוואָרן דער קאָ־ווער צו זײַן אויסגעוויילט אלס דעפוטאט פו־נעם ביראָבידזשאנער שטאָטסאָוועט. ער איז געווען פראָפגרופאָרג, א בײַזיצער אינעם פאָלקס־געריכט. ניט איין מאָל האָט ער באקו־מען ערן־גראמאָטעס, פרעמיעס. מיט דרײַ יאָר צוריק האָט מען דעם כאָשעוון בויער פײַערלעך ארויסבאגלייט אף פארדינטן אָפרו און הארציק אים באדאנקט פאר זײַן טרײַער מי.

איין איבערײַס איז געווען אין זײַן ארבעט — בײַס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָ־מע. אין באשטאנד פונעם ערשטן אוקראַיִנישן פראָנט האָט ער זיך באטייליקט אין א סאך שלאכטן. פארענדיקט די מילכאָמע האָט ער אף דער עסטרײַכישער ערד, אהיים זיך אומגע־קערט מיט צוויי אָרדענס פונעם רויטן שטערן און מיט פיר מעדאלן.

— זאָלן אונדזערע קינדער און אייניקלעך קיינמאָל מער ניט וויסן פון מילכאָמע, — זאָגט געדאליעס פרוי טײַבל, א געוועזענע האנדלס־טוערן. זי איז אויך שוין אף פענסיע.

צוויי זין האָבן דערצויגן געדאליע און טײַבל גערשון, ביידע קינדער זײַנען אוועק מיטן וועג פונעם פאָטער, געוואָרן בויער.

דער עלטערער, מיכאִיל, איז נאָך דער שול אָנגעקומען ארבעטן אין טרעסט „ביראָביד־זשאנבוי", געוואָרן א שלאָסער, אן עלעקטראָ־שווייסער, א מאָנטאזשלער. אָפגעדינט אין דער ארמיי, האָט ער זיך געלערנט אין כאבאראָוו־סקער בוי־טעכניקום, געוואָרן א מײַסטער,

דערנאָך א פּראָראַב, און אַט איז ער שוין דאָס צווייטע יאָר שעף פון א באַצירק, וועלכער האָט געבויט א 112־דירעדיק וווינהויז פאר דער שוך־פאַבריק, א געבײַדע פאר א קינדער־גאָרטן אפן זאוואָד פון קראַפט־טראנספּאָרמאטאָרס, א 68־דירעדיק הויז פארן טראנספּאָרמאטאָר־זאוואָד, דעם צווייטן קאָלעקטאָר פון דער שטאָטישער טערמאָטראַסע.

א בויער איז אויך געוואָרן געדאַליעס ייִנגערער זון אַלעקסאַנדער. א ריי יאָרן האָט ער געאַרבעט אף די נײַ־בויונגען פון דער שטאָט און האָט, פּונקט ווי זײַן פּאָטער און דער עלטערער ברודער, פארדינט קאָוועד און אָפּשײַ פאר דער טרײַער מי.

בײַם א יאָמטעוו קומט זיך צונויף בא טאַטע־מאַמע אין שטוב דאָס גאַנצע געזינד. באַם יאָמטעוודיק־געדעקטן טיש הייבט מען אוף א סאַך טאָסטן און צווישן זיי — א טאָסט פאר דער סאַמע פרידלעכער פּראָפעסיע פון די בויער, וועלכע ווערט אין דער דאָזיקער האָרעפּאשנער מישפּאָכע, ווי אַן עסטאַפעטע, איבערגעגעבן פון דאָר צו דאָר.

ש. קאָניק



געדאַליע און טײַבל גערשון מיט זייער זון מיכאיל, די שנור ליודמילע און דאָס אייניקל סאַשע

## די וויזעלטירס געדענקען

מוישע וויזעלטיר איז געשטאַנען לעבן דעם אָבעליסק פון די אומגעקומענע אין דער מילכאָמע געוועזענע אַרבעטער פונעם זאוואָד. איבער דער ברייטער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס האָט זיך געטראָגן א לעבעדיקער שטראָם מענטשן. דאָס האָבן געאײַלט צום ערשטן אומבײַט די בירָאָבידזשאַנער קאָמבײַן־בויער. צוזאַמען מיט זיי וועט מוישע אויך באַלד קומען אין זײַן צעך און זיך שטעלן צום טאָקערווערקשטעל. דערווײַל איז ער פארטיפט אין די געדאַנקען, און פאר זײַנע אויגן טראָגט זיך דורך, ווי אף אן עקראַן, איין בילד נאָכן אַנדערן...

נאָך גאָר א יונג באָכערל, איז ער, א געוועזענער דערצויגלינג פונעם וואַלדהיימער קינדערהויז, אָנגעקומען אהער אפן זאוואָד. געלעבט אין צוזאַמענוווינונג, געאַרבעט אלס שילער, דערנאָך באַהערשט דעם פאַך פון א טאָקער. אפן גאַנצן לעבן האָט ער פארגעדענקט דעם טאָג, ווען מע האָט אים צוגעמישפּעט דעם ערשטן אַרבעטס־ראַזריאַד. וואָרעם האָט אים דאַן באַגריסט דער גאַנצער צעך־קאָלעקטיוו, וועלכער איז אים געוואָרן ווי אַן אייגענע מישפּאָכע. פונדאַנען איז ער אוועק דינען אין דער סאָוועטישער אַרמיי, און ער האָט זיך ווידער אומגעקערט אהער.

זינט דאַן איז אַדורך 21 יאָר. אַצינד איז וויזעלטיר שוין א הויכקוואַליפיצירטער אַרבעטער. אין זײַן לעבן זײַנען פאָרגעקומען א סאַך פריידיקע געשעענישן: ער האָט כאַסענע געהאַט, געוואָרן א קאָמוניסט, א שלאָגלער פון קאָמוניסטישער מי, אים איז געגעבן דאָס רעכט צו שטעלן דעם פערזענלעכן שטעמפּל אף דער גרייטער פּראָדוקציע.

און נאָך איז וויזעלטיר א דערציִער פון יונגע אַרבעטער. איינער פון זיי איז וואָלאָדימיר באַבענקאָ. מוישע וויזעלטיר דערמאָנט זיך, ווי יענער האָט זיך פארלוירן, ווען מע האָט אים אָנפארטרויט זעלבשטענדיק צו מאַכן די ערשטע דעטאַל. דאָס זעלבע איז געשען אויך מיט וואַלערי נאַדייקינען. נאָר ביידע זײַנען זיי איצטיקן געוואָרן עמעסע ספּעציאַליסטן.

אין יענעם טאָג האָט זיך וויזעלטירן געאַרבעט באַזונדערס גוט. אַקוראַט, איינע נאָך דער אַנדערער, האָבן זיך געלייגט לעבן דעם ווערקשטעל פארטיקע דעטאַלן.

צו אים איז צוגעגאַנגען דער עלטערער מײַסטער הערשל רוטמאַן:

— דו ווייסט, הײַנט איז קראַנק געוואָרן דער טערמיסט, עפּשער וואָלסטו געקאָנט אים פארבײַטן?

אַזוי איז מוישע געוואָרן א טערמיסט.

דער עלטערער מײַסטער זאָגט וועגן אים:

— בא מוישע וויזעלטירן זײַנען גאָלדענע הענט, צו וואָס ער נעמט זיך ניט, טוט ער עס פונעם גאַנצן האַרצן.

בײַסן איבערײַס שמועסן מיר מיט וויזעלטירן. ער האָט געהאַט ניט קיין לײַכטע קינדהײַט. אין 1941 איז געשטאָרבן די מוטער, אפן פראָנט איז אוועק דער פּאָטער, און זיי, פינף קינדער, האָבן זיך דערצויגן אין וואַלדהיימער קינדערהיים.

מוישע גיט צו:

— אַצינד אַרבעטן מיר אַלע פינף טאַקע דאָ אפן זאוואָד, אונדזער אַלגעמיינער אַרבעטססטאַזש איז שוין מער פון 100 יאָר. מײַנע דרײַ

שוועסטער און דער ברודער זײַנען געשעצט און געאַכטעט אין קאָלעקטיוו, זיי האָבן שוין מישפּאָכעס, וווינען אין גוטע דירעס.

...יעדן אינדערפרי גייען צו די טויערן פונעם זאַוואָד „דאַל־סעלמאַש" פינף מיטגלידער פון דער מישפּאָכע וויזעלטיר, און יעדן אינדערפרי גייען זיי פאַרביי דעם אָבעליסק, אויף וועלכן מיט גאָלדענע אויסיעס זײַנען פאַרשריבן די פאַמיליעס פון די, וואָס זײַנען אומגעקומען אין די שלאַכטן פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע, אָפּגעגעבן דאָס לעבן פאַר דעם, עס זאָל איבערן הײמלאַנד שטענדיק זײַן א ריינער בלויער הימל.

פ. דיאַנאָווא

## פרייד און נאכעס

אָט אזא קוריאָז. צאַלע מעסאַמעד און מאַניע כאַשטשעווסקאַ זײַנען געוואַקסן אין בירּאָבידזשאַן. ער — פון זעכצן יאָר, ווען ער איז אָנגעקומען אהער מיט זײַנע עלטערן, מאַניע — פון פינף יאָר אָן. נאָר אין בירּאָבידזשאַן האָבן זיי איינער פונעם אַנדערן ניט געוווּסט. מע האָט זיך באַקאַנט אַזש אין פּעטראָפּאַוולאָווסק־אויף־קאַמטשאַטקע נאָך דעם, ווי עס האָבן זיך פאַרענדיקט די שלאַכטן קעגן דער מיליטאַריסטישער יאַפּאַניע, אין וועלכע ביידע האָבן זיך באַטייליקט. טאַקע דאָ האָבן זיי אין 1947 כאַסענע געהאַט און אין א יאָר אַרום צוזאַמען געקומען אין זייער היימשטאָט בירּאָבידזשאַן.

און אָט איז דורך העכער 25 יאָר. מיר זײַנען צוגאַסט בא דער מישפּאָכע מעסאַמעד. דער פּאָטער, צאַלע, זיצט באַם טיש. די מוטער מאַניע שטייט אין א זײַט מיט שײַנענדיקע אויגן, פול מיט פרייד און נאַכעס. און זי האָט טאַקע פון וואָס נאַכעס צו האָבן: באַם טיש איז, קיין איינהאָרע, גאַנץ ענגלעך — דאָ זיצן צוויי זין, א טאָכטער, א שנור, אייניקלעך...

— מאַמע! — טוט א רוף די טאָכטער, — דו ווייסט זיך שוין אַמאָל צוזעצן?

— באַלד, באַלד, — ענטפערט מאַניע, — אָט וועל איך נאָר ארײַנברענגען דאָס געפילטע העלדזל, — און זי פאַרשווינדט אין קיך. קאָן דען זײַן נאָך א גרעסערער פאַרגעניגן, ווי מעכאַבעד זײַן די אייגענע קינדער מיט א געשמאַק מײַכל?

צאַלע מעסאַמעדן, א זעכציאָריק באָכערל, האָבן די עלטערן געבראַכט אָפּן ווײַטן מיזרעך מיט פערציק יאָר צוריק. באַזעצט האָט זיך די מישפּאָכע אינעם דאָרף פּוזינאָ. די עלטערן האָבן געאַרבעט אין פעלד, און צאַלען האָט



די מישפּאָכע מעסאַמעד

דער קאָלווירט געשיקט זיך לערנען אין א לאַנדווירטשאַפטלעכן טעכניקום. נאָכן פאַרענדיקן די לער האָט ער געאַרבעט אין ראַיאָנישן ערד־אָפּטייל אין אַמורזעט און אין ראַיקאָם פון קאָמיוג. אין 1939 איז ער אוועק דינען אין אַרמיי, געוואָרן א גרענעצלער און אין 1945 דורכגעגאַנגען מיט שלאַכטן קימאַט גאַנץ מאַנדזשוריע.

מאַניען האָבן אירע טאַטע־מאַמע געבראַכט קיין בירּאָבידזשאַן אין 1929. זי האָט זיך געלערנט אין שול, געווען אן אַקטיווע פּיאָנערקע, דערנאָך א קאָמיוגיסטקע און נאָך דער שול אוועק אַרבעטן אויף דער ניי־פאַבריק. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די גרויסע פּאַטערלענדישע מילכאָמע, איז זי, ווי פיל אַנדערע יוגנטלעכע, פרײַוויליק אוועק אויפן פראָנט.

און אָט פרייט זיך בא דעם רײַך געדעקטן טיש די גרויסע מישפּאָכע מעסאַמעד.

מאַניע באַווײַזט מיר צוויי פאָטאָגראַפיעס. צוערשט דאַכט זיך מיר, אַז אויף ביידע קאַרטלעך זע איך איינעם און דעם זעלבן כיינעוודיקן באָכער. אָבער עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דאָס זײַנען פאָטאָגראַפיעס פון נאָך צוויי זין, כוץ די, וואָס זיצן באַם טיש — פון וועלוועלען, וועלכער האָט פאַרענדיקט דעם טאַשקענטער מעלוכישן אוניווערסיטעט און אַרבעט אין מיניסטעריום פון מעליאָראַציע פון דער אוזבעקישער רעפּובליק, און פונעם מיזיניק בענטשיק, וועלכער האָט זיך נאָרוואָס דעמאָביליזירט פונעם מיליטערישן יאַם־פלאָט און געפינט זיך איצט אין וועג קיין בירּאָבידזשאַן.

צאַלע און מאַניע האָבן דערצויגן גוטע, האָרעפּאַשנע קינדער. דער עלטערער זון, ליאָניע, איז א שלאָסער־נאַלאַדטשיק אין דער זאָקן־טריקאָטאַזש־פאַבריק, סאַשע — א שלאָסער־נאַלאַדטשיק אויפן זאַוואָד „דאַלסעלמאַש". די טאָכטער אַניע איז א נייטערן אין דער טריקאָטאַזש־פאַבריק, בענטשיק וועט זיך אומקערן אויפן זאַוואָד פון קראַפט־טראַנספּאָרמאַטאָרס, וווּ ער האָט געאַרבעט ביז דער אַרמיי.

צאַלע אַליין אַרבעט אויך אין דער טריקאָטאַזש־פאַבריק, מאַניע — אין דער שטאָטישער פּאָליקליניק.

די גרעסטע פרייד באַ זיי איז ווען אין אַ רוטאָג נעמט זיך צונויף די גאַנצע מישפּאָכע.

— אָט וועט קומען בענטשיק, — זאָגט מאַניע, — וועט באַ אונדז זײַן די גרויסע סימכע!

ד. שויכעט

## די „בוכהאַלטעריע" פון פּעוזנערס געזינד

אין באָרעך פּעוזנערס הויז איז ראַשיק. אַלץ גייט כאַדאָראָם. עפּעס אַ קלייניקייט, עס האָט כאַסענע דער מיזיניק — וועלוול. און וואָס פאַר אַ פײַנע קאַלע האָט ער פאַר זיך אויסגעקליבן! דער אַלטער פּעוזנער דערמאָנט זיך, וויאַזוי זי איז צום ערשטן מאָל געקומען צו אים אין שטוב.

— מע רופט מיך לענע, — האָט געזאָגט דאָס מיידל. — איך בין אַ בוכהאַלטער אַף דער סטאַנציע אָבלוטשיע.

— אַ בוכהאַלטער? — האָט באָרעך איבערגעפרעגט. — דאָס געפעלט מיר. וועסט זײַן אַ גוטע באַלעבאָסטע אין שטוב.

און אָט דאַרף שוין זײַן די כאַסענע. מע האָט באַשלאָסן, אַז די יונגע וועלן לעבן דאָ, אין פּעוזנערס הויז: דרײַ גרויסע צימערן, ליכטיקע און וואַרעמע, אַן אײַזקעלטער, אַ טעלעוויזאָר — נוצט זיך, קינדערלעך, ביז איר וועט האָבן אײַער אייגנס.

באָרעך איז קיין אָבלוטשיע געקומען נאָך פאַר דער מילכאָמע פון בריאַנסקער געגנט, און זינט דאַן האָט ער געאַרבעט אינעם קאָנדוקטאָרן־רעזערוו אַף דער אײַזנבאַן־סטאַנציע.

ער געדענקט, ווי אינמיטן נאַכט פלעגט זיך דערהערן אַ קלאַפּ אין טיר — מע האָט געדאַרפט דרינגענד גיין אין דעפּאָ. פון דאָרט פלעגט באָרעך אין טאַמבור פונעם לעצטן וואַגאָן אוועקפאָרן אין אַן אָרדנטלעכן ווײַטן אָדער נאָענטן רייס, און זײַן רויטער לאַמטערן האָט געלויכטן אין דער פינצטערניש, ווי אַן אָנגעצונדענער פּאַקעל.

אין 1951 איז באָריס פּעוזנער געוואָרן אַ קאָמוניסט. און ווען איינמאָל איז ער געקומען אַהיים פון דער אַרבעט, האָט ער באַמערקט באַם זון אַף דער ברוסט דעם קאָמיוג־צייכן פון אַ מיטגליד פון קאָמיוג.

— אַצינד, זון מײַנער, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — וועלן מיר די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט טראָגן צוזאַמען.

לעצטנס איז אין פּעוזנערס געזינד פאָרגעקומען נאָך איין פריידיקע געשעעניש: אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי איז געוואָרן אויך די מאַמע — מאַריע פיליפּאָוונאַ, אַ צושנײַדערן אינעם אָבלוטשיער קאָמבינאַט פון שטייגערבאַדינונג.

ווי שנעל עס לויפט די צײַט! נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק איז דער זון געגאַנגען אין דער



די פּעוזנערס און זייער זון וועלוול

קינדער־שול, און אָט האָט ער שוין פאַרענדיקט די פּראָפטעכשול און איז אַ געהילף פונעם מאַשיניסט פון אַ טעפּלאָוואָז אין דער זעלבער דעפּאָ, וווּ עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעטסביִאָגראַפיע פון זײַן טאַטן.

און עס טרעפט, אַז באַנאַכט, ווי דאָס פלעגט זײַן פריִער מיטן אַלטן פּעוזנער, דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר, און דער דעזשורנע פרעגט:

— וועלוול פּעוזנער איז אין דער היים? מע בעט אים קומען אין דעפּאָ.

אין אַזעלכע מינוטן ווערט באָרעכס האַרץ פול מיט שטאָלץ: זײַן זון, זײַן וועלוול כאַזערט איבער דעם טאַטנס וועג...

איז אָט, עס וועט אינגיכן זײַן אַ כאַסענע! אין הויז פון די פּעוזנערס וועט קומען אַ נײַער מענטש. „וויאַזוי וועט די שנור זיך אײַנגלידערן אין אונדזער מישפּאָכע? — טראַכט דער אַלטער אײַזנבאַנלער. — מע דאַרף דאָך זיך צופּאַסן צו פרעמדע כאַראַקטערן"...

און ווי ענטפערנדיק אַף אָט די מאַכשאָוועס, זאָגט מאַריע פיליפּאָוונאַ:

— לענאָטשקע איז אַ בוכהאַלטער. הייסט עס, אַז איר וועט זײַן ניט שווער אונטערצורעכענען, אַז ווען אין דער מישפּאָכע פון צוויי קאָמוניסטן פּליוס איין קאָמיוגיסט קומט צו נאָך אַ קאָמיוגיסט, דאַרף זיך באַקומען אַ גוטע, פרײַנטלעכע מישפּאָכע.

— באַ דיר, מאַריע, איז די בוכהאַלטעריע זייער אַ גוטע, — שמייכלט באָרעך אַ גליקלעכער.

א. שולמאַן

## אַ גרויס געזינד

געווען איז דאָס מיט פופציק יאָר צוריק. דרײַ כעווורע, אַלע געבוירענע אינעם שטעטל לאַדיזשין, האָבן געדינט אין דער שטאָט סומי, אַף אוקראַיִנע. איינמאָל האָבן די דרײַ לאַנדסלײַט־רויטאַרמייער אַרומגעשפּאַצירט איבער די סומער גאַסן און דערזען אַף איינער אַ שטוב אַ שילדל, וואָס האָט מיטגעטיילט, אַז דאָ לעבט אַ יידישער שנײַדער. וויאַזוי באַקענט מען זיך

מיט אים? די כעוורע האָבן צוגעטראַכט: באַ זאַלמענען איז די שינעל געווען אַ ראַטערישע, אַ לאַנגע ביז די פּיאַטעס, און דאָס וועט טאַקע זײַן אַ גוטער טערעץ אַרײַנצוגײן צום שנײַדער אין שטוב — זאָל ער אונטערקירצן.

ווען זאַלמען זאָל געווען וויסן, אַז אין דער דאָזיקער שטוב וועט ער זיך טרעפן מיט זײַן כאַנעלען, וואָלט ער מיסטאָמע נאָך מיט עט־לעכע יאָר פריִער געקומען אַהין צו לויפן. באַ דעם שנײַדער, וועלכער איז געווען כאַנעלעס אַ שוועסטערקינד, האָט זי געדינט — געניײט, געטאָן אַלץ, אַבי האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ. קיין אַנדער ברײרע האָט זי, אַ קלײנטשיקע יעסוימע, ניט געהאַט.

...און אָט איז שוין באַ זאַלמענען און באַ כאַנען די גאָלדענע כאַסענע.

פרײלעך איז געווען אין אָט דעם אָוונט אין שטוב באַ די גאָנטמאַכערס, פיל געסט און פרײַנט האָבן פאַרפולט די צימערן. אָף דער גאָלדענער כאַסענע צו טאַטע־מאַמען זײַנען גע־קומען פון כאַבאַראָווסק די טאָכטער זשעניע, פון טשירטשיק — דער זון וועלוול. האַקלאַל, נאָר די זין און טעכטער, זײערע מענער און פרויען, די אײניקלעך און אוראײניקלעך — 37 מענטשן.

אָף די טישן איז ענג פון געקעכטס און גע־בעקס, פון פרוכטן, געטראַנקען.

קאָלוזמאַן די עלטערע לײַט זיצן באַם טיש, זוכט די יוגנט אָפּ אַ ווינקל און מע טאַנצט אַ שער, דערנאָך אַ פרײלעכס, און אַלע וואַרפן דעם בליק אָפן „גאָלדענעם" פּאָרפּאָלק. זאַלמען און כאַנע לאָזן זיך לאַנג ניט בעטן. אַלע נעמען זיך פאַר די הענט, און עס הײבט זיך אָן אַ קאַראַהאָד. ווען מע זעצט זיך ווידער צום טיש, דערצײלט זאַלמען וועגן זיך, און פאַר מײַנע אויגן גײען דורך, ווי קאַדרען פון אַ קי־נאָכראָניק, גאַנצע פּעריאָדן פון זײַן לאַנג לעבן.

...ווען זײ האָבן כאַסענע געהאַט, און געווען איז עס אין פעברואַל 1926, איז זאַלמען גאָנט־מאַכער, נאָך דער דינסט אין אַרמײ, פאַרבליבן אין סומי, געוואָרן אַ סטאָליער אָפן היגן מאַ־שינבוי־זאַוואָד. אין די דרײַסיקער יאָרן האָט ער באַשלאָסן איבערוואַנדערן קײן בירָאָביד־זשאַן.

אין יענע יאָרן זײַנען געפּאָרן אָפן ווײַטן מיזרעך באַהערשן נײַע ערדן מערסטנטײל יוגנטלעכע. די גאָנטמאַכערס זײַנען שוין דאַן געווען סאָלידע מענטשן. אין 1938 זײַנען באַ זײ אָף די הענט געווען דרײַ קינדער. און דאָך האָט זײ גאָרנישט ניט געשראָקן.

די גאָנטמאַכערס האָבן זיך באַזעצט אָף דער סטאַנציע אין. זאַלמען האָט געאַרבעט אין לאָ־קאָמאָטיוו־דעפּאָ. עס זײַנען צוגעקומען נאָך צווײ זין — וועלוול און באָריס. אין דער שטאָט בירָאָבידזשאַן האָט זאַלמען מיטן געזינד זיך אַריבערגעקליבן אין 1954, און פון דעמלט אָן, ביזן אַוועקגײן אָף פּענסיע, האָט ער געאַרבעט אינעם טרעסט „בירָאָבידזשאַנבוי". צוזאַמען מיט אַנדערע האָט זאַלמען גאָנטמאַכער געבויט דעם געגנטלעכן שפּיטאָל, די אַטעליע אָף דער לע־נין־גאַס, די וווין־הײַזער אָף דער קאָמסאָמאָל־



אָף דער גאָלדענער כאַסענע באַ די גאָנטמאַכערס

סקער גאַס, די טעץ און פיל אַנדערע געבײַדעס.

זייער אָפט קאָן מען הערן פון טאַטע־מאַמעס, ווי זיי באַרימען זיך מיט זייערע קינדער: געלערנטע, דאָקטוירים, אָפיצערן און אַנד. און די עלטערן זײַנען בעפּייִרעש גערעכט. זאַלמען און כאַנע גאַנטמאַכער שטאָלצירן אויך מיט די קינדער. די טאָכטער מירע איז אָן אַרבעטערן אין דער ביראָבידזשאַנער טעץ, גאַליע איז אַ סכוירעקענערן, באָריס — אַ געהילפס־מײַסטער אין דער טריקאָטאַזש־פאַבריק, וועלוול — אַן עלעקטראָשווייסער.

פופציק יאָר שפּאַנען האַנט־באַ־האַנט זאַלמען און כאַנע גאַנטמאַכער. מע זאָגט, אַז אויב אַ מענטש האָט פאַר זײַן לעבן פאַרפלאַנצט כאָטשבי איין בוים, הייסט עס, אַז ניט אומזיסט האָט ער געלעבט אָף דער וועלט. זאַלמען גאַנטמאַכער האָט פאַר זײַן לעבן אויסגעבויט אַ סאַך הײַזער, אופגעהויבן אַ געזינד פון פינף קינדער, פופצן אייניקלעך און פינף אורייניקלעך.

ל. שקאָלניק



נויעך און פּאָלינע קריטשעווסקי

## אומפּאַרגעסלעכע יאָרן

די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אָט דעם מענטשן איז געוועזן באַם ערן־טאָוול פון דער ביראָבידזשאַנער זאָקן־טריקאָטאַזש־פאַבריק. איך האָב באַטראַכט די פּאָרטרעטן פון די אוואַנגאַרדיסטן פון דער פּראָדוקציע, די מערהײַט פון זיי קען איך גוט, און בלויז וועגן איינעם, נויעך קריטשעווסקין, איז מיר געווען ווייניק באַוווּסט. איך האָב אים געפונען, און מיר האָבן אָפּגערעדט זיך טרעפן באַ אים אין דער היים.

און אָט בין איך באַ די קריטשעווסקיס. ער און זײַן פרוי זײַנען שוין ניט קיין יונגע מענטשן, זיי האָבן דורכגעמאַכט אַ לאַנג און אינטערעסאַנט לעבן.

אין 1936 האָט נויעך, אַ צוואַנציקיאָריקער באָכער, פאַרלאָזט זײַן היימשטאָט קרעמענטשוק און איז געקומען קיין ביראָבידזשאַן. ער איז שוין דאַן געווען אַ שלאָסער־מאָנטירער. אַרבעט פאַר אַזאַ פּראָפעסיע איז געווען אָן אַ שיר, און נויעך האָט אָפּגעשטעלט זײַן אויסוואַל אָף דער דעמלטיקער אַרטעל „דעטאַל“. די הײַנטיקע צוואַנציקיאָריקע יינגלעך און מיידלעך שטעלן זיך מיסטאָמע אַפילע ניט פאָר, וואָזוי עס האָבן אויסגעזען די ביראָבידזשאַנער אונטערנעמונגען מיט פערציק יאָר צוריק, אָבער דאַן איז אַלץ געווען פון „גרויסע מאַסשטאַבן“. די שטאָט האָט זיך געבויט, און נויעך איז גאָר אײַנגיכן געוואָרן איינער פון די בעסטע סטאַכאַנאָווצעס פון דער שטאָט.

— אין יענע יאָרן, — זאָגט ער, — האָט די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד, און מיר, דאָ אין ביראָבידזשאַן, זײַנען אויך געווען ניט צווישן די לעצטע.

ער דערציילט וועגן דער אומפּאַרגעסלעכער צײַט, און דאָס געזיכט איז באַ אים ווי באַלויכטן מיט אינווייניקסטער שײַן. ער כאַפּט אַלעמאָל אַ קוק אָף זײַן פרוי פּאָלינע, ווינקט איר אונטער, און זי שאָקלט צו מיטן קאָפּ, וואָס עס דאַרף באַטײַטן: יאָ, אַזוי טאַקע איז געווען.

נויעך זעצט פאָר:

— טאַקע דאָ, אין אַרטעל „דעטאַל“, האָב איך זיך באַגעגנט מיט מײַן באַשערטער, און אײַנגיכן האָבן מיר אָפּגעשפּילט אונדזער כאַסענע.

— יאָ, — זאָגט פּאָלינע איסאַקאָוונע, — די צײַט איז געווען ניט קיין לײַכטע, אָבער זייער און זייער אַ טײַערע. דו געדענקסט, נויעך, אונדזערע שאַבעסניקעס, די קולט־פּאָכאָדן, די זעלבסטטעטיקײַט? ביראָבידזשאַן האָט זיך ערשט געבויט. אָף די גאַסן זײַנען געווען שמאָלע הילצערנע טראָטואַרן, טוסט אַ שפּאַן אין אַ זײַט און טרעפסט גלײַך אין אַ בלאָטע, אָבער דאָס לעבן האָט געקאָכט, ווי אין אַ קעסל. מע האָט געבויט אַ נײַע שטאָט און ניט געקאַרגט קיין קויכעס. און אָט — אַזאַ שיינע שטאָט געוואָרן!

די קריטשעווסקיס וווינען אין אַ נײַעם מיקראָ־ראַיאָן. די פענצטער גייען אַרויס אָף דער ברייטער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס, איבער וועלכער עס טראָגן זיך האַסטיק אויטאָמאָבילן. פּאָלינע איסאַקאָוונע, וועלכע האָט פיל יאָרן אָפּגעגעבן דער וואַליקעס־פאַבריק, איז אַצינד שוין אָף פּאַרדינטן אָפּרו. נויעך אַרבעט אָף דער זאָקן־טריקאָטאַזש־פאַבריק, באַנאַנד מיט אים — זייערע צווײַ זין — צוויי אַלעקסאַנדערס.

פאַרוואָס הייסן זייביידע אַלעקסאַנדער?

ווען עס איז געבוירן געוואָרן דער צווייטער זון (דעם ערשטן האָט מען אָנגערופן סאַשע), האָבן זיי באַשטימט אים געבן אַ נאָמען שימען — סעמיאָן, אָבער ווען דער גליקלעכער

טאַטע איז געקומען אין זאַגס פאַרעגיסטרירן דעם נײַגעבוירענעם, האָט ער אַלץ איבערגעפּלאָנטערט. אויף דער פראַגע: „ווי־אַזוי הייסט ער, אײַער זון?" האָט ער אַ זאָג געטאָן: „אַלעקסאַנדער". און אַזוי איז פאַרבליבן.

אויף דער אונטערנעמונג האָט מען זיי אָפּט געפּלאָנטערט. מע פלעגט אפילע דעם געהאַלט פון איינעם צושרײַבן דעם אַנדערן. אָבער ניט אין דעם גייט עס. דעריקער איז, וואָס ביידע אַרבעטן גוט, און דער פאָטער שטאָלצירט מיט זיי. דער עלטערער איז שטעלפאַרטרעטער פונעם מײַסטער פון צעך, די קאָמוניסטן האָבן אים אויסגעוויילט אַלס סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. ביידע זין האָבן כאַסענע געהאַט, בײַ זיי זײַנען די פרויען לערערנס. און ניט קיין פּאָשעטע לערערנס, נאָר פאַרוואַלטערס מיט די לערן־טיילן פון מיטלשולן.

צוזאַמען מיט די עלטערן וווינט אַצינד בלויז די מיזינקע ליליע, און אויך דאָס טעכטערל וועט ניט פאַרשעמען דעם קאָוועד פון דער מישפּאָכע. אַזוי זאָגן די קריטשעווסקיס, און מע קאָן זיי גלייבן.



... ע. שינדער



דער שלאָסער פון די רעמאָנט־וואַרשטאַטן פון דער ביראָבידזשאַנער ראַיאָנישער פאַראייניקונג „סעלכאָזטעכניקאַ" איסאַק גורשמאַן איז אַ וועטעראַן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. פיל יאָרן האָט ער צו טאָן מיט רעמאָנט פון לאַנדווירטשאַפטלעכער טעכניק. צו זײַנע מיליטערישע אויסצייכענונגען איז צוגעקומען אַ באַלוינונג פאַר פרידלעכער מי — אָן אָרדען פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

זײַנע זין מיכאַיל און זינאָווי, דער איידעם סערגיי אַרבעטן צוזאַמען מיט אים אין די רעמאָנט־וואַרשטאַטן.

אויפן בילד: איסאַק גורשמאַן, זײַנע זין און דער איידעם.

## קאָמענטאַרן פון רעדאַקציע

# די „מאָרגן=פרײַהײַט" אַף פרעמדע וועגן פון אנטיסאָוועטיזם און פראָצ.יעניזם

### 1. ווי:אזוי עס האָבן זיך אנטוויקלט די געשעענישן אין די לעצטע פינף יאָר

צוריק מיט העכער פינף יאָר, אין מארט 1972, האָט „סאָוועטיש היימלאנד" פארעפנטלעכט א קאָמענטאר אונטערן נאָמען „וואָס קומט פאָר אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט"". עס האָט זיך געהאנדלט וועגן דער אידייִשער איבעראָריענטאַציע פון די רעדאקטאָרן פון דער דאָזיקער צײַטונג, וועגן זייער אָפּגאַנג פונעם מאגיסטראַלוועג פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

אין סאָף פון די זעכציקער און אין די ערשטע זיבעציקער יאָרן האָט, ווי באַוווּסט, זיך צעשפרייט אין איר פולער „פראכט" און געלאָזט פון זיך הערן מיט סקאנדאלן אַף דער צווישנפעלקערלעכער ארענע די צעיושעטע רעאקציע אין דער יי:דישער סוויווע — אָנגעהויבן פון די ביירוט־לײַט און „דזשוי:ש דעפענס ליג" און געענדיקט מיט די אויסגעלאסענע דעזערטירן און רענעגאטן. פאר די אויגן פון דער וועלט־עפנטלעכקײַט איז אָנגעגאנגען (און גייט אָן אויך איצט) א הידרעך־פידרעך פון מאָראלישע קריפּלס, וועלכע האָבן אויסגעקליבן אלס ציל־ברעט דאָס הייליקטום און די האָפענונג פון דער עפּאָכע — דעם סאָוועטנפארבאנד, דעם קאָמוניזם. ס׳איז מער ווי נאטירלעך, אז טאקע אין דער נאצי:אָנאלער סוויווע, וווּ אזוינס קומט פאָר, זאָלן זיך מאָביליזירן די געזונטע קויכעס, קעדיי, לעכאָלהאפּאָכעס, פארשטעלן פון די שמוץ־ווארפער די פּאָן. עס טרעפט אָבער, אז גראָד אין אזא מאָמענט נעמט עמעצער פארשוועריקן דעם געראנגל, אָנהעגנענדיק זיך אַף די הענט פון די קעמפער, זוכנדיק שוטפים צווישן די אָנפאלער. אזא סיטואציע האָט אין סאָף פון די זעכציקער און אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן זיך אײַנגעשטעלט אין דער יי:דישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג פון אמעריקע און, נאָכפאָלגנדיק, אויך פון קאנאדע. די אָנפירער פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" פ. נאָוויק, כ. סולער און אנד. זײַנען דאָס געווען די יעניקע, וועלכע האָבן אוועקגעפירט די פאָלקס־צײַטונג אַף אזעלכע זײַטיקע וועגן, וואָס ברענגען אומפארמײַדלעך צום אנטיסאָוועטיזם און צום בורזשואזן נאצי:אָנאליזם.

דער קאָמענטאר אין „סאָוועטיש היימלאנד" איז ניט געווען געריכטעט צו „פארשארפן די ווינקלען", אָנהענגען יארליקן. ס׳איז ניט געגאנגען קיין רייד וועגן אײַנרײַסן מיט דער צײַטונג און מיט דער באַוועגונג, וועלכע האָבן געהאט ערנסטע פארדינסטן אינעם קאמף, וואָס עס האָבן געפירט אין די פארגאנגענע יאָרצענדליקער די פּראָגרעסיווע יי:דישע פאָלקס־מאסן. אין העסקעם מיט די אײַנגעשטעלטע נאָרמעס פון כאווערישקײַט און קאָלעקטיווער אכרײַעס האָט דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" פארעפנטלעכט א ריי זאָרגזאם־ארגומענטירטע באמערקונגען מיקויעך דער שטעלונג פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" צו אזעלכע פּראָבלעמען פון דער צײַט, ווי: 1) דער אויפן פון אינפאָרמירן די לייענער אין פשא און אין אנדערע לענדער וועגן דער פּאָליטיק פונעם ערשטן לאנד פון סאָצי:אליזם, בײַס די קאָנקרעטע אספעקטן פון דער דאָזיקער פּאָליטיק רופן ארויס א שטראָם פון בייזוויליקע אויסטײַטשונגען מיצאד אנטיסאָוועטיקער דורך די בורזשואזע קאנאלן פון אינפאָרמאציע און עס פאָדערט זיך א פאראנטוואָרטלעכער צוגאנג פון דער פּראָגרעסיווער פרעסע; 2) די נויטווענדיקײַט צו געבן אן ארויסדרינגענדיקע פון די געשעענישן אין די לעצטע יאָרן אידייִש־פּאָליטישע כאראקטעריסטיק פונעם צי:עניזם, וועלכער האָט גאנץ אָפן און אָן שום מעני:עס איבערגעגעבן אלע זײַנע מיטלען און מעגלעכקײַטן אין רעשוס פון דעם הײַנטצײַטיקן קעמפערישן אימפּערי:אליזם, צו דינסט די עקסטרעמרעאקצי:אָנערע, אנטיקאָמוניסטישע, אנטיסאָוועטישע צענטרען אַף דער וועלט־ארענע, דערשײַנענדיק אליין, ווי א באוואָפנטער פון קאָפּ ביז די פיס צווישנפעלקערלעכער רויבער; 3) די פאָדערונג פון א קאָנסעקווענטער אכרײַעסדיקער שטעלונג אין דער פראגע פונעם קאָנפליקט אפן נאָענטן מיזרעך, האָבנדיק אין זינען, אז נאָך העכער פון די הארמאטן הערט זיך צומאָל אַף דער יי:דישער גאס דאָס „שיסן" פון צי:עניסטישע פּראָפּאגאנדיסטן־אונטערהעצער, אידייִשע

„קריגס־פּאָדריאַטשיקעס״, און ווי שטענדיק בעשאַס אַן אויפבּרויז פון נאַציאָנאַליסטישער היסטעריע, איז גרויס די געפאַר צו פאַרלירן דעם קלאַסן־צוגאַנג צו די עמאַנציפּאַציאָנעל־באַפאַרבטע געשעענישן.

אָף וויפל די אויסגערעכנטע פראַגן זײַנען אָן גוזמע באַזיש־וויכטיקע, האָט די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ אָפּגעהיט אײנעם קריטישן קאָמענטאַר דעם פּרינציפּ פון אָנרופן אַלץ מיטן ריכטיקן נאָמען, ווי מע זאָגט — שטעלן דאָס פּינטל אַפן i.

צום באַדויערן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז טאַקע דאָס האָט אַרויסגערופן צערייצטקייט און גרימצאָרן בײַ די, צו וועמען עס איז געווען געווענדט דאָס וואָרט פון פּרינציפּיעלער קריטיק. אין טאָך, איז שוין בלויז די דאָזיקע פּאָרמעלע אויפירונג פון די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט״ געווען אַ באַווײַז, אַז זיי וואַרפן אָפּ יעדע מעגלעכקײַט צו אויסגלײַכן אָף ווײַטער דעם אידייִישן גאַנג פון דער צײַטונג. אָנשטאָט צו ענטפערן אָף די עצעם פראַגן, וועלכע זײַנען באַרירט געוואָרן אין דער אַרויסטרעטונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד״, האָט די רעדאַקציע פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט״ זיך געווענדט צו מעטאָדן פון דעמאַגאָגיע און אַזשיאָטאַזש. איר אַרגומענטאַציע איז געגאַנגען אויסשליסלעך לויט דער „לאָגיק״: יעדער פּרוּוו צו אָפּפרעגן די אָדער יענע פאַלשע שטעלונג פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט״ „שפּילט אַרײַן אין די הענט פון דער רעאַקציע״.

פּ. נאָוויק און כ. סולער האָבן אָרגאַניזירט אונטער אַ דיריזשאָר־שטעקעלע ווילקירלעכע לויטן טאָן „בריוו״־אַרויסטרעטונגען פון זייערע נאָכפאָלגער, צווישן וועלכע עס זײַנען דערשינען פאַר די שטויבנענדיקע פּראָגרעסיווע לייענער ניט ווייניק אײנפאַכע אַנטיסאָוועטיסטן און פריידיקער פון רעאַקציאָנערע ציִעניסטישע טעזיסן. דער ענטפער צום זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״ איז געווען — אויסער אַ האָגל זידלערײַען און ניט קאָנטראָלירטע יאויסברוכן פון שעקער, — צוערשט דראָונגען, אַז עס וועלן אָנגענומען ווערן מיטלען צו שנײַדן די צירקוליאַציע פונעם זשורנאַל אין פּשא, און שפּעטער — די פאַרווירקלעכונג פון דעם דאָזיקן כּוליגאַנישן מאָסמיטל.[1]

אין מעשעך פון די פאַרגאַנגענע פינף יאָר האָט די נאָוויק־סולער־גרופּע אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט״ ניט געלאָזט קיין אָרט פאַר מינדסטע צווייפלונגען אין דעם, אַז די צײַטונג פונעם פּראָגרעסיוון סעקטאָר אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן, די שלאַכט־טריבונע פון מאָריס ווינטשעווסקי, מוישע אָלגין, שאַכנע עפּשטיין, מוישע קאַץ איז איבערגעפירט געוואָרן אָף דער פּלאַטפאָרם, וואָס איז קעגנזעצלעך צו די אידייען און לאָזונגען פון אירע שעפער.

## 2. קעגן וועמען שיקט איצט אירע פײַלן די „מאָרגן־פרײַהײַט״

ווען מע לייענט הײַנט די „מאָרגן־פרײַהײַט״, איז שווער זיך צו באַפרײַען פונעם אײַנדרוק, אַז די אַטמאָספער איז אין איר דורכויס אַן אַנטיסאָוועטישע, וועגן וואָס עס זאָגט איידעס הען דער אונטערקלײַב פון אינפאָרמאַטיווע מאַטעריאַלן, הען דער אויפן, וויאַזוי זיי ווערן קאָמענטירט.

אָט, לעמאָשל, עפענען מיר אַן אָרדנטלעכן נומער פון דער צײַטונג, דעם לעצטן, וואָס איז אָנגעקומען קיין מאָסקווע בייס עס ווערן געשריבן די דאָזיקע שורעס, — מיר עפענען דעם נומער פאַרן 6 פעוורואַל ד. י., און לייענען דאָרט אַ גאַנצע ריי טענדענציעז־אונטערגעקליבענע, אינעם אויבנדערמאָנטן נוסעך, מאַטעריאַלן, די מערהײַט פון זיי — פון בורזשואַז־אַנטיסאָוועטישע קוואַלן.

איגנאָרירנדיק די סיסטעמאַטישע מיטיילונגען אין דער וועלט־פּרעסע וועגן דער טראַגישער לאַגע פון די געוועזענע סאָוועטישע ייִדן, וואָס זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין די קאַלטע אָרעמס פון דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקײַט, כאַזערט איבער די „מאָרגן־פרײַהײַט״ אין אַ נאָטיץ וועגן אָט דעם איניען די באַהויפּטונגען פון אײנעם אַ דזשאָזעף עדעלמאַן, וועלכער האָט געשריבן אין „אַמעריקאַנער ייִדישן יאָרבוך״, אַז „די מערסטע סאָוועטישע ייִדן, וואָס האָבן זיך באַזעצט דאָ אין לאַנד, האָבן זיך אײַנגעאָרדנט״ און אַז מע האָט זיי געגעבן די געהעריקע הילף. דאָס אידילישע בילד אין שײַכעס מיט אַמעריקע אַלס גאַניידן פאַר די ייִדן דאַרף, לויטן פאַרטראַכט פון די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט״, אַ „שפּיל טאָן״ אין דער שײַן פון דער אוועקגעשטעלטער בישכיינעס מיטיילונג פון „ייִטאַ״ (ייִדישע טעלעגראַפן־אַגענטור), ווו עס ווערט איבערגעגעבן דער אינהאַלט פון אַ נײַער פּראָוואָקאַציאָנעלער רעזאָליוציע פון אַמעריקאַנער סענאַטאָרן און קאָנגרעסמענער, וואָס גיבן צו וויסן, אינעם אויסלייג פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט״ און פון „ייִטאַ״, אַז „די באַהאַנדלונג פון ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד באַליידיקט און רירט אָן טיף דאָס געוויסן פון אַ פרײַ פאָלק״ און אַז „עס זיצן נאָך ייִדן פאַרשפּאַרט אין סאָוועטישע טורמעס״. די אונטערשטע שורע איז אַזאַ: „דער אַמעריקאַנער סעקרעטערי אָוו סטעיט סײַרוס וואַנס האָט בײַ אַ פּרעסע־קאָנפערענץ דערקלערט, אַז אַמעריקע מוז קלאָר מאַכן איר שטעלונג צום איניען סאָוועטישע עמיגראַציע, ווײַל זי (אַמעריקע! — רעד. „סאָוועטיש היימלאַנד״) האָט אַ טיפן רעס־

---

[1] קעדיי צו באַרעכטיקן ווי־ניט־איז די אַקציע פון ניט דערלאָזן „סאָוועטיש היימלאַנד״ צו די אַמעריקאַנער און קאַנאַדער ייִדישע לייענער, ווערט מיצאַד פּ. נאָוויקן, כ. סולערן, י. גערשמאַנען אַרויסגערוקט דער מאָטיוו, אַז, קלוימערשט, קאַנאַדער און אַמעריקאַנער ייִדישע לייענער „קערן זיך אָפּ״ פון דער אַנטיציִעניסטישער שטעלונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד״. דאָס איז ניט אַנדערש, ווי רעכילעס אָפן ייִדישן פּראָגרעסיוון לייענער (רעד. „סאָוועטיש היימלאַנד״).

פעקט פאר מענטשן”... ניין, מיר האָבן ניט געהאט קיין טאָעס, די ציטאטעס זײַנען געבראכט ניט פונעם „פאָרווערטס”, נאָר פון דער צײַטונג, וועלכע עס האָבן געשאפן די רעוואָליוציאָנערע ייִדישע מאסן פון פשא אפן דריטן יאָר נאָך דער גרויסער סאָציִאליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אלס רעזולטאט פון זייער אויסגעוואקסענער פאָליטישער רײַפקײַט און אלס פראָקלאמירונג פון זייער געטרײַשאפט צו די אידעאלן פונעם אָקטיאבער.

אין דעם זעלבן נומער פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט” ווערט אונטערגעטראָגן דעם לייענער אן איבערדרוק פון „ניו־יאָרק טײַמס” אונטערן קעפל „באריכט, אז ייִדישער אקטיוויסט איז ארעסטירט געוואָרן אין מאָסקווע”. לאָמיר אָפמערקן, אז אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט” פון נאָוויקן און סולערן ווערט געוויינלעך מיטן נאָמען ייִדישער אקטיוויסט אָנגערופן ניט א ייִד, וואָס איז א שלאָגלער פון קאָמוניסטישער מי, אָדער, לאָמיר זאָגן, אן אקטיווער בויער פון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור, נאָר אזא, וואָס איז געוואָרן א רופאָר פון דער ציִעניסטישער פראָפאגאנדע און ברענגט שאָדן דעם סאָציִאליסטישן לאנד, אין וועלכן ער לעבט.

איז נאָך ווייניק? געפינען מיר אף דער ענגלישער זײַט פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט” פארן זעלבן טאָג אן איבערזעצונג פון י. גערשמאנס (קאנאדע) א דערמוטיקונגס־ארטיקל פאר די פראָוואָקאטאָרן־„סימפאָזיִומניקעס”, וועמען די סאָוועטישע ייִדן און די מעלוכישע אָרגאנען פונעם סאָוועטנפארבאנד האָבן ניט דערלויבט צו אײַנאָרדענען ספעקוליאטיווע טומלערײַען ארום דער פרעמדער פאר זיי ייִדישער קולטור.

דאָס צעטל פון אנטיסאָוועטישע פליאָטקעס אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט” קאָן מען פאָרזעצן, בלעטערנדיק זי נומער נאָך נומער. אף וויפל ס'זײַנען דאָרט פאקטיש פארשוווּנדן די מאטעריאלן וועגן דער קאָמוניסטישער בויונג אין פססר, וועגן די נײַע מאָסן פון סאָציִאליסטישער מאָראל, ווי אויך די אינפאָרמאציע וועגן דעם לעבן, וואָס עס האָבן אויסגעקליבן פאר זיך די סאָוועטישע ייִדן, טרײַע צו זייער היימלאנד, — אף וויפל עס פעלט אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט” דאָס אָביעקטיווע בילד פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, באקומט זיך גאָר אן אנדער בילד, א מעשונעדיק־פארקריפלטס, וועמענס אוטאָרן עס זײַנען — רעכילעס און העפקיירעס. די „מאָרגן־פרײַהײַט” האָט „דורכגעלאָזט” דעם נײַנטן פינפיאָר אין פססר און דאָס ערשטע יאָר פונעם צענטן פינפיאָר, זי האָט זיך אָפגעהאלטן צו באווײַזן דעם גיגאנטישן אופטוּ פונעם XXIV און XXV צוזאמענפאָרן פון דער קפסס לעטויוועס שאָלעם און צווישנפעלקערלעכער אנטשפאנונג, אײַנגעשלאָסן די ווירדיקע, קאָנסעקווענטע פראָ־ייִסראָעלדיקע אין סאמע ערנסטן זין פון וואָרט שטעלונג פון פססר, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אינעם קאמף פון דער סאָוועטישער דיפלאָמאטיע קעגן דער מילכאָמע־פאָליטיק פון די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל. די „מאָרגן־פרײַהײַט” האָט אין איינקלאנג מיט דער ציִעניסטישער פרעסע אײַנגערעדט דעם לייענער: „ס'איז ניט עמעס, אז עס איז שוין 20 יאָר, ווי מאָסקווע האלט אָן אן אנטי־ייִסראָעל־פאָליטיק. די פאָליטיק (די אנטי־ייִסראָעלדיקע! — רעד. „סאָוועטיש היימלאנד”) האָט זיך ערשט אָנגעהויבן מיט דער זעקסטאָגיקער מילכאָמע”... (פון כ. סולערס וועכנטלעכן איבערזיכט אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט” פארן 19 אפרעל 1975).

צווישן די רעגולערע אנטיסאָוועטישע קאמפאניעס, וואָס עס פירט דורך די „מאָרגן־פרײַהײַט”־רעדאקציע, זײַנען די באזונדערס „דעליקאטע” צוויי: די קאמפאניע, וועלכע ווערט פאָרמעל דערקלערט מיטן דערשײַנען פון געוויסע פעלערהאפטע אנטיציִעניסטישע בראָשורן, און די קאמפאניע ארום דער „אליִא”.

די פראָבלעמען פונעם ציִעניזם זײַנען נאָך דערווײַל אזוי ווייניק פאנאנדערגעארבעט אין דער הײַנטצײַטיקער ליטעראטור, אז איצט, ווען דער ציִעניזם דערשײַנט אין די סאמע פארשיידענע מאלבושים און געשטאלטן און ער שטעלט מיט זיך פאָר א דירעקטע געפאר פארן שאָלעם אף דער וועלט, פאר דעם רויִקן לעבן פון פעלקער, קוידעמקאָל פונעם ייִדישן פאָלק, — אין דער איצטיקער אומגעבונג פונעם ענערגישן קאמפס־צוגאנג צו דער פראָבלעם טרעפן מיר זיך אָן אין דער פובליציסטיק מיט די אָדער יענע, גרעסערע אָדער קלענערע פעלערן, אפילע מיט אזעלכע פאלן, ווען עס פילט זיך דער מאנגל אין מארקסיסטיש־לענינישער מעטאָדאָלאָגיע.

דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד” האָט עטלעכע מאָל מיט דער פולער פרינציפּיִעלקײַט זיך ארויסגעזאָגט ארום אָט דער פראגע. איינצײַטיק דערמיט האָט ער ניט דערלאָזט קיין טאָן פון היסטעריע. ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אז קריטישע אנאליזן פון פעלערהאפטער פובליציסטיק זאָל נאָך קומען. דאָס אלץ האָט אָבער קיין פארגלײַך ניט מיט דעם, וואָס עס טוט אין אָט דער הינזיכט די „מאָרגן־פרײַהײַט”, וועלכע באנוגנט זיך ניט מיט קריטיקירן די אָדער יענע בראָשור, דאָס אָדער יענץ ארטיקל, נאָר, ערשטנס, טראָגט זי אָפ אף א ווילקירלעכן אויפן צו דער קפסס, צו דער סאָוועטישער רעגירונג די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער ניט ריכטיקער שטעלונג פון די אוטאָרן פון באזונדערע ארבעטן, און, צווייטנס, וויקלט זי פאנאנדער אומופהערלעכע קאמפאניעס, נעמענדיק זיך צוהילף אזעלכע, אין די לעצטע יאָרן אנטיסאָוועטישע אויסגאבעס, ווי „דזשויִש קאָרעטס” און „ייִדישע קולטור”, קאמפאניעס, בײַס וועלכע די רענעגאטן שטעלן זיך פרײַוויליק אוועק אלס „זאפעוואלעס” פון אָרדנטלעכע ספעקטאקלוארע טאראראמען. זײַענדיק מילד און פילבאר צו פארמישפעטע אין סאָוועטנפארבאנד קרימינעלע פארברעכער־אנטיסאָוועטשיקעס — צו די בוקאָווסקיס, שטערנס און אנד., — פאָדערן אין דער זעלבער צײַט נאָוויק און זײַנע נאָכגייער, אז יעדן אוטאָר פון א

פעלערהאפטער בראָשור וועגן ציִעניזם זאָל מען מישפעטן און פארשפארן אין טפיסע, און אויב מע וועט דאָס ניט טאָן, וועלן זיי ניט אופהערן איבערצוכאזערן, אז עס איז דערפאר, ווײַל אין דער סאָוועטישער מעלוכע איז פאראן „אָפיציִעלער אנטיסעמיטיזם“. זיי ווילן ניט הערן, ווען מע זאָגט זיי, אז די זעכציק אָקטיאבער־יאָר, פורעמענדיק די נײַע געזעלשאפט, האָבן ניט געשאפן און ניט געדארפט שאפן קיין שטאמפ פון אן „אידעאלן מענטשן“, פון אן איינציקער „אידעאלער מיינונג“.

דער זעלבער וועזנטלעכער בלויז אין זייער לאָגיק פילט זיך, ווען זיי שרײַבן וועגן דעם, אז פונעם סאָוועטנפארבאנד פאָרן ארויס ייִדן קיין ייִסראָעל און אנדערע לענדער. ס׳וועט ניט זײַן איבערגעטריבן צו זאָגן, אז אין „סאָוועטיש היימלאנד“, ווי אין דער גאנצער פרעסע פון אונדזער לאנד, זײַנען פיל מאָל געגעבן געוואָרן אויסשעפלעכע ענטפערס אף די פראגן, וואָס זײַנען פארבונדן מיט דער דאָזיקער דערשײַנונג, ארײַנגערעכנט אויך די פראגע וועגן די סיבעס, וואָס ליגן אין איר יעסאָד. די רעדאקציע פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט“ האָט אָבער קיין איין מאָל זיך ניט פארינטערעסירט מיט דעם, וואָס „סאָוועטיש היימלאנד“ — דאכט זיך, די סאמע קאָמפעטענטע אין אָט דער פראגע אויסגאבע אף דער ייִדישער גאס — האָט געהאט דאָ צו זאָגן. דאָס וואָס די „מאָרגן־פרײַהײַט“ האָט זיך ניט באנוצט מיט דער געלעגנהײַט איבערצוגעבן די לייענער אינפאָרמאציע פונעם ערשטן קוואל, איז ניט קיין צופעליקײַט. עס לוינט ניט פ. נאָוויקן און כ. סולערן, אז די עמאָציִאָנעל־ווירקנדיקע פראגע „פארוואָס פאָרט מען ארויס?“ זאָל באקומען א ריכטיקן ענטפער און מיט דעם זאָל זי אויסגעשעפט ווערן. די נאָוויקס דארפן האָבן געפעפערטע „פראגעס“ אין שײַכעס מיטן סאָוועטנפארבאנד און מיט די סאָוועטישע ייִדן, קעדיי מיט דער הילף פון זיי זיך ווײַטער אופהאלטן אף דער אויבערפלאך פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן. •

פארשטייט זיך, די „מאָרגן־פרײַהײַט“ האָט די פולע מעגלעכקײַט אופצוקלערן דעם איניען אין העסקעם מיט די רעאלע פאקטן. צוליב דעם דארף זי ריידן וועגן דער הומאניסטישער פאָזיציע פון דער סאָוועטישער רעגירונג אין דער פראגע פון פארייניקן מישפאָכעס; באווײַזן, וואָס פאר אן אָרט צווישן די ארויספאָרנדיקע עס פארנעמען קאָלערליי סעקטאנטיש־רעליגיִעזע עלעמענטן צווישן די אזויגערופענע גרוזינישע ייִדן, אוזבעקישע ייִדן, ווי אויך אײַנוווינער פון די ראנד־געגנטן פונעם סאָוועטנפארבאנד, וועלכע שלעפן נאָך זיך די אייגנטימערישע אינסטינקטן פון דער פארגאנגענהײַט, ווען זיי האָבן געלעבט אין קאפיטאליסטישע באדינגונגען און ניט זעלטן דערצויגן געוואָרן אין ציִעניסטישע יוגנט־קרײַזלעך אין די בײַבאלטישע בופער־מעלוכעס, אינעם פילסודסקי־פוילן און אין דער באָיארישער רומעניע; אויך ניט פארבײַגיין די שווערע פאָלגן פון דער ציִעניסטישער פראָפאגאנדע, וועלכע שלאָגט אראָפ פונעם גלײַכן וועג שוואכע מענטשן און מאכט אומגליקלעך זיי און זייערע מישפאָכעס. די רעדאקציע פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט“ האָט ניט פארלאנגט אופצוקלערן דאָס אלץ דעם לייענער. זי האָט אויך ניט גענומען אף זיך די טירכע ארײַנצוקוקן אין די אָרעמע שטאָט־קווארטאלן פון ניו־יאָרק און פון אנדערע אמעריקאנער שטעט, ווו עס האָבן זיך אין א מאצעוו פון נויט און דעפרעסיע באזעצט אף זייער טראגישן וואנדער־וועג די געוועזענע סאָוועטישע ייִדן.

פארמאכנדיק באוווסטזיניק די אויגן אפן טאָך פון דער פראָבלעם, פירט די רעדאקציע פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט“ ביליקע פראָפאגאנדע, איבערכאזערנדיק אָן אן אָפשטעל און דראמאטיזירנדיק אף א דעמאגאָגישן אויפן די פראגע „פארוואָס פאָרט מען ארויס?“. באזונדערס פאלש קלינגט דאָס קאָל פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט“, ווען זי שטעלט אוועק אלס איינע פון די גרונט־סיבעס פונעם ארויספאָר „דעם מאנגל אין ייִדישער קולטור“. ס׳איז א סאָד אף גאנץ בראָד — וועגן דעם שרײַבן די בורזשואזע צײַטונגען אין ייִסראָעל, פשא און אנדערע לענדער, — אז די פולע מערהײַט פון די עמיגרירטע פונעם סאָוועטנפארבאנד ייִדן האָבן ניט קיין מינדסטע באדערפעניש אין קולטור אף ייִדיש און אז פאר דעם קליינעם הײַפל עמיגראנטן, וועלכע נוצן יאָ ייִדיש, האָבן די ציִעניסטן אין ייִסראָעל און אמעריקע ניט פארגרייט קיין ייִדישע קולטור.

די גאנצע פראָבלעם ייִדישע קולטור שטעלן די רענעגאטן אוועק אף א זומפיקן אנטיסאָוועטישן באָדן. ווען זיי ווענדן דעם בליק צו דער קאפיטאליסטישער וועלט, ווערט בא זיי דאָס קאָל שטיל און געמיטלעך, און זיי שטאמלען ארויס, אז ס׳איז פארשטענדלעך, פארוואָס „עס קאָן ניט זײַן מערער, ווי ס׳איז דאָ“. וואָס שײַעך אָבער דעם סאָוועטנפארבאנד, ווילן זיי ניט זען אזעלכע אָביעקטיוו־ווירקנדיקע רעאלקײַטן, ווי דאָס טאָטאלע ליקווידירן מיצאד דער פאשיסטישער כײַע די באזעס פאר ייִדישער קולטור אין די שטעטלעך פון אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאנד, מאָלדאוויע, ליטע, דאָס אויסראָטן דאָרט די ייִדיש־ריידנדיקע, ייִדיש־לייענענדיקע, ייִדיש־לערנענדיקע באפעלקערונג; זיי ווילן, פון דער צווייטער זײַט, ניט נעמען אין כעזשבן די פאָזיטיוו־היסטאָרישע ענדערונגען אין דעם לעבן פונעם סאָוועטישן ייִדן, וועלכע האָבן אייגנצײַטיק פארגיכערט דעם פראָצעס פון שפראך־אסימיליאציע; זיי ווייסן גוט, אז אומקערן זיך צו די מוסטערן פון קולטור־ארבעט צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג, וועלכע האָבן אין אונדזער לאנד עקזיסטירט אין די צוואנציקער — דרײַסיקער יאָרן, וואָלט מען געקאָנט בלויז אין דעם פאל, ווען עס שטייען ווידער אוף פון אונטער דער ערד די ייִדישע שטעטלעך און עס קערן זיך אום אין די שטעטלעך די אויסגעהארגעטע מיליאָנען ייִדן. זיי ווייסן עס גוט, די הערן נאָוויק, סולער,

גאָלדבערג, שאפּעס, גערשמאַן, און דאָך סטײַעט בא זיי כוצפּע צו פירן אַן אומופהערלעכע פּראָפּאגאנדע אין נוסעך פון דער געלער פּרעסע, פּרוּװנדיק צו שאפן דעם אײַנדרוק, אז די קאָמוניסטישע פּארטיי פונעם סאָוועטנפארבאנד, די סאָוועטישע רעגירונג — זיי זײַנען שולדיק אין אזא מאַצעװו. אין דער זעלבער צײַט פארשווײַגן די רענעגאטן די גרויסע היסטאָרישע דערגרייכונגען פונעם ייִדישן פאָלק אין סאָוועטנפארבאנד, זיי דערלויבן זיך צו דעמאָנסטרירן פײַנטלעכן סקעפּטיציזם בענעגייע צו ביראָבידזשאַן — דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, וועלכע האָט ניט, עמעס, קיין גרויסע מאסן ייִדן (איבער סיבעס, לאכלוטן ניט אָפּהענגיקע פון די סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטאַנצן), זי האָט ניט מערער ייִדן, אשטייגער, איידער אזעלכע הײַנטוועלטיקע לענדער, ווי עסטרײַך, דענעמארק, שוועדן, שווייץ, אָבער אין פּראַט פון ייִדישער קולטור קאָן זי זיך נאָך יאַקאָס פארמעסטן מיט זיי. דערבײַ דארף באמערקט ווערן, אז טאַקע די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט מיט איר טעגלעכער ייִדישער צײַטונג, ייִדישן פאָלקס־טעאַטער, רעגולערע ייִדישע ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־טראַנסלירונגען, ייִדישער ביבליאָטעק אָף שאָלעם־אַלייכעמס נאָמען, ייִדישער שרײַבער־גרופּע און אנד. וועט נאָך ניט איין מאָל לאָזן וועגן זיך צו וויסן אין פּראַט פון ווײַטער אַנטוויקלען און אופהאַלטן די עכטסאָוועטישע ייִדישע קולטור.

די „מאָרגן־פרײַהײַט" דערלויבט זיך ארויסצורוקן ניט קאָרעקטע בענגייע דעם סאָוועטנפארבאַנד פּראָפּאגאַנדיסטישע פאָדערונגען פון קולטור־בויונג, וועלכע באַטײַטן פאַקטיש דאָס אומקערן זיך צו אומרעאַלע אין איצטיקן היסטאָרישן פּעריאָד פאָרמען און מאַסשטאַבן. דער ציל פון אזעלכע פאָדערונגען איז — שאפן אַן אַטמאָספער פון העצערײַ און אַזשיאָטאַזש ארום אָנגעטראַכטע פּראָבלעמען. אין דער זעלבער צײַט מאַכט די „מאָרגן־פרײַהײַט" אָפּ מיט דער האַנט די מאַמאָשעסדיקע דערגרייכונגען אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור. דאָ איז דאָס אָרט צו פרעגן בא די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט": אויב זיי זײַנען אזעלכע קעמפער פאר דער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור אין סאָוועטנפארבאַנד, פאַרוואָס אינפאָרמירן זיי ניט די לייענער וועגן די פילצאָליקע ייִדישע עסטראַדעקאָנצערטן אין צענדליקער שטעט פון פּסס״ר, וועגן די דערגרייכונגען פונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן קאָלעקטיוו, וועגן די נײַע שטעלונגען פונעם ביראָבידזשאַנער און ווילנער ייִדישע פאָלקס־טעאַטערן; פאַרוואָס האָבן זיי פאַרשוויגן דעם 15־יאָריקן יובילײ פון „סאָוועטיש היימלאַנד", די מאַסן־באַגעגענישן פונעם זשורנאַל מיט די לייענער, די בעעמעס אויסטערלישע ליטעראַריש־אַרטיסטישע „דאָנערשטיקן", וועלכע קומען פאָר אין לאָקאַל אָף קיראָוור־גאַס, 17; פאַרוואָס פּרוּװן זיי אופשטעלן אַ וואַנט צווישן דעם אַמעריקאַנער ייִדישן לייענער און „סאָוועטיש היימלאַנד", ווען עס גרילצט זיי אין די אויערן דאָס טרעפלעכע וואָרט פון דער סאָוועטישער ייִדישער פּובליציסטיק? ס'איז דאָס אָרט צו פרעגן די טומלער ארום סאָוועטישער ייִדישער קולטור: פאַרוואָס זײַנען פאַרשוווּנדן פון די זײַטן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" די רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען, אפילע די קורצע אַנאָטאַציעס, ניט נאָר וועגן די אָרדנטלעכע נומערן פון „סאָוועטיש היימלאַנד", נאָר אויך וועגן די דערשינענע ביכער פון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער? פאַרוואָס ווערן ניט פּובליקירט אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט" די נײַע ווערק פון סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער? (אַן אויסנאַם מאַכט מען מיט דער גרעסטער גרייטקײַט, געוויינלעך, פאר ווערק פון אזא שרײַבער, וועגן וועלכן די עקספּערטן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" באַקומען אַ מיינונג, אז ער איז געטראָפן פון שטרויכלונגען, און גלײַך הערט מען אוף דעם דאָזיקן שרײַבער צו פּראָטעזשירן, ווען די מיינונג בײַט זיך...).

מיר קאָנען פאָרויסזאָגן, אז די ווײַטערדיקע פּאָזיטיווע אַנטוויקלונגען אין דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור־סוויווע וועלן אַלץ מער אוועקשטעלן די רענעגאַטן אין אַ טעמפּן ווינקל, אָף וויפל זיי אַליין מיט זייער קאַמף קעגן די אידייִשע יעסוידעס פון אונדזער ליטעראַטור (קעגן איר פּובליציסטיק, אשטייגער) און מיט זייער דערנידעריקנדיק בעטן זיך, מע זאָל זיי צולאָזן אָנטיילצונעמען אין ציִעניסטישע „קולטור"־מאָסמיטלען (אזעלכע, ווי די יערושאָלאַיִמער וועלט־קאָנפערענץ ארום ייִדיש), — זיי אַליין גיבן לעצטנס צו פאַרשטיין, אז דאָס האַרץ ציט זיך בא זיי צו אַן אַנדער ייִדישער קולטור, ניט צו דער סאָוועטישער.

צום שלוס דארף אָפּגעמערקט ווערן, אז צוזאַמען מיטן סאָוועטנפארבאַנד זײַנען געוואָרן אַ ציל־ברעט פאר די פײַלן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּשא און איר פּרעסע („דיילי וואָרלד", „דזשויִש אַפערס"), די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון ייִסראָעל („דער וועג"), די פּראָגרעסיווע ייִדישע צײַטונגען, וועלכע האָבן פאַרורטיילט די אידייִשע פּלאַטפאָרם פון די רענעגאַטן (אַרגענטינער „אונדזער לעבן", אורוגווײַער „אונדזער פרײַנט").

### 3. מיקויִעך דעם ראָמאַן פון די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" מיטן „גוטן" ציִעניזם

די שטעלונג פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" צום ציִעניזם אין די זעכציקער — זיבעציקער יאָרן איז אַלגעמיין באַוווּסט. נאָוויק און זײַנע מיטגייער האָבן דערפונדן „גוטע" און „שלעכטע" ציִעניסטן, און אויב ריידן ערנסט — זיך אָפּגעזאָגט פון דעם מאַרקסיסטישן לענינישן קלאַסן־צוגאַנג צו דער פּראָבלעם. די נײַע פּלאַטפאָרם פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" איז אין אָט דעם

פלאַן פאָרמולירט געוואָרן אַ סאַך מאָל, און זי קלינגט גאַנץ קאַטעגאָריש: „...פולסטע אײניקײַט מיט די ציִעניסטן פון דר. גאָלדמאַן־שניט, מיט ליאָווא אליאַב, מיט מאַפּאַם און אַנדערע ציִעניסטן־סאָציִאַליסטן. דאָ אין לאַנד (אין אַמעריקע — רעד. „סאָוועטיש היימלאַנד") — מיט די ציִעניסטן פון „ברירה", מיט די „פּראָגרעסיוו פאָר איזראַעל" (האַשאָמער האַצאָיִר), מיט בונדיסטן" (פון פּ. נאָוויקס אַרטיקל אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט" פאַרן 30 מײַ 1976).

די „מאָרגן־פרײַהײַט" ווערט דאָ אוועקגעשטעלט פונקט אַף די זעלבע רעלסן, איבער וועלכע די הײַנט שוין אַרויסגעוואָרפענע אַפן מיסטקאַסטן פון דער געשיכטע סנע־„קאָמוניסטן" (די קומירן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט") זײַנען אַרײַנגעפאָרן... גלײַך אין ציִעניזם אַרײַן, האָגאַם זיי האָבן אויך, ווי נאָוויק און סולער, געקלאַפּט זיך אין דער ברוסט, אַז זיי גייען אַריבער אַף אָט די רעלסן צוליב און אין נאָמען פונעם „קאַמף פאַר עכטן קאָמוניזם".

די אָפּשאַצונג פון אַזאַ, מילד גערעדט, רעוויזיאָניסטישער פּאָזיציע איז שוין ניט איין מאָל געגעבן געוואָרן אין די אַרויסטרעטונגען פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער פּרעסע אין אַנדערע לענדער. איצט וועלן מיר אַפן סמאַך פון דער דערפאַרונג פאַר די לעצטע פינף יאָר וואַרפן אַ בליק אַף אייניקע אַספּעקטן, וועלכע נייטיקן זיך אָדער צו באַטאָנט ווערן, אָדער צו ווערן צוגאָבלעך אויפגעקלערט.

קוידעמקאָל, לאָמיר באַטראַכטן דעם צופאַלוס פון לײַדנשאַפטן בײַ די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט", ווען זיי פּרוּוון אָפּשרײַען פאַר זיך דאָס רעכט אידעאָלאָגיש מיטצואַרבעטן מיט די אַזויגערופענע „ציִעניסטן־סאָציִאַליסטן". ס'איז דאָך איבעריק צו ריידן וועגן דעם, אַז טאַקע אונטער דער מאַסקע פון סאָציִאַליסטן זײַנען די ציִעניסטן פון אָט דעם מין באַזונדערס פאַרפירעריש אין גאַנג פונעם פּאָליטישן קאַמף. וועגן דעם טאַקע האָבן לעצטנס געשריבן צוויי אָנגעזעענע מאַרקסיסטישע פּובליציסטן — כּלומרשט לומער אינעם זשורנאַל פון די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן „דזשוּיִש אַפערס" און לעאָנעל דאַדיִאַני אין „סאָוועטיש היימלאַנד". דער צײַטמעסיקער אידייִשער איבערוף האָט אַרויסגערופן אָט אַזאַ לאָשן אין אַ מעמאָראַנדום פון די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" (11 מײַ 1975): דאַדיִאַני „ברענגט דעם פּסק־דין פון זייער אַ גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן „אויטאָריטעט" אין דער פראַגע — כ. לומער. מע טאָר ניט גיין צוזאַמען מיט די סאָציִאַליסטישע ציִעניסטן, האָט דער „אויטאָריטעט" געפּסקנט, — אַזוי זאָגט ל. דאַדיִאַני. מע טאָר ניט — הערט ווערטער! — „באַשווינדלט ווערן דורך דעם סוראָגאַט פון די אַזויגערופענע „סאָציִאַליסטישע ציִעניסטן", ווע־מען אייניקע אונדזערע געוועזענע פּראָגרעסיווע ייִדישע פירער האַלטן פאַר „גוטע" ציִעניסטן..." אַזוי האָט דער „אויטאָריטעט", מישטיינסגעזאָגט, געפּסקנט, און ווער עס גלייבט ניט, אַז

אַזאַ מעשונעדיקע "טוירע" קאָן געזאָגט ווערן הײַנטיקע צײַטן, דער זאָל אַ קוק טאָן אַף דער זײַט 124 פונעם נומ. 3 „סאָוועטיש היימלאַנד".

שוין אָפּגערעדט פונעם סטיל, וויִאַזוי עס רעדן די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" וועגן זייערע פּאָליטישע אָפּאָנענטן, איז די דאָזיקע ציטאַטע כאַראַקטעריסטיש פאַרן אויפן, ווי זיי „דעקן" די טעאָרעטישע האַנאָכעס, וועלכע געפעלן זיי ניט. כיכיקענדיק און בליצנדיק מיט אויסערגעוויינלעכע כאָכמעס אַרום דעם, וואָס די אויבנדערמאָנטע פּובליציסטן באַהויפּטן, אַז מע טאָר ניט גיין צוזאַמען מיט די „סאָציִאַליסטן"־ציִעניסטן, ברענגען ניט די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" דעם מינדסטן אַרגומענט, פאַרוואָס מע מעג יאָ מיט זיי גיין... אַזוי, וועלן מיר דאָ אָפּמערקן, „פּאָלעמיזירן" די רענעגאַטן אַלע פינף יאָר, זינט ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאַנד" דער קאָמענטאַר „וואָס קומט פאָר אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט".

אויב צוהערן זיך צו נאָוויקן, זײַנען פאַראַן ניט נאָר „גוטע" און „שלעכטע" ציִעניסטן. אויך טעראָריסטן דיפערענצירט ער זאָרגפעליק. אַזוי, לעמאָשל, האָט ער אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט" פאַרן 29 סעפּטעמבער 1974 דערווידערט קעגן דער רעזאָלוציע פונעם צווישנפעלקערלעכן שאָלעם־פאָרום אין באָלאָניע, וווּ ס'איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ רוף „אָפּשטעלן די טעראָר־ און גוואַלדטאַט־אַקטן, וואָס טרעפן אין בירגער פון ביידע זײַטן גרענעץ. קיין שום ציל באַרעכטיקט ניט דאָס טרעפן בירגער — פרויען און קינדער". נאָוויק האָט דערווידערט: „אַלצײַנס ווי מע זאָל ניט אַרויסטרעטן קעגן דער ליניע פון דער ייִסראָעל־רעגירונג „אָפּצורעכענען זיך" מיט די טעראָריסטן, באָמבאַרדירן זייערע לאַגערן, וואָס דערבײַ מוזן אָפט לײַדן אומשולדיקע פרויען און קינדער... טאָר מען דאָס אָבער ניט שטעלן אַף איין ברעט מיט די טעראָר־אַקטן, וואָס צילן דורכויס אין ציווילע בירגער — פרויען און קינדער!"

אַ צווייענדיקער כעזשבן: פאַר פרויען און קינדער פון דער זײַט (ייִסראָעל) און פאַר פרויען און קינדער פון יענער זײַט (אַראַבישע לענדער)...

די סימפּאַטיע־געפילן לויטן נאַציִאָנאַלן פּרינציפּ פירן אַוועק די „מאָרגן־פרײַהײַט" אַף די ליניעס פון ריינוואַשן די ציִעניסטישע ייִסראָעל־רעגירונג און די פאַראָנדקעס אין דער מעדינע. אין איינער פון די פילצאָליקע „דערקלערונגען" פון דער רעדאַקציע רעכענען זיך אָפּ כ. סולער און י. פריד — דאָס מאָל מיט דעם אַמעריקאַנער מאַרקסיסטישן טעאָרעטיקער הערבערט אַפּטעקער פאַר דעם, וואָס „ער זאָגט (אין זײַנעם אַן אַרטיקל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין „דיילי וואָרלד" — רעד. „סאָוועטיש היימלאַנד"), אַז ייִסראָעל איז אונטער איר איצטיקער רעגירונג אַן אַגרעסיוו לאַנד". ווען ה. אַפּטעקער ברענגט איבערצײַגעוודיקע אַרגומענטן וועגן דער אָפּוועזנהײַט פון דעמאָקראַטיע אין דער מעדינע,

ווו א פינפטל פון דער באפעלקערונג זײַנען „בירגער פון דריטן סאָרט“, באליידיקט עס די רעדאקציע פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט“; „מיר ווייסן ניט, פארוואָס עס האָט זיך בא אפּטעקערן באקומען א „דריטער סאָרט“... אין לאנד איז אָבער אײַנגעפירט א בורזשואזע דעמאָקראַטיע“...

די רענעגאטן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט“ ווערן באזונדערס נערוועז, ווען עס דערהערט זיך דאָס קאָל פון קריטיק און פארורטיילונג בענעגייע דער ציִעניסטישער אידעאָלאָגיע.

אין דעם ניו־יאָרקער זשורנאל „זאמלונגען“ (פרילינג־העפט, 1976) איז פארעפנטלעכט אונטערן טיטל „ציִעניזם און אנטיציִעניזם“ דער טעקסט פון א רעפעראט, וועלכן פ. נאָוויק האָט געהאלטן בייס א טורנע איבער עטלעכע שטעט פון אמעריקע. אינעם אונטערקעפּל ווערט די טעמע פונעם רעפעראט אָנגערופן: „דער קריזיס אין ציִעניזם און דער קריזיס אין אנטיציִעניזם“. עס בעט זיך אָבער גאָר אן אנדער באטרעפלעכער אויסדרוק: דער קריזיס פון פּאָשעטער לאָגיק און פון גלײַכן סייכל באם רעפערענט.

אָנעמענדיק די באקאנטע קאָנצעפּציע פון די ציִעניסטישע טעאָרעטיקער, מעלדעט פ. נאָוויק, אז „אפן באָדן פון די צאָרעס פון פאָלק און אדאנק דער גארונג פון פאָלק צו א דערלייזונג איז די ציִעניסטישע באוועגונג אופגעקומען, — דאָס איינהײַטלעכע, אָנקלאסן־צעטיילטקײַט, הייסט עס, ייִדישע פאָלק איז געגאנגען אופגעלייזט צו ווערן מיצאד דעם ציִעניזם... ווײַטער, איבערקערנדיק אלץ מיטן קאָפּ אראָפּ, פירט נאָוויק דורך דעם געדאנק, אז דער ציִעניזם איז קלוימערשט א נאציאָנאל־באפרײַערישע באוועגונג, און אלס אזעלכע, נעמט די ציִעניסטישע באוועגונג איר אָנהייב אין דער אופוואכונג פונעם „פרילינג פון פעלקער“, „אָנגעהויבן פון דער פראנצויזישער רעוואָליוציע פון 1789 ביז די רעוואָליוציעס פון 1848 און ווײַטער“... וואָס איז שײַעך הערצלען, מוז, לויט נאָוויקס ווילן, „אנערקענט ווערן, אז צווישן גרויסע מאסן פון די פארפאָלגטע“ איז ער „דערשינען ווי א מאָשיִעך“. דאָס הארץ בא דעם געוועזענעם קאָמוניסט ווערט אזוי פארכלינעט פון סענטימענטן, אז ער נעמט דאָ גלײַך אפן אָרט דערציילן דעם פארזאמלטן פּראָגרעסיוון ייִדישן אוילעם, וויִאזוי נאָך אין 1904 איז ער, א דרײַצנײַאָריק ייִנגל, בײַגעווען אין זײַן געבורטשטאָט בריסק אף דער אזקאָרע אין צוזאמענהאנג מיט הערצלס טויט, און ער קאָן ביז איצט ניט פארגעסן, אז די זעלבע אזקאָרע האָט באערט מיט זײַן אָנטייל דער טאטע פונעם הײַנטיקן אטאמאן פון די ציִעניסטן־פאשיסטן מענאכעם בעגין, אויך א בריסקער טוישעוו, און אז „אן אָרעמער פאָלקס־מענטש, א קרעמערל האָט זיך באגאָסן מיט טײַכן טרערן“ — „א גרויס אומגליק האָט אים אפּאָנעם געטראָפן מיטן טויט פון הערצלען“... (די דאָזיקע הארצרײַסנדיקע דערינערונג האָט נאָוויק שוין פריִער איין מאָל אויסגענוצט, מיטיילנדיק זי אין פונקט אזעלכע פילבארע טענער דער ברייטער לייענער־אאודיטאָריע אין זײַן ארטיקל „הערצלס יאָרצײַט“ אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט“ פארן 16 יול 1974. דעמלט האָט ער, אגעוו, געשאפן א מער פעסטע „סאָציִאלע באזע“ פאר דער „פאָלקס־רעאקציע“ אפן טויט פונעם גרינדער פון פאָליטישן ציִעניזם, — ניט נאָר דאָס אָרעמע קרעמערל האָט, ווײַזט זיך ארויס, באוויינט הערצלען, נאָר אויך „א יונגער ארבעטער, א מאליאר האָט זיך צעוויינט“ בייס דער אזקאָרע אין דעם בריסקער „אריסטאָקראַטישן“ בעסמעדרעש).

אין אזא צושטאנד פון קלאל־ייִסראָעלדיקער און פּראָציִעניסטישער צעמישטקײַט שטייט עס פ. נאָוויק פארן אוילעם, און זײַן מאראזמאטישע ארײַנגעטאָנענקײַט אין דער נײַער פּראָגראם פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט“ ברענגט אים צו מאכן אזעלכע דראמאטישע אויסרופן, ווי „אין סאָוועטנפארבאנד איז מען שוין לאנג ארײַנגעפאלן אין דער פאסטקע פון פארשארפטן אנטיציִעניזם!“, און — „אנטיציִעניזם, אוואדע — שארפער, אקטיווער, קריגערישער אנטיציִעניזם פאלט ארײַן אין סינע צו ייִסראָעל, צו דער עקזיסטענץ פון מעדינאס ייִסראָעל, פעלשט די אנטשטייונג פון דער מעדינע און דערגייט ביז אָפענעם אנטיסעמיטיזם!“, און — „אין דעם אנטיציִעניזם, אין פארשארפטער, קריגערישער קריטיק אָדער פּאָלעמיק ליגט א גרויסע געפאר (אונטערגעשטראָכן פון נאָוויקן אליין. — רעד. „סאָוועטיש היימלאנד“).

אינעם רעפעראט „ציִעניזם און אנטיציִעניזם“ קלאָגט זיך נאָוויק: „עס איז מאמעש צום שטוינען, ווען געוויסע מענטשן כאפּן ארויס ציטאטן פון דעם, וואָס מיר האָבן געשריבן — וואָס איך האָב געשריבן — אין די דרײַסיקער יאָרן, אין 1940 יאָר, און זיי ווילן דערמיט באקעמפן אונדזער שטעלונג הײַנט!“. וועלן מיר דאָ באמערקן, אז דערמאנען דאָס, וואָס נאָוויק און אנדערע פון זײַן כיידער האָבן געפריידיקט נעכטן, איז נייטיק און צוועקמעסיק, קעדיי דער ברייטער אוילעם זאָל וויסן, ווי גרינג און ווי אומשעמעוודיק עס דרייען איבער דעם פעלץ אָט די פערעראָזשדענצעס (אידייִש־איבערגעבוירענע). איבערן מאנגל אין אָרט וועלן מיר ברענגען נאָוויקס נעכטיקע ארויסזאָגונגען בלויז אין איין ארטיקל, וואָס ער האָט פארעפנטלעכט אינעם מינסקער זשורנאל „שטערן“ אונטערן כאראקטעריסטישן נאָמען „ציִעניזם אין א ברוין העמדל“. אָט זײַנען א פּאָר געגוויע שטעלן פונעם ארטיקל, ווו דער דעמלטיקער נאָוויק גיט אן ענטפער אף די געשרייען פונעם הײַנטיקן נאָוויק וועגן דעם, אז ציִעניסטן זײַנען פאראן, כוץ „שלעכטע“, אויך „גוטע“, אז דער ציִעניזם איז גאָט די נעשאָמע שולדיק — „א באוועגונג פון נאציאָנאלער אופוואכונג“, אז מע זאָל ניט וואגן צו דערמאנען וועגן פארבינדונגען פונעם ציִעניזם מיטן פאשיזם.

ברענגען מיר עטלעכע ציטאטעס פון פייסעך נאָוויקס ארטיקל „ציִעניזם אין א ברוין העמדל“ (זשורנאל „שטערן“ נומ. 12, 1933, זז. 44 — 51):

„אין אלע גרינטלעכע פּאָליטישע פראגעס, אינעם אָנגריף אַף די אראבער, אין דער מיטארבעטערשאפט מיטן אימפּעריאַליזם איז פאקטיש ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן דעם רעוויזיאָניזם און די אנדערע טיילן פון דער ציוניסטישער באוועגונג. דער רעוויזיאָניסטישער פאַשיזם איז נאָר די לאָגישע פרוכט פון א רעאקציאָנערער, אולטרא־שאָוויניסטישער באוועגונג. דערפאר עקזיסטירט אזא אָרגאנישע פארבינדונג צווישן די רעוויזיאָניסטן, דעם מיזראָכי און די אלגעמיינע ציוניסטן"...

„די דײַטשישע ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך אזוי פֿײַן און מיט גרויס דערפאָלג אײַנגעאָרדנט אונטערן היטלער־רעזשים, זײַנען ביכלאל מער ריידעוודיק און אָפנהארציק... די ציוניסטן, די יידישע פריידיקער פון „רייִנער ראסע", דערקלערן: „מיר זײַנען פון אלעמאָל געשטאַנען אַף דעם שטאנדפונקט פונעם הײַנטיקן רעזשים, נעמלעך, אז א פאָלק מיינט ניט קולטור־געמיינשאפט, נאָר בלוט־געמיינשאפט" (ד. בערג, צײַטונג „טאָג" פארן 6 סענטיאבער 1933). „מיר זײַנען אלעמאָל געשטאנען אַף דעם שטאנדפונקט פונעם הײַנטיקן רעזשים" — אָט ווי ווײַט די ציוניסטן קאָנען מיט פולע רעכט זאָגן, אז זיי זײַנען געוועזן היטלעריסטן נאָך איידער מע האָט פון היטלערן געוווּסט. די ברוינע העמדלעך פון זשאבאָטינסקיס באנדעס זײַנען נאָר אן אויסדרוק פון דעם קוואל, וואָס כאפּט ארום די גאנצע ציוניסטישע באוועגונג אין דער ברייט און אין דער טיף. אזוי, אז דאָס לידל, וואָס זשאבאָטינסקיס „שטורמאָוויקעס" האָבן אין אָנהייב מײַ געזונגען אַף די גאסן פון טעל־אוויוו: איטאַליאָ לייִמוסאָליני, גערמאניאָ לייִהיטלער, קפאר סאוואָ אופעסעך טיקוואָ לאָנו" (איטאַליע — מוסאָלינין, דײַטשלאנד — היטלערן, אונדז — קפאר סאוואָ און פעסאך טיקווע), איז אַף אלע הונדערט פּראָצענט אן אויסדרוק פון דער גאנצער ציוניסטישער באוועגונג, אויב אפילע געוויסע טיילן זײַנען ניט מאסקים מיטן אויספיר: „זאָל לעבן זשאבאָטינסקי!"

„דאָס ברוינע העמדל, דער אָפּנסטער אויסדרוק פון ציוניזם אין דעם איצטיקן פעריאָד פון היטלעריזם, פירט נאָך דײַטלעכער אויס די אַלטע קאָנטררעוואָליוציאָנערע מיסיע פונעם ציוניזם. אין פילסודסקי־פוילן איז דאָס ציוניסטישע ברוינע העמדל ניט סטאם אזוי לעגאליזירט, נאָר די זשאבאָטינסקי־באנדעס קריגן פולשטענדיקע הילף פון דער פילסודסקי־פּאָליציי, פון פילסודסקיס דעפענזיווע, ווי אן אינסטרומענט קעגן די רעוואָליוציאָנערע יידישע ארבעטער... פארן יידישן ארבעטער ווערט דורך דעם אלץ קלאָרער, וואָס פאר א ביטערער סוינע דער ציוניזם איז פאר אים, — ווי יעדער מין נאציאָנאליזם און שאָוויניזם — יידישער, פוילישער, דײַטשישער, אָדער וועלכער־ניט־איז אנדערער"...

און דער אויספיר, וועלכע פּ. נאָוויק האָט דאַן געמאכט, איז אזא:

„נאָר אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג און האנט בא האנט מיטן קאמף פאר א שטארקער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, מיטן קאמף פאר ארבעטער־מאכט, מיטן קאמף צו שיצן דעם סאָוועטנפארבאנד, מיטן קאמף קעגן פאשיזם מוז גיין דער קאמף קעגן שאָוויניסטישן, קלעריקאלן, קאָנטררעוואָליוציאָנערן, אוואנטיוריסטישן, אנטיסאָוועטישן און היטלעריזירטן ציוניזם".

נאָוויק זאָגט: „עס איז מאמעש צו שטוינען", וואָס מע דערמאנט איצט אין אָט די דאָזיקע אמאָליקע ריכטיקע ארויסזאָגונגען זײַנע. מיר זאָגן: עס איז מאמעש צו שטוינען, וואָס נאָוויק, וועלכער האָט אמאָל געשריבן דאָס, וואָס מיר דערמאנען דאָ, איז הײַנט געוואָרן אן אָפענער אפּאָלאָגעט פונעם ציוניזם. גענוג צו ברענגען, אלס באשטעטיקונג פון אָט דעם געדאנק, איינאיינציקע שורע פון זײַן רעפעראט „ציוניזם און אנטיציוניזם". דערמאנענדיק די רעזאָליוציע פון דער גענעראל־אסאמבליי פון דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס פארן 10 נאָיאבער 1975, אין וועלכער דער ציוניזם איז פארורטיילט געוואָרן מיצאד דער פולער מערהײַט לענדער פון דער וועלט אלס פאָרם פון ראסיזם, האָט פּ. נאָוויק אָנגערופן די דאָזיקע רעזאָליוציע — „אומגערעכטער, שעדלעכער, דייווערסיאָניסטישער ארויסטריט קעגן ציוניזם"...

צוויי נאָוויקס? אָדער — עפשער האָט זיך געענדערט דער ציוניזם, און דער „שאָוויניסטישער, קלעריקאלער, קאָנטררעוואָליוציאָנערער, אוואנטיוריסטישער, אנטיסאָוועטישער און היטלעריזירטער ציוניזם" איז אין רעזולטאט פון עפעס א קישעף געוואָרן א „גוטער ציוניזם"?

ניין, דער ציוניזם איז אין טאָך דער זעלבער, וואָס געוועזן. געענדערט האָט זיך פּ. נאָוויק, דאָס זעלבע — די צײַטונג „מאָרגן־פרײַהײַט", וועלכע ער, נאָוויק, און זײַנע נאָכגייער האָבן אראָפּגעפירט פון איר פּראָגרעסיווער, רעוואָליוציאָנערער פלאטפאָרם.

סאָף קומט

ייִסראָעל סערעבריאַני

# לייענענדיק פּערעצן

עס וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן: צווישן פּערעצעס צוויי באַרימטע ציקלען דערציילונגען — „כסידיש" און „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" איז אָפט ניטאָ קיין גרויסער אונטערשייד: אייניקע כסידישע דערציילונגען („דער נייַער ניגון", „אַז מע זאָגט מעשוגע, גלייבו!") קאָן מען צורעכענען צו די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" אָדער אפילע צו די „רעאַליסטישע" דערציילונגען פונעם ציקל „אָדאָם וועכאַווע", וווּהין עס גייען טאַקע אַרייַן די דערציילונג „אַז מע זאָגט מעשוגע, גלייבו!", „עלנט". אין דער רעאַליסטישער זאַמלונג „די צייַט" איז, אַשטייגער, „דער נייַער ניגון" באַצייכנט ווי אַן אומשולדיק „בילד". דאָס זעלבע געשעט מיט די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן": די דערציילונגען „לוי סאַכמויד", „אַן אָפּקומעניש" און אַנד. זייַנען פּאַקטיש וואַריאַציעס פון „כסידיש" אַאַוו. אַגעוו, אַ רײ עכט כסידישע דערציילונגען, ווי „מעקובאָלים", „דעם רעבנס ציבעק" האָבן זיך נאָך געדרוקט אין די „יאָמטעוו-בלעטלעך" פון די יאָרן 1894—1895.

מיט אַזעלכע באַדינגלעכקייַטן באַגעגענען מיר זיך אַף שריט און טריט, לייענענדיק פּערעצעס געזאַמלטע און געקליבענע ווערק.

ווי עס שרייַבט ש. אַנ־סקי, האָט „דער העכסטער פּאָעט פון דער כסידישער לעגענדע (י.־ל. פּערעץ) ניט ליב געהאַט, קימאַט געהאַסט „גוטע ייִדן", האַלטנדיק דעם גרעסטן טייל פון זיי פאַר שווינדלער" (י.־ל. פּערעץ. זאַמלונג צו זייַן 7־טן יאָרצייַט, מינסק, 1922, ז. 48).

אין אַ בריוו צו צינבערגן (1911), וואָס איז אַן ענטפער אַף יענעמס באַקאָשע וועגן צושיקן די ביאָגראַפיע פאַר דער „יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", שרייַבט פּערעץ:

„איך האָב ביז הייַנט קיין רעבן פאַר די אויגן ניט געזען, אויסער דעם ביאַלער (זע „צווישן צוויי בערג". — י. ס.), צו וועלכן איך האָב געהאַט אַ קלאַל־ייִסראָעל געשעפט, קיינמאָל צווישן כסידים ניט געלעבט...".

דאָסראָוו כסידישע ראַבייַים, דערין אויך די כסידישע איידע און דעם רעבנס „מעקוראָווים", זייַנען געשילדערט איראָניש, מיט פאַרבאָרגענעם, אָדער אַמאָל אפילע גאַנץ אָפּענעם כויזעק, כאָטש דער אוטאָר באַנוצט זיך דערבייַ מייַסטעריש מיט זייער געדאַנקענגאַנג און גוסעך.

אויב בא מענדעלען איז שטאַרק קענטיק די פּאַראָדיע, אַלעגאָריע, אָפּענע סאַטירע („דאָס קליינע מענטשעלע", „די קליאַטשע"), איז בא פּערעצן די דאָזיקע נייגונג ניט אַלעמאָל אַזוי לייַכט צו דערקענען. פּערעץ האָט אַף אַן אַנדער אויפן אויסגענוצט דעם גאַנצן געטלעכן קאָמעדיאַנטישן טיפוס פון די מיטלאַלטערלעכע רעליגיעזע ספּאָרים, געשיכטעס און לעגענדעס, דעם פּאָלקלאָר „שעבּיקסאָוו". איר טרעפט בא אים אפילע דעם „ניט דאָס בין איך אויסן" (אין „לוי סאַכמויד" און אין אַנדערע דערציילונגען). אייגנטלעך, איז דאָך פּערעצעס גאַנץ „כסידיש" און די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" אַ „ניט דאָס בין איך אויסן", באַזונדערס די אַבסטראַקטע מוסער־האַסקלדיקע מאָטיוון. אָבער אין דער ליריש־פילאָסאָפישער דראַמע „די גאָלדענע קייט" פּילט זיך די ראָמאַנטיזאַציע פונעם פרייִקן, באַלשעמישן כאַסידיזם. ניט אומזיסט האָט דער ערשטער, דער העברעיִשער וואַריאַנט, געהייסן „כורבן בייס צאַדיק", דערנאָך — „דער ניסאָיען" און ערשט שפּעטער „די גאָלדענע קייט", ווו עס איז שוין דײַטלעך באַוויזן די דעפּרעסיווע שטימונגען פון יענער צייַט און פון דעם אוטאָר גופע. „די גאָלדענע קייט" איז דערשינען אין יאָר 1907 און האָט פּולקאָם אַנטשפּראָכן דעם געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן באַראָמעטער פון יענער צייַט. דאָס איז געווען איינער פון פּערעצעס „ניסיוינעס", וועלכע ער איז ניט בייַגעשטאַנען. ער האָט ניט געזען קיין בעסערס אפילע אין דער וויסנשאַפט. די „וואַקלדיקע וועלט", וואָס „זינקט אין מאָרעשכוירע אַרייַן", האָט ער געפּרווּט ראַטעווען מיט אַ צאַדיקס „האַוודאָלע". אַזוינע שטימונגען

האָבן זיך בא אים לאנג ניט געהאלטן. וועגן דעם זאָגן איידעס זײַנע שפּעטערדיקע ווערק און אפילע די גלײַכצײַטיק מיט דער „גאָלדענער קייט" אָנגעשריבענע — „באנאכט אפן אלטן מארק", די איינאקטערס „ס'ברענט", „שוועסטער", „שאמפּאניער", די דראמאטישע פּאָעמע אין דרײַ אקטן „אין פּאָליש אַף דער קייט" און א סאך אנדערע ווערק, ווו עס הערשן שוין אנדערע, פּראָגרעסיווע קעמפּעריישע שטימונגען. דאָס איז אויך קענטיק פון זײַן אקטיווער געזעלשאפטלעך־פּאָליטישער טעטיקײַט אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

פּערעץ איז זיכער געווען גוט באהאוונט אין די דראָכים פון דעם גרונטלייגער פון כאסידיזם, דעם באַלשעמטאָוו, און פון זײַנע טאַלמידים און מעקוראָווים, ער האָט געוווּסט די ליטעראטור און די מינדלעכע לעגענדעס און „שוואָכים" וועגן באַלשעם. פּערעץ האָט אָבער דאָס אלץ אויסגענוצט צוליב גאָר אנדערע צילן — אידייִשע, סאָציאַלע און פּאָעטישע.

אַף דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ האָט פּערעץ אליין איראָניזירט איבער „די וווּנדער־געשיכטן פון הינטערן אויוון און דער קלויז" (זע אין באנד „בריוו און רעדעס", ווארשע, 1929) און זיי אנטקעגנגעשטעלט „די ארבעטער־קולטור אַף ייִדיש, וואָס באנוגנט זיך ניט מיט טכינעס און טפילעס פון דער ווײַבערשער שול". לאָמיר זיך דערמאָנען, אז די טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ איז פּאָרגעקומען אין 1908, קימאט אין דער זעלבער צײַט, ווען עס איז דערשינען דער לעצטער וואַריאַנט פון דער „גאָלדענער קייט" מיט איר ראָמאנטיק פון דער כסידישער לעגענדע און קאריקאטורישער אטאקע אַף דער „קאלטער" און ניכטערער וויסנשאפט.

מע קאָן ניט און מע דאַרף ניט לייקענען, אז דער כאסידיזם און דער „צויבער" פון די פּאָלקס־מײַסעס האָבן פּערעצן אלעמאָל צוגעצויגן נאָך פון די קינדערשע „פארנעפּלטע יאָרן". אין „מײַנע זיכרוינעס" דערציילט פּערעץ, אז ער „לויפט אָפּט דאַוונען אין בעלזער שטיבל: עס ציט דאָס היסלײַוועס — דער ברען מיטן געשריי, מיטן קלאפּן קאָפּ אין וואנט בא שמוינעסרע... און צוליב (ווי איך וואָלט הײַנט געזאָגט) דער שטילער שטימונג — צום גערער שטיבל, צו שאלעסודעס"...

אָט פונוואנען עס שטאמט פּערעצעס עמאָציאָנעלקײַט, זײַן „ברען" אין דעם שפּעטערדיקן שאפן און אין אלע זײַנע טווּנגען. דאָס איז בא אים א כאראקטער־שטריך, וואָס איז קענטיק ניט בלויז אין זײַנע כסידישע מאָטיוון, נאָר אויך אין זײַן... „אפּיקאָרסעס", אין די רעאליסטישע דערציילונגען, אין זײַן פײַערדיקער פובליציסטיק, אין זײַנע הייסע רעדעס.

האגאם פּערעץ האָט „געהאסט גוטע ייִדן" און האָט זיי ביכלאל „אין די אויגן ניט אָנגעזען", האָט ער אין זײַן שאפן ארומגעכאפּט אלע כסידישע שאטירונגען: דעם פּריִיִקן און שפּעטערדיקן כאסידיזם, פּוילישע און טאלנער כסידים („דער גילגל פון א ניגן"), כסידים־אסקעטן („מעקובאָלים") און כסידים־אוילעמהאזעניקעס, כאבאדניקעס און א ריי ניט־„קאָנאָניזירטע" כסידישע „ריכטונגען־שמיכטונגען" (שאָלעם־אלייכעם).

אין אייניקע דערציילונגען באווײַזט פּערעץ, אז עס זײַנען געווען אָרעמע און רײַכע כסידים („האכנאָסעס קאלע"). דאָס אלץ האָט פּערעץ דיסקאָנטירט, און אין דעם „ווינקעלע" האָט אים קיינער ניט געשטערט: די צארישע רעגירונג און איר צענזור האָבן זיך ווייניק געשראָקן פאר דער דאָזיקער „רעוואָליוציאָנערער" באוועגונג, ווי אייניקע רופן עס אָן. וואָס איז שײַעך דער אינערלעכער ייִדישער צענזור און די „אנשיי שלוימיינו" — די כסידישע קאָפּלעפל, האָט זיי אָפּט דער אוטאָר מיט זײַנע כסידישע מאָטיוון אזוי פארפירט, אז אייניקע פון זיי האָבן עס אָנגענומען „טוירעס־לאָקשן", און אפילע ניט ווילנדיק „אראָפּ פון וועג".

דאָוויד בערגעלסאָן דערציילט וועגן „א פאל, ווען א באיאָרטע פרומע פרוי פון א כסידיש הויז האָט א לענגערע צײַט געלייענט פּערעצעס „פּאָלקסטימלעכע געשיכטן" מיטן זעלבן נוסעך און מיטן זעלבן נידערגעשלאָגענעם געמיט, מיט וועלכע זי פלעגט לייענען דאָס איווּרע־טײַטש פון „קאָור־האיאָשאָר" אָדער פון „שיווכיי בעשט". איידער זי פלעגט דאָס פארמאכן, פלעגט זי עס א קוש טאָן, פּונקט ווי אנדערע הייליקע ספּאָרים. ביכלאל איז זי געווען איבערצײַגט, אז פּערעץ איז א גרויסער צאדיק, און אז געלעבט האָט ער שוין לאנג, אין די צײַטן, ווען די ערד איז נאָך ביכלאל ניט געווען אזוי זינדיק, און גרויסע צאדיקים האָבן נאָך געקאָנט לעבן אַף איר. אז דער פרויס מאן האָט דאָס סאָפקאָלסאָף באמערקט און איר אָנגעוויזן, אז פּערעץ איז א גרויסער אפּיקוירעס, האָט אים די פרוי ניט געגלייבט. דער מאן האָט געמוזט ברענגען פּערעצעס בילד און איר באווײַזן, אז ער איז א גאָלואך. די פרוי האָט זיך ערשט דעמלט אונטערגעגעבן, און דער געגאָלטער קלוגער פּערעץ האָט ערשט דעמלט א קוק געטאָן פונעם בילד מיט זײַן עמעסן שמייכלענדיקן בליק פון א „סאמעך־מעם", וואָס איז אהער אראָפּגעקומען פון א פרעמדער וועלט און איז דאָ אויסן ניט מער, ווי פארפירן..." (זאמלונג צו פּערעצעס 7־טן יאָרצײַט).

מענדעלע האָט דער ערשטער געזאָגט וועגן פּערעצעס כסידים, אז ניט די כסידיםריידן בא אים, נאָר ער רעדט פאר זיי. אין זײַנע זיכרוינעס האָט פּערעץ אליין געזאָגט, אז ער גיט ניט קיין מענטשן, נאָר זייער אָפּבילדונג אין אים. מע האָט שוין א סאך געשריבן, און פּערעץ אליין באשטעטיקט עס, וועגן דער באדײַטונג פון דעם דיאַלאָג, וועגן די אזויגערופענע „פּאָסיקלעך" אין זײַן שאפן: „יעדעס פּאסיקל האָט מיר אויסגעזען, ווי א שפּעלטל אין א מענטשלעכער נעשאָמע ארײַן...". די דאָזיקע שורעס זײַנען צענדליקער מאָל ציטירט געוואָרן אין דער קריטיק. איז טאקע קעדײַ אָפּצומערקן, אז

אין „כסידיש“, און „פאַלקסטימלעכע געשיכטן“ געברויכט פּערעץ אינגאַנצן ניט דעם דיִאַלאָג, נאָר גראַדע דעם מאָנאָלאָג.

אין „האכנאָסעס קאַלע“ שילדערט פּערעץ די כסידישע „דעמאָקראַטיע“, וואָס איז דורכגע־דרונגען מיט צוויִעס און שמוציקן פּאַראַזיטיזם. ביידע פּערסאָנאַזשן זײַנען כסידים פון איין רעבן — דער גוויר אויזער האָפּענשטאַנד און מענדל דאַלעס. נאָר אַז אויזער גיט אָפּ שאַלעם זײַן „מיטקעמפּער“, וויקלט ער זיך אַרום די האַנט אין אַ סערוועט. פּאַרבײַגייענדיק, גיט זיך אַ זאָג דער דערציילער: „אויזער האָט שוין עפּעס צו זאָגן אויף דער וועלט, אויף יענער — אוודאי!“.

וועגן אויזערס מישפּאָכע איז שוין אָפּגע־רעדט — דאָס ווײַב, די זין און די טעכטער, די שניר און אַפילע די דינסט קאָנען מענדל דאַ־לעסן ניט אָנקוקן, ווײַזן צו אים אויף אַרויס ביטל און פּאַראַכטונג. מענדלס אופירונג, כאָטש ער האַלט זיך, לויט פּערעצן, אויסערלעך פּרײַ, רופט בא זיי אַרויס עקל. אַפילע די דינסט וואַרפט „אַ קרום אויג“ אויף דאַלעסן און טראָגט אָפּ צוריק (לויט אויזערס אַ וווּנק און זײַן ווײַבס קאָמאַנדע) דאָס געקעכטס, וואָס זי האָט געטראָגן צום טיש. אַלע ווילן וואָס גיכער פון אים פּטער ווערן. אויזער אַליין פּרוווט נאָך שפּילן אַן אַלטע ראָליע. זיי זײַנען דאָך פּאַרט כסידים פון איין רעבן, אָבער אַזאַ מין „שפּיל“ קאָן שוין לאַנג ניט דויערן, ווײַל, ווי עס זאָגט דאָס פּאָלקסוואָרט: „אָרעם און רײַך זײַנען ניט גלײַך“...

און אַזוי איז אויך אין אַנדערע דערציילונגען פון די דאָזיקע ציקלען: אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, אין אַ מער אָפענער אָדער מער פּאַרבאָרגענער פאָרם אַנטפּלעקט אונדז פּערעץ די גאַשמיִעסדיקע אינטערעסן, וואָס רינגלען אַרום דעם מענטשן: אַז מע „האָט צו זאָגן אויף דער וועלט, איז שוין אויף יענער אוודאי“.

וויפל איראָניע, כויזעק, סאַטירע האָט פּערעץ אַרײַנגעלייגט אין „דעם רעבנס ציבעק“. דאָס איז דאָך אַ פּאַמפלעט, כאָטש זייער אַ גוטמו־טיקער, קעגן דעם „גרויסן כאָסיד“ כאַים־באָרעך און זײַן רעבן. דעם כאָסידס ווײַב סאָרע־ריווקע האָט געמאַכט אַ גאָלד־געשעפט פונעם רעבנס ציבעק, אַפילע צו קינדער האָט עס געהאָלפן. ניט נאָר ייִדן, נאָר אויך „פּריצים“ האָט עס געהאָלפן. כאַים־באָרעך איז איצט „רײַך און האָט שוין אַ דרײַ־פּיר קינדער“. ניט צופעליק זאָגט דאָ פּערעץ ניט גאָר פּינקטלעך: „דרײַ“ אָדער „פיר“, נאָר „אַ דרײַ־פּיר“. דאָס גיט צו אַ באַזונדערע איבערצײַגטקייט אין דעם רעבנס אומויסשעפּלעכע „מעגלעכקײַטן“... די דאָזיקע דערציילונג רופט זיך איבער מיט פּערעצעס פּאָפּולערער אַנטיכסידישער סאַטירע „דאָס שטרײַמל“ און מיט אַנדערע אַנטיקלעריקאַלע ווערק ביכלאַל.

אין דעם „כעלמער מעלאַמעד“ דערציילט שאַכנע פּאַר אַ גאַנץ רעדל ייִדן אין בעסמעד־רעש וועגן אַ „שפּיצל“, וואָס מע האָט אַמאָל אָפּגעטאָן מיטן יעיִצערהאָרע. מע האָט אים אונטערגעשטעלט אָנשטאָט אַ גוטן ייִדן, — אַ סאָריס. און „זאָל ער דאָ ווײַזן זײַן גווורעס!“, ברענגען אים צו אַן אווײַרע. טאָ „וואָס זאָל ער וויסן, דער יעיִצערהאָרע? ער זעט אַ ייִד מיט אַ באָרד און פּייעס און צעלאַכט זיך אויף אַ קאָל: כאַ־כאַ־כאַ! אַ גרויסע זאַך אים אַרויסצוברענגען צו אַן אווײַרע“. און שפּעטער, אַז אים געלינגט טאַקע ניט צו גויוער זײַן דעם „גוטן־ייִדן“ — סאָריסן, שרײַט ער אויס מיט ווונדער און פאַר־צווייפלונג: „דאָס ערשטע מאָל טרעפט זיך אים אַזויפיל אַרבעט בא אַ גוטן־ייִדן!“. פּאַרבײַגייענ־דיק ווערן דאָ באַרירט אַ ריי שטייגערישע מאָ־מענטן פונעם כעלמער מעלאַמעד און זײַן סוויִ־ווע מיט ניט ווייניקער איראָניע און כויזעק.

נאָר אויב אין זײַנע דעמאָסקירנדיקע דער־ציילונגען קאָן מען זיך בא פּערעצן אָנשטויסן אויף גאַנץ רעאַלע, שטייגערישע און אַפילע פּסי־כאָלאָגישע שטריכן, איז דאָס אין די אַבסטראַק־טע, פילאָסאָפירנדיקע, פּראָבלעמאַטישע נאָ־וועלן קימאַט ווי ניט בענימצע. און דאָס האָט אַ שײַכעס ניט בלויז צו „כסידיש“ און „פאָלקס־טימלעכע געשיכטן“, נאָר צו אַ ריי ווערק פון אַנדערע ציקלען. אין זיי איז אַלץ דערציילט בעדרערך־מאָשל.

עס איז דאָך לעכערלעך צו ריידן ערנסט וועגן דעם צאַדיק, וואָס קאָן „אַ קאָץ אַן עק ניט פּאַרבינדן“, אַז ער גייט אין וואַלד אָנהאַקן האָלץ פאַר אַן אָרעמער אַלמאָנע, און ער טוט עס אַלץ „בעסייסער“, קיינער זאָל ניט באַ־מערקן. אָבער די מאָראַל איז דאָ אַ ביז גאָר קלאָרע. און דער „ליטוואַק“ איז גע־רעכט: „אויב ניט נאָך העכער“, ווײַל העלפן אַ מענטשן איז וויכטיקער, ווי אַ „פּיזמען“ צו סליכעס.

אין ענלעכע, עכט־כסידישע לויטן קאָלאָריט און מאָראַל, איז די דערציילונג „צווישן צוויי בערג“, ווו איינער פון די צוויי איז דער באַ־רימטער מיסנאַגדישער בריסקער ראָוו, דער צווייטער — דעם בריסקער ראָווס „טאַלמיד־מווהעק“, און איצט ביאַלער רעבע — רעב נויעכקע. עס „זיגט“ דער ביאַלער רעבע, וועל־כער איבערצײַגט דעם בריסקער ראָוו, זײַן גע־וועזענעם לערער, אין דער מענטשלעכקײַט פון זײַן אויסגעקליבענעם וועג און אין דער קאַלט־קײַט און טרוקנקײַט פון דעם בריסקער ראָווס דערעך. דאָס פּאַרווייכערט אַ ביסל די באַציִונג פונעם בריסקער ראָוו צו דער כסידישער שי־טע, אָבער סיִווי בלײַבט ער בא זײַנע אַלטע איבערצײַגונגען. דאָ ווערט באַרירט אַן אַלגע־מיין־פילאָסאָפישע פראַגע, אָבער באַהויכט מיטן צויבער פון קונסט. דער לייענער גלייבט און לעבט איבער די דאָזיקע אין פלוג אַבסטראַקטע דיסקוסיע צווישן צוויי פּערזאָניפיצירטע סאָ־ציִאַלע און אידייִשע ריכטונגען.

אין אַבסטראַקט־פילאָסאָפישע, קינסטלעריש־פאַנטאַסטישע דערציילונג איז אויך די פּאָפּו־לערע, פיל קאָמענטירטע אין דער קריטיק

„באָנציע שווײַג", גראָדע ניט פֿונעם ציקל „כּסידיש".

דאָסראָוו איז אָנגענומען, אַז פּערעץ האָט דאָ געוואָלט באַווײַזן די באַגרענעצטקייט פֿון דעם האַרעפּאַשניק, זײַנע „קליינע האָסאָגעס", אין וועלכע, עמעס, ניט ער איז „שולדיק", נאָר די סאָציאַלע אָרדענונג, וואָס ברענגט אים צו דעם. באָנציע פֿאַרמאָגט אינגאַנצן ניט קיין „נעשאָמע־יעסיירע". דאָ איז אָבער פֿאַרבאָרגן נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט, וואָס באַווײַזט דעם אויטאָרס באַציִונג צו דער ייִדישער (און ניט נאָר ייִדישער) אַרבעטער־באַוועגונג. אין אַ געוויסער מאָס איז „באָנציע שווײַג" אַ קינסטלערישע וואַריאַציע פֿון פּערעצעס אַרטיקל „האָפֿענונג און שרעק". דאָרטן האָט פּערעץ „מוירע", דער אונטערדריקטער זאָל אַליין ניט ווערן קיין אונטערדריקער, און דאָ איז ער באַזאָרגט פֿון די קליינע האָסאָגעס פֿון דעם אונטערדריקטן. דאָס זײַנען אַלץ פֿראַגן, וועלכע מאָטערן פּערעצן — דעם ראָמאַנטישן רעאַליסט, וואָס איז אויך צו דער אַרבעטער־באַוועגונג צוגעגאַנגען מיט דער זעלבער וועלט־אויפֿפֿאַסונג.

פּערעצעס אינטערעס פֿאַר דער ייִדישער פֿאָלקס־שאַפֿונג און צו פֿאַרשיידענע אַלטע און אַלטערטימלעכע שריפֿטן האָט זיך אַרויסגעוויזן גאָר פֿרי. דער ביבליאָגראַף כ. נאַדעל שרײַבט אין זײַן אַרטיקל „פּערעץ — דער פֿאָלקלאָר־זאַמלער" (זש. „סאָוועטישע ליטעראַטור", קיִעוו, 1940, נומ. 10), אַז אין 1898 האָט פּערעץ פּובליקירט אייניקע ייִדישע פֿאָלקס־לידער אין אַ ווינער דײַטשישן זשורנאַל — „דער אור־קוועל", באַנד 2. די לידער זײַנען געדרוקט מיט לאַטײַנישע אויסיִעס. צו די העברעיִשע און שווערע ווערטער זײַנען צוגעגעבן אויסטײַטשונגען און דערקלערונגען.

שאָלעם אַש האָט דערציילט: „עס איז דאַן דערשינען אין פּעטערבורג אַ זאַמלונג פֿון פֿאָלקס־לידער, נאָר אָן נאָטן. אַ טייל פֿון אונדז האָבן געדענקט די ניגונים פֿון דער היים, אָדער מיר האָבן זיי אויפֿגעזוכט און געבראַכט זיי צו פּערעצן שאַבעס און עס איז געוואָרן „אַ גילגל פֿון אַ ניגון"...

דער אינטערעס צו דער ייִדישער פֿאָלקס־שאַפֿונג האַלט באַם גרויסן פֿאָלקס־שרײַבער אין איין שטײַגן. אָבער אויב פֿריִער האָט ער די מאַטעריאַלן פֿאַשעט געזאַמלט, נוצט ער זיי איצט אויס אַקטיוו־שעפֿעריש. לויט אַן־סקיס גוויִעס־איידעס, פֿלעגט פּערעץ אַזוי איבערדיכטן די מינדלעכע מעסעס, וואָס מע פֿלעגט אים דערציילן, אַז אַליין די דערציילער האָבן זיי ניט דערקענט. און באַזונדערס איז עס טאַקע קענטיק אין פּערעצעס „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן".

אָט וואָס עס דערציילט ליפּמאַן־לעווין אין זײַנע זיכרוינעס וועגן פּערעצן אין דער צײַט, ווען יענער האָט געאַרבעט איבער די „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן".

„צוגלײַך מיט מעדראָשים און טאַלמודישע ספֿאָרים האָבן זיך אָף די ביכער־פּאָליצעס פֿון זײַן עטאַזשערקע און אָף זײַן שרײַבטיש כאַוועדיק אַרומגענומען און זיך באַהעפֿט אַלטע ייִדישע קונטרייסים און ספֿאָרים, טכינעס, באַבעמײַסעס, סיפּוריי־ניפֿלאָעס, דערציילונגען פֿון גוטע־ייִדן פֿון פֿאַרצײַטן..."

באַנוצנדיק זיך מיט אַזאַ מין „שטאָף", מיט זײַן אָרגאַנישן און נאַטירלעכן קאָלאָריט, האָט אָבער פּערעץ דורך אים אויסגעדריקט זײַנע הײַנטצײַטיקע אינטערעסן: זײַנע סאָציאַלע און עטיש־פֿילאָסאָפֿישע, אויפֿקלערערישע און עסטעטישע אידעאַלן.

די „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן" זײַנען דורכגעדרונגען מיט עכטן הומאַניזם, האַגאָם דער אויטאָר האָט זיי פֿאַרשלייערט מיט גאָט און געטלעכקײַט נאָך מער, ווי אין די כּסידישע דערציילונגען.

אין „דרײַ מאַטאָנעס" דערציילט אונדז פּערעץ אַ געשיכטע וועגן אַ נעשאָמע פֿון אַ „פּראָסטן ייִד", — איינע פֿון די טראַגישסטע און שענסטע מײַסעלעך וועגן דעם, „וואָס איז פֿאַרגעקומען מיט יאָרן און דוירעס צוריק", און ווי עס זײַנען פֿאַרבאַהאַלטן אַ סאַך בלוטיקע עמעסן סײַ פֿון דער קעגנוואַרט און סײַ פֿון דער נאָענטער צוקונפֿט. די „מאַטאָנעס" זײַנען נייטיק די צאַדיקים פֿון גאַניידן, וועלכע קאָנען זיך אײַנשטעלן פֿאַר דער אומגליקלעכער אָרעמער נעשאָמע, וואָס לײַדט אומזיסט. דערבײַ וואַרפֿט צו דער אויטאָר אַ גאַנץ סאַרקאַסטישע „אַקטועלע" רעפּליק: „די טעווע פֿון הײַנטיקע צאַדיקים! שיינע מאַטאָנעס, אויסטערליש־שיינע... צוניץ קומען זיי ניט..."

אין אָט דעם אַבסטראַקטן מײַסעלע איז בוילעט אונטערגעשטראָכן די בלוטדאָרשטיקײַט פֿון די הערשער און די זעלבסטווירדע פֿון די אונטערדריקטע, די שיינקײַט און זויבערקײַט פֿון אַ „פּראָסטער" נעשאָמע.

און נאָך אַ ביז גאָר וויכטיקער מאָמענט אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדז אין דער דאָזיקער פֿאַנטאַזיע וועגן „פֿאַרצײַטן": ניין! דאָס איז דאָך אַ רעאַל בילד פֿון אונדזער קעגנוואַרט אָדער פֿון דער גאָר נאָענטער פֿאַרגאַנגענהײַט, וואָס מיר אַלע געדענקען נאָך. איר לייענט עס, ווי אַ „דאָקומענטאַלע" פֿאַרצייכענונג, וואָס הערט ניט אויף צו זײַן פֿאַנטאַסטיש, ווײַל העכער און נידעריקער פֿון אַלע פֿאַנטאַזיעס איז געוואָרן די ווירקלעכקײַט גופֿע...

פֿון זעלבן כאַראַקטער איז אויך די דערציילונג „אָראָפּגעלאָזטע אויגן". אויך אַ מײַסע פֿון פֿאַרצײַטן וועגן אַ דאָרפֿישן ייִד, אַ געוויסן יעכיִעל־מיכל, וואָס האָט געהאַלטן אַ קרעטשמע עטלעכע מײַל אונטער פּראָג, וועגן זײַן פּאָרעץ־גראַף און דעם אויסטערלישן גוירל פֿון זײַנע צוויי מיידלעך: די ייִנגערע, מאַלקע, האָט ליב דעם פּאָרעצס זון און האָט כאַסנע פֿאַר אָן אַנדערן. זי לעבט מיט איר געזעצלעכן מאַן און טראַכט אָבער וועגן פּריצישן זונדל. די אַנדערע — די עלטערע, לעבט מיטן פּריצישן זון און טראַכט אָבער וועגן... דער מאַמען. באַ

בײדן זײַנען די אויגן אַראָפּגעלאָזט, ווײַל זיי האָבן מוירע פאַר דער ווירקלעכקײַט, פאַר זיך אַליין. אַזוי האָבן זיי געלעבט און אַזוי זײַנען זיי געשטאָרבן און קיינער האָט ניט געוווּסט און וועט ניט וויסן זייערע נעשאָמע־איבערלע־בונגען.

די דערציילונג ענדיקט זיך מיט אַ לאָגישער מאָראַל: „מענטשן ווייסן קיינמאָל ניט, וואָס אין הארצן טוט זיך, וואָס באַ עמעצן אָף דער נעשאָמע איז". אָט צו וואָס פערעץ פירט די „אַמאָליקע מײַסעס".

אייניקע געשיכטעס ענדיקן זיך מיט אַ גוטן און שיינעם סאָף. עס זיגט די גערעכטיקײַט.

אין „זיבן גוטע יאָר" דערציילט זיך, ווי דער טרעגער טויוויע, אַ גרויסער אָרעמאַן, און זײַן ווײַב סערל האָבן זיך, נעבעך, גוט אָנגעליטן, ביז עס געשעט מיט זיי עפּעס אַ נעס: זיי קומט צוהילף עלײִאָהו האַנאָווי אין געשטאַלט פון אַ „דײַטשל", און זיי ווערן פּלוצעם רײַך, עמעס, מיט אַ באַדינג, אַז בלויז אָף „זיבן יאָר". אין מעשעך פון די דאָזיקע זיבן גוטע יאָר פאַרלירן ניט די האַרעפּאַשניקעס זייער סקעפּטישע באַ־ציִונג צו געשענקטע אשירעס, וואָס קומט אָן זייער לײַכט, אָן שווייס און האַרעוואַניע. האָבן זיי זיך טאַקע זייער ווייניק באַנוצט מיט זייער אשירעס און פון איר גענומען געלט בלויז אָף סכאַרלימעד פאַר די קינדער. דעריבער ווערן זיי באַלוינט פונעם אייבערשטן, און די אשירעס גייט שוין פון זיי ניט אַוועק.

אַן אַנדער געשיכטע קומט פאַר מיט אַן אָרע־מער יעסוימע, וועלכע ווערט באַאַוולט פון אירער אַ רײַכער קרויווע — איר באַלעבאָסטע באַשע־גיטל, אַ ווײַב פון אַ גוויר אַ כאָסיד. אָף וויפל זי האָט ניט וואָס צו טאָן, און דער מאָן אירער איז שטענדיק ניטאָ אין דער היים, האָט זיך באַ דער רײַכער מאַדאַם אַנטוויקלט אַן אייגנאַרטיקע לײַדנשאַפט — „אַ טײַווע צו קליי־דער" (אַזוי הייסט טאַקע די דערציילונג), וועלכע זי האַלט שטענדיק אין איין מעסטן, אָנטאָן און איבערטאָן. הערנאָך טראַכט זי אויס אַ בילבל אָף דער יעסוימע, אַז יענע האָט זיך קלוימערשט באַנוצט מיט אירע קליידער און זיי קאַליע געמאַכט, פאַרפּלעקט. זי טרײַבט אַרויס די יעסוימע מיט גרויס אַכזאָריעס ניט בלויז פון איר שטוב, נאָר אויך פון דער שטאָט, מיט אַ געגאָלטן קאָפּ. פאַרן טויט טוט אָבער באַשע־גיטל טשוווע, און קעדיי „מע זאָל זיך אַראָפּנעמען אַ מוסטער", פאַרלאַנגט זי, אַז די אָרעמע פאַרטריבענע יעסוימע זאָל יאַרשענען איר גוטס און זאָל ווערן די באַלעבאָסטע איבער איר שטוב.

אַזוינע „ניסים" קומען אומעטום פאַר, ווי גע־וויינלעך, מיט גאָטס הילף. אַזעלכע „קונצן" טוט אָף עלײִאָהו האַנאָווי אויך מיטן אָרעמאַן כאַים־ייִנע, אַ יוירעד (ער איז אַמאָל אַ וואַלד־סויכער געווען) און מיט זײַן ווײַב ריווקע־ביילע, וועלכע האָבן ניט געהאַט אָף פּייסעך („דער קונצנמאַכער").

אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" באַזינגט פערעץ דעם פּראָסטן און ערלעכן מענטשן, „שטומע", אָבער שיינע נעשאָמעס. דער נאָמען פון דער דערציילונג „ניסים אָפן יאַם" איז גראַדע אַן איראָנישער, די עצעם מײַסע — אַ פאַנטאַסטישע, אָבער אויסגעדריקט איז דאָ פּע־רעצעס אַ ראָמאַנטישע און, ווי דאָסראָוו באַ פּערעצן, אויך ערדישע בענקעניש נאָך אַ גע־זונטן און שיינעם מענטשן. וועגן אַזוינע גלויִ־ביקע „שטומע" נעשאָמעס רעדט זיך אויך אין „צוויי וועגן, צוויי מעשאָלים", דערבײַ שטיצט זיך דער אויטאָר אָף אַלטע מעקוירים און אָף מינדלעכער פאָלקס־שאַפונג. דער וועג פון סייכל און דער וועג פון האַרץ: דער, וואָס גייט בלויז מיטן סייכל, איז אַ „נויקעם ווענויטער קענאָ־כאַש". דאָס זעען מיר אויך אין דער אויבנדער־מאָנטער כסידישער דערציילונג „צווישן צוויי בערג" — וועגן דעם „כאַראַקטער" פונעם בריס־קער ראָוו. עס דאַרט דער בוים פון דעם רעבנס אַ „בייזן קוק"; פון אַן עפּלבוים ווערט אַ נאָדל־בוים, און מע מאַכט אָף איר קיין בראָכע ניט. דאָס איז ניט פּערעצעס אידעאַל: צום סייכל דאַרף מען אויך האַרץ, כאָטש דאָס האַרץ ווערט „רעגולירט" דורכן סייכל. און דאָס איז באַ פּערעצן קענטיק אומעטום — אין זײַן גאַנצן שאַפן. פונדאַנען שטאַמען אויך זײַנע דראַמאַ־טישע „ווידערשפּרוכן"...

פּערעץ איז אין זײַנע פילצאָליקע ווערק, אין זײַן פּובליציסטיק, אין זײַנע רעדעס און בריוו, אין זײַן שרײַבערישער פּראַקטיק שטענדיק זוכעריש. ער עקספּערימענטירט, פּרוּווט אויס פאַרשיידענע זשאַנרען (אויסער דעם ראָמאַן), שאַפט אייגענע אָריגינעלע „קאָנסטרוקציעס". פּערעץ שטרעבט צו נאָוואַטאָרישקײַט — סײַ אין אינהאַלט און סײַ אין פאָרם. ער האָט ווירקלעך אַרײַנגעטראָגן אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַ סאַך נײַס. ער האָט די ייִדישע ליטעראַטור „אייראָפּעיִזירט" און דערבײַ ניט פאַרנאַכלע־סיקט איר אייגענע נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיע. ער האָט ניט באַגרענעצט די ייִדישע ליטעראַ־טור בלויז מיט „אייגענע" פראַגן, נאָר אויך מיט אַלגעמיינע „לעבנס־פּראָבלעמען", באַשענקט זי ניט בלויז מיט טראַדיציאָנעלע שטעטלדיקע מאָ־טיוון, נאָר אויך מיט דער אורבאַניסטישער נאָ־וועלע. די רעליגיִעזע און האַלב־רעליגיִעזע כסידישע מײַסעס און פאָלקסטימלעכע געשיכ־טעס פון פאַרצײַטן האָט ער סעקולאַריזירט. אופּהיטנדיק זייער אָרנאַמענטיק און קאָלאָריט, האָט ער זיי באַהויכט מיט זײַנע „אַפּיקאָרסי־שע" הײַנטצײַטיקע געדאַנקען, געפילן און שטימונגען. אופּהיטנדיק דעם געשיכטלעכן „צויבער", האָט ער זיי באַנײַט מיט דעם „צווי־בער" פון קונסט, מיט דער ראָמאַנטיק פון „אויבן ניט נאָך העכער", מיטן ריאַלן קאַמף פאַר סאָציאַלער גערעכטיקײַט.

■ ■ ■

יעשוהע ליובאַמירסקי

# אַ דערמאָנונג וועגן דעם ספּעקטאַקל „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי"

## מיט 50 יאָר צוריק איז פאָרגעקומען די פּרעמיערע אין מאָסקווער מעלוכישן יידישן טעאַטער

ווער עס האָט אופמערקזאַם געלייענט „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי" ווייסט, אַז מענדעלע דער מאַסקל־דעמאָקראַט איז מיט דעם דאָזיקן ווערק אויסן געווען באַווייזן, אַז די לעגענדעס וועגן די „רויטע יידעלעך", וועגן די „אשערעס האַשוואָטים" זיינען אַ פּראָדוקט פונעם טונעיאַדעוואָקער נעבעכדיקן לעבנסשטייגער, פון דער גוואַלדיקער אינערציע, וועלכע האָט געשטעקט אינעם אַלטפּרענקישן יידישן לעבן. מענדעלע באַווייזט אין זיין „מאַסאָעס" אַז סיי די ביניאָמינס, סיי די סענדערלעך זיינען בלימעלעך, וואָס קאָנען אויסוואַקסן נאָר אויף אַזאַ זומפּ, ווי טונעיאַדעווקע.

אינעם מאָסקווער מעלוכישן יידישן טעאַטער האָט מען „מאַסאָעס" איבערגעלייענט און פאַרשטאַנען נאָך פון אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט. צווישן די שורעס האָט מען דערשפּירט ניט בלויז סאַרקאַזם און כויזעקמאַכעריי, נאָר טיפן מיטלייד צו די ביניאָמינס און סענדערלעך. וועגן דעם שרייבט מיכאָעלס אין זיין אַרטיקל „באַ מענדעלען אין דער בויד" (זע „דער עמעס" פון 28 דעקאַבער 1927):

„צוליב זיי, צוליב די געפּייניקטע, דערנידעריקטע, דערשלאָגענע האָט מענדעלע געשאַפן זיין גרויס ווערק. ער האָט ליב געהאַט די טונעיאַדעווקער אָרעמשאַפט פונקט אַזוי, ווי ער האָט פיינט געהאַט די באַלטאַקסעס, די קאָהאַלשע רעדלפירער.

וואָס איז עס? מענדעלע — אַ ליריקער? האָט זיך עפּעס געטומלט אין קאָפּ, און ס'איז אַנטשטאַנען באַ מיר זיין העלד ביניאָמין. ער איז געגאַנגען, מענדעלעס העלד, און עס האָט זיך געפילט, אַז ער וואָלט געשפּאַנט מיט ריזן־טריט, ווען ער זאָל קענען געניסן פון אוילעם־האַזע עפּעס מער פון אַ געבאַקענער קאַרטאָפליע.

מענדעלע האָט זיך אָנגעבויגן צו מיר און האָט שטיל מיר איינגערוימט אָפן אויער.

— דו זעסט, דאָס איז ער, ביניאָמין, ביניאָמין האַשלישי...

— ס'איז דאָך אַן אָדלער, — האָט מענדעלע ווייטער גערעדט, — די בלוטזויגערס האָבן אים נאָר אונטערגעהאַקט די פליגל, און איך האָב דערשפּירט ביניאָמינס טיפן ווייטעק פון אַן אונטערדריקטער נאַטור.

— עך, — האָט אַ קרעכץ געטאָן מענדעלע, — אַ ביסעלע מער פאַרשטאַנד, אַ טראָפּן סינע צו די אַלע, וואָס איך האָב אַזוי פיינט, און דו וואָלסט געזען, ווי באַ אים וואָלטן צוריק אויסגעוואַקסן פליגל, און ער וואָלט אַ שעפּ טאָן מיט דער פולער ברוסט די לופט פון די ראַכווערסן".

איז, מאַשמאָעס, אינעם טעאַטער מענדעלעס ביינסנדיקע סאַטירע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גוטמוטיקער איראָניע. איז פון אַ סאַטיריש ווערק געוואָרן „אַ רירנדיקע עפּאָפּייע".

אַזוי האָט דער קינסטלערישער אָנפירער, דער רעזשיסער פון אָט דעם ספּעקטאַקל, אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי פאַרגעלייגט נאָמינירן די פאַרשטעלונג אויף דער אַפישע. אַפּאָנעם, די שעפער פונעם ספּעקטאַקל האָבן די עקלהאַפטע וואָר פאַרוואַנדלט אין אַ מייסעלע. זיי האָט געוויס — כוץ אַלעמען — פאַרכאַפּט די פאַנטאַסטיק, דער פאָלקלאָר־נוסעך, וואָס אַסאָציִירט זיך מיטן אינהאַלט פון „מאַסאָעס". און דער קישעף, וועלכער האָט בעמעשעך פונעם גאַנצן ספּעקטאַקל זיך ניט אָפּגעטאָן פונעם צושויער, פלעגט זיך אַנטפלעקן, אָנהייבנדיק פון דעם פאָרהאַנג, וואָס דעם קינסטלער ראָבערט פאַלק קויעך האַדימיען האָט אונדז מעזאַקע געווען (אַ ריזיקע געשטוקעוועטע קאָלדרע פון קאָלערליי קאָלירן האָט פאַרדעקט דעם כאָלאַל פון דער בינע...).

און עס פלעגט אָנהייבן טיאַכקען, טיאַכקען דאָס האַרץ — אוי! — טאָמער נעמט מען פאַרוקן אָט דעם צוויבער...

דאָך איז די גרעסטע עסטעטישע האַנאָע געקומען דאַן, ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך באַהאַלטן און עס האָט זיך צעבליט די שפּיל פון די אַקטיאָרן, דער צושויער האָט זיך אַריינגעטאָן אין דער פילפאַרביקייט פון די קאָנטראַסטן, אין די טנועס, האַוויַעס פון די פּערסאָנאַזשן, עס האָט זיך דערהערט די מוזיק, אירע טענער און ריטמען... זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער סאַמע איבעראַשנדיקער עפעקט איז געווען פון מיכאָעלסעס און זוסקינס שפּיל.

ביניאָמין, וואָס זעט אויס באַ מענדעלען אַזוי קאָמיש, אַזוי פליאַסקעדריגעדיק, ווערט אין מיכאָעלסעס פאַרקערפּערונג באַהעלט מיטן ענטוזיאַזם פון אַ פאַנאַטיקער, און דער צושויער



ש. מיכאָעלס (רעכטס) און ב. זוסקין אין דער פּרעמיערע פון „מאַסאָעס בּיניאָמין האַשלישי״

פּאַרגעסט, אַז דאָס איז אַ קאָמיש געשטאַלט, פּאַרקערט, אין מיכאָעלסעס אינטערפּרעטאַציע טוט זיך קימאַט אַף קיין איין מאָמענט ניט אָפּ דער טראַגישער אָפּגלאַנץ פון אָט דער פיגור.

דאָס זעלבע איז מיט זוסקינס סענדערל. זוס־קין האָט זיך ניט געפּלײַסט אונטערצושטרײַכן אין סענדערלען זײַן נישטיקייט פון סאָציאַלן שטאַנדפּונקט. דעם אַרטיסט באַצויבערט אין מענדעלעס „מאַסאָעס״ דאָפּקע ניט דער סאַר־קאַזם, דאָס כויזעקן — ער דערזעט גאָר עפּעס אַנדערש: מענדעלעס מילדקייט, האַרציקייט באַם שילדערן דעם עקספּלואַטירטן מאַסן־מענטש.

„באַם שפּילן דאָס דאָזיקע מינדערווערטיק האַלב־קינדיש מענטשל, — שרײַבט זוסקין אין זײַן אַרטיקל „די פּראַכט פון מענדעלעס שאַ־פונג״ (זע „דער עמעס״ פון 28 דעקאַבער 1927), — האָט מיר מענדעלע געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטפּלעקן דעם גאַנצן קוואַל פון מענטשלעכער ליבע, וואָס מענדעלע גופא האָט געטראָגן צו אָט די אַלע באַשעפענישן, צו די באַליידיקטע און דערנידעריקטע אין די שרעק־לעכע מיטלאַלטערלעכע אומשטענדן פון יענער צײַט. מענדעלע האָט מיך געלערנט אויסצוגע־פינען דעם גלויבן אין מענטש, אָט יענעם גרויסן פאָלקס־אָפּטימיזם, וואָס ליגט אין גרונט פון מענדעלעס שאַפן און וואָס האָט אויך באַ־לעבט מײַן אַרבעט איבער דעם מענדעלע־פּער־סאָנאַזש״.

— אין סענדערלען, — זאָגט זוסקין, — האָב איך געזוכט וואַרעמקייט, איבערגעגעבנקייט, ליבע צו בּיניאָמינען. נאָך מיר איז עס אַ פּאָעמע וועגן ליבשאַפט״.

מיכאָעלס באַטאָנט בּיניאָמינס לײַדנשאַפטלע־כע עקספּאַנסיע. זײַנע אויגן ברענען מיט פלאַ־מיקן ענטוזיאַזם. מאַכמעס גרויסער אינערלע־כער אופגערעגטקייט איז בּיניאָמינס טאָן אָפּט־מאָל שטרענג, אומגעדולדיק.

סענדערל איז אַלעמאָל צאַרט, געלאַסן.

בּיניאָמין באַפעלט אַלע מאָל, ווען זיי טוען זיך אַ לאָז וואַנדערן. פײַערלעך, מאַיעסטעטיש קלינגט זײַן באַפעל: מיט דער רעכטער פוס!

סענדערל טוט בעשאַסמײַסע אַ פּינטל מיט די קינדעריש־אומשולדיקע אויגן און רופט זיך אָפּ האַכנאָעדיק און זאַנפט: מיט דער רעכטער פוס! — און אין זײַן פאַרדומפּן קעלכל קלינגען איינצײַטיק אי אומבאַהאָלפנקייט, אי פּאַכעד.

דאָ שפּירט איר קלאָר בּיניאָמינס אַקשאָנעס־דיקן דראַנג פאָרויס און סענדערלס מאַכטיי־סעדיק נאָכשלעפּן זיך.

דער שטרענגער ריטם פון ביידנס „מאַרש״ שפּאַרט זיך אָן אָפּן מוזיקאַלישן לײַטמאָטיוו פונעם אָרקעסטער. יעדע פון אָט די צוויי פיר־גורן צייכנט זיך אויס מיט איר אייגנאַרטיקער פּאָזע: באַ מיכאָעלסן — בּיניאָמינען איז דער קאָפּ אַ ביסל פאַרוואָרפן אַף צוריק, די אויגן געווענדט אַף פאָרויס, איבער די אויגן — די דלאָניע פון דער לינקער האַנט, דער וואַנדער־שטעקן פעסט צונויפגעדריקט אין דער רעכטער האַנט. די גאַנצע פיגור איז אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע.

סענדערל — אויך מיט אַ שטעקן אין האַנט, דער קאָפּ אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט. ער שלעפּט שווער די קרומע פיס און קריכט נאָך בּיניאָמי־נען.

בּיניאָמין איז אַלעמאָל שיקער פון שטרעבן, פון יאָגן. ער פליט מיט די געדאַנקען אַף יענער זײַט „האָרע כוישעך״, אין דער ווײַטער ווײַט — אויסצולייזן דעם קלאַל ייִסראָעל.

אָבער סענדערלען גייט עס קנאַפּ אָן, ער איז ניכטער. ער וויל ניט וויסן פון קיין „האָרע כוישעך״, און ער ווענדט זיך צום בודאַטשניק, צום שוימער האַדערעך מיט דער אַלעבאַרדע:

— „קאָזשי מעני, טשאַלאָוויטשע, דע טאַטע־טשקאַ דאָראָגאַ נאַ ערעץ־ייִסראָעל?״

ביכלאַל האָט ער טאַמיד אין זינען דאָס מאַ־מאָשעסדיקע.

— רייד מיט זיי, בּיניאָמין, — זאָגט ער, — דערצייל זיי וועגן אונדזערע ווײַבער אויך, ווי מיר זײַנען באַ זיי אין גאָלעס.

בּיניאָמין באַגרײַפט דעם כאַאָס פון די מענטש־לעכע באַציִונגען אין אָן אומגעהייער ברייטערן מאַסשטאַב: אים אַרט די גרויסע אוולע, וואָס הערשט אומעטום איבער דער גאַרער וועלט.

אינעם סאָף פון דער מאַרק־סצענע, נאָך דעם, ווען מע האָט זיי ביידן באַגאַנוועט, און אַ בייזע ייִדענע איז דערצו זיי באַפאַלן עפּעס נאָר טאַ־קע ווי אַף דוירעס צו זײַן, זאָגט בּיניאָמין:

— דאָס ציט זיך נאָך אַלץ פונעם דאָר־האַ־פּלאָגע מיט זײַן בייזער מעהומע, מיט זײַן גע־טומל, גנייווע, גזיילע, רעציכע...

דער גרויסער מיטלײַד, וואָס עס שפּירט זיך מיצאַד מיכאָעלסן און זוסקינען בענעגייע אָט די צוויי נעפּאָשעס, לאָזט זיך, נאַטירלעך, דערקלערן דערמיט, וואָס זיי באַטראַכטן ביניאָמינען און סענדערלען ווי קאָרבאָנעס פֿון דער הערשנדיקער עקספּלואַטאַטאָרישער סיסטעם.

געווען אינעם ספּעקטאַקל אַ רײַ סאַטירישע מאָמענטן, ווי, לעמאָשל, די סצענע אין באָד (אין דער גרויסער שטאָט), ווו די אָרטיקע באַלאַנים כאַקרענען וועגן וועלט־פּאָליטיק. נאָר אַמשטאַרקסטן זײַנען געווען די לירישע מאָמענטן. דאָ פֿלעגן די אַקטיאָרן זיך אַ הייב טאָן צו אַ ביז גאָר הויכער קינסטלערישער מאַדרייגע.

אָט לאָמיר נעמען, צום בײַשפּיל, דעם מאָמענט, ווען ביניאָמין און סענדערל, אויסגעמאַטערטע, צעבראָכענע פֿון וועג, לייגן זיך שלאָפֿן אָף די האַרטע בענק אין קרעטשמע און טרוימען.

— אײַ־אײַ־אײַ־אײַ־אײַ! — שוועבן איבערן צושויער־זאַל ביניאָמינס (מיכאָעלסעס) שיטערע, אָפּגעריסענע, ווייטעקדיקע קרעכצן, ווען ער נעמט אויסצוציִען אָף די האַרטע בענק זײַנע צעבראָכענע רוק־און־לענד. דער אײַנדרוק — ווי ער קלאָגט זיך און פּיעשטשעט זיך אין דער זעלבער צײַט.

— אײַ־אײַ־אײַ־אײַ־אײַ! — טוען אײַליק, איינס נאָך איינס זיך אַ שאָט סענדערלס דינינקע זיפּצערײַען, פּונקט ווי מע וואָלט אים מיטאַמאָל הונדערט נאָדלען אַרײַנגעשטאָכן.

זיי ליגן שוין, דער הונגער לאָזט ניט שלאָפֿן. ביניאָמין קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן.

— קאַרטאָפּליעס! — טוט אַ מורמל זײַן נידעריק־הייזעריקלעכע שטים.

סענדערל קלערט אויך וועגן דעם זעלבן. אָבער ער, סענדערל די יידענע, באַנוגנט זיך ניט מיט סתּם קאַרטאָפּליעס.

— געבאַקענע, — זאָגט ער ביניאָמינען אונטער מיט אַ נעבעכדיק קעלכל.

ביניאָמין האָט שוין, ווײַזט אויס, כאַראָטע, וואָס ער האָט אופגעוועקט סײַ סענדערלס, סײַ דעם אייגענעם יעיצערהאָרע, און ער טוט אַ ברום מיט זײַן באַסאָווער שטים.

— אַ גוטע נאַכט!

ענטפערט סענדערל מיט אַ יונג־דינינקער שטים:

— אַ גוטע נאַכט!

אָבער עס נעמט ניט דער שלאָף.

— געהאַקטע לעבערלעך, — טוט ביניאָמין טרוימעריש און געלאָסן אַ זאָג.

— געפּילטע פיש... — אַקאָמפּאַנירט אים סענדערל מיט אַ זיס קעלכל.

דער טאַם פֿון די לעבערלעך און פֿון די פיש ליגט באַ זיי אָף דער צונג, און ביניאָמין מורמלט צופרידן:

— ס'איז גוט, סענדערל!

— ס'איז גוט, ביניאָמין! — ענטפערט סענדערל מיט אַ קאָל פֿון אַ קליין קינד, וואָס מע האָט נאַרוואָס מעהאַנע געווען מיט זייער אַ געשמאַקער נאַשערײַ.

שטאַרקער, ווי ערגעץ אַנדערש, קלינגט דאָ אין דער גרויזאַמער עלנט פֿון אָט די צוויי „וואַנדערער", אין דער גרויסער ראַכמאָנעס פֿון די אַקטיאָרן צו זיי.

אַ קורצער דיאַלאָג, אַן אומבאַוועגלעכע פּאָזע, קיינע זשעסטן. אָבער וואָס פֿאַר אַ רײַכקײַט פֿון אינטאָנאַציעס!

עס הייבן זיך ווידער אָן די וווּנדערבאַרע דיכטעריש־באַגײַסטערנדיקע זעונגען פֿונעם רעזשיסער אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי, פֿונעם קינסטלער ראָבערט פֿאַלק און פֿונעם קאָמפּאָזיטאָר לייב פּולווער.

די צוויי „וואַנדערער" ליגן אָף זייערע בענק. אַ פֿולשטענדיקע שטילקײַט.

און עס קומט פֿאַר דער „אַקאָמפּאַנעמענט" מיצאַד דער אַרומרינגלונג.

עס שווימט אַרויס די לעוואָנע, דאָס „פּאָנעם" באַ איר — פֿון אַ מאָרעשכוירעדיקן מענטשן.

און עס טוען זיך אַ גאָס די האַרצרײַסנדיקע מינאָרע, ראַכמאָנעסדיקע טענער פֿונעם אָרקעסטער — עפּעס ווי אַ לעבעדיקער נעפּעש קלאָגט, מיטגעריסן פֿונעם וויסטן גוירל פֿון די צוויי שלימאַזלדיקע „וואַנדערער".

אָבער אינגיכן אַנטפּלעקט זיך דער פּרעכטיקער מאָמענט, וואָס לאָקט אַזוי דעם צושויער מיט זײַן אויסטערלישער פֿאַרביקײַט און רײַכער, בלענדנדיקער פֿאַנטאַסטיק: דער וווּנדערבאַרער כאָלעם, ווו עס פֿיגורירן די „רויטע יידעלעך", אַלעקסאַנדער מוקדוין, אַ מעשוגעדיק־עקזאָטישער פֿויגל „ראַכאָוו האַזוינאַ" און נאָך אומדערוואַרטע מאַזיקים...

אָבער יעדער כאָלעם מוז האָבן אַ סאָף. אוי, ביטער ענדיקט זיך ביניאָמינס און סענדערלס שלאָף.

מיט שמיץ. נאָך מיט וואָס פֿאַר אַ שמיץ! מע שמײַסט זיי אַזוי אַכזאָריעסדיק, אַז זיי כאַפּן זיך אויף, ווי אָפּגעבריטע. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַלץ, וואָס עס האָט זיך זיי געכאָלעמט, ווערט פֿאַרשוווּנדן. און וואָס זשע פּאַסירט ווײַטער?

זיי קערן זיך צוריק אום קיין טונעיאַדעווקע. און שטייענדיק באַ אַן עקזאָטישן בוים, וואָס סטאַרטשעט אינמיטן פֿעלד, נאָענט צו טונעיאַדעווקע, זינגען זיי מעלאַנכאָליש, מיט אַ מוירעדיקער בענקעניש:

— אוי, אַ כאָלעם!

און די רעאַלע וואָר טריומפירט...

און די אָפּגעשמיסענע „וואַנדערער" זײַנען, ווי פֿריִער, באַ איר אין געפֿענקעניש.

אָט אַזוי האָבן „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי" געשפּילט מיכאָעלס און זוסקין. די פֿאַרצייכענונגען אינעם נאָטיץ־ביכל וועגן באַזונדערע מאָמענטן פֿון דער שפּיל, לויטן פֿרישן אײַנדרוק, האָב איך געמאַכט מיט 50 יאָר צוריק, אָף דער פּרעמיערע אין מאָסקווער „גאָסעט".

■ ■ ■

**דיצא סילווער**

# די אַנטימילכאָמע=טעמע אין דער הײַנטצײַטיקער איווריט=ליטעראַטור

„...איך האָב אָפּט זיך געכידעשט, ווי לײַכט עס איז זיך אונטערגעבן דעם יעיצערהאָרע צו זײַן אָפּגענאַרט מיט אָפּענע אויגן און אײנצײַטיק באַלד זיך באַהעפטן מיטן גרויסן אַלגעמײנעם לאַגער פון ליגנערס, מיטן לאַגער פון אמערצאָצעס, אײגננוציקער גלײַכגילטיקײַט און פּאַשעט אומפאַרשעמטן עגאָיזם און פאַרבײַטן דעם אײן־און־אײנציקן גרויסן עמעס אַף אַ קנײטש מיט די פּלײצעס פון אַן אַלטן זינדיקער", — אַזוי הײבט זיך אָן סאַמעך ייִזהאַרס דערצײלונג „כירבעט־כיז'ע". און כאָטש די דאָזיקע ווערטער זײַנען אָנגעשריבן מיט העכער אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק (די דערצײלונג איז דערשינען אין 1949), — זײַנען זײ נאָך מער אַקטועל הײַנט. די יאָרצענדליקער, וועלכע טײלן אָפּ די מילכאָמע פון 1948 פון דער „זעקסטאָגיקער מילכאָמע" פון 1967 און פון דער „יאָמקיפּער־מילכאָמע" פון 1973, זײַנען געוועזן יאָרן, אין משך פון וועלכע די אָפיציעלע ייִסראָעלדיקע פּראָפּאַגאַנדע און די גאַנצע דערציִונגס־סיסטעם אין אַלע אירע פאָרמען האָבן אין אַ גרויסער מאָס מיטגעווירקט, עס זאָלן זיך אײַנגלידערן, אײַנוואָרצלען זיך „אַמעראַצעס, אײגננוציקע גלײַכגילטיקײַט און פּאַשעט אומפאַרשעמטער עגאָיזם".

דער הויפּט־העלד פון „כירבעט־כיז'ע" איז אַ געוויינלעכער סאָלדאַט, ער דערצײלט, ווי אַלע אײַנוווינער פון אַן אַראַביש דאָרף (כירבעט־כיז'ע) זײַנען פאַרטריבן געוואָרן פון ייִסראָעל. דער שרײַבער וואָרנט קעגן אַזאַ „צורגאַנג".

דער סאָלדאַט פּילט מיט אַלע זײַנע כושים, אַז אָט דער צוגאַנג איז אַן אומגערעכטער, און ער וואַרפט אין פּאָנעם זײַן קאָמאַנדיר: „דאָס איז אַ שמוציקע מילכאָמע". ער קען אָבער ניט דערקלערן קלאָר און דײַטלעך, פאַרוואָס ער האַלט אַזוי, און איבערהויפּט — איבערצײַגן אַנדערע, אַז דאָס איז טאַקע אַ „שמוציקע מילכאָמע". אַ געשרײ וואַקסט אין אים: „צום טײַוול, וואָס טוען מיר דאָ?!". אים מאַטערט דער צווײפל, ביז ער געפינט דאָס פּאַסיקע וואָרט: „גײרעש! דאָס איז גײרעש!". בײס אײנער אַן אָפּעראַציע, אין וועלכער ער האָט זיך באַטײליקט צוזאַמען מיט אַלע סאָלדאַטן פון זײַן טײל, קומט אים אױפן געדאַנק די פראַזע פון טאַנאַך: „הרצחת וגם ירשת" (האָסט דערהאַרגעט און געיאַרשנט).

אין דעקאַבער 1967, ווען דאָסראָוו ייִסראַײלים האָבן נאָך געלעבט אינעם טשאַד פון ניצאָכן אין דער יון־מילכאָמע, ווען די מוטנע כוואַליעס פון שאָוויניזם זײַנען אַרויס פון די ברעגן און אָוועקגעשלעפּט אַף זײער גליטשיקן וועג אויך אַזעלכע מענטשן, וואָס וועלן זיך ערשט שפּעטער אָפּשטעלן און איבעראַשטע פרעגן בא זיך אַלײן: „וווּהין גײען מיר?!" — שוין דעמלט איז ייִזהאַר אַרויסגעטראָטן מיטן צאָרנדיקן אַרטיקל „וועגן די פרײדיקער פון אַנעקסיע" („האַאַרעץ" פון 12 דעקאַבער 1967):

„מע רעדט הײַנט אַ סאַך וועגן טעריטאָריעס און וואָס צו טאָן מיט זײ, כאָטש אַלע ווײסן, אַז די הויפּט־פראַגע גײט ניט אַרום די טעריטאָריעס, נאָר אַרום די מענטשן, וואָס לעבן אַף זײ... מיר ווײסן גוט, אַז די דאָזיקע טעריטאָריעס זײַנען ניט קײן מידבער. פאַרקערט, זײ זײַנען פול מיט מענטשן".

קימאַט אין 20 יאָר אַרום נאָך דער דערצײלונג „כירבעט־כיז'ע" וואָרנט ווידער ס. ייִזהאַר:

„פון זינט מע הײבט אָן איגנאָרירן די מענטשן, וואָס געפינען זיך אַף די טעריטאָריעס, הײבט זיך באַלד אָן דער עמעסער מישפּעט, דער גוירלדיקער. אַ גוירלדיקער ניט בלויז פאַר יענע, וואָס האָבן געליטן די מאַפּאָלע, נאָר אויך פאַר אונדז, די זיגער. דער זיג איז, ווי באַוווּסט, ניט קײן קלענערער ניסאָיען פאַר די, וואָס האָבן געזיגט, אײדער די מאַפּאָלע פאַר די, וואָס האָבן די שלאַכט פאַרשפּילט".

ייִזהאַר פרעגט: „וואָס, אײגנטלעך גערעדט, גיט אונדז דער זיג, וועלכן מיר האָבן אָפּגעהאַלטן מיט דער קראַפט פון געווער? עפּשער רעכט? אָדער באַרעכטיקונג? צי האָט דען, אין טאָך גערעדט, אַ זין אַזאַ מאָדנע צונויפּפאָרונג פון די ווערטער — געוואַלט און רעכט?"...

„ווי שטעלן זיך פאָר מײַנע גוטע און אופגערודערטע כאַווײרים, וועלכע אַנעקסירן מיט באַגײַסטערונג און פאָדערן אַ „גרויס ייִסראָעל" (ווי ווײַט, אײגנטלעך, וועט גרײכן אָט די גרויסקײַט?), — וואָס וועלן זײ זאָגן דער באַפעלקערונג פון די טעריטאָריעס, וועלכע זײַנען זײ געפעלן געוואָרן?". און ווײַטער: „די לאָגיק פון אָקופּאַציע איז אַכזאָריעסדיק. צי האַלטן מיר פאַר מעגלעך צו גײן אַף דעם? עס איז ניטאָ און עס איז קײנמאָל ניט געוועזן קײן זיסע אָקופּאַנטן. אָנבינדן יענעם דעם אײגענעם ווילן וועלן ניט קײן טויבן, און טאָן עס איז

ניט מעגלעך מיט א וואָרקעניש פון טויבן. צי זײַנען מיר גרייט צו נעמען אַף זיך און אַף אונדזערע קינדער דעם נאָמען פון א פאָלק אָן אָקופּאַנט? איך פּערזענלעך וויל ניט זײַן קיין אָקופּאַנט, פּונקט ווי איך וויל ניט זײַן קיין אָקופּירטער”.

דער ייִסראָעלדיקער זשורנאַליסט־קאָמוניסט יויסעף אַלגאַזי שרײַבט אין זײַן בוך רעפּאַר־טאַזשן פון די פאַרכאַפּטע אַראַבישע שטעטאָכים וועגן דער דאָזיקער פּאָזיציע פון ייִזהאַרן: „אַף די אָקופּירטע טעריטאָריעס שאַצט מען הויך יעטווידע אַרויסטרעטונג אין ייִסראָעל גופע קעגן דער אָקופּאַציע. צום בײַשפּיל, די ידיִעע וועגן דעם אַרטיקל פון ס. ייִזהאַר (סמיליאַנסקי) איז פאַרשפּרייט געוואָרן איבער די שטעטאָכים מיט א שנעלקײַט פון א בליץ. פיל מענטשן האָבן זיך אָנגעפרעגט, ווער עס איז דער מע־כאַבער און וואָס האָט ער געשריבן. אײַנוווי־נער פון דער שטאָט אזע האָבן זיך אינטערע־סירט מיטן טאָך פונעם אַרטיקל. איינער פון זיי האָט מיר געזאָגט: מיט יענע, וואָס מעלדן: „איך וויל ניט זײַן קיין אָקופּאַנט, פּונקט ווי איך וויל ניט זײַן קיין אָקופּירטער”, וועלן מיר זיך גיכער צונויפרעדן, איידער מיט דאַיאַנען צי מיטן גענעראַל גור, וואָס איז מאַכריז: מיר וועלן שלאָגן מיט דער גאַנצער קראַפט.

ס. ייִזהאַר איז צווישן די שרײַבער און דיכ־טער פון ייִסראָעל ניט איינזאַם אין זײַן גע־רעכטן און מוטיקן קאַמף. דער שרײַבער ייִצ־כאָק אָרפּאַז, לעמאָשל, איז נאָך אין אָנהייב סענטיאַבער 1967, אין רעכטן ברען פון דער מילכאָמע־היסטעריע, אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַרטיקל אין „האַאַרעץ”, וואָס האָט אַרויסגע־בראַכט פון די קיילים די אָפיציִעלע פּראָפּאַ־גאַנדיסטן פון ייִסראָעל. אין אָט דעם אַרטיקל האָט ער געשריבן: „פאַר אַן אינטעליגענט, וועל־כער איז פאַרבליבן ניכטער, איז ניטאָ קיין מער דערהויבענע אויפגאַבע, ווי צוגיין צו א מענטשן פון גאַס און צו א שרײַבער, וואָס באַטייליקט זיך אין דער באַוועגונג „פאַר א גרויס ייִסראָעל”, און דערמאָנען אים: דו ביסט שיקער!”

אין אָרפּאַזעס ראָמאַן „מאַסאָעס דאַניִעל”, וואָס איז דערשינען אין 1969, איז דער הויפּט־העלד אויך א סאָלדאַט, ווי אין ייִזהאַרס „כירבעט־כיזע”, נאָר צום אונטערשייד פון ייִזהאַרן, ווערט בא אָרפּאַזן דערציילט וועגן א סאָלדאַט פון דער זעקסטאָגיקער מילכאָמע, וואָס האָט זיך שוין אומגעקערט „פון דאָרטן”, פון דער מילכאָמע, זײַן גאַנצע וועלט ליגט פאַר אים א צעשמעטערטע, פול מיט שערבלעך. אַלץ, וואָס האָט פריִער געהאַט פאַרן סאָלדאַט א ווערט, איז פאַרשוווּנדן, ווי עס וואָלט אַף דער וועלט ניט געווען. די מילכאָמע־בילדער פאַרפאָלגן אים און לאָזן ניט רוען, און פרעגן, פרעגן, פרעגן. ער אַנטלויפט פון אַלץ און פון אַלעמען, ער גייט אַוועק צום ברעג יאַם: זאַמד, יאַם — זײַנען אייביק. דאָס איז א גאַנצע וועלט. נאָך לאַנגע וואָכן איינזאַמקײַט קערט ער זיך אום

אין שטאָט, צו די מענטשן. ער איז שוין אָבער אַן אַנדערער, און געביטן האָט זיך אויך די געזעלשאַפט, צו וועלכער ער איז ווידער גע־קומען. דאַניִעל, דער נײַער דאַניִעל, ווייסט נאָך ניט, וואָס ער וועט טאָן ווײַטער. דער לייענער פילט אָבער, אַז ער וועט ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. די מילכאָמע האָט אים אויסגעלערנט צו פאַרשטיין אַנדערש דעם מענטשנס לעבן. זי האָט פאַרגלײַכט זײַן לעבן מיטן לעבן פון דעם מענטשן אַף יענער זײַט פראָנט.

ניט צופעליק, ווען דאַניִעל קערט זיך אום פונעם יאַם, שטעלן אים זײַנע כאַווײרים די האַרבע פראַגע:

— דו ביסט, פאַרשטייט זיך, דערפאַר, אַז מע זאָל אָפּגעבן צוריק?

— וואָס אָפּגעבן צוריק? — פרעגט דאַניִעל.

— די טעריטאָריעס.

— דאָרט זײַנען דען ניטאָ קיין לעבעדיקע מענטשן?

— פאַראַן.

— איז פאַרוואָס זשע ניט פרעגן בא זיי?

אָרפּאַז זעצט פאָר דעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף. ווי פיל אַנדערע, נעמט ער אַן אַקטיוון אָנטייל אין די באַגעגענישן צווישן די ייִדישע און אַראַבישע שרײַבער פון ייִסראָעל. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז ביז דער זעקסטאָגיקער מיל־כאָמע האָט מען פון אַזעלכע באַגעגענישן, ניט געהערט. שוין דער עצעם פאַקט, אַז ייִדישע שרײַבער פון לאַנד, אַפילע יענע, וועלכע גע־הערן ניט צום פּראָגרעסיוון לאַגער, האָבן דער־פילט די נייטיקײַט פון אַזעלכע באַגעגענישן, דערווײַזט, אַז דער בעסטער טייל פון דער אינ־טעליגענץ ווערט רײַף צום קאַמף, פילט, אַז מע טאָר שוין מער ניט שווײַגן.

עס קומט פאָר אַן אינטערעסאַנטער און וויכ־טיקער פּראָצעס. צי ניט די דאָזיקע פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ, וועלכע טרעטן אַרויס אָפן קעגן דער מילכאָמע־פּאָליטיק, האָט געהאַט אין זינען דער באַוווּסטער דיכטער מייער וויזל־טיר, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן מיטן פּעליע־טאָן „וויִאַזוי מיר האָבן פאַרשפּילט די זעקסטאָ־גיקע מילכאָמע” („האַאַרעץ” פון 9 יול 1968)? מיט א געפיל פון קאַס און אין דער זעלבער צײַט מיט אומבאַהאָלפנקײַט פירט ער אונטער דעם סאַכאַקל פונעם יאָר, וואָס איז פאַרלאָפן נאָך דער מילכאָמע: „א יאָר פון אומגערעטע־ניש, א יאָר פון אַן אומגעהערטער פאַרטריקע־ניש, פאַרשטייט זיך, פאַר יענע פון אונדז, וועלכע האָבן פאַרשפּילט די מילכאָמע”... מיט ביטערער איראָניע פאַרגלײַכט ער די ווייניקע, וואָס זײַנען, ווי ער, מיט דער מאַסע, וואָס פאָלגט נאָך דעם „קורס”: „באַם צופוסנס פון דער אויסגעפּאַנטאַזירטער ערן־טריבונע, וועלכע איז פול מיט די פלאַפּלער פונעם שרײַבער־פאַר־באַנד, מיט די מעשוירערים פון א „גרויס ייִס־ראָעל”, מיט די טרובאַדורן פון דעם היסטאָרישן העמשעך, פול מיט יענע, וואָס זינגען לויב־געזאַנגען דעם העראָיִזם פונעם נײַעם דאָר,

וועלכער האָט מיט שטורעם אײַנגענומען קנאאן (...), בעט מען אונדז שטיין מיט אופגעהויבענע הענט, מיט א ווײַסער פויל־פלאטערנדיקער שמאטקע".

יענע, וואָס האלטן, אז זיי האָבן „פארשפילט די זעקסטאָגיקע מילכאָמע" און ניט געזיגט אין איר, טרעטן ארויס אלץ אָפטער און דרייסטער. פארשיידן זײַנען די פאָרמען פון די דאָזיקע ארויסטרעטונגען, באזונדערס אין שײַכעס מיטן אנאליז פון די סיבעס פון דער מילכאָמע: אָנהייבנדיק פון פראָזע, פאָעזיע, דראמאטורגיע, צײַטונגס־פעליעטאָנען, קופלעטן און רעוויו. אָט די אלע ארויסטרעטונגען פון דער ייִסראָעל־אינטעליגענץ פארייניקט דאָס געפיל פון שווערער פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דעם מאָראלישן און גײַסטיקן פאָנעם פונעם פאָלק: „איך קאָן מער ניט שווײַגן!". די מערהײַט באפרײַדיקט זיך ניט מיט ליטערארישע שאפונגען און שליסט זיך אײַן אין דער געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט, אינעם קאמף קעגן דעם זעלבסטמערדערישן, ווי עס דריקן זיך הײַנט אויס א סאך מענטשן אין ייִסראָעל, אָפיציִעלן קורס.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, זײַנען די דערציילונגען „כירבעט־כיז'ע" און „מאסאָעס דאניִעל" פארשיידן און ווײַט איינע פון דער אנדערער לויט דער צײַט, לויטן קינסטלערישן ניוואָ, לויט דער טיפקײַט פונעם אנאליז, לויטן סטיל און לויט דער פאָרם. נאָך גרעסער איז דער אונטערשייד צווישן דער דערציילונג פון ראן אדעליסט „שיראט האבירבור" (פארעפנטלעכט אין „כאָטאם" אין אפרעל 1970) און דעם ראָמאן פון יעהוישוע גראנאָט „דער קרישטאָלענער פאָרהאנג" (1969). גראנאָטס בוך איז אקטועל און האָט דערפאר ארויסגערופן א ברייטן אָפקלאנג. דאָס איז א פארכאפנדיקער דעטעקטיוו, וואָס שילדערט, וויאזוי ייִסראָעל וועט אויסזען אין צוואנציק יאָר ארום. די לייענער דערזען פאר זיך א טרויעריק בילד, וואָס קאָן דינען אלס הארבע וואָרענונג. אָט וואָס עס קאָן געשען, אויב די קנופיע פאנאטיקער־עקסטרעמיסטן וועט פארכאפן די מאכט: ספעציִעלע געריכטן, פײַניקונגען, מע צעטרײַבט דעמאָנסטראציעס מיט דער הילף פון קוילנווארפערס. די געשילדערטע פערסאָנאזשן דערמאָנען אזוי גוט די באקאנטע ייִסראָעל־טוער, אז דער לייענער קאָן ניט בלײַבן גלײַכגילטיק. דאָס בוך ווײַזט אָן די רעאלע געפארן, עס מאָלט רעאליסטישע, צומאָל אפילע נאטוראליסטישע בילדער פון דער צוקונפט, און דער לייענער קומט צום אויספיר, אז אזוינס קאָן טאקע געשען, אָבער — אין צוואנציק יאָר ארום. עס קלינגט ווי אן אָנצוהערעניש, אז איצט איז נאָך מעגלעך עפעס צו ענדערן, עפעס ראטעווען.

אין גאָר אן אנדער פלאן איז אָנגעשריבן די דערציילונג פון ראן אדעליסט „שיראט האבירבור" וועגן צוויי סאָלדאטן, וואָס געפינען זיך אף אן איינזאמער פאָזיציע. ביידע ווערן זיי ארײַנגעצויגן אין א שטרײַט. זיי האָבן אליין מוירע, אז דער ענטפער אף די אוועקגעשטעלטע אינעם וויקועך פראָבלעמען וועט זײַן אזא, וואָס וועט זיך געפינען אין פולן ווידערשפרוך מיט דעם אלעם, וואָס מע האָט זיי שטענדיק געלערנט, אז אזוי איז ריכטיק, אזוי איז יוירשערדיק. ראן אדעליסט וויל אויסהיטן די דאָזיקע יאָטן פון דער „געפאר" צו געפינען דעם ריכטיקן ענטפער. די סאָלדאטן ריידן אָפ צווישן זיך: לאָמיר רעכענען אונדזער שמועס ניט פאר א שטרײַט, נאָר פאר איבונגען אין לאָגיק. נאָר די פראגן עקזיסטירן, און זיי קימערן. פראגן וועגן מילכאָמע און שאָלעם:

— פאר מיר איז שאָלעם דעמלט, ווען מע שיסט ניט.

— טאָ הער אוף שיסן.

— פונוואנען זשע ווייסטו, אז זיי וועלן אויך אופהערן?

— און פונוואנען ווייסטו, אז ניט? דו האָסט געפרוווט?

„שיראט האבירבור" איז ניט אזוי וויכטיק אלס סטאם א דערציילונג, ווי אן אויסדרוק פון די אָנוואקסנדיקע שטימונגען פון יענע יוגנטלעכע, וואָס האָבן שוין פארזוכט דעם טאם פון מילכאָמע, און פון יענע, וועמען מע גרייט דערצו.

אזעלכע דיסקוסיעס פון צוויי און מער סאָלדאטן זײַנען א פארשפרייטע דערשײַנונג אין דער ייִסראָעל־ליטעראטור. מיר וועלן דאָ דערמאָנען וועגן צוויי ביכער, וואָס האָבן ניט קיין שײַכעס צו בעלעטריסטיק און האָבן אין זײַנערצײַט פארנומען א באזונדער אָרט אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון דער מעדינע.

דאָס זײַנען „א שמועס צווישן סאָלדאטן" און „אין א יאָר ארום נאָך דער מילכאָמע". דאָס זײַנען פאקטיש פראָטאָקאָלן, קימאט ניט קיין רעדאגירטע (יעדנפאלס סטיליסטיש) סטענאָגראמעס פון שמועסן צווישן יונגע סאָלדאטן באלד נאָכן קריג און אין א יאָר ארום. דער קרײַז פראגן, וועלכע ווערן בארירט אין אָט די שמועסן, איז א ברייטער, אָנהייבנדיק פון ריינקײַט פון דעם געווער און ביז דעם טאָך פון ציִעניזם. עס איז פארשפאָרט צו באטאָנען, אז אין די ביכער איז פאראן א היפש ביסל פרעכע שאָוויניסטישע מאָטיוון, קלאָרע בײַשפילן פונעם טשאד, וועלכער האָט ארומגעכאפט א סאך מענטשן. אינטערעסאנט זײַנען אָבער די שטימען פון די ניט־פארטשאדעטע, וועלכע קלינגען זייער אופריכטיק, האגאם זיי זײַנען אָפט ניט אינגאנצן קלאָר פאָרמולירט.

אויב מע זאָל נעמען אין אכט, אז די דאָזיקע שמועסן זײַנען פארעפנטלעכט געוואָרן מיט שטארקע צענזור־שפורן און אז דאָס בוך „א שמועס צווישן סאָלדאטן" איז צוערשט דערשינען אין געציילטע עקזעמפליארן, פארן „אינערלעכן געברויך" (צוליב די אפיקאָרסישע ארויסזאָגונגען, פארשטייט זיך), ווערט קלאָר, אז די וויכטיקײַט פון אָט די אפיקאָרסישע ארויסזאָגונגען איז א סאך גרעסער פונעם אָרט, וואָס זיי פארנעמען אינעם בוך.

א סאך שמועסן אינעם ווערק האָבן א שײַ־

כעס צו דער פערזענלעכער באציִונג פונעם סאָלדאט צום קעגנער. „איך גיי איצט אין שלאכט, — זאָגט א פליִער ערעוו דעם קאמפּס־ארויספלי, — איך וועל דערהארגענען מענטשן, און מײַנע כאוויירים וועלן דערהארגעט ווערן. עס איז מעגלעך, אז איך וועל אויך דערהארגעט ווערן. איך פיל לאכלוטן ניט קיין שום האס צו יענע, וועמען איך קלײַב זיך דערשיסן. איך פיל ניט קיין סינע צו זיי. איך האָב אָבער באקומען א דערלויבעניש זיי צו דערהארגענען. און אינדערעמעסן, אויב איך פיל ניט קיין האס צו זיי, צו די אראבער, פארוואָס גיי איך קעגן זיי מילכאָמע האלטן?״

איינער א סאָלדאט דערציילט, ווי ער האָט געזען אראבער, וועלכע זײַנען פארטריבן געוואָרן פון יִיסראָעל מיט צוואנציק יאָר צוריק און האָבן די אלע יאָרן געלעבט אין לאגער פאר פליטים. די ערשטע צײַט פלעגט ער ווערן אופגעבראכט, ווען אף דער פראגע — פונוואנען זײַט איר? — פלעגט מען אָנרופן דאָס אָרט, פונוואנען מע איז פארטריבן געוואָרן מיט אזויפיל צײַט צוריק. אָבער דערנאָך האָט ער זיך געכאפּט: „איצט פארשטיי איך זיי פולשטענדיק. קוידעמקאָל האָבן זיי פארהיט אין זיך עפּעס א טליִענדיקע קויל פון האָפענונג, אז זיי וועלן זיך אומקערן״. דער כאווער פרעגט בא אים: „און בא דיר האָט זיך ניט באוויזן א געפיל פון אכטונג צו די מענטשן, וואָס זײַנען געבליבן טרײַ זייערע היימען און דעם אָרט, ווו עס זײַנען געבוירן געוואָרן זייערע אָוועס... אויך מיר זײַנען אף דעם דערצויגן... די גאנצע לעגענדע וועגן א פארלוירן לאנד איז דאָך, אייגנטלעך, אויך אונדזער לעגענדע״.

מע האָט געפּרוווט אָפּסאמען די נעשאָמעס פון די סאָלדאטן מיט באָבעמײַסעס וועגן דעם, אז די ערטער, וועלכע זיי האָבן אָקופּירט, אָדער, ווי מע האָט זיי געוואָלט אײַנריידן, „באפרײַט״, זײַנען הייליק. איינער פון די סאָלדאטן, לאָטאן, האָט זיך ארויסגעזאָגט וועגן דעם אָפן און שארף: „...לויט מײַן מיינונג, איז דאָס א שפּיל אין געשיכטע: מיר זײַנען דאָ געזעסן, און פריִער פון אונדז זײַנען זיי דאָ געזעסן, און נאָך פריִער זײַנען מיר דאָ געזעסן... דאָס אַלץ קלינגט ניט. הײַנט־צו־טאָג איז וויכטיק, ווער עס זיצט דאָרט, ניט ווער עס איז דאָרט געזעסן״. דער זעלבער לאָטאן דערציילט וועגן זײַנעם א פרײַנט, וואָס האָט באזוכט א היסטאָרישׂ אָרט, ווו ער האָט געזען אן ארכעאָלאָגישן אופשניט פון פארשיידענע עפּאָכעס, דערונטער די עפּאָכע, ווען אף דעם אָרט האָבן זיך געפונען יִידן. זײַן אײַנדרוק האָט דער פרײַנט ארויסגעדריקט אזוי: „אָט דער מאָמענט האָט נאָכאמאָל דערוועקט אין מיר די פראגע: וואָס פאר א רעכט האָבן מיר צו ריידן וועגן אונדזער דראנג צו דער ערד פון יִיסראָעל, ווען מיר זײַנען אזא לאנגע צײַט דאָרט ניט געווען?״.

די יונגע מענטשן שטעלן פאר זיך די פראגע וועגן דעם ציִעניזם: „אויב איר ווילט, איז דער ציִעניזם אינגאנצן גענומען א גאנץ טראגישער

איניַען״. אָט דער געדאנק, וואָס איז פארצייכנט אינעם בוך „א שמועס צווישן סאָלדאטן״, הייבט זיך ערשט אָן, ווי געזאָגט, צו פאָרמירן. די יוגנט פילט, אז „עפּעס איז דאָ ניט אַלץ קעשורע״. ניט שטענדיק אָבער זעט זי דעם וואָרצל פונעם בייז, און ווען זי זעט אים יאָ, דערפילט זי איר מאכטלאָזיקײַט. אין דער זעלבער צײַט שטעלט זיך דער גאנצער וועזן פון די יונגע סאָלדאטן אינערלעך קעגן דעם, וואָס עס קומט פאָר מיט זייער אָנטייל, נאָר קעגן זייער ווילן: „מיר האָט זיך געוואָלט א שלײַדער טאָן דעם אווטאָמאט אף דער ערד, הויך אף א קאָל ארויסזידלען זיך, אוועקזעצן זיך און זאָגן: גענוג, מער שפּיל איך ניט!״

דאָס בוך „אין א יאָר ארום נאָך דער מילכאָמע״ איז שוין א סאך באגרענעצטער אין פּראט פון באריִרן די מילכאָמע־פּראָבלעמען. די ארבעט פון ארויסגעבן און פארשפּרייטן דאָס בוך איז געווען פארבונדן מיט א סאך שוועריקײַטן. די רעדאקטאָרן פּרוּוון אריבערפירן די שמועסן אין אן אנדער פלאך, אָבער די אָנטיילנעמער אינעם געשפּרעך קערן זיך פון צײַט צו צײַט אום צו דער מילכאָמע־פּראָבלעם און צו איר פינצטערן שאָטן, וואָס פאלט אף דעם גאנצן לעבן פונעם לאנד. כאראקטעריסטיש פאר די שמועסן איז דאָס, וואָס זייערע אָנטיילנעמער ווייסן, אייגנטלעך, ניט, וויִאזוי זיך באציִען צו די פּראָבלעמען, וועלכע זיי האָבן באריִרט, וואָס טאָן? אין בוך ווערט ארויסגעזאָגט די מוירע, אז „אונדזערע קינדער וועלן באקומען א נאציָאָנאליסטישע דערציִונג״. די סאָלדאטן פילן דאָך, צו וואָס עס קאָן ברענגען אזא דערציִונג, זיי האָבן שוין געהאט די געהעריקע לעקציע אף דער מילכאָמע. אין בוך קאָן מען טרעפן פּאָליארע מיינונגען, אָנגעהויבן פון אָפן שאָווינסטישע, ווען די אָנטיילנעמער פון די שמועסן זײַנען אופגעבראכט פון די „אייביקע זוכענישן פון יוישער״, און געענדיקט מיט פולן ייִעש. די יונגע העלדן פונעם בוך הערן ניט אוף צו טראכטן וועגן דער צוקונפט. „די הויפּט־פּראָבלעם נאָך דער מילכאָמע איז פאר מיר דער שאָלעם. ווי וועלן אויסזען אונדזערע באציִונגען מיט די אראבער?״ — אָט דאָס איז די פּראָבלעם פון אלע פּראָבלעמען. די צײַט גייט, און די לאגע בלײַבט ווי געווען. „פון יענעם מאָמענט אָן, ווען מיר זײַנען ארופגעטראָטן אף אָט דער ערד, האָט יעדער איינער פון אונדז ארויסגעטריבן אן אראבער״, — זאָגט אווישײַ. די יונגע מענטשן ווילן ניט לעבן מיטן געפיל, אז זייער לעבן וועט זײַן פארבונדן מיט שטענדיקן באאוולען א צווייט פאָלק. איינער פון די אָנטיילנעמער אינעם שמועס פרעגט: „צי קאָן דינען אלס יעסאָד פאר אונדזער קיִעם דאָס באוווסטזײַן, אז מיר, און עפּשער אויך אונדזערע קינדער, גייען מילכאָמע האלטן און שטארבן פאר א זאך, וואָס איז באזירט אף אומיוישער?״.

נאָך אין סאָף 1967 איז דערשינען דאָס בוך פון איגאל לעוו „איך שווער בא גאָט, מאמע, אז

איך פארהאס די מילכאָמע". דאָס בוך איז אָנגעשריבן אין דער ערשטער פערזאָן, אין נאָמען פון א יונגן אָפיצער, וואָס איז בייס דער זעקסטאָגיקער מילכאָמע געווען קאָמאנדיר פון א רעזערוויסטן־טייל. אינגאנצן 10—12 יאָר טיילן אָפּ דעם יונגן ראמי, דעם „איינציקן צווישן אונדז, וואָס האָט געוואָלט מילכאָמע", פון די אנדערע העלדן, פאר וועלכע די מילכאָמע איז געווען ניט די ערשטע. אָבער דאָס איז גאנץ גענוג, קעדיי צו מאכן זיי רײַפער — קיין מילכאָמע ווילן זיי ניט. דאָס בוך איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יענער צײַט, ווען דער מילכאָמע־פּסיכאָז האָט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט, און שוין אליין דער נאָמען פונעם בוך איז אן ארויסרוף. דעם אווטאָר גיט זיך אײַן צו באווײַזן, וויִאזוי דער יונגער ראמי ענדערט זײַן באציִונג צום מענטשנס לעבן און צום מענטשנס ליידן, ווי ער לערנט זיך אויס אנדערש צו שאצן דאָס פרידלעכע לעבן. אין זײַן לעצטן בריוו, וועלכן די מאמע האָט באקומען נאָך דער יעדיִע, אז ער איז אומגעקומען, האָט ער געשריבן: „איך שווער בא גאָט, מאמע, אז איך פארהאס די מילכאָמע".

אנדערש ווערט געשילדערט די מילכאָמע אינעם בוך פון אמאָס קאָלעק „פרעג ניט, צי האָב איך ליב", דערשינען אין 1971. דער אווטאָר איז א יונגער מענטש, וואָס טרעט ארויס מיט אן ערשטן, ניט שטארק רײַפן בוך. די פאבול איז אין פיל הינזיכטן אווטאָביִאָגראפיש. פארן העלד פונעם בוך איז דאָס די ערשטע מילכאָמע. ער איז זייער יונג, אליין האָט ער אין זעקסטאָגיקן קריג קיין אָנטייל ניט גענומען, אָבער די מילכאָמע האָט זיך דאָך נאָך ניט געענדיקט, זי האָט זיך מיט צוואנגען אײַנגעקלאמערט אין די יונגע מענטשן. נאָכן דינען אין דער ארמיי מוז מען דאָך זייער אָפּט אָנטיילנעמען אין די שלאכטן אלס רעזערוויסט. און די יונגע מענטשן גייען אף דער מילכאָמע אָן באגײַסטערונג, אָן דעם געפיל, אז זי איז עמעצן נייטיק, אז זי ווערט געפירט לעשעם עפּעס א נוצלעכן ציל. זיי נעמען די ביקס אין האנט פּאָשעט דערפאר, ווײַל „קיין אנדער אויסוועג איז ניטאָ". שוין צו אכצן יאָר זײַנען זיי ביז גאָר ציניש. עס ווערט אלץ קלענער די צאָל לעבעדיקע, וועלכע באגלייטן אין לעצטן וועג די אומגעקומענע. די לעבן געבליבענע פירן דורך צווישן זיך א מין איבערוף: „וועמעס ריי איז איצט?" דער אווטאָר טרעט ארויס אלס אויסדריקער פונעם יונגן דאָר, וואָס רעוואָלטירט קעגן די טאטעס.

דער העלד פונעם בוך אסאף, א זון פון איינעם פון די רײַכסטע מענטשן אין לאנד, טרעט ארויס אף א פארזאמלונג פון דער רעגירנדיקער פארטיי מיט אזא רעדע: „מע האָט אונדז אײַנגערעדט, אז מער פאר אלץ ווילן מיר שאָלעם. ווען מיר לייענען אָבער די רעדעס פון די מיניסטאָרן און פּאָליטישע טוער, שאפט זיך אן אײַנדרוק, אז זיי האָבן מוירע פאר שאָלעם..." ער פּרוּווט איבערצײַגן די פארזאמלונג, אז דאָס לעבן פאָדערט צו „זײַן פּראקטישער": „ווען מיר דעמאָנסטרירן אונדזער גרייטקײַט אנטקעגנצוקומען די אראבער, פארלירן מיר גאָרנישט". ער פּרוּווט אופקלערן: „אויב עס וועט זײַן א שאָלעם, וועלן אונדז ניט נייטיק זײַן אָט די אלע טעריטאָריעס: דאָס הייסט, אויב מיר ווילן שאָלעם פאר א באליביקער פרײַז". ער רופט, מע זאָל זיך רעכענען מיטן יונגן דאָר און מיט זײַנע באגערן, מיטן דאָר, וואָס „וויל ניט אייביק סטאם אזוי מילכאָמע האלטן". „אין לעצטן סאכאקל, — וואָרנט ער, — קאָנען די יונגע מענטשן אָנהייבן צווייפלען, צי איז טאקע נייטיק שטענדיק ארומצוגיין מיט געווער אין האנט". מיט זײַן נאִיווער איבערגעגעבנקײַט דעם רעזשים וואָרנט ער: „די יונגע קאָנען קומען צו א שלעכטן אויספיר, אז זיי מוזן זיך אופהייבן און ענדערן די הײַנטיקע אָרדענונג"...

דער אווטאָר פונעם בוך, ווי זײַן העלד, איז א פאָרשטייער פון יענע יונגע מענטשן, וועלכע באהאלטן אויס אונטער דער מאסקע פון ציניזם זייער אנטוישונג, אויסוועגלאָזיקײַט. זיי נעמען שוין ניט אָן די עקזיסטירנדיקע ווירקלעכקײַט, נאָר זיי ווייסן נאָך ניט, וואָס צו טאָן.

דער אָנגעזעענער פּראָזאִיקער און פעליעטאָניסט דאן בען־אמאָץ איז שוין א סאך יאָרן באקאנט אלס דרייסטער קעמפער קעגן דער אגרעסיווער אויסערן־פּאָליטיק און אנטידעמאָקראטישער אינערן־פּאָליטיק פון דער ייִסראָעלדיקער רעגירונג. ער איז איינער פון יענע ווייניקע ליטעראטן, וועמעס אָפּאָזיציאָנעלע געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע אָנשויִונגען האָבן זיך ארויסגעוויזן אין זײַנע ביכער און פילצאָליקע פעליעטאָנען אין דער פּרעסע, אף דער עסטראדע אלס קאָנפעראנסיע אף אָוונטן פון פראגן און ענטפערס, אף די דערמאָנטע באגעגענישן פון די ייִדישע און אראבישע קולטור־טוער אין ייִסראָעל, בייס די דעמאָנסטראציעס קעגן דעם אָפיציִעלן פּאָליטישן קורס.

אין 1974 האָט דאן בען־אמאָץ ארויסגעגעבן זײַנע פעליעטאָנען אין א באזונדער בוך אונטערן נאָמען „די אָפּשפּיגלונג אין דער צײַט". ער איז אויך דער אווטאָר פון צוויי ראָמאנען, וועלכע זײַנען געוואָרן א וויכטיקע געשעעניש ניט אזוי אינעם ליטעראַרישן, ווי אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון ייִסראָעל.

עס איבעראשן שוין די נעמען פון אָט די צוויי ראָמאנען. „ניט קיין מילכאָמע, נאָר א פּראכט!" איז געווידמעט „יענע, וואָס זײַנען נאָך ניט אומגעקומען". דאָס איז אן אנטימילכאָמע־ראָמאן, זײַן שארף איז געווענדט קעגן דער אגרעסיווער פּאָליטיק פון די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל. נאָך אף א העכערן שטאפל, באזונדערס אין קינסטלערישן זין, שטייט דאָס בוך „איך שפּײַ זיך אויס" — א פארצווייפלטער צאָרן־פּראָטעסט, א נעשאָמע־געשריי פון א יונגן באָכער, וואָס איז געוואָרן א מילכאָמע־אינוואליד. דער אווטאָר באווײַזט זײַן העלד — ראפי לעווין — אופריכטיק און

אומיטלבאר, און דערפאר טאקע איז ער אזוי איבערצײַגעוודיק.

ראפי געהערט צו דעם דאָר, וואָס איז געווען צו יונג, ער זאָל אָנטיילנעמען אין דער מילכאָמע פון 1967, אָבער דאָס איז א מער ניכטערער און ציִנישער דאָר, איידער די פאָריקע. ער האָט געגלייבט אין די רעגירער פונעם לאנד, ער איז ארײַנגעצויגן געוואָרן אינעם אלגעמיינעם שטראָם, אָבער שוין אָן ענטוזיִאזם. די כאדאָשים דינסט אין דער ארמיי ניכטערן אויס דעם העלד. ראפי איז פארוווּנדעט געוואָרן און געבליבן אן אינוואליד אפן גאנצן לעבן. אָט אזוי, אָף דער אייגענער דערפארונג, קומט ער צום אויספיר, אז די אָפיציִעלע ייִסראָעל־פּאָליטיק ברענגט ניט קיין שאָלעם, פארקערט, זי דערווײַטערט אים.

דער פאראליזירטער ראפי, וואָס איז צוגעשמידט צום אינוואלידן־וועגעלע, ווערט פארכאפּט פון א האָבי, וועלכן דער אווטאָר גיט צו א גרויסן זין און באדײַטונג: פאָטאָגראפירן אינוואלידן, זייערע אָפּגעהאקטע איִיוורים, זייערע פּראָטעזן. ראפי וויל אָפּדרוקן זײַן אלבאָם אלס אן ארויסרוף קעגן דעם קולט פון „זיג־אלבאָמען" אין ייִסראָעל, וואָס איז געוואָרן א מאָדע נאָך דעם זעקסטאָגיקן „בליצקריג".

דער אומגליק באשטייט אָבער דערין, וואָס אז מע פרעגט בא ראפין, וועלכע אויספירן דארפן מאכן די מענטשן, ווען זיי באטראכטן זײַנע אלבאָמען, ענטפערט ער אָפנהארציק: „איך ווייס ניט...". דאָס איז זייער כאראקטעריסטיש פאר ניט ווייניק מענטשן אין ייִסראָעל אפילע הײַנט, נאָך דער יאָמקיפּער־מילכאָמע...

א באזונדער אָרט אין דער אנטימילכאָמע־ליטעראטור פון ייִסראָעל פארנעמט די שאפונג פון דער שרײַבערן־קאָמוניסטקע רוט לעווין. איר בוך „דער הארבסט פונעם כעזשבן־האנעפעש" — אָט דאָס ליריש־פּובליציסטישע ווערק וועגן די פערזענלעכע און געזעלשאפטלעכע אופטרייסלונגען, וועלכע זײַנען פארבונדן מיט דער מילכאָמע און אָקופּאציע פון אראבישע טעריטאָריעס, באווירקט שטארק די לייענער מיט זײַן אומקאָמפּראָמיסלעכער מענטשלעכקײַט. אזא איז אויך איר גרעסערע דערציילונג „די האָפענונג בייסן שווארצן פרילינג", דערשינען אין סאָף 1973. די דאָזיקע דערציילונג טראָגט אריבער דעם לייענער אין דער אטמאָספער פון „א מילכאָמע אָף אויסצערונג". די זעקסטאָגיקע מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, אָבער די קריגס־אָפּעראציעס האָבן זיך ניט געענדיקט. סאָלדאטן האָבן דערהארגעט, סאָלדאטן זײַנען אומגעקומען.

אין דער דערציילונג דריקט אויס יעדער איינער פון די דרײַ העלדן זײַן פּראָטעסט קעגן דער מילכאָמע. יעדערער אָף זײַן אויפן און יעדערער אדאנק זײַנע סוביעקטיווע סיבעס. קעגן דער מילכאָמע איז די מאמע נאָרא, איר זון, דער טאלאנטפולער און סימפּאטישער גיאָרא, וואָס האָט געענדיקט די שול און דארף גיין אין דער ארמיי, די יונגע זיווא, די „צווייענדיקע אלמאָנע", וועלכע האָט פארלאָרן אָף דער מילכאָמע איינעם נאָכן אנדערן צוויי כאסאנים.

אין אן אינטערוויו, וואָס די שרײַבערן האָט געגעבן דעם פּראָגרעסיוון יוגנט־זשורנאל „ענין" („איניַען"), האָט זי געזאָגט: „איך האָב געוואָלט, אז די דערציילונג זאָל געלייענט ווערן אלס א קאפּיטל פון דער פארגאנגענהײַט, אָבער די טעמע איז ווידער אקטועל". ביז דאָס בוך איז דערשינען, איז דאָך אויסגעבראָכן די יאָמקיפּער־מילכאָמע, עס איז פאָרגעקומען דער „שאָק", די „ערדציטערניש", ווי די ייִסראָעל־בירגער רופן אליין אָן די רעזולטאטן און דעם אײַנדרוק, וואָס די מילכאָמע האָט אָף זיי געמאכט. דעם אווטאָר האָט זיך אײַנגעגעבן צו איבערצײַגן דעם לייענער, אז גיאָרא וועט אָן שום סאָפעק ארײַנגיסן זיך אין די רייען פון די קאָנסעקווענטע קעמפער פאר א יוישערדיקן שאָלעם, קעגן דער פּאָליטיק פון די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל. זײַן בײַשפּיל וועלן נאָכטאָן אויך א סאך אנדערע.

די שרײַבער פון ייִסראָעל באנוצן זיך ברייט מיטן פעליעטאָן־זשאנער אָף אויסדריקן זייערע אקטיווע אָנשויונגען. פּאָפּולער זײַנען די ווערק פון דער באוווּסטער פעליעטאָניסטקע סילווי קעשעט. פּאָשעט און מיט א היפּשער מאָס סארקאזם דעמאסקירט זי די שענדלעכע פאקטן אינעם פּאָליטישן לעבן פון ייִסראָעל. אזוי, לעמאָשל, האָט קעשעט אינעם פעליעטאָן „די גאָלדמאן־פּארשע" (אפּרעל, 1970) געשריבן: „...סארא אומגליק! צונויפגערעדט זיך! ווו איז דאָס געהערט געוואָרן? און וואָס וועט זאָגן די געבילדעטע וועלט? מער פעלט אונדז ניט, ווי ארויסטרעטן אלס שאָלעם־העצער"... סילווי קעשעט קומט צו א טרויעריקן, נאָר ניכטערן אויספיר: „איך הייב אָן אלץ מער צו גלייבן, אז דאָס, וואָס פאר ייִדן איז שלעכט, איז פאר דער ייִסראָעל־רעגירונג גוט..." אָט דער אויסדרוק איז אונטערגעכאפּט געוואָרן דורך די פרידנסליבנדיקע קרעפטן פון ייִסראָעל, און מע האָט געקאָנט לייענען די דאָזיקע ווערטער אָף טראנספּאראנטן בייס די אנטירעגירונגס־דעמאָנסטראציעס.

אויך דער שרײַבער אמאָס קיינאן נוצט אויס די לעצטע יאָרן דעם פעליעטאָן אלס וויכטיק געווער. אינעם פעליעטאָן „דער נײַער צוגאנג צו דער ליניע", פארעפנטלעכט אין הארבסט 1970 אין „יעדיִאָט אכראָנאָט", לאכט ער אויס די אָפיציִעלע דעמאגאָגיע פון די ייִסראָעל־רעגירער: „ייִסראָעל האלט, אז מע דארף געפינען א נײַעם צוגאנג צום רויטן יאם, אז מע דארף געפינען א נײַעם צוגאנג און א נײַע ליניע צו דער ליניע פונעם צוגאנג פון די אראבער, וואָס וואָלטן געמאכט פאר אומעגלעך א ריכטיקן צוגאנג צו דער ליניע פון שאָלעם און פארנונפט". דערפירנדיק אזויארום פארשיידענע באגריפן ביז אן אבסורד, באווײַזט ער גערעאָטן די גאנצע

צוו:עס פון דער אָפיצ:עלער יי:סראָעל־פּאָליטיק. אין אן אנדער פעליעטאָן „איך אנערקען די באשולדיקונג״ („יעדי:אָט אכראָנאָט״, מײַ 1970) טרעט ער ארויס קעגן דער מאקארטיזם־אט־מאָספער אין לאנד — אן אטמאָספער, וואָס ווערט געשאפן דורך די רעגירונגס־קרײַזן, קעדי צו דערשטיקן דעם וואקסנדיקן פּראָטעסט.

דעם פעליעטאָן אלס געווער אינעם געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן קאמף נוצן אויס אויך אנדערע זשורנאליסטן און שרײַבער, לעמאָשל, זיווא יאריוו, וועלכע דרוקט שוין עטלעכע יאָר צײַט אקטועלע פעליעטאָנען אין דער צײַטונג „יעדי:אָט אכראָנאָט״.

נאָך דער יאָמקיפּער־מילכאָמע זאָגט אין יאריווס א פעליעטאָן א טיפּישע י:דענע פון יי:סראָעל, וועלכע איז אָנגעשטאָפּט מיט דער אָפּיצ:עלער פּראָפּאגאנדע:

„שוין זעקס יאָר צײַט, ווי אָט די אלע קריגס־איבערזיכטלער, אָט די אלע קאָמענטאטאָרן און ספּעצ:אליסטן, אלע לידערס און גענעראלן פון רעזערוו האָבן מיר אײַנגערעדט... אז מיר פּאַרמאָגן סטראטעגישע טיפקײַט און מיליטערישן פּאָרצוג. זעקס יאָר האָבן זיי געשריבן, אז די מיצרים וועלן ניט וואָגן צו פּאָרסירן דעם קאנאל, ווײַל ער שטעלט מיט זיך פּאָר די נאטירלעכע גרענעץ, אז דער אראבישער סאָלדאט איז גאָרנישט ניט ווערט, אז די צײַט ארבעט פּאָר אונדז, אז דעם קעגנערס אלע ראקעטעס זײַנען שוין פּאראָסטעט געוואָרן, אז ער ווייסט ניט, ווי:אזוי זיך באגיין מיט זיי, אז אויב עס וועט אויסברעכן א מילכאָמע, וועט זי זײַן א בליצקריג און וועט דויערן א שאָ־אנדערהאלבן, דעמלט וועלן די אראבער ענדגילטיק שטעלן זיך אָף די קני... און איצט זאָגן מיר פּלוצעם די זעלבע ספּעצ:אליסטן, איבערזיכטלער, זשורנאליסטן, וועלכע איך האָב אזוי געגלייבט און געשלונגען יעדעס וואָרט זייערס, איצט זאָגן זיי מיר אזוינס, וואָס איז פּונקט דער הייפּעך...״

אין געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן קאמף, וועלכן עס פירן אין יי:סראָעל די פּאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ, האָט פּארנומען א באזונדער אָרט דער ספּעקטאקל „די מאלקע פון דער וואנע״, וואָס איז אין אפּרעל — מײַ 1970 געגאנגען אין טעל־אוויווער קאמער־טעאטער. לויטן סטיל איז דאָס א רעוויו, געבויט אָף סקעטשן און קופּלעטן. לויטן אינהאלט — א ביז גאָר שארפע געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע סאטירע אָף די „אומבארירבארע הייליקטומען״. עס פעלן ניט אויס קיין וווּלגארע אויסדרוקן, אָבער הינטער אָט דער שטעכיקער שפּראך באהאלט זיך דער טיפער ווייטעק, פּארדראָס און אומרו, וועלכע די געזעלשאפט פון יי:סראָעל לעבט איבער די לעצטע צײַט. טאקע דערפאר האָט דער ספּעקטאקל ארויסגערופן אזא ברייטן פּרעצעדענטלאָזן אָפּקלאנג אין יי:סראָעל.

דער אויטאָר פון דעם רעוויו איז דער יונגער ליטעראט כאנאָך לעווין, וועלכער איז באקאנט געוואָרן מיט זײַנע צוויי פּרי:ערדיקע ספּעקטאקלען, אויך פונעם רעוויו־זשאנער: „דו, איך און די קינפטיקע מילכאָמע״, אופגעפירט אין 1968, און „קעטשאפּ״ — אין 1969. זייער פּאָפּולער זײַנען געוואָרן די קופּלעטן, וואָס מיט זייער נאָמען איז אָנגערופן געוואָרן דער ערשטער פון די צוויי ספּעקטאקלען.

ווען מיר שפּאצירן, זײַנען מיר זאלבעדריט:
דו, איך און די קינפטיקע מילכאָמע.
ווען מיר שלאָפן, זײַנען מיר זאלבעדריט:
דו, איך און די קינפטיקע מילכאָמע.

דו, איך און די קינפטיקע מילכאָמע.
און די קינפטיקע מילכאָמע, קיין אײַנהארע זאָל
ניט שאטן.
דו, איך און די קינפטיקע מילכאָמע,
וואָס וועט אונדז ברענגען רו און שאלווע.

ווען מיר לאכן אין דער שאָ פון ליבע,
לאכט מיט אונדז די קינפטיקע מילכאָמע.
ווען מיר ווארטן אין געבורטס־הויז,
ווארט מיט אונדז די קינפטיקע מילכאָמע.

דו, איך און די קינפטיקע מילכאָמע...
ווען מע קלאפּט אין דער טיר, זײַנען מיר
זאלבעדריט:
דו, איך און די קינפטיקע מילכאָמע.
און באם סאמע סאָף זײַנען מיר אינדרײַען:
דו, מײַן בילד און די קינפטיקע מילכאָמע.

אָט די ערשטע צוויי ספּעקטאקלען פון כאנאָך לעווין זײַנען געשטעלט געוואָרן אָף קליינע סצענעס מיט א באגרענעצטער צאָל צושויער. די מאכט־אָרגאנען האָבן זיך געמאכט ניט וויסנדיק פון זיי, דעריקער דערפאר, ווײַל קיין גרויסן רעזאָנאנס האָבן דאן די צוויי ספּעקטאקלען ניט געהאט. נאָר דער צושויער פון 1970 איז שוין געווען רײַפער, ער איז שוין געווען מער אויסגעמאטערט פון דער מילכאָמע און פונעם גיפט פון דער שאָוויניסטישער אטמאָספער. דער רעוויו „די מאלקע פון דער וואנע״ איז געווען א מער אויסגעפורעמטער ספּעקטאקל, וואָס איז טיפער און שטארקער פון די פרי:ערדיקע צוויי סײַ אידיי:ש, סײַ קינסטלעריש. דער ספּעקטאקל איז געווען אן ארויסרוף קעגן די יעסוידעס פונעם רעזשים, ער האָט דעמאסקירט דעם סופּערמען־קולט, וועלכן מע האָט אײַנגעגלידערט פון קינדווי:ז אָן:

...ווי פּרעכטיק איז דאָס, וואָס מיר זײַנען
גערעכט,
שטענדיק גערעכט, ביז טרערן גערעכט.
ווי פּרעכטיק איז אָנטאָן דעם יושער אָף זיך,
ווי טאכטוינים,
ווען קיינער ווייסט ניט, ווי ער זעט אויס
אינווייניק.
מיר זײַנען גוטע,
מיר זײַנען שיינע, ריינע,
מיר זײַנען שטאלצע, דערהויבענע,
אויסדערוויילטע,
מיר זײַנען אדוינים...

**דער ספעקטאַקל פאַרורטיילט דעם אַנטיאַראַ־בישן שאָוויניזם. אין אַן אויסגעצייכנטער אַלע־גאָריע אַפן לאָזונג „גרויס ייִסראָעל" ווערט אויסגעלאַכט די שטרעבונג צו ברייטע גרענעצן, דער גייערעש פון אַראַבער און דער „שרעקלע־כער איפעש, וואָס טראָגט זיך פון דעם אַלעם". מיט ווײַפּל פאַרדראָס און ווייטעק זײַנען אָנגע־פילט די קופּלעטן „שיינע רעגעס", וועלכע דערציילן וועגן די סאָלדאַטן אַפן פראָנט, וואָס בײַס די איבערײַסן אין די שלאַכטן דערווויסן זיי זיך מיט פרייד פון די צײַטונגען, אַז אין הינטערלאַנד שטאַרבן נאָך אַלץ מענטשן פאַ־שעט פון אינפאַרקטן אָדער פון אַוטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפעס, דה. עס גייט נאָך אַלץ אָן דאָס נאָרמאַלע לעבן:**

עס טרעפן נאָך שיינע רעגעס,
פאַראַן נאָך א האָפענונג, פאַראַן א גלויבן,
אַז דער גוטער גאָט, אַרומגערינגלט מיט פּליער,
וועט אונדז טרייסטן מיט עטלעכע וואָכעדיקע טויטן.

**כאָנאָך לעווין טרעט אַרויס קעגן דער מיס־טישער מיליטאַריסטישער אַטמאָספער, קעגן דעם קולט פון דער „אַלמעכטיקער" אַרמיי און איר ליבלינג — דער אַוויִאַציע. אין די קופּ־לעטן, וועלכע זײַנען געזונגען געוואָרן בלויז איין מאָל און מע האָט זיי גלײַך אַראָפּגענומען פון דער סצענע, ווערט געזאָגט:**

ווען איך טראַכט וועגן די מיליטערישע לופט־קרעפטן,
פאַרכאַפּט מיך שיר ניט דער אָטעם.
עס פאַרכאַפּט שיר ניט דער אָטעם.
אַפן מעכטיקן מעטאַל טראָגן זיך אין דער הייך
וווּליוּנגערישע פּליער,
און מײַן שוואַך האַרץ זאָגט מיר דזין־דזין.
דזין־דזין, דזין־דזין, ספּייקעס שפּיץ, דו
גראָזשדאַנין.
דו וועסט שטאַרבן, אָבער די מיליטערישע
לופט־קרעפטן וועלן לעבן.
אין די לאַנגע און שווערע שאָען פון
איינזאַמקייט
וועל איך כאָלעמען וועגן די מיליטערישע
לופט־קרעפטן,
וועגן די מיליטערישע לופט־קרעפטן...

**דער סאַטירישער סקעטש „די מאַלקע פון דער וואַנע" קריטיקירט אויך די מאַכט. עס ווערט באַוויזן א זיצונג פון דער רעגירונג בע־ראָש מיט גאָלדע מעיִר, וועלכע איז „שטענדיק געדערעכט", וועלכע שטיקט און דריקט דעם אימ־פּאָטענטן אויסערן־מיניסטער, פאַרמאַכט יעט־ווידע שפּאַרונע, וואָס דורך איר קאָן זיך דורכ־רײַסן דער שאָלעם. דער סקעטש לאַכט אויס אויך די פאַשיסטישע מידעס פונעם גענעראַל ווייצמאַן. אין די שאַרפזיניקע קופּלעטן „דער צוזאָג" איז באַוויזן דאַיאַן, וואָס זאָגט צו זײַן פאָלק:**

איך זאָג אײַך צו בלוט און טרערן,
און מײַן וואָרט איז א וואָרט,
און אויב איך זאָג אײַך שוין צו בלוט און טרערן
ווייסט איר אַלע, אַז דאָס זײַנען בלוט און
טרערן,
שוין אָפּגערעדט וועגן שוויִס...
...איר וועט ווײַטער לעבן אָן א לעק האָפענונג,
און מײַן וואָרט איז א וואָרט.
און אויב איך זאָג, אַז איר וועט ווײַטער לעבן,
וועלן אייניקע טאַקע ווײַטער לעבן.
נאָר פרעגט ניט, צוליב וואָס.

**א צווייטע טעמע אין דער „מאַלקע פון דער וואַנע", וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט אין גרימ־צאָרן די מאַכט־אָרגאַנען, געפינען מיר אין עם סקעטש „ייִצכאָקס קאָרבן", אין דעם מאַנאָלאָג פונעם דערהאַרגעטן זון, וואָס ווענדט זיך צו זײַן טאַטן:**

און זאָג ניט, אַז געבראַכט א קאָרבן האָסטו,
ווײַל דעם קאָרבן געבראַכט האָב איך.
און רייד מער ניט קיין הויכע ווערטער,
ווײַל איך ליג שוין זייער נידעריק, טאַטע
מײַנער.
מײַן טײַערער טאַטע, ווען דו וועסט זיך שטעלן
בא מײַן קייווער,
אַן אַלטער און מידער און זייער אַן איינזאַמער,
און וועסט זען, ווי די ערד דעקט מיך צו,
בעט דעמלט בא מיר מעכילע, טאַטע מײַנער...

**די מאַכט־אָרגאַנען האָבן ניט געקאָנט דער־לאָזן, אַז אַף דער גרויסער בינע זאָל יעדן אָוונט אין אַן איבערפולטן זאַל גיין אַזא אָפּ־רײַסנדיקער ספּעקטאַקל. נאָך ביז דער פּרע־מיערע האָט זיך געפירט א קאַמף פאַר דערלויבן דעם ספּעקטאַקל, אָבער דער שטורעם, וועלכן ער האָט אַרויסגערופן, איז געווען שטאַרקער, איידער מע האָט זיך גערעכנט. די האָפענונג פון די מאַכט־אָרגאַנען, אַז די צושויער וועלן זיך אָפּטרייסלען פונעם ספּעקטאַקל און ער וועט פון זיך אַליין אָפּשטאַרבן, האָט זיך ניט באַ־רעכטיקט. געשען איז פונקט פאַרקערט. דער רעוויו איז געגאַנגען בא אַנשלאַגן, די בילעטן זײַנען אויספאַרקויפט געוואָרן אַף א סאַך ספּעק־טאַקלען פאָרויס — א פאַקט, וועלכן דער טעאַ־טער פון ייִסראָעל האָט ניט געזען שוין לאַנ־גע יאָרן. דער אוילעם איז פאַרבליבן ניט גלײַכ־גילטיק. נאָך די ספּעקטאַקלען האָבן זיך געפירט לאַנגע און הייסע דיסקוסיעס. דער פּרווו פון דער רעאַקציע צו מאָביליזירן כוליגאַנעס און אַראָפּרײַסן די ספּעקטאַקלען איז אויך דורכ־געפאַלן — דער אוילעם האָט די כוליגאַנעס אַרויסגעטריבן פון זאַל. דעמלט זײַנען מאָבי־ליזירט געוואָרן די פּרעסע, די ראַדיאָ און טע־לעוויזיע, וועלכע האָבן געפּרווט פאַרשמוצן דעם ספּעקטאַקל, אַנריידן אַף אים קאָל דאָווער אַסער. מע האָט אָרגאַניזירט בריוו פון „איבער־געגעבענע" לייענער, מע האָט געריפן די עסטעטיזירנדיקע קריטיק, וועלכע האָט ביז דעמלט ניט געפונען קיין שום בייז אין די אָפן פאַרנאָגראַפישע ספּעקטאַקלען, קינאָ־פילמען, ביכער, פול מיט בולוואַרשטשינע. אָבער דער צושויער־זאַל, ווו מע האָט געשטעלט „די מאַל־**

קע פון דער וואנע", איז אלץ געווען פול געפאקט. אויסגעשעפט אלע מיטלען, האָבן די מאכט־אָרגאנען געלאָזט אין גאנג א קונציקן מאנעוור: דער ראט פון די עלטסטע שוישפילער פונעם קאמער־טעאטער איז געווען געצווונגען צו פאָדערן, מע זאָל אויסמעקן פונעם רעפערטואר דעם דאָזיקן ספעקטאקל. דאָס האָט ארויסגערופן פיל שארפע פראָטעסטן. אפילע די שרײַבער און קריטיקער, וועלכע געהערן ניט צום פראָגרעסיוון לאגער, האָבן געפאָדערט מעוואָטל צו זײַן דעם פארבאָט, מע זאָל געבן דער געזעלשאפטלעכקײַט דאָס רעכט צו פארטראכטן זיך איבער די פראָבלעמען, וועלכע זײַנען אופגעהויבן געוואָרן אינעם ספעקטאקל, דאָס רעכט צו דיסקוסירן. און ניט געקוקט דערויף, וואָס דער ספעקטאקל איז געגאנגען בלויז עטלעכע וואָכן, איז ער פארבליבן אין זיקאָרן פון די צושויער. עס זײַנען ארויסגעלאָזט געוואָרן גראמאָפאָן־פלאטן מיט די קופלעטן פון „די מאלקע פון דער וואנע", וועלכע זײַנען טייקעף אויספארקויפט געוואָרן. די שטרײַטן איבער די ברענענדיקע פראָבלעמען געדויערן ביז הײַנט־צו־טאָג.

ווי מיר זעען, זײַנען אין ייִסראָעל פאראן שרײַבער און דיכטער, וואָס דערוועגן זיך צו מאכן א מוטיקן טראָט, און זייער צאָל וואקסט. דאָס פילט זיך אויך אין די ווערק, ווו די טעמעס זײַנען ניט פארבונדן אומיטלבאר מיט די פראָבלעמען פון מילכאָמע און שאָלעם, אפילע אין די ווערק, וועלכע שילדערן די ייִסראָעל־ווירקלעכקײַט פונעם סאָף 50־ער, אָנהייב 60־ער יאָרן. עס זעט זיך דײַטלעך דער פראָצעס פון אויסניכטערונג, פון באפרײַען זיך פון די פענטעס פון דער אָפיציעלער פראָפאגאנדע, און צוזאמען דערמיט, באגלײַך מיט דער פארצווייפלונג און אויסוועגלאָזיקײַט, ווערן פעסטער די ערשטע פרוּוון ניט נאָר אנטבלויזן די ווירקלעכקײַט, נאָר אויך אָנווײַזן א נײַעם וועג. דער פאקט, וואָס עס זײַנען פאראן אזעלכע שרײַבער, באזונדערס צווישן דער יוגנט, גיט א גרונט צו האָפן, אז עס וועט וואקסן זייער געוויכט אין דער ייִסראָעל־ליטעראטור און זייער ווירקונג אף דער עפנטלעכער מיינונג פונעם לאנד.



צו אונדזער קינסטלערישער בײַלאַגע

# וויליאַם גראָפּער — דער קינסטלער און קעמפער

אין אָנהייב פעוורואַל 1977 האָט די צײַטונג „פּראַוודאַ" אָפּגעדרוקט אַ נאָטיץ אונטערן קעפּל „דער טאַלאַנט, וואָס איז אָפּגעגעבן דעם קאַמף", געווידמעט דעם באַוווּסטן אַמעריקאַנער ייִדישן קינסטלער וויליאַם גראָפּער, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבן אין עלטער פון 79 יאָר. אין דער נאָטיץ ווערט געזאָגט:

„צווישן די פּראָגרעסיווע אַמעריקאַנער קינסטלער־קאַריקאַטוריסטן געהערט איינס פון די בעקאָוועדיקסטע ערטער וויליאַם גראָפּערן, דעם מיטצײַטלער פון אַזעלכע אָנגעזעענע מײַסטערס פון פּאָליטישער קאַריקאַטור, ווי ראָבערט מײַנאָר, פרעד עליס און אַנד. און כאָטש וויליאַם גראָפּער האָט פאַר דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט דעריקער זיך פאַרנומען מיט מאָלערײַ־קונסט, איז ער אינעם זיקאָרן פון אַלעי די, וועלכע האָבן אים פּערזענלעך געקענט, און פון די נײַע דורות פאַרבליבן אַלס איינער פון די ערשטע אַמעריקאַנער קינסטלער — פלאַמיקע קעמפער פאַר די אינטערעסן פונעם אַרבעטסמענטש, פאַר דעמאָקראַטיע, קעגן פאַשיזם אין אייראָפּע און מאַקאַרטיזם אין זייער פאָטערלאַנד, אַלס פאַרטיידיקער פון דער ערשטער אין דער וועלט מעלוכע פון אַרבעטער און פויערים — דעם סאָוועטנפאַרבאַנד".

די „פּראַוודאַ" שרײַבט, אַז די צײַטונג פון די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן „דיילי וואָרלד" האָט ניט לאַנג צוריק געווידמעט וויליאַם גראָפּערן אַ גאַנצע זײַט, און זי דרוקט איבער פון דאָרטן גראָפּערס צוויי קאַריקאַטורן: איינע (פון לינקס) — געווידמעט דעם זיג פון דער אַנטיהיטלערישער קאָאַליציע איבערן פאַשיזם, די צווייטע — אַ פּלאַקאַט, וואָס שילדערט די קאַמפּס־שטרײַקן פון די אַמעריקאַנער אַרבעטנדיקע.



ווײַטער פאַרעפנטלעכן מיר אַ פראַגמענט פון לויס לאָזאָוויקס אַרטיקל וועגן וויליאַם גראָפּערן, געדרוקט אינעם זשורנאַל „ייִדישע קולטור", נומ. 6־7 פאַרן 1970.



Неотвратимый конец.

# ТАЛАНТ, ОТДАННЫЙ БОРЬБЕ

Среди прогрессивных американских художников-карикатуристов одно из самых почетных мест принадлежит Уильяму Гропперу, современнику таких выдающихся мастеров политической карикатуры, как Роберт Майнор, Фред Эллис и другие. И хотя Уильям Гроппер последнюю четверть века занимался преимущественно живописью, в памяти знавших его лично людей и новых поколений он остается как один из первых американских художников — пламенных борцов за интересы людей труда, за демократию, против фашизма в Европе и маккартизма у себя на родине, в защиту первого в мире государства рабочих и крестьян — Советского Союза.

Мы воспроизводим некоторые из работ У. Гроппера, которым газета американских коммунистов «Дейли уорлд» посвятила на днях целую страницу.

Слева — рисунок, посвященный победе антигитлеровской коалиции над фашизмом, справа — плакат в поддержку забастовочной борьбы американских трудящихся, отстаивающих свои права.



Сила рабочего класса.

**א**ין 1924 קומט גראָפּער אָן אין דער צײַטונג „פרײַהײַט" און פאַרבלײַבט איר מיטאַרבעטער מער ווי צען יאָר.

גראָפּערס קאַריקאַטורן שפּיגלען אָפּ אַ גרויסן פּעריאָד אין דער געשיכטע פון אַמעריקע: דעם רומלאָזן סאָף פון דער ווילסאָנישער ערע, די דורכגעפוילטע אַדמיניסטראַציע פון האַרדינגן, דעם פאַלשן גלאַנץ פון פּראָספּעריטי, דעם קראַך פון הוווערס לאָזונג „צוויי קארס אין יעדן גאַראַזש", די רעאַקציאָנערע פאַרפאָלגונגען פון טאָם מוני, סאַקאָ און וואַנצעטי, די הונגער־מאַרשן און טעקסטיל־שטרײַקן. גראָפּער האָט ניט דורכגעלאָזט קיין שום וויכטיקע אינטערנאַציאָנאַלע געשעעניש. ער האָט געריסן שטיקער פון דעם דײַטשישן און איטאַליענישן פאַשיזם, געמוטיקט די שפּאַנישע רעפּובליק, באַגריסט די טריומפן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, אויפגעדעקט די וואַקסנדיקע רעאַקציע אין ווײַטן מיזרעך.

זײַנע צייכענונגען זײַנען פול מיט באַוועגונג און קרעפטיקער כאַראַקטער־שילדערונג. אָט זײַנען איינינקע בײַשפּילן: „וויינינקער מיט אייגעם צו שפּײַזן" — דער טויט פון אַ פּראָלעטאַריער. דער קינסטלער שילדערט אַ טראַגעדיע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער שטאָט. אַ לעבן איז פאַרלאָרן געגאַנגען, אָבער די שטאָט נעמט עס אויף גלײַכגילטיק, די געשעפטן פירן זיך, ווי אַלעמאָל. דער טויטן־וואָגן שלעפּט זיך אָפּ זײַן טרויעריקער נעסיע, באַגלייט פון אַ פרוי מיט צוויי קינדער. אַ צווייטע פרוי קוקט נאָך דער פּראָצעסיע פון די טרעפּ פון איר הויז. און דאָס איז אַלץ. קיינעם גייט עס ניט אָן.

עס איז געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז גראָפּערס שאַרפע קריטיק, געווענדט קעגן די רעאַקציאָנערן פון יעדן מין און קאָליר, זאָלן אַרויסרופן אָנפאַלן, זילזולים און אַפילו סטראַשונקעס, אַז מ'וועט זיך אָפּרעכענען מיט אים פיזיש אָדער דורך אַ געריכט־פּראָצעס. צוויי מאָל איז ער טאַקע געווען אָנגעקלאָגט אין געריכט: איין מאָל, ווען ער האָט אויפגעדעקט דעם צוואַק זיגמאַנען — אַ לייבאָר־פירער אין ניו־יאָרק און אַ געשעפטסמאַן אין אײַאָווע; דאָס צווייטע מאָל, ווען ער האָט אויסגעלאַכט דעם „סאָציאַליסטישן" פירער מאָריס הילקוויט, וועלכער האָט „באַשולדיקט" די סאָוועטן־רעגירונג אין נאָמען פון רוסישע ווײַסגוואַרדייער, וואָס האָבן געפאָדערט קאָמפּענסאַציע פאַר זייערע קאָנפיסקירטע גיטער. גראָפּער האָט געענטפערט אָף די געריכט־פאַרפאָלגונגען מיט נאָך שאַרפערע, מער בײַסנדיקע קאַריקאַטורן. דער סאָף איז געווען, אַז די אָנקלאָגער האָבן זיך געכאַפּט, אַז קיין גוטס וועט זיי אַ געריכט־פּראָצעס ניט ברענגען, און זיי האָבן צוריקגעצויגן די אָנקלאָגעס.

גראָפּערס סאַמע באַרימטע צייכענונג וועגן דעם יאַפּאַנישן מיקאַדאָ האָט אַרויסגערופן אַן „אינטערנאַציאָנאַלן סקאַנדאַל". אַ גאַנצע זײַט פון גראָפּערס צייכענונגען אין דעם זשורנאַל „וואַניטי פּעיר" (אווגוסט, 1935) ווײַזט, וויאַזוי דער אימפּעראַטאָר הירואָהיטאָ שטופּט אַ ריקשע מיטן נאָבעל־פּריז פאַר שלום. די יאַפּאַנישע רעגירונג, איינע פון די סאַמע רויבערישע צווישן די אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען, האָט איינגעפונען, אַז גראָפּערס צייכענונג איז „אַ טיפע באַליידיקונג פאַר אַלע יאַפּאַנער". די דאָרטיקע פּרעסע האָט אויפגעהויבן אַ גערודער וועגן דער „געטלעכקײַט" פון דעם אימפּעראַטאָר, וועלכער איז באַשטימט צו „רעגירן אָף אייביקע צײַטן".

גראָפּער האָט אָף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ, צווישן אַנדערס, געזאָגט: „די האַנדלונג פון יאַפּאַניע איז דער העכסטער אויסדרוק פון „געטלעכער" טיפּשעס... איך וואַרף אָפּ און איגנאָריר הירואָהיטאָן, זײַנע אַמבאַסאַדאָרן און צענזאָרס — דאָס בינטל אימפּעריאַליסטן, וועלכע זײַנען אין איין קאָמפּאַניע מיט די דײַטשישע און איטאַליענישע פאַשיסטן, און איך וועל ווײַטער פאָרזעצן מײַן אַרבעט..."

אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. אַ צייכענונג אין „ניו מעסעס": דער מיקאַדאָ פּאַכעט מיט אַ מילכאָמע־שווערד הינטער אַ שיין שפּאַניש ווענטל פון שלום. אַ קאַריקאַטור אין „טשאַינאַ טודעי": הירואָהיטאָ ליגט אויסגעשפּרייט איבער דער מאַפּע פון כינע און רײַסט שטיקער פון איר טעריטאָריע.

גראָפּער איז זייער פּראָדוקטיוו. גענוג צו דערמאָנען זײַנע סעריעס וועגן אַמעריקאַנער פאָלקלאָר, וועגן דעם שפּאַנישן בירגערקריג, די בילדער פונעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. מיט וואַרעמער מענטשלעכקײַט שילדערט ער די אַרבעטער — דעם שנײַדער, דעם בעקער, דעם שוסטער, אַלס קאָנטראַסט צו דעם אופן, ווי ער מאָלט די סאָנים פונעם אַרבעטנדיקן פאָלק.

## קאַריקאַטורן, וועלכע וויליאַם גראָפּער
## האָט געדרוקט אין דער פּראָגרעסיווער יידישער פּרעסע












**פון רעכטס אף לינקס:**

**— מיט א שמאטע וויל ער פארדעקן די זון.**

בערל: **נו, רעב כאַיִם, וואָס זאָגט איר?**
כאַיִם: **נו, רעב בערל, וואָס זאָגט איר?**
בערל: **דאָס טײַנע איך דאָך די גאַנצע צײַט!**

פּאָליסמען: **היי, טראָג זיך אָפּ פונדאַנען!**
אלטע פרוי: **ווער האָט פאר דיר מוירע? מיך האָט אמאָל געקענט אליין דער קאַפּיטאַן!**

**אמעריקאנער גליקן.**

פון געזעלשאַפטלעכן פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“

# טשערנאָוויצער מויכערספּאָרימניקעס

אין טשערנאָוויץ זײַנען בײַם דער אָבאָנירונג אױפֿן 1977 יאָר צוגעקומען 70 נײַע אָבאָנענטן פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ (מיטיילונג פֿון דער טשערנאָוויצער קאָנטאָר פֿון „סאָיוזפּעטשאַט“)

די טשערנאָוויצער מויכערספּאָרימניקעס...

זיי זײַנען אַלע יאָרן ניט נאָר טרײַע לייענער פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, נאָר אויך זײַנע איבערגעגעבענע „באַפֿולמעכטיקטע“ — געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרייטער. אין טשערנאָוויץ קאָן מען זען, ווי זיי קומען אַרײַן אין פֿיל היימען, אויף פֿאַרזאַמלונגען, לעקציעס, קאָנצערטן, אין די צעכן פֿון פֿאַבריקן און זאַוואָדן, און אומעטום זײַנען זיי געגאַרטע געסט. ווען עס הייבט זיך אָן די אָבאָנירונג אױפֿן קומענדיקן יאָר, וואַרט מען שוין אויף זיי, מע קוקט אַרויס, זיי זאָלן קומען, און אויב עס טרעפֿט, אַז זיי זײַנען ניטאָ צו דער צײַט, הייבט מען זיך אָן באַאומרויִקן: וואָס איז געשען? פֿאַרוואָס זעט מען ניט די געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרייטער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“?

דער „בריגאַדיר פֿון די פֿאַרשפּרייטער“ איז יאַנקל ליבמאַן. ער האָט זיך זײַן אייגענע גרופּע אָבאָנענטן פֿונעם זשורנאַל, דאָס הייסט, זײַנע „אייגענע“ זאָרגן, נאָר ער האָט אין זינען, אַז אַלע אַנדערע פֿאַרשפּרייטער זאָלן באַצײַטנס באַקומען די נייטיקע דאָקומענטאַציע, און ער נעמט אויף זיך די טירכע אויסצושרײַבן פֿאַר אַנדערע די קוויטאַנציעס אין דער שטאָטישער קאָנטאָר פֿון „סאָיוזפּעטשאַט“. אָפּגעאַרבעט אויף זײַן שטענדיקן פּראָדוציר־פּלאַץ צוויי אומבײַטן נאָכאַנאַנד, נוצט ער אויס דעם אויסבאַפֿרײַטן טאָג אויף אַרומצושפּאַנען — פֿון גאַס צו גאַס, פֿון שטוב צו שטוב:

— איר האָט נאָך ניט אויסגעשריבן דעם זשורנאַל? קאָן מען עס טאַקע אָפּטאָן באַלד, גלײַך אויפֿן אָרט...

כאַיִם אָסטראָווסקיס „געביט“ איז די טריקאָטאַזש־פֿאַבריק, וווּ ער אַרבעט. ער האָט ליב זיך דורכצושמועסן מיט אַ פּאָטענציִעלן לייענער און קאָן פֿאַרפֿירן אַ דיסקוסיע מיט יעדערן, ווען מע דאַרף דערקלערן, פֿאַרטײַטשן, דערווײַזן. פֿאַר אים איז די אָבאָניר־קאַמפּאַניע געוויינלעך אַ צײַט פֿון אַקטיווע, טיפֿזיניקע ליטעראַרישע און פּאָליטישע שמועסן.

מישע בוביס פֿאַרנעמט זיך אַלע פֿופֿצן פֿאַרגאַנגענע יאָר מיט פֿאַרשפּרייטן דעם זשורנאַל בײַ זיך אויף דער נײ־פֿאַבריק „טרעמביטאַ“. בעטעווע אַ שטילער, אַ באַדאַכטער, טוט ער דאָס אויך אָן טומל, נאָר אַלע ווייסן, אַז וועגן „סאָוועטיש היימלאַנד“ דאַרף מען רעדן מיט אים, מיט בוביסן. איצט איז אויף דער נײ־פֿאַבריק צוגעקומען אַ נײַער, זייער אַ טעטיקער פֿאַרשפּרייטער — עליע ראָזנבערג. אַדאַנק אים איז דאָ די צאָל אָבאָנענטן פֿאַרטאָפּלט געוואָרן.

הײַנטיקס יאָר האָט „סאָוועטיש היימלאַנד“ דעראָבערט אַ סאַך לייענער אין דער שוך־פֿאַבריק און אין דער פֿאַבריק פֿון אינדיווידועלן געניי, אינעם געהילץ־קאָמבינאַט און אין דער פֿאַריייניקונג „מעטאַליסט“, און דאָס איז בעפֿיירעש אַ פֿאַרדינסט פֿון אונדזערע נײַע געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרייטער פּייסעך מאַסימאָווסקי (בריגאַדיר פֿון אַ צעך אויף דער שוך־פֿאַבריק), מוישע פּאָדגאַיעץ (טוער פֿון דער פֿאַבריק פֿון אינדיווידועלן געניי), בוסיע פּערלמוטער (אינזשעניער פֿונעם געהילץ־קאָמבינאַט), כאַנע נײַמאַרק (אַרבעטערן פֿון דער פֿאַריייניקונג „מעטאַליסט“).

און ווי דערמאָנט מען ניט די נײַע פֿאַרשפּרייטער בערל רויזען, שאָלעם באַראָן, מיכל לאָיעוו, מוישע מאַנדעל, דאָוויד רודיק? אָן ערעך אַ צענדליק נײַע „באַפֿולמעכטיקטע“ — זיבן צענדליקער נײַע לייענער. אַזאַ איז דער סאַכאַקל בלויז פֿאַר סענטיאַבער־אָקטיאַבער פֿונעם פֿאַריקן יאָר אין טשערנאָוויץ. אַ גוטער סאַכאַקל!

## דער פּאָדעם ציט זיך



אַלע מאָל, ווען איך נעם אין דער האַנט דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", דערמאָן איך זיך, וויאַזוי איך בין אין מײַנע יונגע יאָרן געוואָרן אַ ליבהאָבער און שעצער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. דער ערשטער, וועמען איך האָב צו פאַרדאַנקען פאַר אָט דער ליבע און צוגעבונדנקייט, איז געווען מײַן לערער — דער באַרימטער מעשאָלים־שרײַבער עליִעזער שטיינבאַרג.

יעדן טאָג נאָך די לימודים פלעגט ער מעלדן:

— ווער עס וויל, קאָן זײַן פרײַ, און ווער עס וויל, קאָן בלײַבן און אויסהערן אַ מײַסעלע...

פאַרשטייט זיך, קיינער פון די שילער פלעגט ניט אַוועקגיין. שטיינבאַרגס מײַסעס און מעשאָלים זײַנען פאַר אונדז געווען דאָס בעסטע מײַכל. זיי זײַנען פאַרבליבן אין מײַן זיקאָרן אויפן גאַנצן לעבן מיט זייער כאָכמע, שאַרפזיניקײַט, מיטן סאָציאַלן פּראָטעסט קעגן דער אומגערעכטיקײַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, מיט דער הייסער ליבע צום פּאָשטן פאָלקס־מענטש. דאָס האָט מיך געמאַכט ניט נאָר פאַר אַ לייענער פון ייִדישער ליטעראַטור, איך האָב אָנגעהויבן טיפער פאַרשטיין דאָס לעבן, די וועלט מיט אַלע אירע דערשײַנונגען.

נאָך אין דער יוגנט בין איך צוזאַמען געוואָרן צום ייִדישן בוך. עפּעס־וואָס איבערגעלייענט, פלעג איך וועלן, אַז אויך אַנדערע זאָלן וויסן דערפון. ווען איך בין שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין בוקאַרעשט, האָב איך דערבײַ גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין שאַפן די דעמאָלטיקע ייִדישע אַרבעטער־ביבליאָטעק.

אָט אַזוי האָט זיך געצויגן דער פּאָדעם: פון שטיינבאַרגס מײַסעלעך און ביז „סאָוועטיש היימלאַנד"! אַליין זײַן אַ לייענער פונעם זשורנאַל האָב איך שוין ניט געקאָנט — כ'האָב געוואָלט, אַז אויך אַנדערע זאָלן געניסן פונעם גרויסן קולטור־אוצער. איך בין געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער און פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

געוויינלעך, ווען איך קום צו מײַנע פרײַנט און באַקאַנטע און אויך צו גאַנץ אומבאַקאַנטע מענטשן, גייט אַוועק אַ שמועס וועגן אונדזער זשורנאַל — וועגן די ווערק, וואָס דרוקן זיך אין אים, וועגן די שרײַבער, וועלכע נעמען אין אים אָן אָנטייל. יעדן כוידעש קומט „סאָוועטיש היימלאַנד" אָן און ברענגט אַרײַן אין אונדזערע היימען ראָמאַנען און דערציילונגען, לידער און פאַרצייכענונגען, פּובליציסטישע אַרטיקלען און פאַרשיידענע טשיקאַווע מאַטעריאַלן. באַזונדערס העלפן מיר אין דער אַרבעט אַלס געצעלשאַפטלעכער פאַרשפּרייטער די רובריקעס „אויף די שפּורן פון געשעענעם", „מענטשן — זייער צײַט און זייער גורל", אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ אונדזער לעבן און עס ווערט געשילדערט דאָס געשטאַלט פון אונדזערע מיטצײַטלער.

יאַנקל ליבמאַן

## באַפולמעכטיקטע פונעם ייִדישן וואָרט



טשערנאָוויץ איז אַ שטאָט מיט גרויסע קולטור־טראַדיציעס, וועלכע עס האָבן געשאַפן אין מעשעך פון פיל יאָרצענדליקער פאַרשיידענע פעלקער אין פאַרשיידענע שפּראַכן, דערונטער אויך מיר, ייִדן. ס'איז דעריבער קיין כידעש ניט, וואָס מיר, געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", פילן זיך ווי באַפולמעכטיקטע פון דעם ייִדישן וואָרט, אַ טיף פאַרוואָרצלטס און אײַנגעגלידערטס אין אונדזער טאָגטעגלעכן לעבן.

ווען איך קום צו מײַנע פרײַנט, אַבאָנענטן פונעם זשורנאַל, זע איך, ווי באַנאַנד מיט די ווערק פון די קלאַסיקער שטייען אויף די ביכער־פּאָליצעס, אויסגעשטעלט איינס צו איינס, צענדליקער בענדער פון „סאָוועטיש היימלאַנד". און עס גייט אַוועק אַ שמועס וועגן דעם דורכגעלייענטן.

ניין, ניט אַלעמאָל פאַלן זיך צונויף אונדזערע מיינונגען, מע אַמפּערט זיך, מע דערווײַזט איינער דעם אַנדערן, און דער גערעכטער בלײַבט ער — דער זשורנאַל טאַקע, ווײַל מיר געפינען אין אים דאָס, וואָס מיר זוכן און וואָס אונדז אינטערעסירט.

אָט אַזוי באַקומט זיך, אַז, אָנהייבנדיק פונעם פּראַקטישן איניען: „איר האָט זיך נאָך ניט אונטערגעשריבן אויפן קומענדיקן יאָר?", — פאַרוואַנדלען מיר זיך, איך — דער פאַרשפּרייטער, און ער — מײַן אַבאָנענט, אין אָנטיילנעמער פון אַ שעפערישן סיכסעך וועגן ליטעראַטור.

באַזונדערס האָב איך פאַרגעניגן, ווען עס געלינגט מיר צו געפינען אַ נײַעם לייענער. בײַ זיך אויף דער טריקאָטאַזש־פאַבריק האָב איך פאַר דער לעצטער צײַט אַבאָנירט ניט ווייניק אַזעלכע. געוויינלעך קומט עס פאָר אַזוי:

— טוט אַ קוק, ווי געפעלט אײַך אָט דער מענטש, וועגן וועלכן עס דערציילט זיך אין דער פאַרציייכענונג?

מיר זעצן זיך אַוועק, דער זשורנאַל־נומער גייט איבער פון האַנט צו האַנט, און איך זע, אַז מײַן מיטשמועסער האָט זיך פאַראינטערעסירט. נעם איך דערווײַל איבערדערציילן אַ געשיכטע נאָך אַ געשיכטע, וועלכע איך האָב אויסגעלייענט נאָך אין די פריִערדיקע נומערן. און שוין — דער מענטש איז „מײַנער", דאָס הייסט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט באַקומען נאָך איין באַשטענדיקן לייענער.

כאַים אָסטראָווסקי

## מיט וואָס מיר גייען צום לייענער



א געזעלשאַפטלעכער פאַרשפּרייטער דאַרף קודם־כּל אַליין זײַן אַ באַהאַוונטער לייענער. אין דעם האָב איך זיך שוין ניט איין מאָל איבערצײַגט, שמועסנדיק מיט מײַנע פרײַנט און באַקאַנטע. מיר איז באַזונדערס צום האַרצן די פּובליציסטיק אין „סאָוועטיש היימלאַנד", זי גיט מיר גענוג מאַטעריאַל סײַ אַלס אַ פאַרשפּרייטער פונעם זשורנאַל, סײַ צוליב זיך אַליין.

ס'איז ניט קיין סאָד, אשטייגער, אַז אַ געוויסער טייל טשערנאָוויצער ייִדן איז פאַרפירט געוואָרן פון דער ציִוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע און האָט פאַרלאָזט זייער היימלאַנד. איצט, לעבנדיק אין ייִסראָעל, האָט די מערהייט פון זיי זיך איבערצײַגט, וואָס פאַר אַ שרעקלעכן פעלער זיי זײַנען באַגאַנגען.

„ווען די ציִוניסטן רופן די ייִדן, זיי זאָלן פאַרלאָזן זייער היימלאַנד און עמיגרירן קיין ייִסראָעל, און אין אייניקע פאַלן גיט זיך זיי דאָס אײַן, זײַנען זיי אין טאָג אויסן אַרײַנצוקלאַפּן אַ קלין צווישן דער אַרטיקער באַפעלקערונג און די ייִדן און אַזוי אַרום מיטהעלפן דעם וווּקס פון אומצוטרוי צו די ייִדן, ווי צו בירגער, וועלכע „זיצן אויף די טשעמאָדאַנעס" און וואַרטן אויפן מאָמענט אַרויסצופאָרן קיין ייִסראָעל. פאַרשטייט זיך, אַז ניט שטענדיק גיט זיך די ציִוניסטן אײַן צו פאַרווירקלעכן זייערע צילן, אָבער ניט אַלע מאָל זײַנען זייערע באַמיִונגען אומזיסטע. דערשלאָגנדיק זיך, אַז עס זאָלן אַרויספאָרן אייניצלנע, רופן זיי דערמיט אַרויס אַזאַ אָדער אַנדער כשאָד בענעגייע דעם פּאַטריאָטיזם פון טויזנטער ייִדן, וועלכע זײַנען פולבאַרעכטיקטע און גלײַכע בירגער אין די מעלוכעס, וווּ זיי וווינען".

אָט די דאָזיקע ווערטער האָב איך איבערגעלייענט אין העניריך זימאַנאַסעס אַרטיקל „דער ציִוניזם און די ייִדן", וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין נומער 6 פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן פאַריקן יאָר. די פאַקטן, וועלכע זײַנען געבראַכט אין דעם אַרטיקל, ווי אויך אין אַ סאַך אַנדערע פּובליציסטישע מאַטעריאַלן, נוץ איך אויס אין מײַן פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט בא זיך אין דער אונטערנעמונג, און דאָס ברענגט גוטע רעזולטאַטן.

יעדער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" אַנטהאַלט, אַחוץ קינסטלערישע ווערק, פיל מאַטעריאַלן וועגן קונסט, פּאָליטיק, ווי אויך פאַרשיידענע כראָניק, פאַרצייכענונגען וועגן דעם לעבן פון די ייִדן בא אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד. מיט אָט די מאַטעריאַלן גייען מיר, געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער, צו אונדזערע אַבאָנענטן.

באָריס סלאָבאָדיאַנסקי

# כראָניק

## ביראָבידזשאַנער נײַס

### א הויכע מעלוכע־באַלוינונג

ווי אַ פרײדיקע געשעעניש, האָבן די אַרבעטנדיקע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אויפגענומען די באַשטימונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון סאָוועטנפאַרבאַנד, פונעם מיניסטאָרן־ראַט פון פּססר, אַלפאַרבאַנדישן צענטראַלן ראַט פון די פּראָפּאַריינען און דעם צענטראַל־קאָמיטעט פונעם קאָמיִוג וועגן באַלוינען דעם ביראָבידזשאַנער ראַיאָן פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט מיט דער איבערגייענדיקער רויטער פאָן אַלס זיגער אין דער סאָציִאַליסטישער פאַרמעסטונג פאַר דער דערפאָלגרײַכער אויספילונג פון די פאָלקסווירטשאַפטלעכע פּלענער פאַרן 1976.

דער כאַבאַראָווסקער קאַנטקאָם פון קפּסס און קאָנטויספּירקאָם, דער קאַנטישער פּראָפּאַריינען־ראַט און דער קאַנטקאָם פון קאָמיִוג האָבן באַגריסט די אַרבעטנדיקע פונעם ביראָבידזשאַנער ראַיאָן מיט דער הויכער באַלוינונג און געווונטשן די זיגער פון דער סאָציִאַליסטישער פאַרמעסטונג נײַע דערפאָלגן אין דער ווירטשאַפטלעכער און קולטור־בויונג פון דער געגנט, קעדיי ווירדיק באַגעגענען דעם 60־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

### אויפן פעסטיוואַל פון די פאָלקס־טעאַטערן

די געגנטלעכע צײַטונג „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ" האָט פאַרעפנטלעכט אַן אינטערוויו פון איר קאָרעספּאָנדענט מיטן רעזשיסער פונעם ייִדישן פאָלקס־טעאַטער בערטע שילמאַן. דער שמועס איז פאָרגעקומען ערעוו דעם דריטן טור פונעם פעסטיוואַל־דורכקוק פון די פאָלקס־טעאַטערן (דער ערשטער טור איז פאָרגעקומען אין וולאַדיוואָסטאָק, ווו דער פאָלקס־טעאַטער האָט באַוויזן א. גאָלדפאַדנס מוזיקאַלישע דראַמע „קאָלדוניע").

— אויב אורטיילן לויט דעם, ווי די צושויער האָבן אונדז אויפגענומען, — דערקלערט ב. שילמאַן, — האָט דער ספּעקטאַקל זיך אײַנגעגעבן. דאָס האָט באַשטעטיקט די זשורי, וועלכע האָט צוגעייגנט אונדזער טעאַטער דעם טיטל לאַורעאַט פונעם אַלרוסלענדישן קאָנקורס.

אָנגעשטרענגט האָט דער טעאַטער־קאָלעקטיוו געאַרבעט איבערן ספּעקטאַקל „סטעמפּעניו", וועלכער איז באַוויזן געוואָרן אין צווייטן טור פונעם פעסטיוואַל, אין דער שטאָט ביראָבידזשאַן. „סטעמפּעניו" איז אָפּגעמערקט געוואָרן מיטן דיפּלאָם פון דער ערשטער שטופע, און דאָס האָט געגעבן דעם ייִדישן פאָלקס־טעאַטער דאָס רעכט אָנטיילצונעמען אין זאָנאַלן דורכקוק — דה. אינעם דריטן טור פון דעם קאָנקורס, וועלכער וועט פאָרקומען ווידעראַמאָל אין וולאַדיוואָסטאָק. דאָרט וועט דער טאַלאַנטפולער קאָלעקטיוו באַווײַזן די פּרעמיערע פון „טעוויע דער מילכיקער".

■ ■ ■

## אונדזער רעפּליק

# אַמעראַצעס און שונד

אין צוזאַמענהאַנג מיט שאָלעם־אַלייכעמס 60־טן יאָרצײַט (מײַ, 1976) זײַנען אין פאַרשיידענע לענדער, אַרײַנגערעכנט ייִסראַעל, פּובליקירט געוואָרן מאַטעריאַלן, געווידמעט דעם שרײַבערס אָנדענק. אין אָט דער נאָטיץ וועלן מיר צוציִען די אויפמערקזאַמקײַט פון אונדזערע לייענער אַף די אַרויסטרעטונגען פון א. בעלאָוו און ל. פּאַדריאַטשיק, ביידע געווידמעט דער פּראָבלעם פון שאָלעם־אַלייכעם אין רוסיש.

א. בעלאָווס אַרטיקל אין דער טעל־אַוויווער עמיגראַנטישער צײַטונג «Наша страна» האָט א שרײַענדיק קעפּל „דער דרײַשפּראַכיקער שאָלעם־אַלייכעם" («Трехязычный Шолом-Алейхем») און איז געריכטעט צו דערווײַזן, אַז שאָלעם־אַלייכעם האָט געשריבן און געדרוקט אַף דרײַ שפּראַכן: ייִדיש, העברעיִש און רוסיש. דאָס איז אין אַלגעמיין ריכטיק און ברייט באַוווּסט, און עס רופט ניט אַרויס קיין דערוווּנדערונג. די קאַטעגאָרישקײַט און טענדענציעזקײַט אָבער פון אָט דער ריכטיקער באַהויפּטונג פאַרוואַנדלט זי אין א ניט ריכטיקער — א פאַלשער לויטן ציל.

שאָלעם־אַלייכעם האָט טאַקע געשריבן אויך אַף רוסיש און העברעיִש, אָבער א קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור איז ער געוואָרן ווי א ייִדישער שרײַבער, אַדאַנק זײַנע ווערק אַף ייִדיש.

וואָס איז שײַעך העברעיִש און רוסיש און ביכלאַל דער פּראָבלעם פון דרײַשפּראַכיקײַט און צווייִשפּראַכיקײַט, איז דאָס כאַראַקטעריסטיש ניט בלויז פאַר שאָלעם־אַלייכעמען, נאָר פאַר א באַדײַטנדיקער צאָל אַנדערע אָנגעזעענע ייִדישע שרײַבער. אַף ייִדיש און העברעיִש האָבן געשריבן אויך מענדעלע און פּערעץ. אַף ייִדיש און רוסיש האָט געשריבן שימען פרוג. אַף רוסיש האָבן אָנגעהויבן שרײַבן פיניגבערג און קושניראָוו. דאָוויד בערגעלסאָן האָט צוערשט געשריבן אַף העברעיִש.

דערמיט וואָלט מען געקאָנט פאַרענדיקן אונדזער אָפּרוף אַף א. בעלאָווס אַרטיקל, ווען ניט דאָס אַנטי־סאָוועטישע „שפּיצל", וואָס איז, ווײַזט אויס, אָבליגאַטאָריש אין ייִסראַעל פאַר א געוויסער קאַטעגאָריע געקומענע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. א. בעלאָוו דערציילט א מײַסע, אַז „וועגן איבערזעצן שאָלעם־אַלייכעמען אַף רוסיש פון העברעיִש האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן", און ער גיט אַרויס אַלס זײַנעם א פאַרדינסט דאָס, וואָס אים האָט זיך דאָס אײַנגעגעבן. בעלאָוו זאָגט וועגן זיך באַרימעריש: „מיר האָט עטלעכע מאָל זיך אײַנגעגעבן גויוער צו זײַן אָט די שטערונג, אײַנשלעפערנדיק די וואַכזאַמקײַט פון די רעדאַקטאָרן און צענזאָרן".

אָט די אַנטיסאָוועטישע פּלאַפּלערײַ בוצט, ווײַזט אויס, בעלאָוון אַף צו נויסעכיין זײַן אין געוויסע קרײַזן אין ייִסראַעל. באַ אונדז אין ראַטנפאַרבאַנד איז קיינמאָל ניט געשטאַנען קיין פראַגע באַם אַרויסגעבן שאָלעם־אַלייכעמס ווערק אַף רוסיש — פון וואָסער שפּראַך מע זאָל זיי ניט איבערזעצן: פון ייִדיש אָדער פון העברעיִש. עס איז שטענדיק געווען איין קריטעריִ: דער ניוואָ פון דער מײַסטערשאַפט און די אידייִש־קינסטלערישע באַדײַטונג פונעם ווערק. דאָס האָט א שײַכעס ניט בלויז צו שאָלעם־אַלייכעמען. בעלאָוו ווייסט אוודאי, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד איז דערשינען, לעמאָשל, א קאָלעקטיווע זאַמלונג דערציילונגען, איבערגעזעצט פון איווריט, אין באַזונדערע אויסגאַבעס זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַף רוסיש די ווערק פון אַלעקסאַנדער פּען, מאָרדכע אווי־שאול, אין דער סעריע פון דער וועלט־ליטעראַטור איז דערשינען אין דער איבערזעצונג פון העברעיִש אַף רוסיש „שיר־השירים", ווערק פון ייִסראַעלדיקע שרײַבער ווערן רעגולער איבערגעזעצט פון איווריט אַף ייִדיש, און עס פּובליקירט זיי דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". וואָס זשע פאַר א ווערט קאָנען האָבן בעלאָווס מײַסעס, און ווו איז זײַן געוויסן אַהינגעקומען, ווען ער האָט זיי פאַרפאַסט?

אָבער א. בעלאָוו איז נאָך א צאַדיק אין פאַרגלײַך מיט ל. פּאַדריאַטשיקן. וועגן דעם צווייטן זאָגט מען אין ייִסראַעל, אַז ער האָט סמיכעס אַף ראָוו. און וואָלט ער געווען א ראָוו און געפּאַסקנט שײַלעס, וואָלט קיינער צו אים קיין טײַנעס ניט געהאַט. די צאָרע איז, וואָס קיין ראָוו וויל ער ניט זײַן און קיין עכטער ליטעראַטור־שעפער קאָן ער ניט זײַן. ביטשעוועט ער זיך, נעבעך, און קריכט פון דער הויט, און אַלץ — אַף צו באַשמוצן זײַן פריערדיק היימלאַנד. אין רעזולטאַט פון אַזאַ ביזאַיענדיק אַרומשמײַען באַקומט זיך, אַז דער צונויפשטעלער פון דער אינפאָרמאַטיווער רובריק אין „סאָוועטיש היימלאַנד" („נאָטיצן פון א בוקיניסט") איז אין ייִסראַעל געוואָרן א מעסוקענער מייוון אַף דער ייִדישער ליטעראַטור אין סאָוועטנפאַרבאַנד, ער ווײַזט אַרויס לעכערלעכע פּרעטענזיעס און אַמביציעס און האַלט אין איין אַרויסטרעטן מיט אַנטדעקונגען וועגן די גרויסע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

און דאָס איז אים ווייניק. ער מוז נאָך דאבערן וועגן די קלאסיקער. פּאָדריאַטשיק ווייסט, אז אויב באשמעלצן און באזאלצן די מעווינעס מיט אנטיסאָוועטיזם, וועט עס דאָרטן, ווו ער איז איצט, אָנגיין, און ס׳וועט שוין זײַן רעכט.

„צו דער טעמע שאָלעם־אַלייכעם אין רוסיש" — אזוי הייסט לייזער פּאָדריאַטשיקס ארטיקל אין דער ציִעניסטישער „פֿאָלקסבלאט". דאָס, וואָס דאָ איז אָנגעשריבן אַף דער טעמע, איז, ווי טאָמיד בא פּאָדריאַטשיקן, פלאטשיק און באנאל און איז באוווּסט שוין צענדליקער יאָרן. און דאָס, וואָס פּאָדריאַטשיק דערציילט פון זיך אלס א מין נײַער מאטעריאל וועגן שאָלעם־אלייכעמען, איז ניט ריכטיק, פּאָשעט אמעראַציש. אזוי, לעמאָשל, שרײַבט פּאָדריאַטשיק: „שאָלעם־אַלייכעם האָט אויך געהאט פערזענלעכע קאָנטאקטן און געפירט שריפטלעך א שפּעפערישן דיִאלאָג מיט טאָלסטאָיען, קאָראָלענקאָן און מאקסים גאָרקין. אין זײַנע עסייען וועגן ליטעראטור, אין „שאָמערס מישפּעט" איז ער זיך סוימער אַף זייערע עסטעטישע פּרינציפּן". עס הייבט זיך אפילע ניט אָן. שאָלעם־אלייכעמס גרונט־ארבעטן אַף ליטעראטור „דער דאַלעס אין די ווערק פון אונדזערע בעסטע ייִדישע פֿאָלקסשריפטשטעלער" און „שאָמערס מישפּעט" זײַנען פובליקירט אין 1887. אין יענער צײַט האָט שאָלעם־אַלייכעם קיין שום קאָנטאקטן ניט געהאט ניט מיט טאָלסטאָיען, ניט מיט קאָראָלענקאָן און אוואדע שוין ניט מיט גאָרקין, וועלכער איז נאָך דעמלט קיין שרײַבער ניט געווען. פּאָדריאַטשיק פּלאָנטערט צונויף פארשיידענע צײַטן און פעריִאָדן אין דער געשיכטע פון דער ליטעראטור און פון שאָלעם־אַלייכעמס שאפן.

אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ווייניק. פּאָדריאַטשיק לאָזט זיך אוועק מיטן וועג פון פאלשעווען. ער שרײַבט: „שאָלעם־אַלייכעם האָט געהאט א בריוולעכן אויסטויש מיט טאָלסטאָיען וועגן דעם קעשענעווער פּאָגראָם. און עס קאָן גרײַלעך געמאָלט זײַן, אז דאָס האָט געווירקט אַף טאָלסטאָיען, ער זאָל פארעפנטלעכן זײַן מעכטיקן מאמר: ניע מאָגו מאָלטשאט! — איך קאָן ניט שווײַגן!" דער בריוו־אויסטויש צווישן שאָלעם־אַלייכעמען און טאָלסטאָיען איז פאָרגעקומען אין 1903. אין אים איז געגאנגען א רייד וועגן דעם פּאָגראָם אין קעשענעוו. טאָלסטאָיס ארויסטרעטונג „ניע מאָגו מאָלטשאט!" איז געווענדט געווען קעגן דער צארישער רעגירונג אלס פּראָטעסט פונעם שרײַבער אין צוזאמענהאנג מיטן טעראָר בענעגייע די ארעסטירטע רעוואָליוציִאָנערן. טאָלסטאָיס „ניע מאָגו מאָלטשאט!" איז געשריבן אין 1908, און מע דאַרף זײַן לייזער פּאָדריאַטשיק, קעדיי זיך דערלויבן צו זאָגן, אז „עס קאָן גרײַלעך געמאָלט זײַן", טאָלסטאָי זאָל האָבן געשריבן זײַן באוווּסטן פּראָטעסט קעגן צארישן טעראָר אונטער דער ווירקונג פון זײַן בריוו־אויסטויש מיט שאָלעם־אלייכעמען וועגן קעשענעווער פּאָגראָם...

דעם רעקאָרד פון פלוידערײַ שלאָגט לייזער פּאָדריאַטשיק, ווען ער גייט אריבער צו דער פראגע וועגן איבערזעצן שאָלעם־אלייכעמען פון ייִדיש אַף רוסיש. ער הייבט אָן מיט א „ספּראווקע", אז אין די יאָרן 1909—1914 איז דערשינען א 12־בענדיקע רוסישע אויסגאבע פון שאָלעם־אלייכעמס ווערק. דאָס איז ניט ריכטיק, די אויסגאבע איז באשטאנען פון 8 בענדער, און פּאָדריאַטשיק, האגאם ער האָט טאקע סמיכעס אַף ראָוו, וואָלט געמעגט פריִער א קוק טאָן ווו מע דאַרף, איידער ער נעמט זיך שרײַבן.

ווײַטער לייענען מיר בא פּאָדריאַטשיקן:

„דער פּראָצעס פון איבערזעצן שאָלעם־אלייכעמען אין רוסיש דויערט ביז הײַנט־צו־טאָג. פאראן אָבער א גרויסער, וועזנטלעכער אונטערשייד צווישן דעם ערשטן און דעם לעצטן סאָוועטישן פעריִאָד. די סאָוועטן זײַנען ניט אזוי אויסן צו באקענען דעם ניט־ייִדישן לייענער מיט דער ייִדישער ליטעראטור, מיט שאָלעם־אלייכעמען, ווי צו דערווײַטערן ייִדן פון ייִדיש און ייִדישקײַט".

אָט האָט איר אײַך די „לאָגיק" פון א שונדאָווניק. אויב שאָלעם־אלייכעמס ווערק ווערן איבערגעזעצט אין רוסיש און ווערן ארויסגעגעבן אין מיליִאָנען עקזעמפּליארן, איז דאָס ניט, קעדיי צו באקענען דעם סאָוועטישן לייענער מיט דער ייִדישער ליטעראטור און מיט שאָלעם־אלייכעמס שאפן, נאָר קעדיי „צו דערווײַטערן ייִדן פון ייִדיש און ייִדישקײַט". נו, און אויב מע גיט ארויס אין דער איבערזעצונג אַף רוסיש מיליִאָניקע טיראזשן פון טאראס שעווטשענקאָן, יאַנקאַ קופּאלא, שאָטא רוסטאוועלי, איז דאָס בלויז, הייסט עס, צוליב דערווײַטערן אוקראַיִנער פון אוקראַיִניש, ווײַסרוסן פון ווײַסרוסיש, גרוזינער פון גרוזיניש און אויב מע גיט ארויס אין דער רוסישער איבערזעצונג מיליִאָניקע טיראזשן פון שעקספּירן, באלזאקן, הייגען און פון אנדערע גאוינים פון דער וועלט־ליטעראטור, איז דאָס, לויט דער שונד־לאָגיק פון לייזער פּאָדריאַטשיקן, אויך קעדיי צו דערווײַטערן די ענגלענדער, פראנצויזן, דײַטשן פון ענגליש, פראנצויזיש, דײַטש.

ס׳איז קיין סאָפעק ניט, אז די לייענער אין ייִסראָעל, וועמען די ציִעניסטישע רעדאקטאָרן רוקן אונטער די סכוירע פון פּאָדריאַטשיקן, וועלן מיט דער צײַט זיך כאפּן, מיט וועמען און מיט וואָס זיי האָבן צו טאָן.

וו. מעסקין

# ווי אַן אומרויִקער ווינט...

## צו מאָטל גרוביאַנס 5־טן יאָרצײַט

איינעם פון זײַנע לעצטע ביכער, דערשינען אין 1970, האָט דער דיכטער אָנגערופן „אומרויִקער ווינט“, און דער פאַרלאַג האָט אינעם אַרײַנפיר באַצייכנט די אויסגאַבע ווי „אַ מין סאַכאַקל־כאַראַקטער“ פון דעם דיכטערס שאַפונג.

דאָס באַטײַט ניט, אַז מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט מאָטל גרוביאַנס שאַפונג. מע דאַרף נעמען אין אַכט די ביכער, וואָס זײַנען דערשינען נאָך זײַן טויט, און באַזונדערס די גרויסע לידער־זאַמלונג „דאָס אייביקע פײַער“ (פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, 1976). פון דער היפּשער צאָל לידער פון זײַן ליטעראַרישער ירושה, וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן און ווערן נאָך איצט, אין פינף יאָר אַרום נאָך זײַן טויט, פאַרעפנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד“, איז צו זען, אַז מאָטל גרוביאַן איז אין די לעצטע יאָרן נאָך געווען ווײַט פון זײַן שעפערישן סאַכאַקל, ווײַל גראָד דעמלט איז ער געווען אין סאַמע זעניט פון זײַן פּאָעטישער אָנגעלאָדנקײַט און דער שעפערישער פּראָצעס אין אים האָט געבושעוועט טאַקע ווי אַן אומרויִקער ווינט.

וועגן די סאַכאַקלען פון מאָטל גרוביאַנס שאַפונגס־וועג, וועגן זײַן טיף־עמאָציאָנעלער, אייגנאַרטיקער, הײַנטצײַטיק נײַער פּאָעטישער שאַפונג איז ברייט גערעדט געוואָרן אַף דעם אָרדנטלעכן ליטעראַרישן דאָנערשטיק, געווידמעט דעם פינפטן יאָרצײַט פונעם באַוווסטן ייִדישן סאָוועטישן דיכטער. אין לאָקאַל פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל פאָרשטייער פון דער מאָסקווער ייִדישער און רוסישער שעפערישער אינטעליגענץ, פאַרערער פון דעם דיכטערס שאַפונג. דער אָנדענק־אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַרן ווערגעליסעס אַרײַנפיר־וואָרט, געווידמעט מאָטל גרוביאַנען, דעם פּאָעט און דעם מענטש, וואָס האָט ביז זײַן לעצטן אָטעם־צוג ניט אויפגעהערט צו שאַפן.

פינף צונטער־רויטע בלומען לעבן דעם דיכטערס פּאָרטרעט, פינף אָנגעצונדענע יאָרצײַט־ליכט אין די מעשענע לײַכטער פאַרבײַטן די עלעקטרע־שײַן אין דעם האַלב־טונקעלן איבערפולטן זאַל. אָט איז פאַרבײַ די מינוט פון שטיל־שווײַגן לעקאָוועד דעם דיכטערס אָנדענק, און מיטאַמאָל דערטראָגט זיך, ווי אַ ווידערקאָל, זײַן לעבעדיקע שטים פונעם מאַגניטאָפאָן, — מאָטל גרוביאַן לייענט זײַנע לידער. ער לייענט מיט אַ באַזונדערער דורכדרינגלעכקײַט, מיט האַרץ, מיט דער פולער נעשאָמע.

און ווײַטער וויקלט זיך פאַנאַנדער דער אויספירלעכער שמועס אַרום דעם נאָמען מאָטל גרוביאַן, אַרום די אוצרעס פון זײַן ליטעראַרישער ירושה. מיר הערן זיכרוינעס פון זײַנע מיטצײַטלער, פאָרלעזונגען פון זײַנע ווערק, וווּנדערלעכע מוזיק, וואָס קאָמפּאָזיטאָרן האָבן געשאַפן אַף די טעקסטן פון זײַן ליריק.

— פאַר מיר, — דערציילט די שרײַבערן ריווקע רובין, — איז מאָטל גרוביאַן, וועלכן איך האָב געקענט פון זײַן פרישטער יוגנט, שטענדיק געווען אַ רעטעניש, אַפילע נאָך דעם, ווי איך האָב מיט פיל־פיל יאָרן צוריק איבערגעלייענט זײַן ערשט ביכל לידער „פון קעלער אַף דער זון“. אויך איצט איז פאַר מיר יעדע ליד זײַנע, וועלכע איך לייען, פאַרשטייט זיך, ניט צום ערשטן מאָל, אַן אַנטדעקונג. אַזוי טיף און מאַסשטאַבאַרטיק איז אָט די דיכטונג.

עס רעדט דער ליטעראַטור־פאָרשער הערש רעמעניק:

— מאָטל גרוביאַן איז אַ ליריקער פון אַ ברייטן פאַרנעם — אַ פאָלקס־דיכטער. וועגן זײַן שאַפונג איז נאָך ווייניק געזאָגט געוואָרן. איך האַלט, אַז וועגן אַזעלכע דיכטער, ווי מאָטל גרוביאַן, ווי מוישע טייף און שיקע דריז, דאַרף מען שאַפן באַזונדערע ליטעראַטור־פאָרשערישע מאָנאָגראַפיעס, וואָס זאָלן טראָגן דעם כאַראַקטער פון ביכער־דענקמעלער. אין גרוביאַנס שאַפונג ווערט באַזונדערס בולעט אויסגעדריקט דער באַרוף פון דעם דיכטערישן טאַלאַנט. גרוביאַן האָט געזען און געפילט דאָס טראַגישע און דאָס דערהויבענע אינעם לעבן. ער איז געווען אַן עכטער דיכטער מיט אַ פונק פון אַ נאָווי.

אין זײַנע דערמאָנונגען האָט שמועל גאָרדאָן באַוויזן די אינטערעסאַנטע פערזענלעכקײַט פונעם פאַרשטאָרבענעם דיכטער, זײַן פרינציפּיִעלקײַט, פאַרליבטקײַט אין לעבן. באַרירנדיק די פראַגע וועגן דער אויפווירקונגס־קראַפט פון גרוביאַנס פּאָעזיע, האָט ער באַמערקט:

— וויפל מאָל האָב איך געהערט, ווי מאָטל פלעגט לייענען פאַר אונדז זײַנע לידער, און הײַנט נעם איך זיי אויף ווידער אַנדערש, מיט אַ פריש אויג, טיפער, ערנסטער.

וועגן דעם דיכטערס ליבע צו קונסט און באַזונדערס צו דער מאָלערײַ־קונסט האָט דערציילט אין אירע זיכרוינעס שירע גאָרשמאַן:

— איך געדענק, ווי אין איינעם אַ האַרבסט־טאָג איז צו מענדל גאָרשמאַנען אין וואַרשטאַט געקומען מאָטל גרוביאַן. ער האָט, ווי אין אַ קישעף, געקוקט אַף דעם קינסטלערס צייכענונגען און אַקוואַרעלן, ווידער זיך אומגעקערט צו איינע, אָפּגעשטאַנען אַ



1



2




## אַף די ליטעראַריש־מוזיקאַלישע דאָנערשטיקן אין „סאָוועטיש היימלאַנד"

1. די פאַרדינסטפולע אַרטיסטקע פון אוסטר סידי טאַל אַף דעם „ליטעראַרישן דאָנערשטיק" אין רעדאַקציע.

2. סידי טאַל אין אַנהייב פון איר שוישפּילערישער טעטיקייט.

3. פון רעכטס אַף לינקס: אַרן ווערגעליס, סידי טאַל, דער פּיאַניסט דאַוויד אַשקענאַזי.

4. אַף דעם אָנדענק־אָוונט, געווידמעט דעם 5־טן יאָרצייט פון מאָטל גרוביאַן. עס טרעט אַרויס דער רוסישער דיכטער וויקטאָר באָקאָוו.

5. מאָסקווער צושויער אַף די „דאָנערשטיקן" אין לאָקאַל פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

5



לענגערע צייַט בא אנדערע. דערנאָך האָט ער זיך פארקלערט און ווי צו זיך אליין א זאָג געטאָן: „וואָס קאָן נאָך זייַן העכער פון קונסט”... אינגאנצן אומגעריכט פאר אונדז, פונקט ווי מאכנדיק פאר זיך דעם אויספיר פונעם גאנצן טאָג, וואָס ער איז אָפּגעווען אינעם ווארשטאט פון דעם קינסטלער, האָט ער זיך א ריס געטאָן פון אָרט און זיך געלאָזט צו דער טיר: „דער שרייַבטיש האָט זיך פארבענקט נאָך מיר”...

מאָטל גרוביאַן איז פון טאָמיד אָן געווען באַפרייַנדעט מיט מענטשן פון דער קונסט. דעריבער איז קיין כידעש ניט, וואָס צווישן די בייַוועזנדע און ארויסטרעטנדיקע אפן אָנדענק־אָוונט זייַנען געווען אזעלכע אָנגעזעענע ארטיסטן און רעזשיסערן, ווי דער שעפער פון בארימטע קינאָ־פילמען, פאָלקס־ארטיסט פון סאָוועטנפארבאנד גריגאָרי ראָשאל, דער קינסטלערישער אָנפירער פונעם רוסישן אקאדעמישן „מאלי טעאטער”, פאָלקס־ארטיסט פון סאָוועטנפארבאנד באָריס ראווענסקיך, די פאָלקס־ארטיסטקע פון רספסר לידמילע סקאָפּינא, די פארדינסטפולע ארטיסטן פון דער רוסלענדישער רעפּובליק גריגאָרי אבריקאָסאָוו, אָסקאר רעמעז, יעקאטערינע גאָלאָווינא (וועלכע האָט גלענצנדיק אויסגעפילט דעם דיכטערס לידער אף רוסיש, ווי אויך די ליד „דער זאנג” אין ייִדיש). מיט קינסטלערישע פאָרלעזונגען זייַנען אויך ארויסגעטראָטן די מיטגלידער פון דער מאָסקווער ליטערארישער סטודיע „ענערגעטיק” נאטאשע כיזשניאקאָווא און ליאָווע פערנעס.

דעם גאנצן אָוונט האָבן געקלונגען גרוביאַנס לידער אף ייִדיש און אף רוסיש. עס האָבן זיי פאָרגעלייענט די דיכטער־איבערזעצער וויקטאָר באָקאָוו, סעמיאָן סאָרין, יעלענע אקסעלראָד, לעוו פרוכטמאן, זאָיע מעזשיראָווא אא.

ווארעם זייַנען אופגענומען געוואָרן אווראָם גאָנטארס ליד, געווידמעט מ. גרוביאנס אָנדענק, „טייַנעס צו די שטערן” און יאשע רוביאנס (דעם דיכטערס ברודער) אווטאָביִאָגראפישע נאָוועלע „דרייַ פלעשער ווייַן”.

מיט גרויס קראפט האָבן דורכגעקלונגען די קינסטלערישע פאָרלעזונגען פון די ארטיסטן פונעם מאָסקווער ייִדישן דראמאטישן אנסאמבל: אין דער אויספילונג פון מאניע קאָטליאראָווע — די ליד „וואָגאָנען, וואגאָנען” און אין דער אויספילונג פון ראָזע קורץ — די באלאדע „היימלאָזע ציגן”. ווי שטענדיק, האָט אויסגענומען באם אוילעם די זינגערן מארינע גאָרדאָן, וועלכע איז ארויסגעטראָטן מיט לידער פון די קאָמפּאָזיטאָרן לייב יאמפּאָלסקי און ריווע באָיארסקאיא אף מאָטל גרוביאנס ווערטער.

י. שוסטער

---

## כראָניק

### נייַעס פון אויסלאנד

**די צייַטונג „אונדזער לעבן” געווידמעט 15 יאָר „סאָוועטיש היימלאנד”**

די ארגענטינער פּראָגרעסיווע ייִדישע צייַטונג „אונדזער לעבן” גיט אָפּ פיל אָרט די מאטעריאלן פון „סאָוועטיש היימלאנד”, ווי אויך אָפּהאנדלונגען און נאָטיצן וועגן דעם זשורנאל. לעצטנס האָט זי ארויסגעלאָזט א ספּעציִעלע ליטערארישע בייַלאגע לעקאָווועד דעם פּופּצניאָריקן יובילײַ פון „סאָוועטיש היימלאנד”. אף 8 פולע זייַטן איז אין דער בייַלאגע איבערגעדרוקט א גרויסע צאָל מאטעריאלן פונעם יובילײַ־נומער פון אונדזער זשורנאל, צווישן זיי ארן ווערגעליסעס פּראָבלעמאטיש ארטיקל „סאכאקלען און אויסזיכטן”, אירמע דרוקערס „פאר נייַע רינגען אין דער גאָלדענער קייט”, אווראָם גאָנטארס „די ליד, וואָס באגלייט אונדז”, שמועל גאָרדאָנס „דער טאָך”, יעכיִעל טשיטשעלניצקיס „מיט דער מאָס פון אונדזערע פינף יאָרן”, כאיִם ביידערס „פונעם שפּרודלדיקן קוואל”, לידער פון הירש בלאָשטיין, שיפרע כאָלאָדענקאָ, דאָרע כייַקינע, באָריס מאָגילנער און אנדערע מאטעריאלן.

אין י. לינקאָווסקיס אריינפירארטיקל צו אָט דער בייַלאגע, וואָס איז באטיטלט מיטן נאָמען „אויך אונדזער יאָמטעוו”, ווערט צווישן אנדערס געזאָגט:

„סאָוועטיש היימלאנד” האָט אין משעך פון פופצן יאָר כוידעש נאָך כוידעש דערוויזן די שעפערישע פּאָטענץ פון די סאָוועטישע ייִדישע שרייַבער, דערוויזן, אז נאָר אין ראטנפארבאנד האָבן די ייִדישע שרייַבער אזעלכע מעגלעכקייַטן פאר זייער שאפן און נאָר אין ראטנפארבאנד איז די ייִדישע ליטעראטור באריַיכערט געוואָרן מיט צענדליקער ווערק פון פּראָזע און פּאָעזיע, אָריגינעל אין דער ייִדישער שפּראך, ווערק, וואָס זייַנען אויך ארויסגעגעבן געוואָרן אין גרויסע טיראזשן אף פארשיידענע שפּראכן פון די סאָוועטישע פעלקער. „סאָוועטיש היימלאנד” שטעלט מיט זיך פאָר אן אויצער פון הייַנטצייַטיקער ייִדישער ליטעראטור פאר דעם לייענער אין אלע ייִדישע ייִשובים פון דער גאָרער וועלט”.

■ ■ ■

סאָוועטיש היימלאַנד 1977

## די פּאָטשט פון

# א גרוס פון אן אמאָליקן ווילנער טוישעוו

א דאנק אײַך, כאָשעווע רעדאקטאָרן פון „סאָוועטיש היימלאנד”, פאר די ארטיקלען און דערציילונגען וועגן מײַן היימשטאָט ווילנע. איך האָב האַנאָע, וואָס איר דרוקט זיי פון מאָל צו מאָל אין אײַער זשורנאַל. אז איך לייען די דאָזיקע מאטעריאַלן, וואכן אוף אין זיקאָרן, שטעלן זיך אוועק פאר די אויגן יענע אלטע גוטע צײַטן, וועלכע עס האָבן אזוי אומבערוכמאָנעסדיק צעשטערט די פאשיסטן.

ווען די רויטע ארמיי איז געצוווּנגען געווען, נאָך אונדזער באפרײַונג, פארלאָזן די בײַבאלטישע מעקוימעס, בין איך אוועק לעכאטכילע צופוס קיין ווײַסרוסלאנד, שפעטער — זיך דערקליבן ביז אוראַל. כ׳האָב ערלעך געארבעט אין דער שטאָט זלאטאָוסט, געהאט גרויסע באפרידיקונג און פרייד פון מײַן סטאַכאַנאָווישער מי. דארף זיך מיר פארגלוסטן אוועקפאָרן פון דאָרט! דאָס איז געווען מײַן גרעסטער פעלער. אָפט כאזער איך איבער די שורעס פון דער באַוווסטער פאָלקסליד: „ווו זײַנען מײַנע זיבן גוטע יאָר? פון די זיבן זאָל כאָטש זײַן א פאָר”...

איצט ווױן איך אין קאנאדע. און איך בענק... עס איז מיר טײַער דאָס פארגאנגענע. סײַ זלאטאָוסט, סײַ ווילנע. איך קאָן ניט און וועל ניט פארגעסן די גאסן און זאווּלקעס פון מײַן ווײַטער היים, דעם טײַך ווילִיע מיט מיצקעוויטשעס דענקמאָל אפן ברעג, די פלעצער און הײַזער — אמאָליקע און הײַנטצײַטיקע. אײַער זשורנאַל באהעפט, ווי א בריק, דעם אָוואר מיט מײַן קעגנוואַרט.

פיל דערמאָנונגען וועקן אין מיר די מאטעריאַלן אין „סאָוועטיש היימלאנד”.

מײַנערצײַט אין ווילנע האָב איך געזונגען אין די מאסן־סצענעס פון די איבערגעזעצטע אף ייִדיש אָפערעס „קארמען”, „אאידא”, „טאָסקא”, „גאלקא”. כ׳פלעג באזוכן דעם ייִדישן פאָלקס־טעאטער אף לידוויסארסקע־גאס, דעם לערער־סעמינאר אף אָזשעשקאָווער גאס, דעם ייִוואָ.

הײַנט בין איך צופרידן, וואָס ווילנע איז א שטאָט צווישן די שטעט פונעם סאָוועטנפארבאנד. עס איז מיר אָנגענעם, וואָס אין ווילנע זײַנען טעטיק ייִדישע קולטור־טוער — שריפטשטעלער, שוישפילער, קינסטלער, זשורנאליסטן. איך ווינטש זיי אלעמען דערפאָלג.

זאָלן מיר אויך אף ווײַטער קלײַבן נאכעס פון אײַער זשורנאַל. איך באקום אים דורך דער כאווערטע פ. גאָלדמאן, וועלכע לעבט אין מאָנטרעאל, אין איין שטאָט מיט מיר.

כ. דיִאבורט־אנדרעזאָווסקא (קאנאדע)

# דאָס ליכטיקע געשטאלט פון א בלינדער סקולפּטאָרן

ווען כ׳האָב זיך צופעליק דערוווּסט, אז אין מאָסקווע איז טעטיק אן אויסשטעלונג, ווו עס עקספּאָנירן זיך די שאפונגען פון א בלינדן סקולפּטאָר, בין איך נישטוימים געוואָרן. כ׳בין גרייט זיך פאָרשטעלן א קאָמפּאָזיטאָר אָן ריִע, אָדער א דיכטער, צי א מוזיקאנט, אפילע א שוישפּילער. נאָר א בלינדן מענטשן — א סקולפּטאָר?!

אויב איר ווילט זיך איבערצײַגן, אז אזא מענטש איז פאראן, אייצע איך אײַך באזוכן דאָס צענטראלע קולטור־הויז פאר בלינדע. דאָרט באווײַזט מען אייגנארטיקע ווערק — פּאָרטרעטן, פיגורקעס, פילגעשטאלטיקע קאָמפּאָזיציעס אין גיפּס און אין בראָנזע, וועלכע עס האָט געשאפן לינע פּאָ, א בלינדע סקולפּטאָרן.

מיך האָט זי איבערראשט. שיין איז איר אופטו, אויסטערליש — דער גוירל.

איר עמעסער נאָמען איז פּאָלינע מיכײַלאָוונא גאָרענשטיין. זי שטאמט פון א ייִדישער מישפּאָכע. געבוירן אין 1899 אין יעקאטערינאָסלאוו, איצט דניעפּראָפּעטראָווסק. נאָך אין די פריִע יוגנט־יאָרן ווערט זי פארכאפּט מיט קונסט. פערצן יאָר אלט, קומט פּאָלינע אָן זיך לערנען אין א כאָרעאָגראפישער שול און שטודירט אײַנצײַטיק מאָלערײַ אין א קונסט־סטודיע. ביידע מוזעס — באלעט און מאָלערײַ — באגײַסטערן זי אלציינס דאָס גאנצע לעבן. אירע אינטערעסן זײַנען ביכלאל שטענדיק געווען פילזײַטיקע. קעסיידער פלעג זי נישטערן, זוכן אין זיך, ווײַזט אויס, דאָס סאמע וויכטיקסטע — דעם בארוף. א סוואָרע, אז ענדגילטיק אויסקלײַבן דאָס איין־און־אייציקסטע איז איר ניט געלונגען ביזן סאמע סאָף. ווער ווייסט, עפּשער איז אזוי בעסער. זי, פּעסעלע גאָרענשטיין, אלנפאלס, איז געווען גליקלעך. זי האָט געוווּסט פון פרייד סײַ לעכאטכילע, שטעלנדיק די נאָך ניט פעסטע טריט פון א באלערינע, סײַ זיך געקוויקט מיטן קישעף באם פארפאסן אף א פּאָשעטן לײַוונט אן אומגעוויינלעכע גאמע פון פארבן. אויך שפּעטער, אין כארקאָוו, אפן יורידישן פאקולטעט פלעגט זי זשעדנע, מיט פארגעניגן ארײַנזאפן אין זיך די שטרענגע לאָגישקײַט פון דער וויסנשאפט. באגלײַך מיט יוריספּרודענץ באהערשט זי די יעסוידעס פון מײַסטערשאפט אין דער שול פונעם סקולפּטאָר ל. בלאָך. אָבער אירע טענץ פארגעסט ניט פּאָלינע מיכײַלאָוונא. בייסן בירגערקריג, טאקע אין כארקאָוו, פארענדיקט זי די כאָרעאָגראפישע שול און ווערט אן ארטיסטקע. זי נעמט זיך א פּסעוודאָנים — איר אייגענעם נאָמען, איבערבײַטנדיק מיט די ערטער זײַנע זילבן: אָנשטאָט פּאָלינא — לינא פּאָ.





שפעטער, אין 1920, פֿאָרט זי אַריבער קיין מאָסקווע. זי זעצט פֿאָר איר בילדונג אין די אזויגערופענע העכסטע כאָרעאָגראַפישע ווארשטאַטן, לערנט זיך אָף דער סקולפטור־אָפּטיילונג פונעם וכוטעמאַס.

ביזן 1934 באשעפטיקט זיך לינא פֿאָ מיט כאָרעאָגראפיע. זי טאנצט אליין, נעמט אָף זיך די ראָליע פון א באלעטמייסטער. פארשיידענע טעאטערס פונעם סאָוועטנפארבאנד באווײַזן כאָרעאָגראַפישע ספעקטאקלען, וועלכע זי האָט געשטעלט. כוץ דעם, פארנעמט זי זיך מיט פעדאגאָגישער ארבעט — אונטעריכט כאָרעאָגראפיע.

אָפט, אָף די רעפעטיציעס, פלעגט לינא פֿאָ מאָלן קאָלערלײַ עסקיזן און, באנוצנדיק זיך מיט ווייכע מאטעריאלן, מערסטנטייל מיט פלאסטילין, מאכן סקולפטור־קאָמפּאָזיציעס, ספעציעל פאר אירע שילער, זיי זאָלן קאָנען בוילעט זיך פאָרשטעלן די מיזאנסצענעס פון די טענץ.

אין 1934 ווערט לינא פֿאָ שווער קראנק — פארלירט די ריע. אזא מין אומגליק, קאָן זײַן, וואָלט אן אנדער מענטשן אראָפּגעשלאָגן פונעם וועג, אָבער זי האָט ניט פארלאָרן דעם מוט און געפונען אן אויסוועג אקטיוו צו לעבן און שאפן. דער קינסטלער — אקאדעמיקער מ. וו. נעסטעראָוו העלפט איר ווערן א סקולפּטאָר. און עס איז גאנץ נאטירלעך, וואָס פיל פון אירע ערשטע פראָפעסיאָנעלע ווערק זײַנען געווידמעט דעם טאנץ. זי באווײַזט זיי אָף דער אויסשטעלונג פון די מאָסקווער סקולפּטאָרן אין 1937. איר שאפונג באקומט א הויכע אָפּשאצונג.

אין די יאָרן פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע וווינט לינא פֿאָ אין דער שטאָט אופא, שאפט סקולפטורן: געשטאלטן פונעם באשקירישן פאָלק, קאָמפּאָזיציעס אָף פאטריאָטישע טעמעס.

מיט פֿאָלינע מיכײַלאָוונען זײַנען געווען באפרײַנדעט מענטשן, וועלכע האָבן פארנומען דעם אויבנאָן אין דער סאָוועטישער קולטור פון יענער צײַט — אָנגעזעענע שרײַבער און קינסטלער ס. ט. קאָניאָנקאָוו, אי. א. גראבאר, מ. וו. נעסטעראָוו, ס. יא. מארשאק, אי. ג. ערענבורג און פיל אנדערע. זיי האָבן הויך געשאצט איר שאפונג און איר גוורע.

„מיט א העלדישער אָנשטרענגונג פונעם ווילן, אײַנגעשפּארט, געדולדיק באזיגט די מוטיקע סאָוועטישע פרוי איר צאָרע", — די דאָזיקע ווערטער געהערן איגאָר עמאנוילאָוויטש גראבארן. און אָט וואָס עס האָט אָנגעשריבן וועגן לינא פֿאָ דער פאטריארך פון די סקולפטאָרן סערגיי טימאָפייעוויטש קאָניאָנקאָוו:

— וווּנדערבאר

איר האָט זיך צוגערירט מיט פינגער צארטע
צו דער באגײַסטערונג געהיימער,
וווּנדערשיינער
און ס'זײַנען לעבעדיק געוואָרן שטיינער,
פאָרמלאָזע ביז איצטער, קאלטע, הארטע.
פון די באשעפענישן לוסטיקע דעם אָטעם
איך הער, איך זע — מיט אלע אויסגעטרוימטע
פראָטים.

פֿאָלינע מיכײַלאָוונא איז געשטאָרבן אין 1948.

א פארכידעשטער, באטראכט איך איצט אין זאל פונעם צענטראלן הויז פאר בלינדע אירע ווערק. עס פאנגען מיט זייער פסיכאָלאָגישער עמעסדיקײַט פּושקינס, טשעכאָווס, פאגאניניס פּאָרטרעטן, אָנגעפולט מיט פּאָעזיע און מיט ליריק זײַנען די פּרוייִשע פּאָר־



טרעטן „גרוניא״, „די באלערינע ר. צ.״, „א מיידעלע מיט א טויב״. ווּאַרהאַפטיק איז דאָס געשטאַלט פּר־נעם אוזבעק אינעם „זינגענדיקן אשוג״.

עטלעכע ווערק זײַנען געווידמעט דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. דער מעכטיקער גײַסט פונעם פאָלק, דער גלויבן אין ניצאָכן פילט זיך אין דער סקולפּטור „נעקאָמענעמער״. דער טראַגיזם פון די קאַצעטניקעס און קאַרבאָנעס פונעם פאַשיזם איז פאַרקערפּערט אין דער סקולפּטור „די פרוי מיט א בירקע״.

אָף דער אויסשטעלונג עקספּאָנירט זיך אויך אן אווטאָפּאָרטרעט פון לינא פּאָ. דאָס איז א מערקווירדיקע סקולפּטור. מיר פאַרגעסן, קוקנדיק אָף איר, אז זי איז א בראָנזענע. עס פאַרכאַפּט אונדז דער וווּנדער פון טכיאַס־האַמייסים. לינא פּאָ לעבט — אן איידעלע, פּאָעטישע, גײַסטיקרײַכע פרוי...

ק. סאָראָקע (מאָסקווע)

## לייענענדיק דאָס ווערק

איך שיק אײַך דאָ די עטלעכע שורעס, וועלכע כ׳האָב אָנגעשריבן, לייענענדיק נאָטע לוריעס „געשיכטע פון א ליבע״ (פאַרעפנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד״ נומ. 1 און 2 פאַרן 1976).

איך האַלט, אז איר האָט זייער רעכט געטאָן, וואָס איר האָט אָפּגעדרוקט דעם ראָמאַן. אין די הײַנטיקע צײַטן, ווען דער ביכער־מאַרק ווערט פאַרפלייצט מיט פאַלש־אָנגעטראַכטע ווערק וועגן ליבע, ווען די בורזשואזע ליטעראַטור פּראָפּאַגאַנדירט אזוי אָפן פאַרצווייפלונג, גוואַלדטאַטן און סעקס, איז אוואַדע נייטיק קעגנצושטעלן אָט דעם שטראָם אונדזער סאָוועטישע שילדערונג פון איידעלן געפיל, ווי ליבע.

זייער גוט און וויכטיק איז דאָס, וואָס אין דעם ראָמאַן זײַנען אַרויסגעפירט סאָוועטישע ייִדישע יונגעלײַט, וועלכע נעמען אן אקטיוון אָנטייל אין דער קולטור־בויונג, און אויך דאָס, וואָס זייערע מײַסים און געפילן זײַנען אזוי ריין און ציכטיק.

איך וויל אויסדריקן מײַן האַרציקן דאַנק דעם מעכאַבער פון אָט דער „אָפּטימיסטישער טראַגעדיע״ און ווינטשן אים, ער זאָל נאָך פיל מאָל אונדז דערפרייען און מעכײַע זײַן מיט נײַע קינסטלערישע ווערק.

מוישע וואָלף
קאַנדידאַט פאַר מעדיצין־וויסנשאַפט
(מאָסקווע)

## באַקאַנט מיך מיטן טעקסט פון דער פאָלקסליד

כאָשעווע רעדאַקציע! לויטן פאַך בין איך א דערציִערן אין א קינדער־גאָרטן. איך שרײַב אײַך אָט איבער וועלכער סיבע.

איך האָב געקויפט א העפטל מיט נאָטן, אן אויסגאַבע, וועלכע ס׳האָט ערשט ניט לאַנג, אין סאָף 1976, אָפּגעדרוקט דער אַלפאַרבאַנדישער פאַרלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר״ אין מאָסקווע. די זאַמלונג הייסט „פאָלקס־מוזיק״. די לידער, וועלכע מע האָט דאָרט צונויפגעזאַמלט, זײַנען ספּעציִעל באַאַרבעט פאַר יונגע פּיִאַניסטן, קיין טעקסטן פאַרמאָגן זיי ניט — געגעבן זײַנען בלויז די מעלאָדיעס.

פאַראַן אינעם העפטל אויך א ייִדישע ליד, וועלכע איז אָנגערופן אין דער רוסישער איבערזעצונג — «Застольная».




ווען איך האָב זיך אוועקגעזעצט צום קלאַוויר און דורכגעשפּילט די נאָטן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז די ליד האָב איך אמאָל געהערט, זי הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „לאָמיר אלע אינײנעם״.

איך בעט אײַך מיר ענטפערן, צי בין איך זיך ניט טויע געווען, און אויב ניין, וואָלט איך זייער געוואָלט, איר זאָלט איבערדרוקן אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״ די נאָטן אינײנעם מיט די ווערטער פון דער ליד.

ליובע שלייפמאַן־אָסטראָוכאָווא (לענינגראַד)

פון רעדאַקציע.

**מיר פילן אויס די באַקאָשע. אויסער די נאָטן און דעם טעקסט, גיבן מיר אויך די פּאַטאָס פון נעם שאַרבלאַט און פון דעם זײַטל אין דער רוסישער זאַמלונג, ווו עס איז פּובליקירט די ליד.**

# װעגן קאַפּוליע און װעגן אײנער אַ באַקאַנטשאַפֿט

איך װיל אײַך עפּעס־װאָס דערצײלן װעגן דעם שטעטל קאַפּוליע און װעגן אײנער מײַנער אַ באַקאַנטשאַפֿט.

אין קאַפּוליע איז געבױרן געװאָרן מענדעלע מוכר־ספֿרים. אַנדערע, אַזעלכע װי קאַפּוליע שטעטלעך, זײַנען אין דער מילכאָמע אַנטרונען פֿון דער װעלט, קאַפּוליע אָבער לעבט אַדהײַנט. דאָס איז איצט אַ ראַיאָנער צענטער אין דער מינסקער געגנט.

נאָך בײַ מענדעלעס לעבן האָבן די קאַפּולער גאַרבערס געהאַט אַ שעם איבער גאַנץ װײַסרוסלאַנד. זײער סכױרע פֿלעגט געפֿעלן די קױנים. צװישן די גאַרבערס, פֿאַרשטײט זיך, זײַנען געװען סײַ פּאַרמעגלעכע, סײַ אָרעמע און אױך פּאָשעט עװױנים — פּראָלעטאַריער. דאָס שטעטל האָט געהאַט רעװאָלוציאָנערע טראַדיציעס.

מענדעלע איז ניט דער אײנציקער שרײַבער, אָן אָפּשטאַמיקער פֿון קאַפּוליע. אין װײַסרוסלאַנד איז הױך געשעצט דער דיכטער אַלעס גורלאָ, װעמענס לעבן און טעטיקײַט האָט זיך אױך אָנגעהױבן אין קאַפּוליע. דערנאָך איז ער געװען אַ מאַטראָס אױף דעם באַלטישן ים, אָנטײלגענומען אין די געשעענישן פֿון אָקטיאַבער 1917. זײַנע ביכער דערשײַנען אױך איצט.

נאָך אײן מערקװירדיקער װײַסרוסישער פּראָזאַיקער און פּאָעט, ציִשקאַ גאַרטני, שטאַמט פֿון די קאַפּולער גאַרבערס. ער איז געװען צװישן די ערשטע אָנפֿירער פֿון דער װײַסרוסישער סאָװעטישער רעגירונג.

מענדעלע האָט אין קאַפּוליע נאָך ניט געשריבן — דאָ איז בלױז אַדורך זײַן קינדהײַט. ער האָט ליב באַקומען די אַרומיקע נאַטור, װעלכע ער האָט שפּעטער ניט אײן מאָל אַזױ װוּנדערלעך געמאָלט אין זײַנע װערק.

אין קאַפּוליע איז געשטאָרבן זײַן פֿאָטער. די מאַמע האָט אַ צװײט מאָל חאַסענע געהאַט, און מענדעלע איז צוזאַמען מיט איר יאַריבערגעפֿאָרן קײן מעלניקי, ניט װײַט פֿון קאַפּוליע. געלעבט האָט ער אױך אין סלוצק.

קאַפּולער און סלוצקער ביבליאָטעקן פֿאַרמאָגן מענדעלעס װערק. זײַנע ביכער לײענט מען דאָ גערן, הגם זײ שילדערן שױן אַ לאַנג פֿאַרגאַנגענע װעלט.

בײַס דער מילכאָמע איז קימאַט גאַנץ קאַפּוליע פֿאַרברענט געװאָרן, בעסױכעם אױך מענדעלעס שטוב, אָבער די היגע טױשװים װײסן, װוּ זי איז געשטאַנען און װוּ עס האָבן געלעבט אַ. גורלאָ און צ. גאַרטני.

דאָס שטעטעלע קאַפּוליע איז אױף אײביק פֿאַרבליבן אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער און װײַסרוסישער ליטעראַטור.

איצט אָט װעגן װאָס. דאָ ניט לאַנג האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַן אינטערעסאַנטן מענטשן. ער הײסט איװאַן יעװסטאַפֿיעװיטש קריפּעץ. ער איז שױן אַלט 90 יאָר און איז אַ קאָמוניסט פֿונעם 1917.

יונגערהײט איז ער אַװעק פֿון דער הײם — פֿון אַ פֿאַרװאָרפֿן דערפֿל אין ברעסטער געגנט. זײַן פֿאָטער, אַן אָרעמער פּױער, איז ניט געװען בעקױעך אױפֿצוהאַלטן די מישפּאָכע.

זײַן אײגן שטיקל ברױט זוכט דער װײַסרוסישער באָכער אין װילנע. ער קומט אָן אין אַ שריפֿטגיסערײַ. דעמאָלט זײַנען אין רוסלאַנד געװען בלױז פֿיר „סלאָװאָליטניעס", אײנע פֿון זײ אין װילנע. מע פֿלעגט דאָרט אױסגיסן רוסישע, ייִדישע, פּױלישע און אַנדערע שריפֿטן.

איװאַן יעװסטאַפֿיעװיטש איז פֿון די יונגע יאָרן געװען צוגעװױנט אַלץ טאָן אַקוראַט. די רוסישע שפּראַך האָט ער געקענט פֿון קינדװײַז אָן, דעריבער איז אים געװען לײַכט אױסגיסן רוסישן שריפֿט. צוליב די ייִדישע באַשטעלונגען האָט ער באַשטימט באַהערשן די ייִדישע שפּראַך. ער לערנט זיך אױס לײענען און שרײַבן אױף ייִדיש. דערנאָך, איבער די זעלבע סיבעס, שטודירט ער העברעיִש.

צענדליקער יאָרן זײַנען אַװעק פֿון יענער צײַט, אָבער איװאַן יעװסטאַפֿיעװיטש פֿאַרגעסט ניט די ייִדישע שפּראַך. ער איז אַ לײענער פֿונעם זשורנאַל „סאָװעטיש הײמלאַנד", דערצײלט זײַנע חאַװײרים און פֿרײַנט װעגן די װערק, װעלכע ער לײענט דאָרט.

און נאָך אַן אינטערעסאַנטע אײנצלהײַט: װען דער חאַװער אי. יע. קריװעץ האָט געפֿירט אונטערערדישע אַרבעט אין מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד, איז דאָס קענען פֿון דער ייִדישער שפּראַך אים זײער צוניץ געקומען.

יעפֿים סאַדאָװסקי (מינסק)

# דאָס לעבן און דער אױפֿטו פֿון אַ קאָמפּאָזיטאָר

איך שרײַב אײַך, טײַערע חאַװײרים, דערפֿאַר, װײַל כ'װײס, מיט װאָס פֿאַר אַ דערעכערעץ אײַער זשורנאַל באַציט זיך צו די עכטע ייִדישע קולטורשעפֿער פֿון אַלע צײַטן. איך האָף, אַז איר װעט פֿאַרעפֿנטלעכן מײַן בריװ און דערמיט אָפּמערקן דעם 90־טן געבורטסטאָג פֿונעם ייִדישן סאָװעטישן קאָמפּאָזיטאָר מיכאַיִל אַרנאָלדאָװיטש מילנער.

געבױרן איז ער אין שטעטל ראַקיטנע (קיִעװער געגנט) בײַ אָרעמע עלטערן. פֿרי פֿאַריאָסעמט געװאָרן, אין צעניאָריקן עלטער געמוזט שױן פֿאַרדינען אױף ברױט — זינגען אין אַ כאָר. צו יענער צײַט הײבט ער אָן פֿאַרפֿאַסן מוזיק.

אין 1908, מיט פֿיל שװעריקײַטן, קומט אָן מ. מילנער אין דער פּעטראָגראַדער קאָנסערװאַטאָריע, װעלכע ער פֿאַרענדיקט אין 1915. דרײַ יאָר איז ער אַ מיליטערישער דיריזשאָר. אײנצײַטיק פֿירט ער אָן מיט אַ ייִדישן כאָר.

נאָך דער רעװאָליוציע איז ער טעטיק אין פּעטראָגראַדער פּראָלעטקולט, אַרבעט אַלס הױפּט־כאָרמײַסטער אינעם אָפּערע־טעאַטער פֿונעם פֿאָלקס־הױז.

שפּעטער, אין משך פֿון אַ רײ יאָרן, איז ער פֿאַרװאַלטער פֿון דער מוזיקאַלער טײל און דיריזשאָר אינעם מאָסקװער ייִדישן טעאַטער (1924—1926) און אינעם כאַרקאָװער ייִדישן טעאַטער (1929—1931).

אין 1931 אָרגאַניזירט מ. מילנער אַ ייִדישן װאָקאַלן אַנסאַמבל „יעװאָקאַנס", און ער איז זײַן קינסטלערישער אָנפֿירער ביזן 1941. דער אַנסאַמבל האָט



גאַסטראָלירט אין ביראָבידזשאַן און אין פיל אַנדערע שטעט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

בײַס דער פאָטערלענדישער מילכאָמע בלײַבט מ. מילנער אין פאַרבלאָקירטן לענינגראַד. ער זעצט פאָר זײַן אַרבעט אין דעם קאָמפּאָזיטאָרן־פאַריין, האָגאָם אינעם ערשטן בלאָקאַדע־ווינטער איז ער אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז זײַנע קרויווים פלעגן אים פירן אָף דער אַרבעט אין א קינדער־שליטל.

דעמלט, אין לענינגראַד, האָט מ. מילנער פאַרפאַסט די סימפאָנישע פאָעמע „פאַרטיזאַנער“, די ראַפּסאָדיע „סילועטן פונעם פאָטערלענדישן קריג“, צוויי סויוויטעס: „טרערנדל“ און „פאָלקס־נעשאָמע“. ער ווערט באַלוינט מיט דער מעדאַל „פאַר באַשיצן לענינגראַד“.

נאָך דער מילכאָמע שאַפט מ. מילנער דרײַ אָפּערעס, איינע פון זיי — „פלאַוויוס“ — לויט ליאָן פויכטוואַנגערס ראָמאַן „דער ייִדישער קריג“.

אויסער די אויבנדערמאָנטע ווערק, אַנטהאַלט מ. מילנערס שעפערישע ירושע מוזיק צו פערציק דראַמאַטישע ספּעקטאַקלען.

מ. א. מילנער איז געשטאָרבן אין 1953 אין לענינגראַד.

ער איז געווען א פאַטריאָט פון אונדזער סאָוועטישער היים, א טאַלאַנטפולער מוזיקאַנט.

ר. פּעטרענקאָ (מאָסקווע)

## דער יובילײ פון א פאָלקס־מענטש

ניט לאַנג צוריק איז באַם פערסאָנעלן פענסיאָנער יויסעף גאָלדנשטיין געווען א גרויסע סימכע. דער קאַנוקאַס־האַבאַיִס איז באַ אים צונויפגעפאַלן מיט נאָך צוויי געשעענישן אינעם לעבן: מיטן 70־טן געבורטסטאָג און מיט 40 יאָר, זינט ער האָט כאַסענע געהאַט. זײַן פרוי מיליע איז אויך, ווי ער, א געוועזענע אַקטיווע אונטערערדישע רעוואָליוציאָנערע טוערן. גראַד אין די טעג איז, אויסער דעם, געוואָרן הונדערט יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן יויסעפס פאָטער פּינכעס, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַלע שיווע מעדוירײ גענעם אין די דײַטשיש־רומענישע פאַשיסטישע לאַגערס און איז אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן אויך געווען א בעקאָוועדיקער פערסאָנעלער פענסיאָנער.

עס זײַנען זיך צונויפגעקומען דעם יוביליאַרס כאַווײרים — רעוואָליוציאָנערע טוער, מיט וועלכע עס איז אים אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך אָף דער אונטערערדישער אַרבעט און אין די טפיסעס פון דער געוועזענער באָיאַרישער רומעניע; אַרבעטער פון דער קעשענעווער אײַזנבאַן־דעפּאָ, ווו ער האָט געאַרבעט העכער צוואַנציק יאָר, ביזן אַרויסגיין אָף פענסיע.

אָלגע וואָלקאָווא, דאַוויד לאַפּסקער, מאַניע גרינבערג, איסאַק גרינבלאַט, ראַכעלע בערנבערג, לייזער גאָראָוויץ און די געוועזענע פאַרזיצערן פונעם מאָלדאַווישן צענטראַל־קאָמיטעט פון „מאָפּר“ פּאַולינע ריבאַלטשענקאָ האָבן דערציילט וועגן דעם יוביליאַרס לעבנסוועג. נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן, ייִנגלווײַז, ווען ער האָט געאַרבעט אין א קעשענעווער מיל, שפּעטער אין דער שטאָט גאַלאַץ, אינעם דונײַ־פּאָרט, אינעם וועבער־צענטער בוהוש, פלעגט ער אָרגאַניזירן שטרײַקן, שאַפן אונטערערדישע קאָמיוגישע קעמערלעך, אַרויסטרעטן אָף אומלעגאַלע אַרבעטער־מיטינגען. ניט איין מאָל איז ער אַרעסטירט געוואָרן. ער ווערט איינער פון די באַליבטסטע אָנפירער פון די וועבער־אַרבעטער. די פּאַרטיי שיקט אים אָף פאַרשיידענע פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן. אין טשערנאָוויץ אָרגאַניזירט ער א געגנט־קאָנפערענץ פון די בוקאָווינער רעוואָליוציאָנערע פּראָפאַריינען. ער ווערט אַרעסטירט, פאַרמישפּעט, אַרײַנגעוואָרפן אין שרעקלעכן קאַזעמאַט פון דער דעמלטיקער רומעניע — דאָפטאַנע. אין די דרײַסיקער יאָרן, ביז דער באַפרײַונג פון בעסאַראַביע, אַרבעט ער אינעם פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל פון דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט און א צײַט אַלס אינסטרוקטאָר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „מאָפּר“, סעקרעטאַר פון דעם בוקאַרעשטער שטאָט־קאָמיטעט. אומעטום האָט ער געהאַט א שעם פון א פּרינציפּיעלן, איבערגעגעבענעם און דרייסטן רעוואָליוציאָנער. סײַ אין די טפיסעס, סײַ אָף דער פרײַ איז ער טאָמיד געווען א מוסטער פון ערלעכקײַט, באַשיידנקײַט, אומבאַגרענעצטער געטרײַשאַפט דעם אידעאַל. קיין שום פאַרפאָלגונגען האָבן אָף קיין האָר ניט געקאָנט ברעכן זײַן רעוואָליוציאָנערן גײַסט, זײַן אידעייִשע איבערצײַגטקײַט.

נאָך דער פאַרייניקונג פון בעסאַראַביע מיט איר היימלאַנד, קומט גאָלדנשטיין אָן אַרבעטן אין קעשענעווער אײַזנבאַן־דעפּאָ. אָנגעהויבן אַלס לאָקאָמאָטיוו־הייצער, איז ער שפּעטער געוואָרן איינער פון די בעסטע מאַשיניסטן אָף דער אײַזנבאַן. מילכאָמע־צײַט האָט ער מיט זײַן לאָקאָמאָטיוו באַדינט די פאָדערשטע פראָנט־ליניעס. נאָך דער מילכאָמע, אין מעשעך פון צוואַנציק יאָר ביז דער פענסיע, האָט ער געפירט א לאָקאָמאָטיוו, דערצויגן צענדליקער יונגע קוואַליפיצירטע לאָקאָמאָטיוו־מאַשיניסטן.

וועגן גאָלדנשטיינען דעם פּראָלעטאַריער האָבן דערציילט אָף דער יובילײ־פײַערונג די אײַזנבאַן־

טוער און וועטעראַנען א. וו. זאַכאַראָוו, א. א. גראַ־מאָוו, מ. פּ. גיציס, י. ב. קופּמאַן, דער לאַקאָמאָטיוו־מאַשיניסט, גאָלדנשטיינס דערצוויגלינג, גרישע לאַ־בער. מע האָט דערמאָנט די פּילצאָליקע מעלוכע־באַ־לוינונגען, וואָס דער יובּיליאַר האָט באַקומען סײַ אַלס רעוואָליוציאָנערער טוער, סײַ אַלס אײַזנבאַן־אַרבע־טער.

יויסעף גאָלדנשטיינען זײַנען געקומען באַגריסן דער מאָלדאַווישער שרײַבער סאַמסאָן שליאַכו און דער ייִדישער שרײַבער יעכיעל שרײַבמאַן. זיי האָבן גערעדט וועגן זײַן גרויסער ליבע צו ליטעראַטור און קונסט.

דער יובּיליאַר האָט באַקומען צענדליקער אַדרעסן און טעלעגראַמעס פון אַ סאַך שטעט.

אַף דער פּײַערונג איז בײַגעווען אַ גרויסער אויל־לעם. עס האָבן געקלונגען רעוואָליוציאָנערע און פאָלקס־לידער אַף פאַרשיידענע שפּראַכן.

די פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן באַ דער געלעגנהײַט געשאַפן צווישן דעם אוי־לעם פופצן נײַע אַבאָנענטן.

איסאַק גרינבלאַט, ליאָניע לאַפּושניאַן,
לייזער גאַראָוויץ (קעשענעוו)

## דיכטונג פון אַ מאָלער

ליבע פרײַנט פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד"! אַלס מאָלער טרעט איך אָפּט אַרויס אין זשורנאַל, אָבער איצט (זאָל עס אײַך ניט כידעשן) וויל איך פאָרלייגן מײַנע לידער, וועלכע קומען, ווי געוויינלעך, אומגעבעטן און פּאָדערן: פאַרשרײַב אונדז און גיב אונדז אָפּ די מענטשן! איך וועל אײַך זײַן דאַנקבאַר, אויב איר וועט געפינען פאַר מעגלעך צו פאַרעפנטלעכן די וואָרט־פּייזאַזשן מײַנע.

נאָכעם אַלפּערט (ווילנע)

פון רעדאַקציע
מיר ברענגען דאָ נאָכעם אַלפּערטס צוויי לידער.

### צוויי טײַכן

#### איסע

כ'שטיי באַם בריק, וואָס אַף דער איסע,
מיט דערינערונגען זיסע.
פון דעם אָרט מיר פלעגן קוקן
ווי דאָס וואַסער קאָכט.

ס'וואַסער לויפט, ווי אין בעהאָלע,
שטופּט זיך דורך דורך לעכער שמאָלע,
פון דער אָזערע אין איסע
פאַלט פון הויך אַראָפּ.

ווײַסן שוים די כוואַליעס טראָגן,
צו דער שטשאַרע גיך זיי יאָגן.
ברויזן, רוישן, שווענקען ברעגן
מיט אַ גרויסער קראַפט.

דורכן וואַלד צו קאָפּעניצע
אויסגעצויגן, ווי אַ פּריצע,
מאַכט זיגזאַגן און פאַרנייגן
צווישן וואַלד און פעלד.

(אין די קוסטעס טוט זיך ווײַזן,
זוכט, מיט וואַסער שפּײַז זיך שפּײַזן,
טוט אַ שמעק די לופט דאָס העזל
און באַהאַלט זיך גלײַך...).

ס'האָט אַ ניגן זיך צעשוווּמען,
אַלץ מיט פרייד אַרומגענומען.
שטייט דער וואַלד פונקט ווי פאַרקישעפט,
ס'הערט און שווײַגט די ערד.

קלינגענדיקער און אַלץ העכער
גיסט זיך אָנעט פול דער בעכער.
ווי פון זיסער הייסער מאַשקע
שיקער ווערט די ליד.

האָט די רויטע זון געזונקען,
אין דעם נעפּל זיך געטונקען,
רויטע שטראַלן אינעם הימל
צינדן אָן דעם טײַך.

איסע ברענט איצט, ווי אַ שײַטער,
לויפט דעם וועג דעם לעצטן ווײַטער
און זי גיסט זיך אין זאַמאָשטשער
אָזערע אַרײַן.

שטייען ייִדן און זיי גאַפן,
וואָס עס קען די זון באַשאַפן:
רויט די אָזערע געוואָרן,
פּלוצלינג — טונקל־בלוי.
— — — — — — — — — — —
איצט ניטאָ די ליבע ייִדן.
ס'טוט דאָס וואַסער מער ניט זידן.
היטלער האָט די פּראַכט פאַרניכטעט
דאָן מיט ייִדן גלײַך.

#### שטשאַרע

ווען די זון שטייט אויף באַגינען,
צויבערט פעלדער, וועלדער גרינע,
ליכטיק קוקט אַרײַן אין שטשאַרע,
פול מיט זילבער־שײַן.

שטשאַרע פליסט דער שטאָט אַנטקעגן,
וואַשט די גראָזן באַ די ברעגן,
איז פאַרשלייערט אין פרימאָרגן
מיט אַ פּײַכטן גלאַנץ.

שלענגלט זיך פון ווײַטן קלאָרע,
טראָגט די פליטן, קיין אײַנהאָרע —
אויסגעהאַקטע אָן ראַכמאָנעס
סאָסנעס פון אַ וואַלד.

שטייט אַ בײַדל אויסגעפּלאַכטן
אָפּן פליט, און ס'זיצן דאָרטן
פויערים, וואָס קאָכן וואַרמעס
אין אַ גרויסן טאָפּ.

פון דער לאַנקע פאַר די אויגן
איז אַ בושל דורכגעפלויגן,
פליגלען זײַנע ברייט צעשוועמט,
פליט ער צו דער נעסט.

פון די הויפן, פון די שטיבער
הענער רופן זיך שוין איבער,
קרייען, פּאטשן מיט די פליגל,
זאָגן אָן דעם טאָג.

שלעפעריק דער טאָג ט'זיך ציִען,
ווײַל די היץ וועט הײַנט שטארק בריִען,
בלענדנדיק די זון וועט שײַנען
און פארגיין אין טײַך.

בלאָזט דער דאמפער פון זײַן קוימען,
שווארצן רויך יאָגט אין די רוימען.

בא די זײַטן — גרויסע רעדער,
און זיי רוישן שטארק.

אָף דער שטשאָרע איז ער איינער,
ווײַס געפארבט און גאָר א קליינער,
שנײַדט דאָס וואסער, טיילט אפצווייען
אונדזער ליבן טײַך.

סלאָגנים האָט צו זיך קיין גלײַכן
מיט די אָזערעס און טײַכן,
מיט די קרענעצעס און בריקן
מיט די בערג אין שטאָט...

---

## אָף א מאָסקווער כאַסענע

אין איינעם א נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ אין 1976 האָב איך געלייענט וועגן א יידישער כאַסענע אין טשערנאָוויץ. עס איז מיר געפעלן, וויאַזוי די פאָלקס־טראַדיציעס באַהעפטן זיך מיטן נײַעם לעבן. דאָס איז בעפיירעש א באַווײַז, ווי טיף עס איז אײַנגעוואָרצלט דער יונגער דאָר אינעם סאָוועטישן שטייגער.

מיר האָבן אויך דאָ ניט לאַנג כאַסענע געמאַכט אונדזער טאָכטער, און איך וויל אײַך דערציילן וועגן איינעם א מערקווירדיקן פאַקט.



ווען כאַסן־קאַלע האָבן זיך פאַרעגיסטרירט, איז אוועק א סעדרע מיט באַגריסונגען — אייגענע און קרובים, פרײַנט און כאַווײרים, פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפטלעכקײַט, אלע האָבן געווונטשן דעם נײַעם פּאָרפאָלק אלדאָס בעסטע אינעם לעבן.

און דאָ איז אקוראַט געקומען א דעלעגאַציע פון אינדיע. זיך דערוווּסט, אז אין זאַגס קומט פאָר אַזאַ מין פּײַערלעכע צערעמאָניע, האָבן די אינדוסן אויך זיך אָנגעשלאָסן אין איר, אונטערגעטראָגן די פאַרהייראַטע מאַטאָנעס און זיך מיט אונדז פאָטאָגראַפירט.

די פאָטאָגראַפיע שיק איך אײַך.

ל. שאַרפשטיין (מאָסקווע)

# פאַרשיידנס

## רוימישע פּלאַגיאַטן

אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט האָט איינער אַ פאָרשער פעסטגעשטעלט, אַז דער פּלאַגיאַט איז אַזוי אַלט, ווי די ליטעראַטור גופא. ער האָט אײַנגעפונען, אַז זײַנערצײַט איז אין פּלאַגיאַט באַשולדיקט געוואָרן — ווער מיינט איר? — אַליין דער „פאָטער פון געשיכטע" געראָדאָט! דער גריכישער פילאָסאָף פּאָרפירי האָט באַהויפּטעט, אַז געראָדאָט האָט זײַן באַשרײַבונג פון עגיפּטן פולשטענדיק אַנטליִען בײַ געקאַטיי דעם מילעטער (VI—V יאָרהונדערט ביז אונדזער ערע). וועגן סאָפאָקלס פּלאַגיאַטן האָט איינער אַן אַלעקסאַנדריִער פילאָסאָף צונויפגעשטעלט אַ גאַנצן טראַקטאַט. דער דאָזיקער טראַקטאַט איז אָבער צו אונדז ניט דערגאַנגען, און מיר קאָנען זיך מאַכן ניט וויסנדיק און האַלטן, אַז „עדיפּ" איז טאַקע סאָפאָקלס ווערק און מער קיינעמס ניט. אויך ווערגיליִוס, האַלט מען, האָט ניט ווייניק פרעמדס גענומען בײַ לוקרעציִן און ענִין.

און בכלל האָבן די רוימישע שרײַבער, גרויסע און קליינע, אָפט געזינדיקט מיט אָט דער זאַך און האָבן זיך ניט איבעריקס געשעמט דערמיט. ווערגיליִוס, למשל, האָט, דערווידערנדיק קעגן די באַשולדיקונגען אין פּלאַגיאַט, געמאָלדן, אַז ער האָט בלויז „אויסגעזוכט עטלעכע פּערל אין ענִיס מיסט". מע דאַרף אָבער צוגעבן, אַז ער גופא, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זײַנע אייגענע ווערק, פלעגט גאַנץ שטרענג פאַרורטיילן די פּלאַגיאַטאָרן...

(„ליטעראַטורנאַיאַ ראָסיִאַ")

## די מומיִע פון טוטאַנכאַמאָנס באָבע

קימאַט 80 יאָר האָט זיך געפּאָדערט, קעדיי „פעסטשטעלן די פּערזענלעכקײַט" פון דער אַלט־עגיפּטישער מומיִע, וואָס מע האָט געפונען לעבן די אוראַלטע פּירון. אַ גרופּע געלערנטע פונעם מישיגאַנער אוניווערסיטעט האָט געמאָלדן, אַז דאָס זײַנען די רעשטלעך פון דער אַלט־עגיפּטישער קיניגין טײַ — דער באָבע פונעם באַרימטן פּאַרע טוטאַנכאַמאָן.

די מומיִע האָט מען אַנטפּלעקט אין 1898, נאָר די אַרכעאָלאָגן האָבן פאַרשפּעטיקט: נאָך פריִער זײַנען שוין דאָ געווען רויבער, וועלכע האָבן צוגענומען אַלע כפייצים, וואָס וואָלטן געקאָנט העלפן באַשטימען, וועמענס איז די מומיִע. אינגיכן איז די מומיִע פאַרפאַלן געוואָרן, און בלויז מיט צוויי יאָר צוריק האָבן די מיטאַרבעטער פונעם עגיפּטישן מוזיי צופעליק זי געפונען אין איינער פון די שאַצקאַמערס. נאָך לאַנגע אויספאָרשונגען האָט אַ גרופּע געלערנטע בעראָש מיטן באַוווּסטן ספּעציִאַליסט פון פּשאַ אין דעם דאָזיקן געביט דאָקטאָר דזשיימס כאַריס מיט דער הילף פון דער הײַנטצײַטיקער עלעקטראָן־טעכניק פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז טאַקע די קיניגין טײַ. אַ וויכטיקע ראָליע אין די אויספאָרשונגען האָט אָפּגעשפּילט... אַ בינטל האָר, וואָס איז געלעגן אין דער גאָלדענער שקאַטולקע, וועלכע מע האָט געפונען אין 1922 אינעם קייווער פון דער קיניגנס אייניקל — דעם פּאַרע טוטאַנכאַמאָן.

## די ערשטע דאָרפישע טיפּאָגראַפיע אין רוסלאַנד

אין 1788 האָט דער סעקונד־ראָטמיסטער איוואַן ראַכמאַנינאָוו געגרינדעט אַ „פרײַע טיפּאָגראַפיע". אַ פאָרזעצער פון ראַדישטשעווס און נאָוויקאָווס טראַדיציעס, האָט ער געקויפט אַ דרוק־ווערקשטעל און ליטעראַס און אַרויסגעגעבן וואָלטערס ווערק (אין יענער צײַט, נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע, איז דאָס וואָרט „וואָלטעריִאַנעץ" געוואָרן אַ סינאָנים פון פרײַדענקערישקײַט). דערנאָך האָט ער אײַנגענעם מיטן קינפטיקן מעשאָלים־שרײַבער אי. אַ. קרילאָוו אָנגעהויבן אַרויסלאָזן דעם סאַטירישן זשורנאַל «Почта духов» (די פּאָטשט פון גײַסטער).

די זעלטענע אויסגאַבע פון וואָלטערס ווערק דעמאָנסטרירט זיך אינעם מיטשורינסקער קאַנטקענטעניש־מוזיי. די פאַרפאָלגונגען פון דער מאַכט האָבן געצוווּנגען אי. ראַכמאַנינאָוון איבערפּעקלען די טיפּאָגראַפיע אין אַ פאַרוואָרפן טאַמבאָווער דאָרף סטאַראַיאַ קאַזינקאַ, ווו ער האָט פאָרגעזעצט די פאַרלעגערישע טעטיקײַט. אין 1791 האָט ער צו וויסן געגעבן די אָרטיקע מאַכטהאָבער, אַז ער וועט פאָרזעצן אַרויסגעבן זײַנע זשורנאַלן, אָנווײַזנדיק, אַז די טיפּאָגראַפיע געפינט זיך אין דער שטאָט קאָזלאָוו (דער געזעץ האָט ניט דערלויבט צו עפענען טיפּאָגראַפיעס אין די דערפער).

נאָר קיין פּעטערבורג איז אַוועק אַ מעסירע, צו וועלכער עס איז צוגעלייגט געוואָרן וואָלטערס „קאָזלאָווער" באַנד. יעקאַטערינע די צווייטע האָט פאַראָרדנט אויסגעפינען און „אויסקויפן די שעדלעכע און פולע מיט אויסגעלאַסנקײַט" אויסגאַבע, פאַרמאַכן די טיפּאָגראַפיע, קאָנפיסקירן די אַרויסגעלאָזטע ביכער און דעם פאַרלעגער איבערגעבן אין געריכט. דעם איניען האָט פאַרענדיקט פּאַוועל דער ערשטער: ער האָט באַפוילן אַלע קאָנפיסקירטע ביכער פאַרברענען.

איצט איז אין מיטשורינסקער קאַנטקענטעניש־מוזיי זאָרגזאַם אויסגעפורעמט אַ סטענד, געווידמעט אי. ראַכמאַנינאָוון, איינעם פון די אָוועס פונעם באַוווּסטן קאָמפּאָזיטאָר ס. ראַכמאַנינאָוו. אויפן אָרט פון דער ערשטער דאָרפישער טיפּאָגראַפיע אין רוסלאַנד וועט אַוועקגעשטעלט ווערן אַ מעמאָריִאַל־ברעט.

(„ניעדיעליאַ")

## די רעטעניִשן פונעם „דראַקאָן"

אפן אינדאָנעזישן אינדזל קאָמאָדאָ געפינט זיך א גיגאנטישער וואראן, אן אָפשטאמיקער פון די ביזהיסטאָרישע רויבער־רעפטיליעס. דאָס איז איינער פון די סאמע זעלטענע און סוידעספולע באלעכאִים, וועלכע האָבן זיך איַינגעהיט אפן ערדקיַילעך.

אפן אינדזל, וואָס געפינט זיך מיזרעדצו פון יאווע, זיַינען פאראן איצט בא 5 טויזנט גיגאנטישע וואראנען, די לענג ביז 5 מעטער און די וואָג — 100—150 קילאָגראם. לויטן קויעך שטייט דער דאָזיקער „דראַקאָן", ווי די אָרטיקע איַינוווינער רופן דעם דאָזיקן באלעכיַי, ניט אָפּ פונעם סאמע גרעסטן קראָקאָדיל, און לויט דער כיטרעקייַט און געשיקטקייַט — פון די סאמע געפערלעכע און בלוטדאָרשטיקע באשעפעניִשן אין די טראָפּישע דזשונגלען.

טשיקאווע איז, וואָס דער גיגאנטישער וואראן איז ניט פייִק צו לעבן און זיך פארמערן אין אנדערע ראַיאָנען פונעם ערדקיַילעך.

די אינדאָנעזישע ספעציִאליסטן זיַינען באומרויִקט דערפון, וואָס דער לעצטער „דראַקאָן" קאָן פארשווונדן ווערן פון דער וועלט פריִער, איידער ס'וועט זיך איַינגעבן צו געפינען אן ענטפער אף די פילצאָליקע רעטעניִשן, וועלכע זיַינען פארבונדן מיט דעם דאָזיקן באלעכיַי.

(„וועטשערניאיא מאָסקווא")

## מיט וואָס האָבן געשריבן די רוימער?

אין 1908 יאָר האָט די פעטערבורגער צייַטונג «Биржевые ведомости» אָפּגעמערקט א מערקווירדיקן יובילײ: 250 יאָר, זינט מענטשן שריַיבן מיט עכטע בליַיערס. די פאָרגייער פון דער דאָזיקער איינפאכער, נאָר גרויסער לויט איר באדיַיטונג דערפינדונג זיַינען געווען בא די רוימער פארקיַילעכיקטע שטיקלעך בליַי, וואָס פלעגן מער אויסקריצן, איידער שריַיבן ליניִעס.

אין XVI—XII יאָרהונדערטער זיַינען געווען אין גאנג בליַיענע און זילבערנע בליַיערס, מיט וועלכע ס'פלעגן זיך באנוצן דעריקערשט מאָלער און צייכענער. צוערשט האָבן זיך די בליַיערס באוויזן, זעט אויס, אין איטאליע. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן דעם בליַי צונויפשמעלצן מיט צינק. מיט אזעלכע בליַיערס האָבן, אגעוו, געמאָלט דירער און גאָלביין.

דער היַינטציַיטיקער בליַיער האָט זיך באוויזן נאָכן אנטדעקן אין 1658 אין קומבערלענד (ענגלאנד) גרובנס פון גראפיט, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן אלס גלענצנדיקער שריַיב־שטאָף. די ערשטע ציַיט האָט די פאבריקאציע פון בליַיערס, געמאכטע פון ריינעם גראפיט, געפאָדערט זייער א סאך מי: דעם גראפיט פלעגט מען קוידעמקאָל צעזעגן אף גרויסע שטיקער, דערנאָך אף קלענערע און, ענדלעך, אף שטעקעלעך, וועלכע מע פלעגט אריַינפאסן אין האָלץ. אזוי־ווי דער ענגלישער גראפיט האָט געקאָסט טיַיער, האָט מען אין אייראָפּע אָנגעהויבן צומישן צו אים פארשיידענע סוראָגאטן, ווי, לעמאָשל, שוועבל.

אין XVIII יאָרהונדערט האָט מען אינעם גראפיט אָנגעהויבן צוגעבן ליים, וואָס האָט געבראכט צו גרויסע דערפאָלגן אין דער בליַיער־פראָדוקציע. דאָס ניַיע מיטל האָט געגעבן א מעגלעכקיַיט שאפן בליַיערס פון פארשיידענער הארטקיַיט און שווארצקיַיט.

(„ליטעראטורנאיא ראָסיִא")

## ביזנעס פון א טראגעדיע

אמעריקע איז פארפלייצט מיט א כוואליע אויסגאבעס וועגן דזשאָן קענעדי. דער טראגעדיע אין דאלאס זיַינען געווידמעט פיל פסעוודאָ־וויסנשאפטלעכע טראקטאטן, פסעוודאָ־פובליציסטישע ביכער און אפילע ראָמאנען.

דער אזשיִאָטאזש ארום קענעדיס מאָרד האָט פארכאפט אויך די אמעריקאנער קינאָ. נאָכן ערשטן פילם „דעם פרעזידענטס אקציִע" האָט זיך פארן איניען גענומען האָליוווד. פרעד קארוזאָ האָט פארטראכט א פילם „דער ווינטער פארגייט" — וועגן דעם, ווי דער ברודער פונעם געהארגעטן פרעזידענט אנטפלעקט אין פערצן יאָר ארום די פארשווערונג. כאָטש קארוזאָ לייקנט אָפּ, אז זיַין פילם איז פארבונדן מיט דער טראגעדיע אין דאלאס, איז ניט שווער זיך צו דערוויסן, ווער ס'איז דער פראָטאָטיפּ פונעם יונגן און כיינעוודיקן ליבעראלן פרעזידענט, דער זון פונעם ריַיכסטן מענטשן אין אמעריקע. דער צווייטער פילם ווערט געשאפן לויט ר. מאָראָוס בוך „פאראט".

די ביכער־ און קינאָ־פראָדוקציע, וואָס איז געווידמעט דער טראגעדיע אין דאלאס, ספעקולירט אף דער סקעפטישער באציִונג פון די אמעריקאנער צו די אויספירן פון דער וואָרען־קאָמיסיע, וועלכע האָט אויסגעפאָרשט דזשאָן קענעדיס מאָרד.

מיט א זעלטענעם אויסנאם אינטערעסירט די אוטאָרן פון די ביכער וועגן דזשאָן קענעדיס מאָרד לאכלוטן ניט דער עמעס. וועגן דעם האָט זיך אָפן ארויסגעזאָגט די אייגנטימערן פון א פארלאג־קאָמפאניע ראָבערטע גראָסמאן:

„מיר פובליקירן אלץ, וואָס מאכט געלט. מיר האָבן אָפּגעדרוקט א סאך וויסנשאפטלעכע פאנטאסטיק. נאָר איך האלט, אז אין אונדזערע הענט געפינט זיך די מאָנאָפּאָל אף די ביכער וועגן דזשאָן קענעדיס מאָרד. כיו מאקדאָנאלדס בוך „דער ראנדעווו אין דאלאס", וועלכן מיר האָבן ארויסגעלאָזט, איז פארשפרייט געוואָרן אין א מיליאָניקן טיראזש".

אויב די קאָמיסיע פון דער פאָרשטייער־פאלאטע, וועלכע פאָרשט נאָך ביז היַינט אויס דעם מאָרד פון דזשאָן קענעדי און מארטין ליוטער קינג, וועט זיך ניט דערגראָבן צום עמעס (און שאנסן אף דערפאָלג זיַינען זייער צווייפלהאפטע), וועט דער ביזנעס אף דער טראגעדיע אין דאלאס האָבן דערפאָלג נאָך לאנגע יאָרן.

(„פראוודא")

# מאטעריאלן פאר א לעקסיקאָן
## פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור

**דאמעסעק, אווראם־אײַזיק**
**(1893 — 1937)**



— ליטעראטור־קריטיקער. געבוירן אין פינסק (פוילן), געווען א לערער פון ליטעראטור אין יידישע שולן אין פוילן. אין יאר 1926 געקומען קיין ראטנפארבאנד, געארבעט אין דער רעדאקציע פונעם זשורנאל „שטערן" (מינסק), גענומען אן אקטיוון אנטייל אין ליטעראַרישן לעבן. פובליקירט א ריי ארטיקלען וועגן יידישע שרײַבער (מ. קולבאק, ז. אקסעלראד, ק. מאלאדאווסקי און אנד.); דאמעסעק האט איבערגעזעצט אף יידיש ג. וו. פלעכאנאווס „גרונט־פראגן פון מארקסיזם" (צוזאמען מיט י. ראבינאוויטשן). ער איז געווען דער צונויפשטעלער פונעם זאמלבוך „לעבן און קאמף", מינסק, 1936.

**דאניעל, מ. (ליטעראַרישער פסעוודאנים פון מארדכע מייעראוויטש, 1900—1940)**

— פראזאיקער, דראמאטורג. געבוירן אין דווינסק (פוילן) אין אן אָרעמער מישפּאָכע. אויסגעוועןן אין א סאך שטעט אלס ארבעטער, אנגעשטעלטער און לערער. בײַם דערשטער וועלט־מילכאמע איבערגעוואנדערט אפן אוראל ווי א פּאַליט. אין 1921 אריבערגעפארן קיין מאסקווע, געלערנט אין דער אקאדעמיע פאר דערציִונג. שפעטער פארענדיקט די יידישע ליטעראַרישע אפטיילונג אין צווייטן מאסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט און דארט אנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט. מ. דאניעל איז געווען איינער פון די אנהייבער פון דער יידישער סאוועטישער פראזע. אין זײַנע ווערק איז אפּגעשפיגלט דער בירגערקריג אין לאנד („אין א צײַט אזא", „ראכמיִעל דער נאכטשוימער", „יוליס" און אנד.), די פּראבלעמען פון דער אינטעליגענץ און איר באציִונג צו דער רעוואָליוציע („אפן שוועל").



די געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור („דערפינדער און קאמעדיאנט"), די געשיכטע פון דער יידישער קולטור און פילאסאפיע („שלוימע מײַמאן"). פאר דאניעלס שאפונג איז כאראקטעריסטיש זוכערישקייט און נאוואטארישקייט אין געביט פון מעטאד און פארם, פארטיפטער פסיכאלאגיזם, מײַסטערישע דעטאלן־מאלערײַ, רעאליזם מיט טענדענצן צו אימפּרעסיאניזם. דאניעלס ווערק זײַנען איבערגעזעצט אף רוסיש, זײַנע פיעסן זײַנען אופגעפירט געווארן אין סאוועטישע און אויסלענדישע טעאטערן.

ווערק: „ראכמיִעל דער נאכטשוימער", דערציילונג, כארקאוו, 1925; „אפן שוועל", דערציילונג, מאסקווע, 1928; „אין א צײַט אזא", קינא־ראמאן, כארקאוו, 1929; „יוליס", היסטארישער ראמאן, קיִעוו, 1930; „4 טעג" („יוליס"), העראישע טראגעדיע אין 3 אקטן, מינסק, 1932; „יוליס" — „אפן שוועל", מאסקווע, 1940; „פּארשטעטט", דערציילונגען, כארקאוו, 1930; „דער אטריאד" (פונעם בוך „יוליס"), כארקאוו — קיִעוו, 1932; „פּאפּלאוועס טאנצט" (פונעם בוך „אפן שוועל"), קיִעוו — כארקאוו, 1932; „געקליבענע ווערק", כארקאוו, 1933; „פרײַדיקע שטעט", כארקאוו — קיִעוו, 1933; „דערציילונגען און נאוועלן", כארקאוו, 1935; „דערציילונגען", כארקאוו — קיִעוו, 1936; „דערפינדער און קאמעדיאנט" (יאהאן גוטענבערג), פיעסע אין פיר אקטן, קיִעוו, 1937 „דער סאף פון א יונגער ליבע", דערציילונג, מאסקווע, 1937; „די שפיל הייבט זיך אן", פיעסן: „זיאמקע קאפאטש", „דערפינדער און קאמעדיאנט", „4 טעג", מאסקווע, 1937; „אקטיאבער־פײַערן", דערציילונגען, קיִעוו, 1938; „די לעצטע טעג פון פיאטר לוקאמסקי", דערציילונג, מאסקווע, 1939; „מײַן גאלדענע קינדהײַט", דערציילונגען, מאסקווע, 1939; „דער העלדישער בריוועטרעגער", דערציילונגען, מאסקווע, 1940; „שלוימע מײַמאן", דראמע, מאסקווע, 1941.

ביבליאגראפיע: מ. ליטוואקאוו — „אין אומרוו", ב. 2, 1926; י. דאברושין — „אין איבערבוי", 1932; צײַטונג „אייניקייט" — „מ. דאניעל" (צום פינפטן יארצײַט), פעוראל, 1945; „מ. דאניעלס שעפערישער וועג", זשורנאל „אפן וויסנשאפטלעכן פראנט", נומ. 1־2, 1932; מ. אלגין — אין דער צײַטונג „מארגן־פרײַהייט", 20 נאיאבער 1932; וו. אייבראמס, דארטן, דעם 16 דעקאבער 1932; מ. מיזשיריצקי — אין זשורנאל „פארמעסט", נום. 4.

## דוניעץ, כאַצקל (1896 — 1937)

— ליטעראַטור־קריטיקער, פּובלי־ציסט. געבוירן אין (ווײַסרוסלאַנד). נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און אין דער ליטעראַטור. געווען הויפּט־רעדאַק־טאָר פון דער צײַטונג „אָקטיאַ־בער" (אָרגאַן פון צק פון דער קאָמפּאַרטיי פון ווײַסרוסלאַנד), ארויסגעטראָטן מיט א גרויסער צאָל ליטעראַטריש־קריטישע און פּאָלעמישע אַרטיקלען.

ווערק: „די דערגרייכונגען פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק אין ווססר", מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק, 1930; „קעגן סאָציאַל־פאַ־שיסטישן „בונד"", מינסק, 1932; „אין קאַמף אף צוויי פראָנטן", מינסק, 1932; „די איבערדיכטונג־טעאָריע פון כ' ליטוואַקאָוו", מינסק, 1931; „אין שלאַכטן", זאַמ־לונג פון אַרטיקלען, מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק, 1931; „פאַר מאַגניטבויען פון דער ליטעראַ־טור", מינסק, 1932; „וועגן שרײַ־בער און ווערק", זאַמלונג פון אַרטיקלען, מינסק, 1933; „אף לי־טעראַרישע טעמעס", מינסק, 1934.

ביבליאָגראַפיע: א גורשטיין, „פּראָבלעמעס פון קריטיק" (צו־זאַמען מיט מ. ווינער), מאָסקווע, 1933.

## דזיאַמאַנט, הערשל (1911 — 1943)



— דיכטער; געבוירן אין דאָרף וועליקי לוג (אוקראַיִנע), ווו ער האָט פאַרבראַכט זײַנע קינדער־יאָרן, שפּעטער געלעבט אין שטעטל קאַמעני בראָד און אין דאָרף פּאָטשטים רודניא. געלערנט אין זשיטאָמיר אין א ייִדישער אַר־בעטשול. אין 1928 איז דזיאַמאַנט אַנגעקומען קיין כאַרקאָוו אלס שוואַרץ־אַרבעטער. אין יענער צײַט האָט ער שוין געשריבן לי־דער, אָבער דרוקן זיך אָנגעהויבן שפּעטער — מיט דער הילף פונעם גרויסן אוקראַיִנישן דיכטער פּאַוו־לאָ טיטשינא. אין 1932 איז דער־שינען זײַן ערשט ביכל לידער „שוואַרצערד", וואָס האָט צוגע־צויגן צו זיך די אופמערקזאַמקײַט מיט דער מײַסטערשאַפט פונעם פערז. מיט די מאָטיוון פון צאַרטער ליריק און אוקראַיִנישן פּייזאַזש. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע פּאַטערלענדישע מילכאָמע, האָט דזיאַמאַנט געדינט אין דער רויטער אַרמיי אלס קאָמאַנדיר פון א ווזוואָד. ער איז אומגעקומען איז שלאַכט דעם 23 יון 1943 בא דעם דאָרף סאַקאַריאַווקע, גראַטאַווער ראַיאָן, ווינ'צער געגנט.

ווערק: „שוואַרצערד", לידער, כאַרקאָוו, 1932, „דאָס ברייטע לעבן", קיִעוו, 1936.

ביבליאָגראַפיע: מ. כאַשטשע־וואַצקי, צײַטונג „שטערן", 1933; ד. קורלאַנד, זשורנאַל „שטערן", יאַנ־וואַר 1934; אי. דרוקער, זשורנאַל „פאַרמעסט", פעווראַל 1937; ב. מאַרק, צײַטונג „פאָלקס־שטימע", נומ. 40, וואַרשע, 1947; טעוויע גען, „אזוי הויך איז אַרום מיר דער רוים..." (צו הערשל דזיאַ־מאַנטס זעכציקסטן געבורטסטאָג), זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 8, 1971.

## דימאַנשטיין, שימען (1888 — 1937)

— פּאָליטישער טוער, פּובליציסט. געבוירן אין סעבעזש, וויטעבס־קער געגנט, אין א *מישפּאָכע פון* א בלעכער. באַקומען א טראַדי־ציאָנעלע דערציִונג. פון דער פריִער יוגנט טעטיק אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. אין 1904 אַרײַנגעטראָטן אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. אין יענער צײַט הייבט ער אָן אויך זײַן ליטעראַריש־פּובליציסטישע טעטיקײַט (זעצט איבער אין ייִדיש און העברעיִש די פּראָגראַם פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דע־מאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי). פאַר אַקטיווער רעוואָליוציאָנערער אַרבעט איז דימאַנשטיין עטלעכע מאָל געווען אַרעסטירט און פאַר־



שיקט געוואָרן אף קאַטאָרגע קיין סיביר. ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע איז ער ארויסגע־פאָרן קיין אויסלאַנד (דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך), ווו ער האָט פאַרגע־זעצט זײַן געזעלשאַפטלעכע טעטי־קײַט. אין 1917 זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד. נאָך דער אָקטיאַ־בער־רעוואָליוציע פאַרנומען א ריי מעלוכישע און פאַרטייִשע פּאָסטנס. געווען נאָענט באַפרײַנ־דעט מיט וו. אי. לענינען און איז פון אים באַשטימט געוואָרן אלס פאָלקסקאָמיסאַר פאַר ייִדישע איניִאַנים. דימאַנשטיין איז געווען רעדאַקטאָר פון א ריי ייִדישע סאָוועטישע צײַטונגען („די וואַר־הײַט", „דער עמעס") און זשור־נאַלן („די קאָמוניסטישע וועלט" אאַ.). ער איז אויך דער אַווטאָר פון ווערק איבער דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווערק: „באַם ליכט פון קאָמו־ניזם", זאַמלונג אַרטיקלען, מאָסק־ווע, 1919. „דער ציִעניזם אונטער א קאָמוניסטישן שלײַער", מאָסק־ווע, 1919. „די פּראָבלעם פון נאַ־ציִאָנאַלער קולטור", מאָסקווע, 1930. „דער קאַמף פון לעניניזם קעגן לוקסעמבורגיזם", מאָסקווע, *1933. „די נאַציִאָנאַלע פּראַגע אפן* צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי", מאָסקווע, 1934. „די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט — א קינד פון דער אָקטיאַבער־רעוואָ־ליוציע", מאָסקווע, 1934. „פון צאַ־רישן טכום ביז סאָוועטישער אווי־טאָנאָמיע" און זאַמלבוך „ייִדן אין פססר", מאָסקווע, 1935.

ביבליאָגראַפיע: ז. רייזען, „לעק־סיקאָן", ב. 1, ז. 694; כ. דוניעץ, „אין קאַמף אף צוויי פראָנטן", מינסק, 1932; א. בראַכמאַן, „דער לענין־זעקסבאַנד אף ייִדיש", מאָסקווע, 1934; זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 2, 1965.



לאָמיר זינגען נײַע לידער

# א ליבע-געשיכטע

ווערטער — א. ווערגעליס

מוזיק — סערגיי טשעבאָטאַריאָוו

Rubato

pp dolce

Volt ix ge-šikt dir a briv mit a rung,

rubato

Ped.

Bin ix a jn-gl-nox na-riš un jng.

accel.

cresc.

Più mosso

f

mf

Rajtn dik fo-rn cu dir iz nit šlext, loj-fn a-rum nox in step maj-ne ferd. Rajtn dik fo-rn cu dir iz nit šlext, loj-fn a-rum nox in step maj - ne ferd.

cresc.

f

E-e-e-he! E-e-e-he!

sub. dim. molto

וואָלט איך געשיקט דיר
א בריוו מיט א רונג,
בין איך א ייִנגל —
נאָך נאַריש און יונג.
רײַטנדיק פֿאָרן
צו דיר איז ניט שלעכט,
לויפֿן ארום נאָך
אין סטעפּ מײַנע פֿערד.
ע־ע־ע־הע!
ע־ע־ע־הע!

וואָלט איך א שליטוועג
צעשפּרייט צו דײַן היים,
זײַנען די וועגן
מיט שטויב און מיט ליים.
רײַטנדיק פֿאָרן
צו דיר איז ניט שלעכט,
לויפֿן ארום נאָך
אין סטעפּ מײַנע פֿערד.
ע־ע־ע־הע!
ע־ע־ע־הע!

וואָלט איך א וואָגן
געשפּאַנט איינס און צוויי,
דאַרף מען א שליטן,
ווײַל ס'ליגט שוין א שניי.
רײַטנדיק פֿאָרן
צו דיר איז ניט שלעכט,
לויפֿן ארום נאָך
אין סטעפּ מײַנע פֿערד.
ע־ע־ע־הע!
ע־ע־ע־הע!

וואָלט איך געגאַנגען
צופֿוס אויב אזוי,
נאָר איך בין אַלט שוין,
געוויקערט און גרוי.
רײַטנדיק פֿאָרן
צו דיר איז ניט שלעכט,
לויפֿן ארום שוין
אין סטעפּ מײַנע פֿערד.
ע־ע־ע־הע!
ע־ע־ע־הע!

---

# בראָניק

## דער יובליי פֿון אַן אַלטן באָלשעוויק

די מאָסקווער געזעלשאַפֿטלעכקייט האָט אָפּגעמערקט דעם 90־יאָריקן יובליי פֿונעם אַלטן באָלשעוויק, מיטגליד פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון 1905 אַווראָם ביילין.

א. ביילין איז אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע אין 1905 און פֿון דער גרויסער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. פֿאַר רעוואָליוציאָנערע פֿאַרדינסטן איז ער באַלוינט מיט א לענין־אָרדן און מיט אַן אָרדן פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. אים איז צוגעאייגנט דער טיטל ערן־בירגער פֿון די ווײַסרוסישע שטעט נעוועל און פּאָלאָצק.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער יובליי־דאַטע איז אינעם לאָקאַל פֿונעם אינסטיטוט פֿון מאַרקסיזם־לעניניזם באַם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון קאַפּ פֿאָרגעקומען א פֿײַערלעכע זיצונג. די פֿאַרזאַמלטע — מיטגלידער פֿון דער ווײַסרוסלענדישער ליטעראַרישער גרופּע באַם אינסטיטוט פֿון מאַרקסיזם־לעניניזם — האָבן הייס באַגריסט דעם באַל־יובל און דערציילט וועגן זײַן אַקטיווער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט אין משך פֿון עטלעכע יאָרצענדליקער.

א באַגריסונגס־טעלעגראַמע האָט דעם יוביליאַר צוגעשיקט די רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". אַווראָם ביילין איז אונדזערער אַן אַוטאָר און א געטרײַער לייענער.



# В ПОМОЩЬ ИЗУЧАЮЩИМ ИДИШ

## שמועל האלקין (1899 — 1960)

## Самуил Галкин

### דער גוטערווינט[1]

איר מיינט, אז שטיינער ווייסן ניט?[2]
איר מיינט, אז ברעגן הערן ניט?[3]
כ׳האָב אויך אזוי געמיינט:[4]
איך האָב געזען א שטיין באם וואסער,[5]
ניט פון וואסער א נאסער,[6]
ס׳האָט דער שטיין געוויינט.[7]

איר טראכט, אז הימלען זעען ניט?[8]
איר טראכט, אז שטערן הערן ניט?[9]
כ׳האָב אויך אזוי געטראכט;
ס׳האָט די דײַטשע וואך געצוווּנגען —[10]
זײַנען אלטע גלײַך מיט יונגע,[11]
גלײַך אין טײַך פון בריק געשפרונגען,[12],
און ס׳האָט די וואך געלאכט;[31]
ס׳האָט דאָס לאכן ווײַט געקלונגען.[14]
און ס׳איז קיינעם ניט געלונגען[15]
זיך צו ראטעווען באנאכט.[46]

די איב׳ריקע, פארבליבענע,[17]
אהינטער בריק פארטריבענע,[18]
אין וועלדל, וואָס דערבײַ, —[19]
פון ביקסן פון געלאָדענע[20]
מע האָט זיי דאָרט געהאָדעוועט[21]
מיט פײַער און מיט בלײַ.[22]

איר קלערט, אז ביימער[23] זעען ניט?

איר קלערט, אז וועגן פרעגן ניט?[24]
כ׳האָב אויך אזוי געקלערט;
געבליבן איז איין אלטער נאָר,[25]
אהינטער בוים באהאלטענער,[26]
און אלץ[27] געזען, געהערט.

איר האָפט, דער אלטער לעבט נאָך איצט[28],
אז ערגעץ־ווּ ער שלעפט זיך איצט?[29]
כ׳האָב אויך אזוי געהאָפט;
די וואך האָט גלײַך דערשאָסן אים,[30]
דאָס אלטע בלוט פארגאָסן אים,[31]
דער זאמד[32] געקוקט: פארוואָס איז אים[33]
באשערט אזא מין סאָף?[34]

איר מיינט, אז ווינטן פילן ניט?[35]
אז מענטשן־פּײַן זיי שטילן ניט?[36]
געקומען איז א ווינט;
אהינטער בוים, אין שאָטן[37] אים
מיט זאמד מיט ניט באטראָטענעם[38]
אים צוגעדעקט,[39] פארשאָטן אים,[40]
און ס׳האָט דער זאמד צעגרינט,[41] —
קיין בייז זאָל ניט געשען אים,[42]
און קאָנען זאָל נאָר זען אים[43]
די זון,[44] דער בוים, דער ווינט.

1943

* * *

כ׳האָב=איך האָב; ס׳האָט=עס האָט; איב׳ריקע=איבעריקע.

אדיעקטיוון פון פארטיציפּן: פארבליבן — פארבליבענער; פארטריבן — פארטריבענער; געלאָדן — געלאָדענער; באהאלטן — באהאלטענער; באטראָטן — באטראָטענער; צוגעדעקט — צוגעדעקטער; פאר־שאָטן — פארשאָטענער.

## שיפרע כאָלאָדענקאָ (1909 — 1975)

## Шифра Холоденко

### א בעהיימע

וואָס רעוועסטו, נארישע בעהיימע,[46]
ארום און ארום איז דאָך גראָז,[47]
דײַן שטומען געבעט[48] איך פארשטיי ניט,
צי ס׳טוט דיר ניט וויי עפּעס וואָס.[49]

גענוג שוין, מײַן טײַערע,[50] רעווען
און רײַסן צום הימל דעם קאָפּ,[51]
ווי קומט עס צו דיר אָט די טעווע[52] —
זיך קלאָגן, ווי מענטשן, פאר גאָט?![53]

געטריבן כ׳האָב זי מיט א שטעקן,[54]
די בעהיימע פון אָרט זיך ניט רירט,[55]
זי שטייט, און זי הערט ניט אויף מעקען,[56]
און עפּעס זי שמעקט, און זי שפּירט.[57]

איך האָב ערשט אף מאָרגן[58] פארשטאנען,
וואָס האָט מײַן בעהיימע געמיינט.
זי איז אף א קייווער[59] געשטאנען
און ב׳הימיש[60] געקלאָגט און געוויינט.

אין קייווער דאָרט קינדער און זקיינים[61]
באם לעבן פארגראָבן אין דר׳ערד.[62]
דערפילט זייער צאר[63] האָט מײַן ב׳היימע,
דעם קרעכץ זייער לעצטן דערהערט.[64]

*Перевод:* 1) хороший ветер; 2) вы полагаете, что камни не знают; 3) берега не слышут; 4) и я так полагаю; 5) камень у воды; 6) мокрый; 7) плакал; 8) думаете, что небеса не видят; 9) звезды; 10) немецкая стража заставила; 11) стар и млад; 12) прямо в реку с моста прыгали; 13) стража смеялась; 14) далеко звучало; 15) никому не удалось; 16) ночью спастись; 17) остальные, оставшиеся; 18) за мостом угнанные; 19) в лесочке, что рядом (около); 20) из заряженных винтовок; 21) там кормили; 22) огнем и свинцом; 23) думаете, что деревья; 24) пути не спрашивают; 25) остался один только старик; 26) сзади дерева спрятанный; 27) всё; 28) надеетесь, еще живет теперь; 29) где-то волочится; 30) сразу застрелила; 31) старую кровь

пролила; 32) песок; 33) почему ему; 34) суждён такого рода конец; 35) ветры не чувствуют; 36) не унимают человеческие муки; 37) в тени; 38) не утоптанный; 39) укрыл; 40) засыпал его; 41) зазеленел; 42) никакого зла (напасти) не случалось; 43) мог(ли) видеть только; 44) солнце; 45) корова (скотина); 46) что ревёшь, глупая; 47) кругом ведь трава; 48) твою безмолвную просьбу (молитву); 49) не болит ли что; 50) уже довольно, моя дорогая; 51) поднимать (рвать) голову; 58) привычка (натура); 53) плакаться, жаловаться богу (пред богом); 54) гнала палкой; 55) с места не движется; 56) не перестает мычать; 57) что-то нюхает, чувствует; 58) лишь назавтра; 59) на могиле; 60) как корова; 61) дети и старики; 62) при жизни зарыты в землю; 63) почувствовала их горести (мучения); 64) последний стон их услыхала.

## סובסטאַנטיוון מיט סופיקסן, וואָס בילדן נעמען פון זאַכן, אַבסטראַקטע באַגריפן און אַנדערע[1]

1)־הייַט: גלייַכהייַט[2], געווינהייַט[3], טרייַהייַט[4], מענטשהייַט[5], פרייַהייַט[6], קינדהייַט[7], שיינהייַט[8];
2)־ונג: האַנדלונג[9], זיצונג[10], טווּנג[11], מיינונג[12], מעלדונג[13], פאַרטיידיקונג[14], צייַטונג[15];
3)־וואַרג: אַלטוואַרג[16], גרינוואַרג[17], זיסוואַרג[18], יונגוואַרג[19], קליינוואַרג[20], רוּיוואַרג[21];
4)־טום: אייגנטום[22], באַלעבאָטישטום[23], הייליקטום[24], ייִדנטום[25], פּויערטום[26], רייַכטום[27];
5)־יזם: אַטעיִזם, אָפּטימיזם, העראָיִזם, ייִדישיזם, העבראַיִזם[28], עגאָיִזם, ציִעניזם[29];
6)־ייַ: בעקערייַ[30], דאָקטערייַ, טערקייַ[31], כאַזערייַ[32], נאַשערייַ[33], פּלוידערייַ[34], שוסטערייַ[35];
7)־ל: בייַטל[63], דריידל[37], הייַבל[38], הענגל[39], טייַטל[40], שטייסל[41], שליסל[42], שפּינדל[43];
8)־(ס)טל: דריטל[44], פערטל[45], פינפטל[46], זעקסטל, זיבעטל, צוואַנציקסטל[47], דרייַסיקסטל;
9)־ע: כאַסענע[48], כאָכמע[49], כעווּרע[50], לאַגע[51], ליבע[52], מעלוכע[53], סינע[45], סכוירע[55];
10)־עכץ: וועבעכץ[56], טועכץ[57], טייגעכץ[58], שמירעכץ[59], שפּייעכץ[60], שרייַבעכץ[61];
11)־(ע)ניש: איַילעניש[62], באַגעגעניש[63], גערעטעניש[64], טריקעניש[65], פינצטערניש[66], רעטעניש[66a];
12)־עס: אַקשאָנעס[67], טיפּשעס[68], לאַמדאָנעס[69], פּאַכדאָנעס[70], שאַדכאָנעס[71], שייַכעס[72];
13)־ער: בלייַער[73], דרייַער[74], הייבער[75], הענגער[76], לייַכטער[77], זעקסער[78], צוועלפער[79];
14)־ערייַ: זידלערייַ[80], זינגערייַ[81], לויפערייַ[82], נאַרערייַ[83], פּלאַפּלערייַ[84], קריגערייַ[85];
15)־קייַט: איידלקייַט[86], אָרעמקייַט[87], גוטסקייַט[88], מענטשלעכקייַט[89], פּאַשעטקייַט[90], שיינקייַט[91];
16)־שאַפט: אייגנשאַפט[92], אָרעמשאַפט[93], באַקאַנטשאַפט[94], געזעלשאַפט[95], געטרייַשאַפט[96], הערשאַפט[97], וויסנשאַפט[98],ווירטשאַפט[99], כאַווערשאַפט[100], פרייַנטשאַפט[101], קלוגשאַפט[102], קנעכטשאַפט[103], קרויוועשאַפט[104].

אייניקע סובסטאַנטיוון פון דער גרופּע זייַנען מיט די סופיקסן „־אַניע, ־אַרניע, ־נס, ־לינג, ־ט, ־ן, ־ניצע, ־ניק": האָדעוואַניע[105], האָרעוואַניע[106], עסאַרניע[107], גיסאַרניע[108]; באַדעקנס[109]; געגנדזנס[110]; צווילינג[111], דרייַלינג[112], פרילינג[113]; טאָט[114], נאָט[115]; ווילן[116], ליגן[117]; כריינִיצע[118] פּעפּערניצע[119]; שאַבעסניק[120].

אין אינטערנאַציאָנאַליזמען זייַנען פאַראַן די סופיקסן, „־אַזש, ־אַט, ־יאַט, ־אַציע, ־אַר, ־אָר, ־ום, ־ור, ־יט, ־יטעט, ־יפיקאַציע, ־יע, ־יק, ־ענץ" און אַנדערע. לעמאָשל: מעטראַזש, פּילאָטאַזש; קאָנסולאַט, סעקרעטאַריאַט; אַגיטאַציע, קוראַציע[121]; קאָמענטאַר; פאַקטאָר, קאָמפּרעסאָר; מאַקסימום, מינימום; אַגענטור, קליִענטור, בראָנכיט, קאָלאָריט; אוניווערסיטעט, נייטראַליטעט; קלאַסיפיקאַציע, רוסיפיקאַציע; ביוראָקראַטיע, דעמאָקראַטיע; סימבאָליק[122], ריטמיק; אינטעליגענץ, עקזיסטענץ[123].

*Перевод:* 1) названия предметов, отвлеченных понятий и др.; 2) равенство; 3) привычка; 4) преданность, верность; 5) человечество; 6) свобода; 7) детство; 8) красавица, красота; 9) действие, поступок; 10) заседание; 11) действие; 12) мнение; 13) заявление; 14) защита; 15) газета; 16) старьё, ветошь; 17) зелень; 18) сладости; 19) молодежь; 20) детвора, малыши; мелкота; 21) сырьё; 22) собственность; 23) кулачество; 24) святость; 25) еврейство; 26) крестьянство; 27) богатство; 28) гебраизм — древнееврейское слово, выражение; 29) сионизм; 30) пекарня, печение; 31) Турция; 32) свинство; 33) лакомство; 34) болтовня; 35) сапожничество; 36) кошелек; 37) волчок, закорючка; 38) чепчик; 39) кисть, пучок; 40) указка; 41) ступка; 42) ключ; веретено; 44) треть; 45) четверть; 46) пятая часть; 47) двадцатая часть; 48) свадьба; 49) мудрость, хохма, острота; 50) компания, общество; 51) положение; 52) любовь; 53) государство, царство; 54) ненависть, вражда; 55) товар; 56) тканьё; 57) деяние, дело; 58) запеканка; 59) мазь; 60) слюна; 61) писанина; 62) спешка; 63) встреча; 64) урожай; 65) засуха, сушь; 66) темнота; 66а) загадка; 67) упрямство; 68) глупость; 69) ученость; 70) трусость, пугливость; 71) сватовство; 72) связь, отношение; 73) карандаш; 74) три гроша (ничтожная монета); 75) рычаг; 76) вешалка; 77) подсвечник; 78) шесть грошей; 79) двенадцатилейная (о лампе); 80) ругань, брань; 81) пение; 82) беготня; 83) обман; 84) болтовня; 85) ссора; 86) вежливость, тонкость; 87) бедность; 88) доброта; 89) человечность; 90) простота; 91) красота; 92) свойство; 93) беднота; 94) знакомство; 95) общество; 96) преданность; 97) господство; 98) знание; 99) хозяйство; 100) дружба, товарищеские отношения; 101) дружба; 102) мудрость, ум; 103) рабство; 104) родство; 105) воспитание, кормление; 106) тяжелый труд; 107) столовая; 108) литейная; 109) покрывало (для невесты); 110) гусятина; 111) двойня; 112) тройка, тройня; 113) весна; 114) действие, поступок; 115) шов; 116) желание, воля; 117) ложь; 118) сосуд для хрена; 119) сосуд для перца; 120) субботник; 121) лечение; 122) символика; 123) существование.

1) ער איז מייַנער אַ כאַווער, זי איז זייַנע אַ כאַווערטע, זיי זייַנען פון איין כעווּרע. 2) ער איז אַ כאָכעם, זי איז אויך אַ כאַכאָמע. ער האָט געזאָגט אַ כאָכמע. ער כאָכמעט זיך אָפּט. 3) מייַן ברודער איז שוין אַ כאָסן. אינגיכן[1] וועט זייַן די כאַסענע. זייַן קאַלע[2] איז אַן עמעסע שיינהייַט. פון איר שיינקייַט האָב איך שוין לאַנג[3] געהערט. מיר געפעלט[4] זי זייער. און ווי געפעלט אייַך זייַן שרייַבעכץ? דאָס וואָרט „שרייַבעכץ" באַשטייט פון צוויי מאָרפעמעס[5]: „שרייַב־עכץ". „שמירעכץ" איז אויך פון צוויי מאָרפעמעס: „שמיר־עכץ". אָבער „געקעכטס" האָט פיר מאָרפעמעס: „גע־קעכ־ט־ס".

די ווערטער „אָרעמקייט“ און „אָרעמשאַפט“ דאַרף מען ניט מישן, האגאם[6] אָרעמקייט שטייט קימאַט שטענדיק[7] אייַן בא אָרעמשאַפט (בא אָרעמע מענטשן). מע דאַרף אויך ניט מישן די ווערטער „הענגל“ און „הענגער“: א הענגל ווייַנטרויבן[8]; צונייען א הענגער צום פידזשאַק, צום פּאַלטאָ.

א „דרייער“[9] איז א מענטש, וואָס דרייט. א „דרייַער“ איז א נישטיקע מאַטבייע[10] — דרייַ גראָשן. א „דרייַערל“ איז דרייַ רובל. א „פינפערל“ איז פינף רובל. א „צענערל“ — צען רובל. דאָס איז ווערט א דרייַער — ס'איז נישטיק. דאָס קאָסט א דרייַערל, און פאַר דעם האָב איך באַצאָלט א פינפערל.

## באפעל־מאָדוס[11]

איינצאָל: גיי, זיץ, לויף, טאַנץ, קום, זעץ זיך, רו אָפּ, לייג זיך צו!

מערצאָל: גייט, זיצט, לויפט, טאַנצט, קומט, זעצט זיך, רוט אָפּ, לייגט זיך צו!

אין מערצאָל האָט א ווערב אין באפעל־מאָדוס די פלעקסיע[12] „־ט“. אין איינצאָל איז דער ווערב אין באפעל־מאָדוס אַזוי, ווי אין קעגנוואַרט בא „איך“. לעמאָשל:

| קעגנוואַרט | באפעל־מאָדוס |
| --- | --- |
| איך גיי, איך לויף, איך קום. | גיי! לויף! קום! |
| איך רו אָפּ, איך לייג זיך צו. | רו אָפּ! לייג זיך צו! |

אָבער דער ווערב „זייַן“ איז אין קעגנוואַרט בא „איך“ — בין; און אין באפעל־מאָדוס — „זייַ“[13]. לעמאָשל: איך בין דאָ — זייַ אויך דאָ!; איך בין א לערער, א שנייַדער, א פאָטאָגראַף — זייַ אויך א לערער, א שנייַדער, א פאָטאָגראַף!

קוקט זיך צו צו די באפעל־מאָדוסן און צו די סובסטאַנטיוון־ווענדונגען[14] אין דעם ווייַטערדיקן פראַגמענט פון שאָלעם־אַליכעמס „טעוויע דער מילכיקער“[15].

דו, בעהיימע, ווילסט זיך פרעסן[16] — גיי מעלק זיך[17], גיב מילך[18], זייַ מעפּאַרנעס[19] א ייִד מיט ווייַב און קינדערלעך! דו, פערדל[20], ווילסט קייַען[21] — לויף אַלע מאָל[22] הין און צוריק[23] מיט די טעפּלעך[24] קיין בויבעריק! און דעסגלייַכן[25] דו, מענטש, לעהאַוודל[26], ווילסט א שטיקל ברויט[27] — גיי האָרעווע, מעלק די בעהיימעס, טראָג זיך מיט די קריגלעך[28], שלאָג פּוטער[29], מאַך קעז[30], שפּאַן[31] דאָס פערדל און שלעפּ זיך[32] אַלע פרימאָרגן[33] קיין בויבעריק אַף די דאַטשעס, בייג זיך[34] און בוק זיך[35] צו די יעהופּעצער גווירים[36]...

*Перевод:* 1) вскоре; 2) невеста; 3) давно; 4) нравится; 5) морфема — значащая часть слова: корень, приставка, суффикс; 6) хотя; 7) почти всегда; 8) кисть винограда; 9) воротила; плут; 10) ничтожная монета; 11) повелительное наклонение; 12) окончание; 13) будь; 14) обращения; 15) «Тэвье-молочник»; 16) жрать; 17) иди доиться; 18) молоко; 19) корми (будь кормильцем); 20) лошадка; 21) жевать; 22) каждый раз («все разы»); 23) туда и обратно; 24) с горшками; 25) точно так; 26) в отличие; 27) кусок хлеба; 28) кувшинами; 29) масло; 30) сыр; 31) запрягай; 32) волочись; 33) утро; 34) склонись; 35) преклонись; 36) перед егупецкими богачами.

**דאָצענט** ע. פאַלקאָוויטש

---

<u>אַכטונג, לייענער און געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער!</u>

אָנהייבנדיק פונעם נום. 7 (יול 1977) פון „סאָוועטיש היימלאַנד“, וועלן געדרוקט ווערן

## מאַטעריאַלן פאַר א לערנבוך פון ייִדיש

קלערט אויף אייַערע פריינט און באַקאַנטע, באַזונדערס די, וואָס ווילן באַהערשן די ייִדישע שפּראַך, אַז קעדיי אָנזאַמלען דעם פולן קאָמפּלעקט פון די מאַטעריאַלן איז נייטיק באַצייַטנס אויסשרייַבן „סאָוועטיש היימלאַנד“ אַף דער צווייטער העלפט פונעם 1977 יאָר.

**ר ע ד א ק צ י ע**

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**
**(Советская родина)**

**Ежемесячный**
**литературно-художественный журнал**
*На еврейском языке*

**Орган Союза писателей СССР**

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**



Адрес редакции журнала:
Москва, Центр, ул. Кирова, 17

Телефоны:
главный редактор — 228-27-91
ответственный секретарь — 223-96-07

Художественная и техническая редакция
М. Сафронович, С. Черняк

Корректор М. Ландман

Сдано в набор 7.III.1977 г. Подписано к печати 18.IV.1977 г. Формат 70×108[1]/16. Бумага типографская № 1. Печ. л. 12+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 17,16). Бум. л. 6+0,125. Цена 50 коп. Зак. 1211.

Ордена Трудового Красного Знамени московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли, Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА
# № 5

1977

**В НОМЕРЕ:**